ש. ל. ציטראָן

# אַוועק פון פאָלק

שיפן און סילועטן פונם נאָענטן עבר

(פון דער סעריע „משומדים")

פערטער טייל

פארלאג „אחיספר"
ביי געז. „צענטראל",
ווארשע, נאוואליפקי 7.

Printed in Poland

# אינהאַלט:





# סטאניסלאוו האָגאָ

1

אין דעם ערשטען פערטעל פונ׳ם פאָריגען יאָרהונדערט האט אין פוילען שטאַרק געבושעוועט דער בלוט-בלבול. ס׳האָבען זיך אָבגעפונען אַגיטאַטאָרען, וועלכע האָבען דעם דאָזיגען בלבול אויפגעבלאָזען, בעזונדערס אין די דערפער צווישען דער אונוויסענדער פויערים-מאַסע. מען האט דערפון פיל גערעדט אויך אין די פריצישע הויפען. אונטער די פריצים זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האבען פערפירט חעגען דעם לאַנגע שמועסען מיט זייערע יודישע אַרענדאַרס און קרעטשמערס, גלויבענדיג, אַרויסצופרעסען פון זיי דעם גאנצען אמת. און ס׳האט דאן ווירקליך פּאַסירט, דאס דער, אָדער יענער פוילישער גוט-בעזיצער פלעגט אָנטרעפען גראָד אויף אַ פערגרעבטען, עם-הארצ׳עוואַטען ישוב׳ניק, וועלכער פלעגט, נישט קענענדיג געבען אים אַ קאטעגאָרישע נעגאַטיווע תשובה, נעמען אזוי באָמבלען מיט דער צונג, באופן, אז מ׳האט לויט זיינע רייד געקאָנט מיינען: ווער ווייסט? אפשר י אָ?...

דער אין זיין צייט אין פוילען פּאָפּולערער פּעליעטאָניסט פון „הצפירה" הנך (ניימאַנאָוויטש), האט שרייבענדיג אמאל ביי אַ געלעגענהייט וועגען דער דאַמאָלסדיגער זעהר פערשפרייטער עלילת-דם-העצע, דערצעהלט דעם פאָלגענדען העכסט כאַראקטעריסטישען עפּיזאָד.

א געוויסער פּוילישער פריץ האט גענומען חוקר ודורש זיין דעם יודישען פאַכטער, וואס האט געוואוינט ביי אים אין אנ׳עק גוט, צי עס איז אמת, אז יודען בענוצען זיך מיט קריסטליך בלוט. אויף דעם האט אים דער יוד געענטפערט:

— יאָ, איך האב עפּיס געהערט, אבער איך בין נישט בעהאַווענט אין דעם ענין.

— און דו, מאָשקע, אליין, — האט אים געפרעגט דער פּריץ, — האסט דיך קיינמאָל נישט בעטייליגט אין דער צערעמאָניע פון „יענע קרבנות״?

— ניין, גרויסער הער, אויף מיין לעבען האב איך עס נישט געזען.

— זע נאָר וואס דו ביזט, — האט דער פּריץ פארטגעזעצט, — קהל נעמט פון דיר, געוויס, יערליך גרויסע פּאדאַטקעס, און נישט קוקענ־דיג אויף דעם, מאכט מען פון דיר חוזק, והראיה, אז נישט דער רב און נישט קהל לאַדען דיך קיינמאל נישט איין צו דער דאזיגער „מצוה״. ווען איך וואלט געווען אויף דיין אָרט, וואלט איך פאר אזא בעליידיגונג אָרויסגעריסען דעם רב׳ס באָרד און פּאות.

די יודישע ישוב׳ניקעס פון יענער צייט זענען געווען פּראסטע מענשען, גרויסע עם־הארצים און גאנץ נאַאיווע; וועלכע האבען נאָר געוואוסט, אז אויפ׳ן הימעל איז דא אַ גאָט, און אויף דער ערד איז דא אַ פּוילישער גוט־בעזיצער, וועמענס ווערטער עס זענען „הייליג״, און מען טאר אין זיי נישט מסופק זיין. ס׳איז דעריבער קיין וואונ־דער נישט, וואס דעם פּריצ׳ס רייד האבען געמאכט אויף זיין פּאַכטער אַ שטארקען איינדרוק, און קומענדיג פאר פּסח אין שטאדט, איז ער גלייך אריין צום רב, און האט זיך מיט אים גענומען קריגען:

— איך בין אפילו א ישוב׳ניק, — האט געטענה׳ט דער פּאכטער, — איך געהער דאך אבער צו אייער קהילה. אז גאט האט מיך געשטראפט און איך וואוין ווייט פון יודען, בין איך שוין ערגער פון אלעמען, און מען דארף מיך שוין דעריבער נישט פערבעטען צו קיין מצוה? צו זענען מיינע גילדענס — טשוועקעס? ווי, אייך שטעהט דאס גארנישט אן, אז איך זאל מיך צוגלייך מיט אייך בעטייליגען אין א מצוה?

— איך פערשטעה נישט, וואס דו רעדסט, — האט געזאגט דער רב. מאָשקע האט זיך צוגעבויגען צום רב, און האט אים אריינגע־רוימט אין אויער:

— איך ווייס דאך, אז אלע יאר פאר פּסח זייט איר מקריב אַ קריסטליך קינד און בעשפּריצט מיט זיין בלוט די מַצות. פארוואס זאלט איר עס בעהאלטען פון מיר? צי זענען מ יי נ ע זיידעס נישט געשטאנען אויפ׳ן בארג סיני? צי האט מען אויף מיר נישט געזונגען קיין „וכרות״? מען האט דאך מיר קיין איין־איינציג מאל אין מיין

לעבען נישט מכבד געווען מיט דער דאזיגער מצוה, מען האט מיך נישט גערופען נישט ביים מקריב זיין און נישט ביים בעשפריצען. פארוואס קומט עס מיר?

דער רב האט זיך זעהר דערשראָקען, און האט אים געפרעגט:

— ווער האט דאס דיר אלץ געזאגט?

— מיין פריץ, פון וועמען איך האלט דעם פאַכט, האט עס מיר געזאָגט. עס איז דאך מיר אַ חרפה און אַ בושה פאר מיין פריץ, אז ער, אַ קריסט, ווייסט עס מיט אלע פרטים, און איך, אַ יוד, ווייסט גאָרנישט.

הערענדיג אזוינע ווערטער, האט דער רב פערשטאַנען, מיט וואס דאס שמעקט און האט צו אים געזאָגט:

— מילא, וואס עס איז געווען — איז געווען, און איך בעט ביי דיר מחילה. קומאָ בעסער צוגעהן היינט אין אָוועגד אין שול, און איך וועל דיר אבגעבען כבוד פאר גאנץ קהל אין די אויגען, ווייל די ביזט זעהר גערעכט.

דער רב האט געהייסען דעם שמש צונויפרופען דעם עולם אין שול אריין. אז דער גאנצער קהל האט זיך שוין צוזאמענגעקליבען, איז ארויף דער רב אויפ'ן בימה און האט געזאָגט:

— ר' משה, וועלכער האלט דעם פאַכט אין סוכאָוואָליער גוט, איז צו מיר געקומען מיט אַ טענה, פאַרוואס מיר האָבען אים קיינמאָל נישט מכבד געווען מיט אַ מצוה, און האבען אים נישט פערבעטען צו קיין הייליגקייט. דעריבער בין איך אים איצט מכבד מיט „פתיחת-הארון".

דער שמש האט דערלאנגט מאָשקען אַ טלית. מאָשקע איז אַרויף צום אָרון-קודש, האט אַרויסגענומען אַ ספר-תורה און האט איר דערלאנגט דעם רב.

דער גאַנצער קהל איז געבליבען שטעהן גאנץ ערשטוינט. קיינער האט נישט פערשטאנען, ווי קומט עפיס דער רב מטלטל צו זיין אַ ספר-תורה, בעת מען האלט גאָרנישט ביי „לייענען".

דער רב האט גענומען אין האַנד די ספר-תורה, און האט אויסבעשריען אויפ'ן קול:

— מענשען. נישט קיין יודען, מאַכען אויף אונז אַ בלבול, אז מיר ברענגען מענשליכע קרבנות, און אז מיר בענוצען זיך מיט קריסטליך בלוט צו אונזערע מַצות. עס זענען דאָ אויך יודען, וואס

נישט האָבענדיג קיין ידיעה אין אונזער רעליגיע, זעגען זיי נוטה צו גלויבען אין דעם, אָדער האלטען עס פאר אַ ספק-זאך. און דעריבער שווער איך דאָ, אט אין דעם מקום קדוש, האַלטענדיג אין האנד אונזער הייליגע תורה, דעם טייערען אוצר, פאר וועלכען מיר האבען זיך געלאָזט טויטען, שעכטען און קוילענען, אז די גאַנצע זאך איז נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, אז קיינמאל האט נאך אזוינס נישט פאַסירט, און אז עס איז נאָר אַ בלבול אויסגעטראכט פון אונזערע שונאים, כדי אונז אומגליקליך צו מאַכען. און דו, מאָשקע, געה און דערצעהל דיין פריץ ראס, וואס דו האסט דא געזען.

דער עולם האט דאן אַרומגערינגעלט דעם רב פון אלע זייטען און האט אים געפרעגט: וואס האט עס אים געבראכט צו דעם, ער זאל כאַפען און שווערען?

אויף דעם האט דער רב אָבגעגעבען די פאָלגענדע ערקלערונג:

— פון דעם ישוב'ניקס רייד האב איך דערקענט, אז ווען איך וואָלט געפרובט אויפקלערען אים דעם ענין רוהיג און זאַכליך, וואָלט עס אויף אים נישט געמאכט קיין שום איינדרוק, ווייל דער פריץ האט שוין בעוויזען אים שטארק צו בעאיינפלוסען. כדי אויסצוואָרצלען דעם גלויבען אין בלבול אי פון אים אי פון פריץ, האב איך נישט געהאט קיין אַנדערן וועג, ווי נאר אָבצוגעבען דאָ מיין הייליגע שבועה.

און כך הוה. דעם רב'ס שבועה האט געווירקט אויפ'ן פריץ אויף אזוי פיל, דאס נישט בלויז ער אַליין, נאָר אויך פיל פון זיינע פריינד און בעקאַנטע זענען דאַן געוואָרען טיף איבערצייגט און דער פאַלשקייט פון דעם בלוט-בלבול.

ב

דער דאזיגער פאַקט איז אָבער געווען נאָר אַן אַיינצעלנער. אין אלע איבעריגע ערטער האט די עלילת-דם-אַגיטאַציע געוואונען פאר זיך אלץ מהער גרעסערע קרייזען. זי איז באַלד אַריינגעדרונגען אויך אין דער פוילישער ליטעראַטור. אונטער אַנדערן איז אין ווארשא אַרויס דער קאַטוילישער גלח ט ש י אַ ר נ י מיט אַ ווערק, אין וועלכען ער האט געמאכט אַש און בלאָטע פון תלמוד, און האָט אויפגעוויזען דורך געפעלשטע ציטאַטען, אז יודען געברויכען קריסטליך בלוט.

אין ניכען האט זיך די פוילישע ליטעראַטור אַרויסגעזאָגט געגען דעם דאָזיגען שענדליכען בלבול אין צוויי בעזונדערע ווערק. דאס

איינע האט געהייסען „אַבּראַנאַ איזראַעליטוב" (די פערטיידיגונג פון די יודען), פערפאסט פון דעם דאַמאַלסטיגען יודישען צענזאָר יעקב טוגענדהאָלד, און דאס צווייטע ווערק האט געטראָגען דעם אויסטערלישען נאָמען „טו כאַזי" (דאס אַראַמישע: „תא חזי", ד. ה. „קום זעה"), און זיין מחבר איז געווען אַ געוויסער סטאַניסלאַוו האָגאָ.

דער דאזיגער סטאַניסלאַוו האָגאָ איז געווען אַ געשמד'טער יוד, וועלכער האט געהאט הינטער זיך זעהר אַנ'אינטערעסאַנטע לעבענס-געשיכטע.

זיין פוילישען בוך געגען דעם עלילת-דם האט ער אַ נאָמען געגעבען „תא חזי", ווערענדיג זאָגען דערמיט: אָט זעהט דעם אונטערשייד צווישען אַ יודישען און אַ נישט-יודישען אָבּטריניגען; אין דעם יודישען משומד פערבלייבט טליהען דאס פינטעלע יוד ביז זיין לעצטען אָטעם-צוג. און קיינמאָל וועט ער נישט פערשווייגען, ווען בייזוויליגע מענשען מאַכען אויף זיין פאָלק פאלשע בלבולים.

האָגאָ איז געבוירען געוואָרען אין קוזמיר, לובלינער גובערניע. זיין יודישער נאָמען איז געווען יחזקאל; זיין פאָטער, אַ בעוואוסטער חסיד ר' ליבוש, האט מען גערופען: דער קוזמירער מגיד. דער דאָזיגער ר' ליבוש, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מקורב צו דעם בערימטען צדיק ר' יעקב יצחק פון לובלין, האט ערצויגען יחזקאל'ן אין די וועגען פון חסידות און קבלה. יחזקאל האט זיך אַרויסגעוויזען פאר זעהר אַ פעהיגען. צו „בר-מצוה" איז ער שוין געווען קלאָר אין ש"ס און פוסקים און אין פיל קבלה-ספרים.

III

קוזמיר איז דאן געווען אַ בעדייטענדע האַנדעלס-שטאָדט. סוחרים פון דייטשלאַנד, וועלכע פלעגען טרייבען געשעפטען אויף דער ווייכסעל, האבען דארטען געהאט זייערע קאַנטאָרען. אין יענער צייט האט זיך פונאַנדערגעבליהט די מענדעלסאָנישע „השכלה", און דורך דייטשע קויפלייט האט זי זיך אַריינגעגנב'עט אויך קיין קוזמיר.

צופעליג האבען די נייע השכלה-ווינטען אויך דערלאנגט אין דער ישיבה, וואו יחזקאל האט געלערנט. ער האט זיך אין דער שטיל אנגעהויבען צו בילדען, האט ערוואָרבען אייניגע שפראַכען, און בעזונדערס פויליש, וועלכע ער האט בעהערשט, ווי איינער פון די גרעסטע פוילישע שריפטשטעלער. זיצענדיג אין בית-מדרש ביי דער גמרא, האט

ער געהאַלטען אין האנד אונטער'ן טיש השכלה-ביכלעך, אין וועלכע ער האט אריינגעקוקט בעהאַלטענערהייד. מורא האָבענדיג צוּסק צו זיין אין בילדונג בייטאג, האט ער עס געטון ביינאַכט, ווען אלע שטוביגע מענשען זענען שוין לאנג געשלאָפען. מיט גרויס התמדה האט ער זיך אַרויפגעוואָרפען אויף די וועלטליכע למודים, און האט געמאכט גלענצענדע פּאָרשריט. ביסלעכווייז האט ער אונטער דער השפּעה פון זיין פערבארגענער השכלה גענומען אומאנדערשען זיין גאַנצע אויסערליכע הנהגה, ער האט זיך פיין אונטערגעקעמט די האר, געגאנגען אין געפוצטע שטיוועלעך און אין ציכטיגע בגדים. זיין אומגעווענדערטע אויפפיהרונג איז באלד געווארען אויפפאַלענד. אין די חסידישע קרייזען האט מען געמאכט אַ „ייצעקו". דאן האט איהם זיין פאָטער אַוועקגעפיהרט מיט זיך צום לובלינער צדיק. דער צדיק האט יחזקאל'ן שטאַרק אויסגע'מוסר'ט. צום סוף האט זיך דער רב אַ ביסעל בערוהיגט, האט איהם אָנגענומען פאר אַ קנעפּעל פון בגד, און גאנץ געלאסען געזאגט: אַזוי איז שוין דער שטייגער פונ'ם יצר-הרע: היינט זאגט ער דיר: טו דאס, און מארגען וועט ער דיר זאָגען: טו יענץ, ביז ער פירט אין גאַנצען אַראָב פון דרך הישר.

די ווערטער פון דעם לובלינער צדיק זענען ווירקליך מקוים געווארען. עס האט לאנג נישט געדויערט, און צוליב די רדיפות, וואס יחזקאל איז אויסגעשטאַנען פון די קוזמירער חסידים, איז ער אוועק קיין וואַרשא, וואו ער איז אַריינגעפאַלען צו די ענגלישע מיסיאָנערען און האט זיך אבגע'שמד'ט. אין ווארשא האט יחזקאל פערבראכט ביז'ן יאר 1831; דאן האט ער פערלאזט פּוילען, און האט אויף אַ קורצער צייט אויסגעוואַנדערט קיין לאָנדאן.

מען גיט איבער אויך אַ צווייטע ווערסיע וועגען די סבות, וועלכע האבען יחזקאל'ן געבראכט צום שמד.

לויט דער עצה פון דעם לובלינער צדיק האט מען יחזקאל'ן חתונה געמאכט. יחזקאל האט בשום אופן נישט געוואלט געהן צו דער חופּה. מ'האט אים אבער געצוואונגען, און ער האט חתונה געהאט, אָנגעקומען אויף קעסט צו אַ פערברענטען חסיד. אבער פון דער ערשטער מינוט אָן נאך זיין חתונה האט ער זיך געפיהלט אומגליקליך, און האט שוין גענומען קלערען, ווי אַזוי זיך צו בעפרייען. ער האט זיך געפרובט בעטען ביי זיין ווייבעל, זי זאל ביי איהם נעמען גט; דערביי האט ער איר אנגעגעבען געוויסע מאטיוען, וואס נויטען

אים דערצו. דאס ווייבעל האט נישט געוואלט הערען דערפון און דאס לעבען פון דעם יונגען פּאָרעל איז פערוואַנדעלט געווארען אין אַ גיהנום. דאַמאלסט האט יחזקאל אַנגעהויבען אבצוטון געוויסע שמד-שטיק מיט דער האפנונג, אז דאס וועט ענדליך ווירקען אויף זיין פאַנאטישען שווער איהם אַרויסצוטרייבען פון שטוב. וועגען איינעם פון זיינע שטיקליך דערצעהלט מען פאלגענדעס:

איינמאָל איז ער געפאהרען צום לובלינער צדיק. פרייטאג נאך האלבען טאג האט ער זיך אַריינגעגנב׳עט שטילערהייד אין דעם רב׳ס חדר, און האט אַריינגעלעגט אין דער קעשענע פון דעם רב׳ס ווייסען ויידענעם שבת׳דיגען בגד אַ בריף, וועלכער איז געווען אונטערגעשריבען מיט דעם „שם הויה". פארנאכט, בעת דער רבי האט גענומען אנטון דעם בגד, האט ער זיך אבגערופען צו זיין משמש: איך ווייס נישט, פארוואס איז דאס איצט מיין בגד אזוי שווער, עפּיס פיהל איך איהם אויף זיך ווי אַ משא. ער האט אריינגעלעגט די האנד אין טאש און ארויסגענומען דעם בריף, און האט זיך זעהר דערשראקען. איהם האט זיך שטארק געוואלט עפענען דעם בריף, אבער ס׳איז געווען גאנץ שפּעט און פערבונדען מיט חלול שבת. אזוי איז דער בריף געבליבען נישט געעפענט ביז שבת-צו-נאכט. א גאנץ שבת האט דער רבי דערפון געהאט גרויס צער; ער האט זיך כסדר געבראכען דעם מח און האט נישט געקענט פערשטעהן, ווי אזוי קומט דער בריף צו איהם אין קעשענע. באלד נאך הבדלה האט מען אויפגעריסען דעם קאָנווערט, אין וועלכען עס איז געלעגען ווי א מין מגילה געשריבען פון ביידע זייטען מיט זעהר שענע גע׳כתיב׳עטע אותיות מיט דער שריפט פון אַ „סופר סת״ם", און אויף דער שפראך פון זוהר. פון אויבען איבער׳ן ב״יף האבען זיך געפונען די ווערטער „פתקא מרקיעא" (דאס הייסט: א צעטעל פון הימעל), און געשטאנען אין איהם איז, אז מען איז מודיע דעם צדיק פון הימעל, דאס ער איז געווארען בעשטימט אראבצוברענגען דעם „גואל צדק" (יחזקאל האט שוין לאנג געהערט רעדענדיג צווישען די חסידים, אז דער לובלינער צדיק קלייבט זיך צו מגלה זיין דעם „קץ" און אראבברענגען משיח׳ן), און בכן ווערט ער בעפוילען פון הימעל, צו מאכען יענע און יענע הכנות לויט קבלה, ער זאל ארויפגעהן אויף א געוויסען בארג, וואו עס וועט זיך צו איהם בעווייזען א מלאך אין דער געשטאלט פון א מענש, און אזוי ווייטער. מ׳האט גענומען חוקר ודורש זיין, און מען איז דערגאנגען, אז דעם

שפיצעל האט אבגעטון האצקעלע, וועלכען עס האט זיך געוואלט זעהן, וואס פאר א רושם דאס וועט מאכען אויפ׳ן לובלינער צדיק. פון דאמאלסט אן האבען אים די חסידים ממש „געברענט די טריט״, און האבען בעאיינפלוסט זיין שווער, ער זאל אים ארויסטרייבען פון שטוב. מער ווי דאס האט יחזקאל נישט געוואלט, און נישט אב־ווארטענדיג, ביז דער שווער וועט אים משלח זיין, האט ער זיך מקדים געוועזען און אליין אנטלאפען קיין ווארשא, וואו ער האט זיך געטויפט.

אין ווארשא האט זיך יחזקאל (אדער לויט זיין קריסטליכען נאמען: סטאניסלאוו האגא) געגומען צו ליטערארישער טעטיגקייט, און האט פערעפענטליכט אייניגע ווערק. אונטער אנדערן איז בע־וואוסט זיין פוילישע איבערזעצונג פון סדור מיט׳ן נאמען „תפלות ישראל״. די קריטיק האט דאן ארויסגעטראגען איהר אורטייל, אז דאס איז „א וואונדערליכע איבערזעצונג״.

א קורצע צייט האט האַגאַ געוואוינט אין לאנדאן, וואו ער האט פערפאסט אין העברעאיש א ענגלישע גראמאטיק, און נאך אנדערע ספרים, צווישען זיי אויך אייניגע וועגען יודען און יודישקייט, צו וועלכע ער האט זיך זיין גאנצען לעבען בעצויגען מיט דער גרעסטער פיעטעט.

וואוינענדיג אין ווארשא, איז האַגא געווען אנ׳אפטער איינגעהער אין די שענסטע קריסטליכע און יודישע הייזער, און געהאט אומעטום גרויס חן.

אין ווארשא האט ער חתונה געהאט מיט א קריסטין פון העכסטען פוילישען אַדעל, וועלכע האט איהם געבוירען צוויי טעכטער. ביידע האבען זיי געהאט א שם אין ווארשא אלס העכסט געבילדעטע און בלענדענדע שענהייטען. איינע האט ער שפעטער אויסגעגעבען אין לאנדאן פאר אַ בערימטען ענגלישען גענעראל.

מען דערצעהלט, אז שפאצירענדיג אמאל איבער ווארשא, אין א פרעכטיגען עקיפאזש, מיט זיין קריסטליכע פרוי און מיט זיינע ביידע טעכטער, האט ער אויף קרולעווסקע גאס אנגעטראפען זיין פאטער, פאהרענדיג אויף א דראזשקע צו א געוויסען דאקטאר. דערזעהענדיג דעם פאטער, איז האַגאַ תיכף אראבגעשפרונגען פון עקיפאזש, צו אים צוגעגאנגען און פריינדליך בעגריסט. אויף דעם האט זיך צו אים אבגערופען דער פאטער:

— יחזקאל, יחזקאל, וואו איז דיין „עולם הזה״!

— איך פערשטעה דיך נישט, פאטער, — האט אים יחזקאל געענטפערט, — דו זעהסט דאך, דוכט זיך, מיין בכבוד׳יגען לעבען... אט פאהר איך איצטער מיט מיין פאמיליע שפאצירען, דערנאך וועל איך גפהן האבען פערגעניגען אין טעאטער. האב איך דען וועניג נחת פון מיין עולם הזה?

— שוטה דו איינער! — האט געזאגט דער פאטער. — דאס אלץ איז דאך דיין „עולם הבא״! וואו איז אבער דיין עולם הזה?

— איך וועל נאך קענען מאהנען מיין חלק אויך אין עולם הבא...— האט יחזקאל געענטפערט שמייכלענדיג. — ווייל אפילו די „פושעיישראל זענען פול מיט מצות, ווי א מילגרוים״... און אויב נישט, בין איך דאך אלענפאלס פון די „חסידי אומות העולם״.

IV

אין יאָר 1825 האָט די װאַרשאָװער הױפּט־צענזור אױסגעקליבען האָגאָ׳ן אַרומצופאָרען מיט יעקב טוגענדהאָלדען איבער דער פּראָווינץ, אום דורכצוקוקען דאָרטען העברעאישע ספרים און אַוועקלעגען אויף זיי דעם סטעמפעל פון דער צענזור. צוליב דעם איז ער דאַן געקומען אויך אין זיין געבורטס־שטאָדט קוזמיר. זיין פאָטער האָט שוין אָבער דאָמאָלסט נישט געלעבט. האָגאָ איז אַוועק אויפ׳ן בית־עלמין, האָט זיך אַ וואָרף געטון אויפ׳ן פאָטערס קבר, אויף וועלכען ער האָט זיך שטאַרק אויסגעוויינט. צום אָנדענקען פון זיינע עלטערען האָט ער פונאַנדערגעטיילט צווישען די שטעדטעלדיגע אָרימע לייט אַ סך צדקה.

מ׳גיט איבער וועגען איהם אויך דעם פאָלגענדען אינטערעסאַנטען פאַקט:

נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אָבגע׳שמד׳ט, האָט זיין פאַמיליע פון איהם געפאָדערט, ער זאל׳קומען קיין קוזמיר און אב׳גט׳ן דער ווייב. ער איז דאַן אַראבגעפאהרען אין דעם שטעדטעל יאַנאוויצע, וואס געפינט זיך נעבען קוזמיר, אויפ׳ן צווייטען זייט ווייכסעל, און דארטען האט ער זיין געוועזענע פרוי געגעבען גט. נאכדעם, ווי דער ווייב׳ס קרובים זענען שוין צוריק אַריבער דעם טייך, אום צו פאהרען אַהיים קיין קוזמיר, איז צו זיי געקומען צו לויפען אַ קוריער מיט א צעטעלע פון יחזקאל׳ן. אין צעטעלע איז געווען געשריבען א קלייגער העברעאישער עפיגראַם אין דעם פארם פון אַ רעטעניש.

אין דעם דאזיגען עפיגראם האט זיי יחזקאל מרמז געווען, אז דער גט איז פסול, ווייל זיין ריכטיגער נאָמען איז געווען יחזקאל בן „יהודה-ליב", און אין גט איז געווען געשריבען „אריה-ליב".

די קרובים האבען באַלד געכאַפּט און צוריק איבערגעפאהרען די ווייכסעל קיין יאַנאָוויצע, וואו מ'האט איבערגעשריבען דעם גט לויט'ן דין.

מיר גיבען איבער דעם עפיגראַם, מיט וועלכען עס האט דאַן געקאכט צווישען אלע העברעאיש-ליבהאָבער אין פוילען, לויט זיין ווערטליכען טעקסט:

אהובי! בעגלתי אל תמעלו מעל,
אל תאמרו עזובה היא,
והיא בעולת בעל.
דרשו נא מעל ספר כריתותיה
ותראו, כי אריה רובץ עליה".

# „די מומע לאה“.

I.

שווער און ביטער איז פון תמיד אָן געווען דאָס יודישע לעבען אין רוסלאנד. מ'האָט יודען געשטיקט און געדריקט אויף אַלע געביטען. קיין בכיות און קיין געבעטע האָבען ניט געהאָלפען, און אויס'טענה'ן זיך און שרייען אין דער הויך אויף דער גרויזאמער אומגערעכטיגקייט, האָט מען ניט געקאָנט. דאָס האָט געבראכט דערצו, אַז אין פערשידענע עת-צרה'ס, האָבען יודען, ווען דער חלף איז זיי שוין געלעגען אויפ'ן האלז, ניט געפונען פאר זיך קיין אַנדער מיטעל וויך צו מאַכען די הערצער פון די גרעסערע און קלענערע סאטראפען, ווי נאָר אַריינצוקריגען זיך צו זיי דורך היגטערטירען, „אונטערצושמירען“ מאַנכע פון זייערע מקורבים, וואָס האָבען אויף זיי אַ ווע'לכען עס איז איינפלוס. אין געוויסע פאלען האָט דאָס אָבגעקאָסט פיל געלד. ס'האָט אָבער אויך פאסירט, אַז מען האָט דערלאַנגט די השתדלות צו ווענען מען בעדארף מיט דער הילף פון משומדים, וואָס האָבען ניט געקענט שלום מאַכען מיט זייער געוויסען, און האָבען איהם געזוכט צו בערוהיגען מיט „באַבסקע סגולות“, ווי פארווארפען אַמאָל פאר יודען אַ גוט וואָרט און זיין פאר זיי אַ „מליץ יושר“. און מען דארף קאָנסטאַטירען דעם פאקט, אַז ניט איין מאָל זענען יודען דאָ און דאָרט אָבגעראַטעוועט געוואָרען פון די גרעסטע אומגליקען און סכנות נאָר אַ דאַנק די בעמיהונגען פון אַזעלכע „אָבגעריסענע צווייגען פונם יודישען בוים“, וועלכע האָבען זיך, אין דער טיפעניש פון זייער האַרצען, מיט אַ מאַגנעטישער קראַפט געצויגען צום שרש, און געמאַכט אַ תקון פאר זייער זינדיגער נשמה....

אַזאַ „אָבגעריסען צווייגעל" איז געווען פאר די צייטען פון ניקאָלאַי דעם ערשטען איינע אַ פרוי, אַ משומדת'טע וועלכע האָט גע'שמ'ט ביי יודען אונטער דעם נאָמען „די מומע לאה". וועגען דער דאָזיגער העכסט אינטערעסאנטער פרוי איז פערבליבען זעהר אַ קאַרגער ביאָגראפישער מאַטעריאַל. עס זענען בעקאַנט בנוגע איר לעבענס־געשיכטע בלויז די פאָלגענדע פאַקטען: זי האָט געשטאַמט פון אַ רייך חסידיש הויז אין דרום-רוסלאַנד. איר פאָטער איז געווען אַ הייסער אָנהענגער פון ר' ישראל'טשע ריזשינער, צו וועלכען ער פלעגט גאַנץ אָפט אַראָבפאָרען זיך עצה'ן וועגען זיינע געשעפטען. עס איז אונבעוואוסט, ווי אַזוי און ביי וועלכע אומשטענדען ס'האָט זיך אין דער דאָזיגער חסידישער טאָכטער פערליבט דער אדמיראל פון קריגס-פלאָט אויפן שווארצען ים, גריג, וועלכער האָט געוואוינט אין ניקאָלאַיעוו, און עס האָבען זיך וועגען איהם געטראָגען ידיעות, אַז ער איז אַני'אויסלענדער און קומט אויך אַרויס פון יודען. אויף וויפיל די לעצטע ידיעה האָט געשטימט מיט דער ווירקליכקייט, איז ניט אויפגעקלערט געווארען. בעוווּסט איז אָבער, אַז אַדמיראל גריג איז אין זיין צייט געווען זעהר אַ גרויסער תקיף ביים קייזער און אַז צו זיין חתונה מיט דער „מומע לאה'ן" איז געקומען ניקאָלאַי בכבודו ובעצמו.

אויך נאָכדעם, ווי די „מומע לאה" האָט חתונה געהאַט מיט דעם אַדמיראל גריג, איז זי געבליבען אין הארצען טריי און איבער־געגעבען דעם יודישען גלויבען, האָט ממש פאַרגעטערט ר' ישראל־טשע רוזשינער, און פלעגט איהם פון צייט צו צייט שיקען קוויטלעך מיט „פדיונות". ר' ישראל'טשע, ווידער, האָט דורך איר אויס־געווירקט פון איר מאַן און פון אַנדערע הויכאָנגעשטעלטע שררות פיל טובות פאַר יודען אין די פערשידענע קהלות. בכלל האָט מען זיך צו דער „מומע לאה'ן" געווענדט נאָך הילף ביי יעדער שווערער גזרה, וואָס איז אַרויס אויף יודען, און זייענדיג זעהר געליבט פונ'ם מאַן, האָט זי פערשטאַנען איהם צו בעאַיינפלוסען לטובת דעם יודישען פאָלק, און האָט געבראַכט דערצו, אַז יעדעס מאָל, ווען ס'האָט זיך אין די העכערע רעגירונגס-ספערען גערעדט וועגען יודען און יודישקייט, האָט ער בעזונדערס הייס פערטיידיגט זייערע אינטערעסען.

די „מומע לאה" האָט אין איהר גאַנצען לעבען נישט איבער־געריסען איהרע בעציהונגען מיט איהר פאַמיליע. פאַר אַלע איהרע

קרובים האָט זי דורך דער מיטווירקונג פון איהר מאַן אויסגעפּועל'ט ביי דער רעגירונג בעדייטענדע „פּאָדריאַדען", און בעזונדערס אויפ'ן געביט פון בויען שיפען פאַר'ן ניקאָלאַיעווער פּאָרט, און כמעט איטליכער פון זיי האָט דערגרייכט אַ דאַנק איהר צו גרויס עשירות. בעזונדערס רייך זענען דורך איהר הילף געוואָרען איהרע פּלימעניקעס, די ברידער ראַפּאַלאָוויטש, וועלכע זענען אין יענער צייט געווען בעקאַנט אַלס די גרעסטע גבירים אין דעם דרום-מערב-קאַנט.

דורך דעם אַלץ איז די „מומע לאהע" געוואָרען זעהר פּאָפּולער צווישען די רוסישע יודען, און נישט בלויז אין דער חסידישער וועלט, צו וועלכער איהר האָט בעזונדערס געצויגען, נאָר אויך די גרעס-טע מתנגד'ישע רבנים און גאונים האָבען זיך גערעכענט מיט איהרע מעגליכקייטען אויסצופּועל'ן ביי דער רעגירונג פאַר איהרע געוויזענע מיט-ברידער געוויסע הנחות און פערלייכטערונגען. בעזונדערס גרויסע האָפנונגען האָט מען אויף איהר געלעגט בעת ניקאָלאַי דער ערשטער האָט אַרויסגעגעבען דעם בעפעל צוצוציהען יודען צום מיליטער-דינסט צוגלייך מיט די רוסען.

II.

ניקאָלאַי'ס בעפעל וועגען צוציהען יודען צו זעלנטריי, איז געוואָרען בעטראַכט פון'ם גאַנצען רוסישען יודענטום אַלס שרעקליכע גזרה, נישט אַזוי מחמת דעם שווערען, ממש קאַטאָרזשנעם פינף-און-צוואַנציג-יעריגען דינסט, נאָר אויס מורא, אַז דאָס זאָל נישט אונטער-גראָבען די אמונה. אין פיל קהלות האָט מען גוזר תענית געווען, מ'האָט זיך צונויפגעקליבען אין די קלויזען און בתי-מדרשים און תהלים געזאָגט, פערגיסענדיג דערביי ים'ען טרעהרען. די יודישע פאָרשטעהער אין די גרעסערע שטעדט האָבען כסדר אָבגעהאַלטען בעראַטונגען און געזוכט מיטלען, ווי אָבצושרייען די גזרה. אַ בעזונדערע בעראַטונג וועגען דעם דאָזיגען ענין איז פאָרגעקומען אין וואָלאָזשין אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם גרויסען גאון ר' חיים. אויף יענער זיצונג האָט מען דערצעהלט, אַז צווישען די חסידים פון ר' ישראל'טשע ריזשינער געפינען זיך גרויסע גבירים, וואָס האָבען בעקאַטשאַפּט מיט די הויכגעשטעלטע שררות, וועלכע זענען בעוואוסט פאַר „מקורבים למלכות". אויפ'ן סמך פון דער דאָזיגער ידיעה איז בעשלאָסען געוואָרען, אַוועקצושיקען קיין ריזשין אַ שליח מיוחד,

וועלכער זאָל בעטען ר׳ ישראל׳טשען און ר׳ חיים׳ס נאָמען, צו זעהן ווירקען אויף יענע גבירים, דאָס זיי זאָלען עפּיס אויפטאָן אין דער זאַך.

אַלס שליח מיוחד קיין ריזשין האָט דאַן ר׳ חיים אויסגעקליבען זיין אייניקעל, דער גאון ר׳ יצחק זאב סאָלאָווייטשיק (דער פאָטער פון ר׳ יוסף-בער בריסקער), וועלכער איז געווען בעקאַנט אַלס ענערגישער יונגערמאַן מיט אַ גרויסער פּראַקטיק, בעזונדערס אין קהל׳שע ענינים.

ס׳האָט זיך אבער אַרויסגעוויזען, אַז די שליחות קיין ריזשין איז געווען אַ גאַנץ איבעריגע, ווייל ר׳ ישראל׳טשע, וועלכער האָט שוין פון לאַנג געוואוסט וועגען דער פּראָיעקטירטער גזרה, האָט זיך באלד פערבונדען מיט וועמען מען בעדאַרף מכח דעם ענין. בעת ר׳ יצחק וואלף סאלאווייטשיק האָט איבערגעגעבען ר׳ ישראל׳טשען דעם זיידענס בריף מיט דער בקשה, אַז ער זאָל זעהן אָנווענדען דורך זיינע נאָהנטע גבירישע חסידים אַלע קרעפטען צו פּועל׳ן ביי ניקאָלאַיען, מ׳זאָל אָנשטאָט דאס מיליטער-דינסט אַרויפלעגען אויף יודען אַ בעזונדער אבצאָל, האָט ער איהם געענטפערט:

— וואס קאָן איך נאָך אויפטאָן? וואס איך האָב נאָר געקאָנט, האָב איך שוין פון מיין זייט אָבגעטאָן. איך האָב אליין אייגענהענדיג אוועקגעשריבען מכח דעם ענין צו דער „מומע לאה׳ן״ צוויי בריף, און וואס קאָן איך נאָך מער טון?

עס זענען פערבליבען אומבעקאנט די שריט, וואס די „מומע לאה״ האָט אונטערגענומען דורך איהר מאַן לטובת דעם דאָזיגען ענין. אבער דאָס מאָל האָבען אירע השתדלות׳ן נישט געהאט קיין ערפאָלג, און די גזרה איז געוואָרען פערווירקליכט.

III.

ווי ווייט די „מומע לאה״ האָט געווירקט דורך איהר השפעה אויף איהר מאַן לטובת יודען, בעווייזט דער פאָלגענדער פאַקט, וועלכען עס גיט איבער דער בעוואוסטער היסטאָריקער יוליוס העסען:

און דער צייט פון ניקאָלאַי דעם ערשטען האָט די רעגירונג בעקומען פיל בקשות פון די יודישע סוחרים אין רייסען, אַז מ׳זאָל זיי ערלויבען טרייבען זייער האַנדעל אויך אין די אינווענינגסטע גובערניעס פון רוסלאַנד. ניקאָלאַי האָט דעם ענין איבערגעגעבען אַ

קאמיסיע פון דרייצען מיטגלידער און צווישען זיי אויך אדמיראל גריג. דער גרעסטער טייל מיטגלידער פון דער קאמיסיע האט זיך ארויס־געזאגט, אז מ׳דארף די בקשות נישט ערפילען, מאטיווירענדיג זייער מיינונג מיט דעם, דאס די יודען זענען געפעהרליך פאר דער מדינה דורך זייער עקספלואטאציע א. אז. וו. נאר עטליכע זענען געווען, וועלכע האבען אבגעשוואכט די טענות פון זייערע אנטיסעמיטישע חברים. אדמיראל גריג האט זיך די גאנצע צייט צוגעהערט אויפמערק־זאם צו די וויכוחים פון ביידע צדדים און האט געשוויגען. בעת אלע מיטגלידער פון דער קאמיסיע האבען פערענדינט רעדען, האט זיך אויפגעהויבען דער אדמיראל גריג, און האט דורך לאגישע בע־ווייזען מבטל געמאכט אלע בלבולים און בעשולדיגונגען, וואס די פריהערדיגע רעדנער האבען ארויסגעווארפען אויפ׳ן יודישען פאלק. „אין די אלע עבירות, וואס מיר בעשולדיגען די יודען, — האט ער אויסגערופען, — זענען שולדיג נאר מיר, נאר דאס רוסישע פאלק אליין, דורך דעם, וואס מיר דריקען און שטיקען זיי גאנץ אומזיסט". דערביי האט אדמיראל גריג זעהר געלויבט יודען, און האט אויפגעוויזען דעם גרויסען נוצען, וואס זיי ברענגען דעם לאנד. דעם אדמיראל׳ס פערטיי־דיגונג האט געמאכט א שטארקען איינדרוק, אבער ווייל א גרויסע מעהרהייט איז געווען געגען יודען, דעריבער האט ער פאר די יודישע סוחרים אויסגעפועל׳ט בלויז קליינע פערלייכטערונגען און הנחות.

די יודישע סוחרים אין רייסען האבען גאנץ גוט געוואוסט, אז פאר דעם אלץ האבען זיי צו פערדאנקען בלויז דער „מומע לאה׳ן".

---

# גענעראל מיכאַיל סטרעלצין.

I.

דאס קליינע שטעדטיל טשאשניק, וויטעבסקער גובערניע, האָט מיט אַ יאהר זיבעציג, אכטציג צוריק געשפּילט א בעדייטענדע ראל צווישען די רייסישע יודען. טשאַשניק האט געשמ׳ט מיט איהרע עטליכע גבירישע משפחות, כּמעט אלע גרויסהענדלער פון טיי און געהילץ, וועלכע האבען געפיהרט קאָלאסאלע געשעפטען מיט אויסלאנד. די טשאשניקער גבירים פלעגען דעם גרעסטען טייל פון יאהר פערברענגען אין פרייסען, בעזונדערס אין גינספּריג — דאָס היינטיגע קעניגסבערג — קומען אַהיים נאר אויף פסח און אבזיצען דארט דעם גאנצען חודש אייר און דאַן צוריקפאהרען. אין דער אבוועזענהייט פון די מענער האבען זייערע פרויען געמוּזט אנפיהרען נישט בלויז מיט דער גאנצער הויז-ווירטשאפט, נאר אויך מיט דער קינדער-ערציהונג. זיי, די ווייבער, האבען אָבגעגעבען די יונגלעך אין די חדרים, אדער גענומען מלמדים צו זיך אין שטוב, האבען בעזארגט לעהרערס פאר די מיידלעך, און אזוי ארום געהאלטען אין האנד דעם גאנצען חנוך. אויף די מאנסביל האט מען געווארט נאר מיט שדוכים. טאמער פלעגט אמאָל קומען אַ שדכן און פארלעגען א שידוך פאר אדערוואקסענעם זוהן, אדער א טאכטער, פלעגט איהם די מוטער גארנישט אויסהערען, נאר הייסען איהם אריינגעהן דעם ערשטען טאָג חול-המועד-פסח, בעת דער מאן וועט זיין אין דער היים. די שדכנים פון דער ארומיגער געגענד האבען שוין דאס געוואוסט, און פלעגען דעריבער ארויפפאהרען צו די טשאשניקער גבירים באלד נאך פסח. אין יענער צייט פלעגען אין די הייזער פון די טשאַשניקער גבירים געשלאסען ווערן אלע שדוכים פון זייערע זיהן און טעכטער. און

גאנץ אפט האט געטראפפען, אז אין דעם זעלבען חודש זענען גע־פייערט געווארען אי די תנאים׳ס, אי די חתונות, כדי די פאטערס זאלען בעוויזען אָנטיילצונעמען אין די קינדערשע שמחות.

ס׳האט אמאל פאסירט — דאס איז געווען אין די ערשטע פופצי־גער יאָהרען פונם פאריגען יאָהרהונדערט — דאס אום פסח־צייט איז אַראבגעקומען קיין טשאַשניק א משולח פון דער מירער ישיבה. דער דאזיגער משולח פלעגט בעזוכען טשאשניק יעהרליך, און יעדעס מאל פלעגט ער איינשטעהן ביים גרעסטען גביר פון שטעדטיל, א געוויסער ר׳ לייוויק, וועלכער האט אין דער יוגענד אליין געלערנט אין דער מירער ישיבה און איז געווען מפורסם אלס א יוד א למדן, א בעל־צדקה און א גרויסער מכניס אורח. אין דעם ערשטען שמועס, וואס ר׳ לייוויק האט געהאט מיט דעם משולח, האט ער איהם פערטרויט, אז ער זוכט א חתן פאר זיין בת־יחידה, און אויב ער וועט געפינען אַזעלכען, וועלכער וועט איהם גע־פעלען, וועט ער איהם געבען עטליכע טויזענד קערבלעך נדן מיט איי־ביגען קעסט. דער משולח האט אויף א ווײלע פערקנייטשט דעם שטערן, ווי ער וואלט זיך עפיס וועלען דערמאנען, און האט באלד אַ זאג גע־טון: „יאָ! איך האב פאר אייך א בחור, ממש אַ צאצקע, ער איז אַ תלמיד אין אונזער ישיבה, און ער איז אנ׳ עלוי מופלג און אויך מיט פיל אנדערע מעלות, און דערצו איז ער נאך אייערער א שכן, א ליעפליער, זיין פאטער איז מרדכי דער בעל-אכסניא אין ליעפליע.

ליעפליע איז נישט קיין גרויסע שטאָדט נישט ווייט פון טשאשניק, און היות ווי ר׳ לייוויק איז דארט פיל מאל געווען, האט ער געקענט כמעט אלע חשובע בעלי־בתים, און אונטער אנדערע אויך מרדכי בעל־אכסניא, זיין זוהן, דעם בחור, האט ער אבער נישט געקענט, און האט דעריבער געפרעגט דעם משולח, וואו דער חתן געפינט זיך איצט—אין דער־מיר, צי אין ליעפעל. דערוויסענדיג זיך פון משולח, אז דער בחור איז געקומען אויף יום-טוב צו די עלטערן קיין ליעפעל, איז ביי ר׳ לייוויק׳ן געבליבען אליין אראבצופארען אהין דעם ערשטען טאג חול-המועד, אום צו זעהן, צי די זאך האט אַ ממשות.

דעם בעל־אכסניא׳ס בחור, וועלכער איז געווען זעהר א שענער, האט נושא חן געווען ביי ר׳ לייוויק׳ן באלד ביים ערשטען אָנבליק. אבער א בעזונדערס שטארקען רושם האט ער אויף איהם געמאכט נאכ־דעם, ווי ער האט זיך מיט אים פונאנדערגערעדט פריהער אין דברי־תורה און דערנאך אין מילי דעלמא. דער משולח, וועלכען ר׳ לייוויק

האט מיטגענומען קיין ליעפּליע אלס פערמיטלער, האט אבגערופען דעם בעל-אכסניא אָן א זייט, און האט איהם דערקלערט, אין וואס דאָ האנדעלט זיך. דער בעל-אכסניא, וועלכער האט זיך פיל אָנגעהערט וועגען ר׳ לייוויקס עשירות און זיין גבירישען שטאַט, האט פיל נישט געקלערט, און האט זיך תיכף אנגעכאַפּט אן דעם ענין. דעם „בעל-דבר" אליין האט מען, לויט דעם דעמאָלסטיגען מנהג, גאָרנישט געפרעגט; מ'האט גאנץ גוט געוואוסט, אז ער וועט שוין טון דאס, וואס טאטע און מאַמע וועלען איהם הייסען. די מחותנים האבען אבגעמאכט צווישען זיך, אז אויף די אנדערע טעג פסח זאל ר׳ מרדכי אראָבפאָרען מיטן זוהן קיין טשאָשניק, און מ'וועט דאָן שרייבען „תנאים".

II.

און כך הוה. אויף די „אנדערע טעג" זענען דער ליעפּליער בעל-אכסניא מיטן זוהן געקומען קיין טשאשניק, און גלייך פערפאהרען צו ר׳ לייוויק'ן. נאך דעם זעלבען טאג האט ר׳ לייוויק פארגעשטעלט דעם בחור זיין טאכטער, וועלכע איז געווען נישט קיין איבעריגס שענע און האט אויסגעוויזען צו זיין אויך נישט קיין איבעריגע חכמה. דערזע-הענדיג דעם חתן, איז זי רויט געווארען און א שעמעוודיגע האט זי אראבגעלאזט די אויגען, וואס האט געגאלטען אין יענער צייט פאר א סימן פון הסכם. ר׳ לייוויק האט ארויסגענומען זיין שוויגענדיגע טאכטער פון איר גרויס פערלעגענהייט, אָנקניפּענדיג מיט דעם חתן א פּלפּול וועגען א דבר-הלכה, און האט בשעת מעשה אָנגעקוואלען, צוקוקענדיג זיך וואס פאר א „כלי נפלא" ס'איז איהם בעשערט גע-ווארען פון גאט צו האבען פאר אַן אײדים.

באלד מוצאי יום-טוב האט מען געשריבען „תנאים". און אין א קורצער צייט ארום, אום ל"ג-בעומר, האט מען מיט גרויס פּאראַד גע-פייערט די חתונה. אזא גבירישע חתונה האט נאך טשאשניק אויף איהר לעבען נישט געזעהן, און א היבש ביסעל יאָהרען שפּעטער האבען „קינד און קייט" אין יענער געגענד געהאט צו דערצעהלען גאנצע פּעק מעשיות וועגען דער אויסטערלישער עשירות, מיט וועלכער ר׳ לייוויק האט געפּראוועט די חתונה פון זיין בת-יחיד'קעלע.

ר׳ לייוויק, וועלכען ס'האט זיך שטאַרק געוואלט, אז זיין יונגער איידעם זאל בעקומען סמיכה אויף רבנות, האט איהם אויסגעדריקט זיין וואונש, ער זאל נאך פאָהרען אויף א פּאָר יאָהר צום וועניגסטענס

קיין דער־מיר. דערביי האט ער צו איהם געזאָגט: „מיין נישט, אז איך בין אויסען, דאס דו זאָלסט שפעטער מפרנס זיין מיין טאכטער פון דיין רבנות; איך קלער דיך גאר צו נעמען אלס מיט־העלפער אין מיינע געשעפטען. מיין בעגעהר איז אבער, אז ס׳זאל זיין נאך א רב אין אונזער משפחה; א סוחר א וואויללערנער איז א גאַנץ פיינע זאך, און א סוחר א רב, דאס איז שוין גאר אויסטערליש. עלינקע — אזוי האט געהייסן דער יונגער איידים — האט דערצו מסכים געווען, און א חודש נאך דער חתונה האט ער געדארפט אָפּפאהרען צוריק קיין דער־מיר.

עלינקע איז אבער קיין דער־מיר ניט געפאהרען און אָט פאַר־וואס: פערברענגענדיג, לויטן מדובר, דעם האָניג־חודש אין טשאשניק, האט ער זיך פאר דער צייט בעקענט מיט דעם מלמד, וועלכער פלעגט קומען אויף א פאָר שעה אין טאג צו ר׳ לייוויק׳ן לערנען מיט זיינע צוויי יונגלעך. דער מלמד, וועלכער איז געווען א גרויסער למדן, און דערצו א בעל־תנ״ך און א מדקדק, פלעגט גאנץ אָפט נאכ׳ן לערנען בלייבען זיצען און שמועסען מיט דעם יונגען איידים. די ערשטע צייט האבען זיך די שמועסען געדרעהט ארום דברי־תורה, שפעטער האט מען אנגעהויבען צו בעריהרען אין די געשפרעכען געוויסע שטעלען אין תנ״ך, און ענדליך איז מען אריבער צו וועלטליכע ענינים. דער יונ־גער בעל־הבית׳ל, וועלכער האט ביז אַהער געהאט צו טון נור מיט דער גמרא און מיט די פוסקים, האט זיך שטארק פעראינטערעסירט מיט די פאר איהם גאנץ נייע געדאנקען, וואס דער מלמד האט ביי די דאזיגע געשפרעכען ארויסגעזאגט מיט פיל פקחות. ס׳איז געקומען אזוי ווייט, דאָס עלינקע האט ביי זיך דערפיהלט א דרינגענדע בע־דע־פניש, די שמועסען וואס מער צו פערלענגערן און איבערצוחזר׳ן. דאס האט געבראכט דערצו, אז ער האט געזוכט צו בעגעגענען זיך מיט דעם מלמד וואס אָפטער, און נישט בענוגענענדיג זיך מיט די צוויי שעה, וואס ער פלעגט איהם טרעפען טעגליך ביים שווער, האט ער איהם אָנגעהויבען צו בעזוכען, בעזונדערס אין די אָוועגד־שעה׳ן, אין זיין וואוינונג, און אבזיצען ביי איהם ביז שפעט אין דער נאַכט.

דער מלמד, א געבוירענער א גראדנער, וועלכער האט געהייסען אין טשאשניק „דער ליטוואק״, איז געווען אין דער יוגענד א גע׳רודפ־טער „משכיל״. זיין פאַנאַטישער שווער האט איהם ארויסגעטריבען פון שטוב, און זענענדיג געצוואונגען אבצו׳גט׳ען זיין פרוי, האט ער זיך

אַיועקגעלאזט קיין וואָהלין, און האט זיך בעזעצט אין קרעמעניק. דארטען איז ער געווארען אַנ׳אָפּטער אריינגעהער ביי דעם גרויסען געלעהרטען ר׳ יצחק בער לעווינזאהן, וועלכער האט אויף איהם געהאט אַ געוואלדיגע השפעה. די דאזיגע השפעה איז בעשטאַנען הויפּטזעכליך אין דעם, וואס ער האט זיך פארגענומען ניט צו בעגנוגענען זיך מעהר מיט זיין אייגענער פערבאָרגענער „השכלה", נור צו ווערען אויך אַ מדריך און א וועג-ווייזער פאר אנדערע, און בעזונדערס צו עפענען די אויגען פערבלענדעטע פעהיגע יונגעלייט, וואס פערווענדען זייערע טאלענטען פאר אומפרוכטבארע צוועקען. אלס אגיטאַטאָר פאר בילדונג האט ער זיך אוועקגעלאזט אין דער וועלט, אומוואַנדערנדיג פון אָרט צו ארט, און אלץ אונטער דער מאַסקע פון פרומקייט און יראת-שמים, ביז ער איז אַזוי ארום אָנגעקומען פאר אַ מלמד אין טשאשניק, אין ר׳ לייוויקס פרוי האט איהם גענומען פאר איהרע יונגלעך.

III

א געוויסען טאג פארנאכט זענען דער מלמד מיט ר׳ לייוויקס יונגען אידים ארויס שפּאַצירען אונטער׳ן שטעדטיל. געהענדיג האט דער מלמד כסדר גערעדט וועגען די אומגעלומפּערטע תכליתים, וואס די נארישע טאטעס קלויבען אויס פאר זייערע קינדער, און געענדיגט האט ער מיט דעם, אז אפילו אזא פאטער, ווי ר׳ לייוויק, וועלכער איז שוין, דוכט זיך, א וועלט-סוחר און פראקטישער מענש, נעמט אזא פעהיגען יונגענמאן, ווי ער, עלינקע איז, און מאכט איהם פאר א באנק-קוועטשער. אמת, ר׳ לייוויק וועט איהם נישט לאזען פער-בלייבען ביי רבנות און וועט איהם שפּעטער נעמען צו זיך אין גע-שעפט אריין. אבער איז דען מסחר א תכלית פאר א יונגענמאן מיט אזעלכע כשרונות, פון וועלכען ס׳קאן ארויסוואקסען, ווען ער זאל נור בעקומען די געהעריגע בילדונג, א גרויסער געלעהרטער, וואס וועט זיין א צירונג פאר זיין פאלק און אויך פאר דער וועלט?

די דאזיגע רעד האבען געמאכט אויפ׳ן יונגענמאן א שטארקען רושם. א ווייל! האט ער זיך פערטראכט, און דערנאך האט ער זיך אבגערופען צום מלמד:

— איך פערשטעה גאנץ גוט, אז איר זייט גערעכט. נאך זיצענ-דיג די לעצטע צייט אין דער מירער ישיבה פלעגט מיך אפט בע-פאלען פלוצלונג דער געדאנק, אז איך לערן און לערן אָהן אַ שיעור

און אהן אַ ברעג, און ווייס נישט, וואס דערפון וועט אַרויסקומען. זינט איך האב געזעהן, אין וואס פאר אַ שרעקליכער דחקות אונזער לעפּליער רב לעבט און ווי קהל רייט איהם אויס׳ן האַלז, האט מיך אויפגעהערט צו ציהען צו רבנות. און צו מסחר האב איך, ווי פאר אייך זאָגענדיג, אויך אַ קנאפּע תשוקה, ווייל כ׳ווייס, דאס איך וועל דערצו נישט טויגען. זאָגט מיה אָבער, וואס טוט מען? ווי אַזוי קאן איך ווערען אַ געלעהרטער? וועל איך דאס קאָנען ווערן, זיצענדיג אין דער מירער ישיבה?

— אויס מיט דער ישיבה! אויס מיט מיר! — האט זיך דער מלמד פונאַנדערגעקאָכט. — איר דאַרפט אַוועקפאָהרען ערגיץ-אַנדערש, און זיך דאָרטען נעמען צו שטודירען. אויף דעם זענען דאָ די ראַבינער-שולען אין ווילנא און אין זשיטאָמיר. איך ווייס גאַנץ גוט, אז דאס וועט אייך נישט אַזוי גרינג אָנקומען, אז דער שווער וועט עס אייך בשום אופן נישט לאָזען, און איר וועט דאַרפען פיהרען אַ שטאַרקען קאַמף, אָבער — „הלא כך דרכה של השכלה“, אזוי איז דער דערנער-וועג פון בילדונג. ווייל מען ווערען אַ מענש, דאַרף מען ליידען און האבען צרות. איהר זייט נישט דער ערשטער, און געוויס וועט איהר אויך נישט זיין דער לעצטער קעמפּענדער משכיל.

דער רעזולטאַט פון׳ם דאָזיגען געשפּרעך און פון די ווייטערדיגע עטליכע אַזעלכע שמועסען איז געווען, דאס אויף מאָרגען נאָך שבועות, בעת עלינקע האט זיך צוזעגענט מיט דער פאַמיליע און געזאָגט, אז ער פאָהרט קיין דער מיר, האט ער פערקירעוועט דעם דישעל, און האט זיך אַוועקגעלאָזט גאָר אויף אַנ׳אנדער וועג. ער האט זיך געוואָלט געפינען וואס ווייטער פון דערהיים, און דעריבער האט ער אויסגעמידען ווילנא, און האט זיך גענומען אויף ז ש י ט אָ מ י ר.

עס זענען נאָך דאַמאָלסט קיין באַהנען נישט געווען, און עלינקען איז אויסגעקומען צו פאָהרען מיט בעלי-עגלות, און אָבצוּוואַלגערען זיך אַ דריי, פיר וואָכען אין וועג. פאַר דער צייט פון זיין נסיעה האט ער עטליכע מאָל געקראָגען חרטה אויף דעם שריט, וואָס ער האט געטון. דאס האַרץ האט אים געזאָגט, אז ער וועט האָבען אויס-צושטעהן געבּרענטע ליידען. אַ ביסעל האט ער זיך אויך פערבענקט נאָך זיין יונג ווייבעל, וועלכע ער האט, אמת, נישט איבעריגס געליבט, אָבער ער האט געגען איר גאָרנישט געהאַט, און וויסענדיג, אז זיין אַנטלויפען קיין זשיטאָמיר וועט איהר קאָסטען פיל געזונט, האט ער

אויף איהר בעקומען רחמנות. היינט דער צער פון זיינע עלטערן, וועלכע האָבען געלעגט אַזעלכע גרויסע האָפנונגען אויף זיין רבנות בעמענדיג אין בעטראכט דאס אַלץ צוזאַמען, האָט איהם אַמאָל אין וועג אַזוי שטאַרק פערקוועטשט ביים האַרצען, דאס ער איז שוין גע-ווען גרייט נעמען זיך אויף צוריק-וועגס און אָבפאָהרען קיין דער מיר. ער האט זיך אָבער גובר געווען און האט עס נישט געטון, און איז אזוי אין אַ שענעם פריהמאָרגען אָנגעקומען קיין זשיטאָמיר.

IV

דער אינספעקטאָר פון דער זשיטאָמירער ראַבינער-שול איז דאַן געווען דער בעוואוסטער מאַטעמאַטיקער און העברעאישער דיכטער יעקב אייכענבוים און צו איהם איז אויף מאָרגען אין דערפריה אַריין דער טשאַשניקער יונגערמאַן. פון דעם ערשטען שמועס האט אייכענבוים גלייך דערקענט, אז ער האט דאָ צו טון מיט זעהר אַ בע-גאַבטען און אַ פיל פערשפרעכענדען יונגען מענשען, און הערענדיג פון איהם, דאָס ער וויל אַריינטרעטען אין ראַבינער-שול, האט ער איהם מבטיח געווען צו שטיצען איהם אויף ווי ווייט ער וועט נור קאָנען. אָבער היות ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אז בנוגע וועלטליכע ידיעות איז נאָך עלינקע אַ גאַנץ רויהער, און קאן נאָך אפילו קיין וואָרט רוסיש נישט, האט אים אייכענבוים רעקאָמענדירט צו איינעם פון זיינע בעסטע תלמידים, ער זאָל אים צוגרייטען אין די געהעריגע למודים אויף אַזוי פיל, דאס ער זאל קאָנען אַריינטרעטען צום סוף זומער אין ראַבינער-שול. עלינקע האָט זיך תיכף גענומען צום לערנען מיט גרויס התמדה, און האָט געמאַכט אַזעלכע אויסטערלישע פאָר-שריט, דאָס ס'איז ביי קיינעם גאָר קיין ספק נישט געווען, אז אין די צוויי חדשים, וואס זענען נאָך געבליבען ביז די עקזאַמענס, וועט ער שוין זיין פאַרטיג אַריינצוטרעטען גלייך אין פערטען קלאַס.

נאָכדעם, ווי עס זענען אַוועק אַ וואָכען דריי זינט עלינקע איז אָבגעפאָרען קיין דער מיר, און ס'איז נאָך פון איהם נישט ערהאַלטען געוואָרען קיין איין בריף, האט עס ביי ר' לייוויק'ן אין שטוב אַרויס-גערופען גרויס וואונדער, און צולעצט אויך אַ געוויסע בעאונרוהיגונג. מ'האָט גענומען חוקר ודורש זיין אין דער מיר דורך בריף צום ראש-ישיבה און צו בעקאַנטע, און פון אַלעמען איז דערהאַלטען געוואָרען איין קורצע תשובה, אז פון אַ פאָר וואָכען פאר פסח אָן האט דאָרטען

קיינער דעם ליעפליער „עלוי" אין די אויגען נישט אָנגעזעהן. נאך דער דאָזיגער ידיעה איז שוין ביי קיינעם קיין ספק נישט געווען, אז מיט עלינקען האט געטראָפען אין וועג אנ'אומגליק. ר' לייוויק, וועלכער איז גלייך נאָך דער טאָכטערס חתונה אָבגעפאָהרען צו זיינע געשעפטען קיין קעניגסבערג, איז דאָרטען אויך אַרומגעגאנגען שטארק בעאונרוהיגט פון דעם, וואס ער האט נאָך ביז אַהער פון זיין יונגען איידים, וועלכער האט שוין לויט זיין אויסרעכענונג לאנג געדארפט זיין אין דער מיר, אפילו קיין איינגעטונקטע פעדער נישט בעקומען. ער האט אָנגעהויבען פערוואָרפען מיט בריף זיין פאמיליע אין טשאַשניק, אפשר ווייסען זיי עפיס פון עלינקען, און דערהאלטענדיג פון די שטוביגע כסדר אויסמיידענדיגע תשובות, אום איהם נישט מצער צו זיין, האָט איהם אַ זאָג געטון דאס האַרץ, אז דאָ איז עפיס נישט גלאַט, און האָט תיכף געוואָרפען זייגע געשעפטען, און איז געקומען צולויפען אַהיים.

מיט ר' לייוויק'ס קומען קיין טשאַשניק, איז ערשט געוואָרען ביי איהם אין שטוב אַ רעכטע תוכחה. אלע זענען אַרומגעגאנגען, ווי שאָטענס און מיט פערבראָכענע הענט. מ'האָט פונאנדערגעשיקט בריף אין די אַרומיגע שטעדט און שטעדטלעך מיט אָנפראגעס, אפשר האט עמיץ פון די דאָרטיגע איינוואוינער בעגעגענט אַדורכפאָהרענדיג אַ יונגענמאן לויט די און די סימנים. עס זענען אבער אוועק טעג און וואָכען, און קיין קלאָרער ענטפער איז פון ערגיץ נישט אָנגעקומען. עלינקעס עלטערען, וועלכע האָבען זיך דערוואוסט שפּעטער פון אלעמען וועגען דער געשעהעניש, זענען אויך באלד אַראָבגעפלויגען קיין טשאַשניק, און האָבען זיך געטיילט צוזאמען מיט ר' לייוויק'ן אין דעם גרויסען טרויער איבער דעם אומגליק, וואס זיי האט געטראָפען.

אין דערזעלבער צייט, וואָס ביי ר' לייוויק'ן אין שטוב זענען אלע אַרומגעגאנגען אָהן קעפּ, איז דער ליטווישער מלמד געווען דער איינציגער, וועלכער האט בעקומען פון עלינקען רעגעלמעסיגע ידיעות וועגען זיין לעבען אין זשיטאָמיר און זיין שטודיום. ער האט זיך אָבער נעהאַלטען תמ'עוואַטע, און אין זיינע שמועסען מיט די שטוביגע האט ער געמאַכט דעם אָנשטעל, אז ער נעמט זיך אויך זעהר צום האַרצען די טרויעריגע פאַסירונג. דערביי האט ער אַלעמען שטאַרק געהאָלפען זיפצען, און אַמאָל אויך אַרויסלאָזען אַ טרעהר...

דאס רוב פלעגט ער עס טון, ווען ער פלעגט בלייבן זיצן אַליין מיט ר׳ לייוויק׳ן אין זיין קאַבינעט און בעטראַכטען מיט איהם דאס, וואס ער קלערט צו אונטערנעמען אין דעם דאָזיגען פאַטאַלען ענין.

האט אָבער גראָד געדאַרפט פּאַסירען, אז קומענדיג אין אַ געוויסען טאָג אויף זיין געוועהנליכער לעקציע צו ר׳ לייוויקס יונגלעך, האט דער מלמד אונפאָרזיכטיג אַרויסגעוואָרפען פון זיין קעשענע אַ קליין בריוועלע, וועלכען ער האט ערשט מיט אַ טאָג פריהער בעקומען פון עלינקען. דאס בריוועל איז געבליבען ליגען אויף דער פּאָדלאגע. און נאָכדעם, ווי דער מלמד איז שוין געווען אַוועקגעגאַנגען, האט עס איינער פון די יונגלעך אויפגעהויבען פון דער ערד, און דערקענענדיג עלינקעס האַנדשריפט, האט ער עס תיכף אַריינגעטראָגען דעם פאָטער. אין דעם בריוועל האט עלינקע געשריבען, אז ער פיהלט זיך זעהר גוט, אז אייכענבוים און אלע איבעריגע לעהרער פון ראַבינער-שול, מיט וועלכע ער האט זיך בעוויזען צו בעקענען, ווייזען איהם אַרויס גרויס התקרבות, אז זיין לערנען געהט בעסער, ווי געוואונשען, און אין גיכען ווערט ער אַ תלמיד פון פערטען קלאַס. איבערלייענענדיג דאס בריוועל, האט זיך ר׳ לייוויק געכאַפּט פאַר׳ן קאָפּ, און איז געוואָרען בלאַס, ווי אַ טויד. ער וואָלט זיך גאָר קיינמאָל נישט געקאָנט פאָרשטעלען, אז זיין אייגענער זוהן, זיין טאָכטערס מאַן, דער ליעפּליער עלוי, דער צוקינפטיגער גאון, זאל אַריינפאַלען אין דעם אמת׳ן נעסט פון אַפּיקורסות! ער האט זיך אָבער באלד בערוהיגט. מיט זיין פראַקטישען שכל האט ער תיכף פערשטאַנען, וואס דאָ איז פאָרגעקומען. ער האט זיך די לעצטע צייט אַ סך מעשיות אָנגעהערט וועגען וואויל-לערנער, וואס שטעלען זיך אָן יראי-שמים-פנימ׳לעך און אין אמת׳ן זענען זיי אָבגעלעגט נור אויף אַראָבצופיהרען גאונ׳ישע יונגעלייט, קומענדיגע רבנים, פון דעם רעכטען וועג און ברענגען זיי ביז צום שמד, אום דערפאַר גוט בעצאָהלט צו ווערען פון די מיסיאָנערען, וועלכע זיצן אין לאָנדאָן און פערשפרייטען פון דאָרטען זייער נעץ איבער אַלע ישיבות און בתי-מדרשים, וואו עס זיצן גאָטספאָרכטיגע און זענען זיך עוסק אין תורה און עבודה. אַזאַ פערשטעלטער יצר-הרע איז אויך דער מלמד, וועלכען איהם איז בעשערט געווען אַריינצוברענגען אין אַ נישט גוטער שעה צו זיך אין הויז. „ס׳מעג מיר אָבער קאָסטען מיין לעבען, און איך וועל דעם

קרבן אַרויסראַטעוועָן פון זיינע נעגעל!״ — אזוי האט ר׳ לייוויק פער־ענדיגט אין זיינע מחשבות, און נישט דערצעהלענדיג קיינעם פון די הויזיגע קיין מעשיות, האט ער נאך דעמזעלבען טאָג געהייסען שפאַנען די פערד, און זאָגענדיג זיין פאַמיליע, אז ער פאָהרט אָב קיין קעניגס־בערג, האט ער זיך באמת פערקירעוועט אויף זשיטאָמיר.

ר׳ לייוויק איז דעם גאַנצען וועג געפאָהרען מיט דער פאָטשט, און דעריבער איז ער אָנגעקומען קיין זשיטאָמיר אינ׳ם משך פון אַ פּאָר וואָכען בערך. דאָרטען איז ער פערפאָהרען צו זיינעם אַ בעקאַנטען סוחר, מיט וועלכען ער האָט געהאַנדעלט מכּמה יאָהרען. דער דאָזיגער סוחר איז געווען אַ פערברענטער חסיד און אַ לײדענשאַפטליכער פאַ־נאַטיק, וועלכער פלעגט פאָהרען עטליכע מאָל אין יאָהר צום ראַכמיס־טריווקער גוטען יודען. ר׳ לייוויק איז אַפילו געווען אַ פערקאָקטער מתנגד, דאך האט אים דער סוחר אויפגענומען מיט גרויס כּבוד און פריינדשאַפט. אז ר׳ לייוויק האָט אים פערטרויט דעם צוועק פון זיין קומען קיין זשיטאָמיר, איז דער חסיד גוזדעזע געוואָרען, איז אָב־געשפרונגען מיט שרעק פון אָרט, און האט אויסגערופען נישט ווי מיט זיין קול: „אַזוינס קאָן פּאַסירען נור ביי אייך, מתנגדים!״

.V

אויף מאָרגען פריה, נאָכן דאַוונען, האט זיך ר׳ לייוויק געלאזט געהן אין שטאָדט אויפצוזוכען זיין איידים. פארן אוועקגאנג האט איהם דער חסידישער סוחר, ביי וועלכען ער איז איינגעשטאנען, געלעגט שווערע שטיינער אויפן הארצען, פאָרשטעלענדיג איהם די ראַבינער־שול אלס נעסט פון גאָלע משומדים, וואס ווער עס פאלט אַהין אריין, קומט שוין פון דארטען נישט ארויס קיין יוד. דערביי האט ער געזאגט:

— כ׳מיין, אז איר האט זיך נאָך געכאַפּט בעציייטענס, און וועט נאך אייער איידים קאָנען ארויסראַטעווען פון מקור־הטומאה. רעדט מיט איהם האַרטע דבורים, אז ער מוז מיט אייך תיכּף פאָהרען אַהיים, און ווען נישט, וועט איהר אייך נישט אָבשטעלען פאַר קיין מיטעל.

קודם כּל איז ר׳ לייוויק אוועק אין ראבינער־שול, וואו ער איז נאך פיל חקירות ודרישות דערגאנגען דעם אַדרעס פון זיין איידים. עלינקע האט בעוואוינט אין אַ שטיל קריסטליך געסעל, אין אַנ׳עק

שטאדט, אויף א בוידעם-שטיבעל. זיין שווער האט זיך קוים אהין דער-שלאגען, און געפינענדיג זיך שוין אין דער הויך פאר דער טיר פון זיין צימער, האט ער דערהערט, וויעלינקע געהט אום הין און צוריק מיט האסטיגע טריט און חזר'ט עפיס אויפן קול איהם גאנץ אונפער-שטענדליכע ווערטער.

ר' לייוויק האט ווי אויפגעריסען די טיר און איז אריין. עלינקע, דערזעהענדיג דעם גאנץ אומגעריכטען גאסט, איז געבליבען שטעהן גוייס, ווי קאלך, מיטן בוך אין דער האנד אינמיטען צימער, עפיס גלייך ווי איהם וואלט אין דער מינוט אבגענומען דאס לשון. דערפאר האט זיך ר' לייוויק גארנישט צומישט. און דערלאנגענדיג איהם די האנד, האט ער איהם געלאסען א פרעג געטון:

— מעג מען נאך דיר געבען „שלום"?

און נישט אבווארטענדיג קיין ענטפער, האט ער מוסיף געווען:

— פארוואס זעהט מען דאס עפיס אויף דיין טיר קיין „מזוזה" נישט?

— ווייל דאס איז א קריסטליך הויז, — האט איס עלינקע געענט-פערט ווי אונטער דער נאז.

— דו ביזט דאך נאך דערוויילע א יוד? — האט זיך ר' לייוויק אבגערופען שוין עטוואס דענערווירט.

— וואס הייסט עפיס „דערווײלע"? — האט איס עלינקע געפרעגט גאנץ פערוואונדערט.

— אויף דעם וועג, אויף וועלכען דו האסט זיך געשטעלט, זעה איך נישט ארויס, אז דו זאלסט פערבלייבען א יוד...

— שווער, ווי רעדט איר דאס גאר אזוינס? — האט עלינקע אויס-גערופען נישט מיט זיין קול. — וואס האט איר דאס פון מיר גע-זעהן? אז מען בייט אויס די מירער ישיבה אויף דער זשיטאמירער ראבינער-שול, איז מען שוין גאר קיין יוד נישט?

— ניין, מ'איז נישט קיין יוד! —האט אויסגעשריען ר' לייוויק.—א משומד איז מען, א גוי גמור!

עטליכע מינוט האט געהערשט אין צימער א פיינליכע שטילקייט. ס'האט זיך געשאפען א זעהר געשפאנצע אטמאספערע, פון וועלכער ביידע האבען געוואלט ארויס, און יעדער פון זיי האט געזוכט דער-

צו די פאסיגע ווערטער. ר׳ לייוויק איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט איבערגעריסען די שטילקייט. מאטערענדיג זיך צו אונ-טערדריקען, ווי ווייט מעגליך, זיין אינווענייגסטע אויפגערעגטקייט, האט ער ארויסגערעדט מיט א ציטערענדיגער שטים:

— איך וועל זיך דא נישט פערנעמען מיט מוסר-זאגען, מיט זידלערייען. איך וויל דיר דא נישט דערצעהלען, וויפיל דו האסט מיט דיין אנטלויפען שופך דמים געווען דיינע אלטע עלטערן, דיין שוועסטער און שוועגער און דיין יונגער פרוי. איך זאג דיר נור קורץ: נעם גלייך און פאק איין דיינע זאכען, און לאמיר פאהרען אהיים קיין טשאשניק.

ניין, שוועסטער! — האט זיך מיט גרויס אימפעט ארויסגעריסען פון עלינקעס מויל. — דאס קאן און וועט אויף קיין פאל קיינמאל נישט זיין! איך וויל נישט פערשווענדען מיינע עלוי׳שע פעהיגקייטען אויף באנק-קוועטשעריי. גמרא מיט פוסקים ראשונים און אחרונים קען איך שוין גאנץ געגוג, איצטער וויל איך שטודירען ידיעות חיצוניות... איך וויל ווערען א געלעהרטער און וועל דאס אויך ווערען. שטערט מיר נאר נישט און שטעהט מיר נישט אין וועג.

ר׳ לייוויק האט זיך א כאפ געטון פון ארט אנ׳אויפגעקאכטער, און מיט שוים אויף די ליפען האט ער ארויסגערופען:

— מיר וועלען דיר יא שטערען, מיר וועלען דיר יא שטעהן אין וועג! מיר וועלען נישט דערלאזען, אז דו זאלסט פערשווארצען אונזער משפחה.

— איר ווילט מיך, הייסט עס, נויטען, אז איך זאל האנדלען געגען מיין ווילען און געגען מיין געוויסען? איך בין דאך אבער א דערוואקסענער מענש...

— יא, מיר וועלען דיך נויטען!

עלינקע האט זיך אויפגעשטעלט, האט פעררוסען שטאלץ דעם קאפ, און ארייגקוקעדיג דעם שוועהר גלייך אין פנים, האט ער ענער-גיש ארויסגעזאגט:

— סוט אייך, וואס איהר ווילט און וואס איהר קאנט, איך בלייב דא!

— זאל עס זיין דיין לעצט ווארט?

— יא!

ר׳ לייוויק איז שטיל ארויס פון צימער.

צוריקקעהרענדיג זיך אויף זיין קווארטיר, האט איהם שוין דא־טען דער סוחר אָבגעוואַרט, און איהם גלייך אַ פרעג געטון:

— נו, וואס? איך האב געטראָפען? ס'האט איהם פערשמעקט די קליפה, רחמנא ליצלן, און ער וויל זיך גאר פון אָרט נישט ריהרען?

— יאָ, אזוי האלט עס, — האט איהם ר' לייוויק געענטפערט.

— און וואס קלערט איר צו טון.

— איך וואלט געוואלט הערען אייער עצה.

דער סוחר האט אריינגעפיהרט ר' לייוויק'ן אין זיין קאבינעט, וואו ער האט פערפיהרט מיט איהם וועגען דעם ענין א פערטרויליכען געשפרעך און אים גע'עצה'ט, נישט צו קוקען אויף קיין זאך און נעמען זיך מיט אלע כחות דערצו, אז עלינקע זאל אין זשיטאָמיר נישט פערבלייבען. וואלט ער זיך שוין געפונען אין ראבינער-שול, וואלט דאַן שווערליך געוועזן געגען אים עפיס צו טון; צום גליק, האלט ער ערשט אין צוגרייטען זיך, און דעריבער קאן מען גאנץ לייכט געגען איהם אָנווענדען די שארפסטע מיטלען ביז אבגעבען איהם אין סאלדאטען, און אפילו דאס אויך. ראשית כל דארף מען אבער זעהן, אז מ'זאל איהם דערוויייל אבשיקען פון דאנען מיט'ן עטאפ קיין ליעפליע, וואו ער איז אַ נכתב, און דארטען וועט מען שוין זעהן, וואס מ'האט ווייטער צו טון.

— אויב איר זייט מסכים, — האט דער סוחר פערענדיגט, — נעם איך דאס אויף זיך.

תחילת האט זיך ר' לייוויק געקווענקעלט. ער האט ביי זיך נישט געקאנט פועל'ען אָנצטון זיין יונגען איידים אזוי פיל לייד און עגמת נפש. אבער דער סוחר, וועלכער האט פערשטאנען, וואס אין איהם קומט פאר, האט זיך פונאנדערגעשריען: „רחמנות האט איהר, בעת עס האנדעלט זיך אום ארויסצוראטעווען אַ יודען פון שמד?! אַזא רחמנות איז אַנ'אכזריות, א פערברעך, וועלכער פאסט גרייליך נישט פאר אזא יודען, ווי איהר זייט!“

די לעצטע ווערטער האבען געמאכט אויף ר' לייוויק'ן א שטארק איינדרוק און ער האט נאכגעגעבען. נאָך דעם זעלבען טאג האט זיך דער ראכמיסטריווקער חסיד צונויפגערעדט מיט א פאר מענשען, פינ-

סטערע פארשוינען, און יענע האבן אבגעטון דעם פאלגענדען שפיצעל:
זי האבן פאר א מטבע ארויסגענארט ביים קריסטליכען בעל-הבית
עלינקעס פאס און האבן אים צוריסען; דערנאך זענען זיי אוועק
אויף דער פאליציי און געמאלדען וועמען מען דארף, אז אין זשיטאמיר
שלעפט זיך שוין פון א געוויסער צייט ארום א פערדעכטיגער יודי-
שער יונגערמאן אהן דאקומענטען. שוין אין יענער נאכט זענען עטליכע
אנטערגעשמירטע פאליציאנטען בעפאלען עלינקעס קווארטיר, האבן
איהם ארעסטירט און אוועקגעפיהרט מיט זיך. אויף מארגען פריה האט איהם
איינער א בעאמטער אין א „רויטען קאלנער" מכלומרשט אויסגעפארשט,
און נישט לאזענדיג אים א מויל עפענען, האט ער איהם אבגעשיקט
אין דער שטאדטישער טורמע. וואס עלינקע האט זיך ביי דער
דארטיגער „נאטשאלסטווא" נישט צובעטען, מ׳זאל זיך אויף איהם נאכ-
פרעגען ביי די שענסטע יודישע פערזענליכקייטען פון זשיטאמיר,
און בעזונדערס ביי אייכענבוימ׳ען, דעם אינספעקטאר פון ראבינער-
שול, — האט נישט געהאלפען. א דריי מעת-לעת איז ער אבגעזעסען
אין טורמע, און אויפן פערטען טאג, באלד מיט׳ן בעגינען, האט מען איהם
צוזאמען מיט א גרויסער פארטיע ארעסטאנטען ארויסגעשיקט מיט׳ן
עטאפ.

דאס דאזיגע, פאר עלינקען גאנץ אומגעריכטע, געשעהעניש, האט
איהם אזוי ערשיטערט, דאס ער האט זיך פון גרויס ערגערניש אפילו
נישט צוגעריהרט צום עסען. ער האט אבער פערשטאנען, אז דאס
זואקסט אלץ פון זיין שווער, וועלכער וויל איהם דורכדעם נויטען
אויפצוגעבען זיין געדאנק וועגען שטודירען און אוועקזעצען זיך צו-
ריק ביי דער גמרא אין דער ישיבה. ר׳ לייוויק האט אבער א גרויסען
טעות! — האט עלינקע ווי אין זיך אויסגעשריען. — וועלכע געברענטע
ליידען ער מעג זיך מיר פערשאפען, וועל איך אלץ בלייבען
ביי מיין בעשלוס אייזענפעסט. אנדערש קאן גארנישט זיין און וועט
איך נישט זיין!

בעת דער סוחר איז געקומען פון גאס און האט אין א העלדישען
טאן מודיע געוועזן ר׳ לייוויק׳ן, אז „אלץ איז שוין אין ארדנונג", האט
אים פערקוועטשט פארן הארץ. ער האט עלינקען זעהר ליב געהאט, און
דאס בעוואוסטזיין, אז צוליב איהם דארף ער אויסשטעהן אזוי פיל צרות
און וואלגערן זיך אין די טורמעס, ווי א פראסטער פערברעכער, בעת
אז מיט גוטען וואלט מען, אפשר, סוף כל סוף, ביי אים געקאנט בועל

זיין אבצוזאָגען זיך פון זיינע זינדיגע געדאנקען, האט אים זעהר צו־בראכען. ער האט שוין מעהר מיטן סוחר נישט גערעדט, און איז דעם זעלבען אווענד אָבגעפאהרען פון זשיטאמיר מיט דעם בעשלוס, צו לויפען גיכער קיין בערדיטשעוו און אבצעווארטען עלינקען ביז ער וועט אהין אנקומען מיט דער פארטיע; דארטען וועט ער זיך בעמיהען צוצוקומען צו איהם אין טורמע און דורכצורעדען זיך מיט איהם.

העכער צעהן טעג האט ר׳ לייוויק געדארפט זיצען און ווארטען אין בערדיטשעוו, ביז עלינקע איז אהין אנגעקומען. ער האט זיך גע־לאזט קאסטען געלד, און הא טשוין דעם זעלבען טאג אויסגע׳פועל׳ט ביי דער מאכט אַנ׳ערלויבניש צו זעהן זיך מיט איהם אין טורמע און אונטער צוויי אויגען. זיין האָפנונג, אז עלינקע וועט זיך אונטערגעבען, איז אבער נישט מקוים געווארען. עלינקע האט ר׳ לייוויק׳ן אָנגעקוקט בייז און אַ זאג געטון:

— שווער, זייט וויסען, אז איר וועט מיט מיר גארנישט מאכען!

VII.

מיט א טרויעריג הארץ איז ר׳ לייוויק אבגעפאהרען פון בערדיטשעוו צוריק אהיים קיין טשאשניק. דעם גאנצען וועג האט ער נישט אויפ־געהערט צו קלערען, ווי אזוי און מיט וואס ס׳וועט זיך איהם קאנען איינגעבען צו ברעכען עלינקעס עקשנות. צום סוף האט ער זיך אבגעשטעלט אויף דעם געדאנק, וועלכער איז ביי איהם אפילו לכתחילה אויסגעקומען זעהר נישט גלייך: צו פרובען אויסניצען דערצו דעם ליטווי־שען מלמד. אט דער, וואס אונטער זיין השפעה איז עלינקע אראָב פונ׳ם דרך־הישר, וועט דאך אויך געוויס קאנען אויף איהם משפיע זיין, ארויסצושלאגען זיך פון קאפ זיינע זינדיגע מחשבות. ער פערשטעהט אפילו גאנץ גוט, אז דאס איז נישט קיין לייכט שטיקעל ארבייט, ווייל קאליע מאכען איז פיל גרינגער, ווי פערריכטען, און א טיף איינ־געווארצעלטען געדאנק איז שווער ארויסצורייסען פון שורש. ער האט אבער קיין אנדער ברירה נישט. מיט׳ן מלמד וועט ער עס מאכען קורץ און שאַרף. וועט עס נישט געהן מיט גוטען, וועט עס מוזען געהן מיט בייזען: אין עטליכע מינוט וועט פון איהם אין טשאשניק קיין שפור נישט בלייבען; ער וועט איהם דורך דעם פאָליציי ארויסווארפען פון שטעדטיל מיט ווייב און קינד. מיט דעם דאזיגען בעשלוס איז ר׳ לייוויק געקומען קיין טשאשניק.

שוין אויף מארגען פריה האט ר׳ לייוויק געשיקט רופען צו זיך דעם מלמד, האט איהם אריינגענומען אין קאבינעט און געבעטען זיצען. דער מלמד האט באלד בעמערקט, אז ר׳ לייוויק איז אויפגערעגט, און האט אויך פערשטאנען, אז דאס איז נאך אלץ צוליב עלינקען, און האט זיך שוין דעריבער מכין געווען אנצושטעלען זיין הכענה׳דיג פנים׳ל, ווי איינער, וואס איז גאט די נשמה שולדיג. פלוצלונג האט זיך אבער ר׳ לייוויק געגען איהם אוועקגעשטעלט מיט א פאר גרויסע אויסגעלאשענע אויגען, און בעמיהענדיג זיך צו זיין ווי ווייט מעגליך רוהיג, האט ער צו איהם א זאג געטון:

— הערט מיך אויס קורץ: איר זייט עס געווען דער שטן, דער „מסית ומדיח", וועלכער האט אונזער עלינקען פערסמ׳ט, און איהר מוזט איהם ארויסראטעווען. די טעג וועט איהר מוזען מיט איהם אזוי לאנג און אזוי ברייט אריינ׳טענה׳ן, ביז ער וועט זיך מתחרט זיין אויף דאס געשעהענע, און וועט ווידער אוועקגעהן אין זיין אלטען, ערהליכען וועג. אז איהר וועט נור וועלען, וועט איהר אויך קאנען; דאס ליגט נור ביי אייך אין דער האנד.

דער מלמד איז געבליבען שטעהן, ווי געפלעפט, און איידער ער האט בעוויזען צו עפענען דאס מויל, האט ר׳ לייוויק מוסיף געווען שוין אין א שטארקערען און ענערגישערען טאן:

— קיין לייקענען וועט דא אייך נישט העלפען; איך ווייס אלץ! ווערט זייט איהר כל השטראטען שבעולם, אפילו איבערגעגעבען צו ווערען אין גוי׳אישע הענד; איך וועל דאס נאך אבער דערווייל נישט טון. איך בין א יוד מיט א יודיש הארץ, און האב אויף אייך רחמנות. איך האף, אז איהר וועט אונז צוריקקעהרען אונזער עלינקען. טאמער אבער נישט — געדענקט!...

אין נישט אבווארטענדיג דעם מלמד׳ס תשובה, איז ר׳ לייוויק ארויס פון צימער.

נאך א וואך פינף בערך האט זיך עלינקע געפונען אונטערוועגס מיט׳ן עטאפ. פאר דער צייט האט ער זיך אויסגעוואלגערט צווישען גנבים און אנדערע מינים פערברעכער אין עטליכע טורמעס, קלענערע און גרעסערע. פיזיש שוואך, האט אים דער לאנגער, שווערער וועג נאך מעהר אויסגעמאטערט און אויסגעמוטשעט, און אנקומענדיג אין דער לעצטער שטאדט, פון וואנען מ׳האט איהם געדארפט ברענגען קיין ליעפליע, אין וויטעבסק, איז ער קראנק געווארען, און

מ'האט איהם געמוזט אוועקלעגען אין שפיטאָל. דארטען האט ער אויף זיך געצויגען די אלעמיינע אויפמערקזאמקייט. אָן זיין איידעלען בענעמען און אינטעליגענטען אויסזען האט מען בעמערקט, אז דאס איז עפּיס נישט קיין געוועהנליכער ארעסטאנט. אין איינינגע טעג ארום, אז עלינקע האט זיך אנגעהויבען צו בעסערען אין געזונד, האט מיט איהם דער עלטסטער דאקטאר, אריינגעהענדיג אין דערפריה אין זיין פּאלאַטע, פערפיהרט א שמועס און האט איהם אויסגעפרעגט, אונטער אַנדערן, ווער ער איז און פארוואס מען פיהרט איהם מיט'ן עטאפּ. עלינקע, צובראכען אינגאנצען פון די לעצטע איבערלעבענישען, האט, נישט פיל קלערענדיג, דערצעהלט דעם דאקטאר אלץ פון אלף ביז תיו, און האט דערביי פערענדיגט: „זיי מעגען מיך ברענען און בראטען, וועל איך דאך בלייבען ביי מיין בעשלוס — נור שטודירען און שטודירען, ביז ס'וועט פון מיר ארויסוואקסען דאס, צו וואס מיינע פעהיגקייטען האבען מיר בעשטימט.“

עלינקעס לעבענס-געשיכטע און די קינדערשע נאַאיוויטעט פון זיין דערצעהלונג האבען געמאכט אויפ'ן דאקטאר א שטארקען רושם. ער איז אפילו געוועזען ליבעראל געזאנען, דאך האט ער געהאלטען יודען פאר א פאלק טיילווייז פון פאנאטיקער און אַבערגלויבישע, און טיילווייז פון שפּעקולאנטען און געשעפט-מאכער, וואס זייער גאנצען לעבענס-אינהאלט פילט אויס נור די מטבע, און ער האט גאר קיינמאל נישט דערווארט צו געפינען צווישען יודען אַזא אירעאַליסט, וועלכער איז גרייט זיך מוסר נפש צו זיין פאר זיין שטרעבונג צו בילדונג, צו ליכט. ער האט עלינקען געטרייסט און דערמונטערט צו דעם גרויסען קאַמף, וואס איהם שטעהט פאָר און האָט איהם פערשפראכען זיין הילף אין יעדער מינוט, ווען ער וועט נור דארפען. ער האט אָבגעהאלטען עלינקען אין שפיטאל עטליכע טעג איבער דער געוועהנליכער נארמע, ביז ער איז פילשטענדיג געזונד געווארען. אויסערדעם האט דער דאקטאר אויסגע'פּועל'ט ביי דער געהעריגער מאכט, מ'זאל אבשיקען עלינקען קיין ליעפליע נישט מיט'ן עטעפּ, נור מיט א בעזונדער פוהר אונטער דער בעגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט.

ר' לייוויק האט שוין געהאט פריהער אָבגערעדט מיט דער ליעפליער „נאַטשאַלסטוואָ“, אז תיכף ווי עלינקע וועט נור אָנקומען מיט'ן עטאפּ, זאל מען מודיע זיין וועגן דעם קיין טשאשניק.

א מאל — דאס איז געווען אין איינעם פון די „עשרת ימי-תשובה" — בעת ר' לייוויק האט זיך געפונען אין בית-מדרש ביים דאווגען, האט מען איהם געבראכט א ידיעה פון ליעפליע. ער איז תיכף געלאפען אהיים, וואו א קוריער האט איהם איבערגעגעבען א בריוועל פונ'ם נאטשאלניק פון ליעפליער טורמע, וועלכער איז איהם מודיע, אז נעכטען שפעט אין אווענד איז אנגעקומען מרדכי דעם בעל-אכסניא'ס יונגער זוהן מיט'ן עטאפ פון וויטעבסק.

ר' לייוויק האט די ערשטע זאך געשיקט נאכ'ן מלמד. דער שליח האט זיך אבער אבגעזוימט עטליכע שעה, און איז צום סוף געקומען מיט גארנישט. ער האט אויסגעאקערט דאס גאנצע שטעד-טיל, און האט דעם מלמד ערגיץ נישט געפונען. ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען, האט דער מלמד נאך מיט א טאג צעהן צוריק גע'עוקר'ט פון טשאשניק, און קיינער ווייסט נישט, וואו ער איז אהינגעקומען. ר' לייוויק האט זיך שטארק מצער געווען, וואס פון זיין פלאן מיט'ן מלמד, אויף וועלכען ער האט געהאט געלעגט אזוי פיעל האפ-נונגען, האט זיך אויסגעלאזט א בוידעם. ער האט אבער געכאפט און איז געלאפען קיין ליעפליע. דארטען האט ער שוין געפ-נען עלינקע'ן ביי זיינע עלטערען, וועלכע האבען איהם תיכף נאך זיין אנקומען אויסגעלייזט פון תפיסה. דערזעהענדיג עלינקע'ן, איז ר' לייוויק די ערשטע מינוט אבגעשפרונגען הינטער זיך פאר שרעק: ער וואלט איהם בשום אופן נישט דערקענט—אזוי פערענדערט איז ער געווארען, נור הויט און ביינער, ממש א סקעלעט.

עלינקע איז געזעסען אין א ווינקעל א פערכמורעטער, און נע-בען איהם האבען זיך געפארעט זיינע בעיאהרטע עלטערען מיט פערי-ווייגטע אויגען. אז ר' לייוויק איז אריין, איז עלינקע געבליבען זיצען אין דערזעלביגער פאזע, און האט זיך גארנישט געפרובט א הויב טון פון ארט. ר' לייוויק האט פערשטאנען, אז דער ערשטער ערנסטער שמועס הענען דאס געשעהענע צווישען די עלטערען מיט'ן זוהן, איז שוין פארגעקומען, און האט נאך לעת-עתה די געוואונשענע רעזולטאטען נישט געבראכט. בעזונדערס האט ער עס דערקענט אן עלינקעס שטארק פערבייזטען און פערצארנטען פנים, אין אן די נערוועאישע בעוועגונגען פון זיין קערפער. נעהמענדיג ז ב אין אכט,

האט ר׳ לייוויק ביי זיך בעשלאסען, צו פרובען אנהויבען דאס געשפרעך פון דער לינקער זייט, און האט זיך גאנץ רוהיג אבגערופען:

— ווי איך זעה, האט דיך דער יצר-הרע אזוי פעסט ארייננעמען אין זיינע הענד, דאס דו קאנסט דיך שוין פון איהם נישט ארויסדרעהען, און מוזט שוין אזוי זינקען און זינקען ביז אין רעכטען תהום אריין, פון וועלכען ס׳איז נישטא קיין ארויסגאנג. נו, מילא, פערפאלען. מסתמא איז דיר און אונז אלעמען אזוי בעשערט, און מיר דארפען עס מקבל באהבה זיין. נור איין זאך פערלאנג איך פון דיר: האב רחמנות אויף מיין יונגער טאכטער און גיב איר גט.

עלינקע׳ן האָבען, קענטיג, די ווערטער ווענינ געריהרט; אבער זיינע עלטערן האבען זיך א כאפ געטון ביידע פאר אמאל און אויסגערופען, ווי מיט איין קול:

— ר׳ לייוויק, וואס רעדט איהר דאס? גאט איז מיט אייך! אָט אזוי ווייט האלט עס שוין? עס הויבט זיך גאָרנישט אָן! אונזער עלינקע האט זיך בענארישט, אבער ער איז שוין גענוג אבגעקומען, גאט האט אים שוין גענוג בעשטראפט פאר זיין נארישקייט. איצט פערשטעהט ער שוין! אדרבה, זאג דו אליין, עלינקע, איז אפשר, נישט אזוי?

עלינקע האט אזוי גיך נישט געענטפערט. אין א ווײלע ארום האט ער זיך אויפגעשטעלט און א זאָג געטון מיט א פעסטער שטים:

— עס זענען אומזיסט אלע אייערע דבורים; איך בלייב ביי דאס מייניגע. איך מוז שטודירען און וועל שטודירען. אויב טייבעלע — אזוי האט געהייסען עלינקע׳ס יונג ווייבעל — פערלאנגט, איך זאל איר אָב׳גט׳ן, וועל איך עס גערן טון.

ר׳ לייוויק, וועלכער האט נישט ערווארט צו הערען פון עלינקע׳ן, אז ער איז גרייט אָבצוגט׳ן זיין טאכטער, האט זיך דערפיהלט זעהר ענטטוישט. די דאזיגע ענטטוישונג האט שטארק צורייצט זיין גבירישע אַמביציע, און ער איז אריינגעקומען אין גרויס כעס. טרייסלענדיג זיך מיט אלע גלידער, האט ער העכסט אויפגערעגט אויסגעשריען נישט ווי מיט זיין קול:

— אזוי, ווילסט מאכען מיין טאכטער פאר א גרושה? און די

בזיונות, וואס דו האסט אנגעטון. און דעם שווארצען פלעק, וואס דו האסט געווארפען אויף אונזער מיוחס׳דיגער משפחה, איז ביי דיר א קלייניגקייט? דאס וועט דיר נישט געשאנקען ווערען! נישט פערגעס, אז דו האסט דא צו טון מיט לייוויק טשאשניקער! פאר א סאלדאט וועסט דו ביי מיר אוועקגעהן, און דיינע עלטערן וועלען מיר נאך אבגעבען דערפאר א גרויסען ישר כח!

— יאָ! יאָ! — האט אונטערגעכאַפּט דער אַלטער פּאָטער, — ר׳ לייוויק איז גאנץ גערעכט! איידער אַזא זוהן, וואס פערשווארצט אונז די אויגען, טא זאל ער בעסער געהן אין סאלדאטען, וועלען מיר כאטש אונזערע צרות נישט זעהן.

אין דעם מאמענט האט ביי ר׳ לייוויק׳ן פלוצלונג אויפגע־בליצט דער געדאנק, אז אפשר וואלט באמת געווען אַ סברה, צו מאכען נאך דעם לעצטען פּרוב און זעהן, אז דער ליעפּליער קהל זאל געפינען אַ סיבה צוצונעהמען עלינקע׳ן צו זעלנערייי. ער האט געהאפט, אז אַזא נסיון וועט שוין עלינקע נישט קאנען אַריבער־טראָגען, און וועט זיך אונטערגעבען. ער איז אריין מיט עלינקע׳ס עלטערען אין אַ חדר מיוחד, וואו ער האט זיך מיט זיי אַ היבשע ווײלע גע׳סוד׳עט אויפ׳ן אויער, דערנאָך, ארויסגעהענדיג פון צימער, האט דער אלטער פּאָטער, ווי מיט די לעצטע קרעפטען אויסגערופען צו עלינקע׳ן:

— אז מיט גוטען ווילסט דו אונז נישט פאלגען, מוזען מיר זיך בעגעהן מיט דיר מיט בייזען: נאך די טעג וועט מען דיך אַריינווארפען אין גרויען שינעל... האסט נאך צייט זיך צו בעטראכ־טען און צו האָבען חרטה.

אויף דעם האט עלינקע געענטפערט דער פּאָטער גאנץ קאַטעגאָריש:

— טו מיט מיר, טאַטע, וואס דו ווילסט!

שוין אויף מאָרגען זענען צוויי גראָבע, מגושמ׳דיגע יונגען געקומען צו מרדכי דעם בעל־אכסניא און גענומען עלינקע׳ן צו קהל. ער איז געגאנגען גאנץ שטיל, ווי אַן אָקס, צו דער שחיטה. קהל האט איהם געשטעלט פאר אַ מיליטערישער קאָמיסיע, וועלכע האט איהם אָנערקענט אַלס דיענסט־פעהיג, און נאך אין דערזעלבער נאכט איז ער געוואָרען אָבגעשיקט קיין וויטעבסק, וואו ער האט געדארפט איבער־געגעבען ווערען אין אַ בעשטימטען פּולק.

## IX.

נידערגעשלאָגען און צובראָכען איז ר׳ לייוויק געקומען אַהיים קיין טשאשניק. דעם גאנצען וועג האט איהם געעגבערט דער געדאנק, אז ער האט אפשר ציפיל איבערגעכאפט די מאָס, אז ער האָט זיך בענוצט מיט צו שטרענגע מיטלען, און אז ער איז שוין איצט דעריבער אזוי ווייט פערקראכען, אז ער זעהט שוין פאר זיך נישט קיין אויסוועג, ווי ארויסצופלאָנטערען זיך פון דער שווערער לאַגע. איהם האט גענומען שטארק פערדריסען, וואס ער, דער תמיד מיושב׳דיגער און פראַקטישער ר׳ לייוויק, האט זיך געלאזט איבעררעדען פונ׳ם ראַכמיסטריווקער חסיד און בעגעהן זיך מיט זיין איידים אזוי אוני׳ברחמנות׳דיג. ס׳איז גאנץ מעגליך, אז ווען ער וואלט אזוי שטארק נישט אָנגעצויגען דאס שטריקעל, וואלט זיך עלינקע סוף-כל-סוף פארט ארומגעזעהן און חוזר בתשובה געווען. איצט, אז ער אליין האט איהם איבערגעגעבען אין גוי׳אישע הענד, קאן זעהר זיין, אז ער זאל שוין באמת פערבלייבען אַ גוי לעולם ועד. און וואס וועט דאַן זיין מיט מיין איינציג קינד? — האט זיך ר׳ לייוויק אַ כאַפּ געטון. — זי וועט עס דאך נישט קאָנען אריבערטראגען און וועט אויסגעהן ווי א ליכט...

פערטיעפט אין אזעלכע טרויעריגע, פינסטערע געדאנקען, איז ר׳ לייוויק אָנגעקומען קיין טשאשניק, וואו ער איז דערווארט געווארען פון זיין פאמיליע מיט דער העכסטער אומגעדולד. בעזונדערס האט אויף איהם אויסגעקוקט זיין טאָכטער, וועלכע האט זיך שוין געפיהלט אין דעם לעצטען חודש. די ערשטע צייט, נאכדעם ווי עלינקע איז אנטלאָפען, האט זי אויך בשום אופן נישט געקאָנט שלום מאַכען מיט׳ן רעיון, צו האבען פאר אַ מאן א געשטודירטען גלוח, וועלכער איז אינגאנצען אויסגעט׳ן פון יודישקייט, און האט געהאלטען מיט דעם טאַטען, אז מ׳קאן אזוינס נישט דערלאזען, און שטיל מסכים געווען צו די אַלע שארפע מיטלען, וואס מ׳האט גענען איהם אָנגענומען. זינט זי האט אָבער דערשפירט דאס לעבעדיגע בעשעפעניש אונטער איהר הארצען, איז זי מיט אמאָל ארויס פון איהר פאסיוויטעט, און גענומען ליאַרימען און איינלעגען וועלטען, פארוואס מ׳איז זיך אזוי אַכזריות׳דיג בעגאנגען מיט דעם פאָטער פון איהר צוקונפטיג קינד. איהר לעצטע-

טרייסט איז געווען, אז אין וויטעבסק וועט שוין ר׳ לייוויק ווי־סעס-איז ארויסנעהמען עלינקע׳ן פון זעלנעריי און ברענגען איהם מיט זיך, צהיים. דעריבער איז זי געזעסען און געצעהלט די טעג און די שעה׳ן און געהאפט, אז אָט באַלד נעהמט שוין אַן ע׳ק צו איהרע צרות. זי האט קוים דערלעבט דעם טאג פון ר׳ לייוויק׳ס אָנקומען. דערזעהענדיג אבער, ווי דער פאָטער איז אריין אין שטוב אליין, אהן עלינקען, איז איהר געווארען פינסטער אין די אויגען, און דאס הארץ האט איהר אזוי פערקלעמט, אז זי איז געפאַלען חלשות. און ס׳האט לאנג געדויערט ביז מ׳האט זי אבגעמינטערט. קוים זיך אַליין בעהערשט, האט ר׳ לייוויק געזוכט צו בערוהיגען די טאכטער, און האט איהר איינגעשמועסט, אז עלינקע האט נאָך אויסצופיהרען אין וויטעבסק געוויסע פאָרמאַליטעטען ביי דער מיליטערישער מאַכט, און וועט אין גיכען קומען.

אין אַ וואָכען דריי אַרום איז טייבעלע געלעגען געווארען מיט אַ יונגעל. די גאנצע זיעבען טעג ביז צום „ברית" איז ר׳ לייוויק אַרומגעגאַנגען ווי אַ צומישטער. ער האט זיך פאָרגעשטעלט, מיט וואס פאר אַ פאַראַד ער וואלט עס געפייערט די געבורט פון זיין ערשטען אייניקעל, ווען נישט דאס געשעהעניש מיט עלינקען; גאנץ טשאשניק און העלפט ליעפליע מיט זייערע רבנים און „כלי קודש" און מיט עטליכע מנינים אָרימעלייט וואלטען זיך דאך מיט איהם משמח געווען, און מיט דער שמחה וואלט געקלונגען אין דער גאנצער געגענד, ווי מיט אלע שמחות, וועלכע זענען פאָרגע־קומען אין זיין הויז ביז אהער. און היינט, בעת די טרויעריגע פאַסירונג איז בעקאנט אין גאנץ ליעפליע, און אין טשאשניק ווייסט עס קינד און קייט, — ווער קאן זיך ערלויבען און וועמען ליעגט עס גאר אין קאָפּ?

און ר׳ לייוויק האט בעשלאסען צו מאכען דעם „ברית" אין דער שטיל, צו פערבעטען בלויז אַ קארגען „מנין" מענשען און אראָבברענגען פון ליעפליע בלויז עלינקע׳ס עלטערן, ר׳ מרדכי דעם בעל-אכסניא מיט זיין פרוי. ערב דעם „ברית" האט ר׳ לייוויק געפונען פאר גלייכער נישט צו שיקען צו זיינע מחותנים קיין שליח, נאר אליין אראבצופאָהרען נאך זיי קיין ליעפליע.

אריינגעהענדיג אין ליעפליע צו עלינקע׳ס עלטערן, איז ר׳ לייוויק געבליבען שטעהן אויפ׳ן שוועל, ווי געפלעפט: ער האט

געפונען עלינקע׳ס פאָטער זיצענדיג מיט פערוויינטע אויגען אויף אַ קליין ביינקעלע, כמעט אויף דער ערד, עפּיס אַזוי ווי ער וואָלט געזעסען „שבעה״.

— וואס איז עס מיט אייך, ר׳ מרדכי? — האט איהם ר׳ לייוויק אין אַ קליינער ווײַלע אַרום אַ פרעג געטון — איז, חלילה, ווער ביי אייך געשטארבען?

— יאָ, יאָ, געשטארבען! — האט איהם ר׳ מרדכי שטיל געענטפערט און פערבראָכען די הענד.

— ווער? די מחותנת׳טע, גאָט בעהיט? — האט ר׳ לייוויק געפרעגט.

— ניין, מיין פרוי איז דארט אין קאַמער; זי ליגט קראַנק פון גרויס צער.

— טאָ ווער-זשע דען?

— עלינקע!

— אונזער עלינקע איז געשטארבען? — האט ר׳ לייוויק אויסגעשריגען נישט ווי מיט זיין קול — ווען? און ווי אזוי?

— נאך ערגער, ווי געשטארבען! ער האט זיך גע׳שמד׳ט! — האט זיך ר׳ מרדכי פונאַנדערגעכליפּעט, ווי אַ קליין קינד.

הערענדיג דאס, איז ר׳ לייוויק אַנידערגעפאלען ווי אַ סנאָפּ אויף דער קאַנאַפּע, און איז געבליבען אהן לשון.

ווי ס׳האט זיך ארויסגעוויזען, איז גראָד אין יענעם טאָג אין דערפריה אָנגעקומען אין דער ליעפּליער יודישער קהלה אַ פּאַפּיר פון דער סאַראַטאָווער קאנסיסטאָריע מיט דער אויפפאָדערונג, תיכף אויסצושליסען עלינקע׳ן פונ׳ם נכתבים-בוך, ווייל ער האט זיך אבגעזאָגט פון דעם יודישער אמונה און אָנגענומען דעם פּראַוואַסלאַוונעם גלויבען. מיט אַ בליץ-שנעלקייט האט זיך די דאָזיגע ידיעה תיכף פונאַנדערגעשפּרייט איבער גאנץ ליעפּליע, און איז באלד אנגעקומען אויך צו עלינקע׳ס פאָטער, ר׳ מרדכי דער בעל-אַכסניא, וועלכער דערהערענדיג די טרויעריגע נייעס, איז שיער נישט געשטארבען אויפ׳ן ארט. נאכדעם, ווי זיינע נאָהנטע שכנים האבען איהם געבראכט צו זיך, איז ער אַוועק צום רב און געפרעגט, וואס ער האט צו טון. דער רב האט איהם געהייסען גלייך רייסען „קריעה״, און אוועקזעצען זיך אויף

עטליכע שעה „שבעה״. און אין דער דאָזיגער פּאַזע האט עס איהם געפוּנען זיין מחותן, ר׳ לייוויק, בעת ער איז געקומען אײַנלאַדען איהם אויף דעם „ברית״ פון זיין ערשטען אייניקעל.

## X.

שפּעט אין אָוועגד האט זיך ר׳ לייוויק צוריקגעקעהרט קיין טשאשניק. באלד ווי ער איז אראָב פון דער פוהר, האָט ער גע-שיקט נאָכ׳ן שמש פונ׳ם בית-מדרש, אין וועלכען ער האט גע-דאווענט. און אז יענער איז געקומען, האט ער איהם געהייסען ברענגען א דריי, פיער פון די שטעדטילשע אָרימע וואויל-לערנער, וועלכע זאלען ביי איהם ביז אין טאָג אריין זיצען און לערנען, ווייל היינט איז די „וואַך-נאכט״ פון זיין געלעגענער טאכטער. ס׳האט לאנג נישט געדויערט און דער שמש האט אראָבגעבראכט עטליכע בטלנים, וועלכע האבען זיך אין א נאָהענטען צימער פון דער גע-ווינערין באלד אוועקגעזעצט איבער גמרות דערשטיקענדיג אין זיך זיין אויפגערעגטען געמיט, איז אין קונצען צו זיי אין צימער אריין ר׳לייוויק, און אוועקזעצענדיג זיי נעבען די בטלנים, האט ער גענומען זאגען תהלים. אבער שוין ביים ערשטען פּסוק האט ער אויסגעבראכען אין א גרויסען און א ווילדען געוויין. עס זענען זיך צוזאמענגעלאָפען די שטוב-מענשען, און אלע מיט איין קול: „סטייטש, ר׳ לייוויק, ווי קומט איהר עפּיס גאר צו וויינען, איהר זענט דאך היינט א בעל-שמחה?״ — ער האט אבער אויף דעם גארנישט געענטפערט, נאר כסדר געזאגט און געשלוכצט, געשלוכצט און געזאָגט, און אזוי האט ער זיך געבאדען אין טרעהרען די גאנצע נאכט.

דער „ברית״ איז אריבער שטיל און טרויעריג. אין שטעדטיל האט זיך אויף דעם קיינער נישט געוואונדערט, ווייל ליעפעריר בעלי-עגלות, וועלכע זענען געקומען מיט סחורה קיין טשאשניק, האבען שוין אויסגעפּויקט דעם סוד, און אפילו א קינד אין וויג האט געוואוסט, אז עלינקע, ר׳ לייוויקס איידים, האט זיך אבגע-שמד׳ט. א סוד איז עס דערוויל פערבליבען נאר פאר ר׳ לייוויק׳ס פרוי און פאר טייבעלען.

אין עטליכע טעג ארום האט זיך ר׳ לייוויק אבגעזעגענט מיט דער פאמיליע.

ער האט געזאגט אין שטוב, אז ער פאָהרט בעקוקען זיינע געשעפטען, וועלכע ער האט איבערגעלאזט אויף פרעמדע הענד. באמת האט איהם אבער בשעת מעשה געגאגט ווי א וואָרעם די דאגה, ווי צו פערהיטען, אז טייבעלע זאל, חלילה, נישט בלייבען קיין עגונה. ער האט זיך גענוג אנגעהערט מעשיות פון משומדים, וואס ווילען אויף צו להכעיס נישט געבען קיין גט זייערע יודישע ווייבער. ער האט דעריבער בעשלאסען צו לאָזען זיך אויף דער עלטער אין אַזא ווייטען וועג, כדי צו פערכאפען די זאך בעצייטענס. שענע עטליכע וואָכען האט זיך ר' לייוויק אבגעוואלגערט אין וועג ביז ער האט זיך דערשלעפט קיין סאַראַטאוו. ער האט געקלערט די ערשטע זאַך אריין צום רב. סאַראַטאוו איז נאך אבער דאן געוועזן א גאנץ קליינע קהלה, נאר פון אפאר צעהנדליג משפחות, דאס רוב אויסגעדיענטע ניקאָלאַיאישע סאלדאטען, מיט עטליכע פערשיקטע יודען פון פוילען און ליטאָ. נאך פיעל נאכפרעגען האט מען אנגעוויזען ר' לייוויק'ן אויפ'ן סאַראַטאווער שוחט. צו וועלכען ער איז אריין און האט איהם דערצעהלט, צוליב וואס ער איז אהער געקומען. אויף דעם האט איהם דער שוחט געענטפערט, אז ער קען דא אייגענטליך א יודישען יונקער, וואס שטאמט פון וויטעבסקער גובערניע; אבער ער וועט אויף קיין פאל נישט גלויבען, אז דער דאזיגער יונגערמאן זאל זיך האבען, חלילה, גע'שמד'ט, ווייל ער איז איהם בעקאנט פאר א וואויל־לערנער, און די ערשטע צייט פלעגט ער איהם אמאָל זעהן שבת אין בית־מדרש ביים דאווענען. אויסערדעם, ווייסט ער, אז יענער וויטעבסקער יונקער היט זיך אב פון טריפות און בעקעסטיגט זיך ביי אלמנה פון א ניקאלאַיאישען סאלדאט, וועלכע האלט טאקע נישט ווייט פון דער יונקער־שולע א כשר'ע רעסטאָראַציע. „דעריבער איז מיין עצה — האט פערענדיגט דער שוחט — אז איהר זאלט אריין אָט צו יענער פרוי, און ביי איהר וועט איהר געוויס דערגעהן, צי איהר דארפט עס צו דעם וויטעבסקער יונגענמאן, וועגען וועלכען איך רעד דא מיט אייך, אדער אפשר געפינט זיך דא אין סאראַטאוו אַנ'אַנדער יודישער זעלנער פון אייער גובערניע."

ר' לייוויק איז באלד אוועק און האט אויפגעזוכט די אלמנה לויט דעם אדרעס, וואס דער שוחט האט איהם געגעבען. נישט דערצעהלענדיג איהר פארלויפיג דעם ריכטיגען צוועק פון זיין

קומען קיין סאראטאוו, האָט ער זי נאר געפרעגט, צי בײ איהר בעקעסטיגט זיך א וויטעבסקער זעלנער, צי א יונקער, לויט די און די סימנים. די אלמנה האט באלד פערשטאנען, אז דא רעדט זיך נאר וועגען עלינקע׳ן, און האט געענטפערט:

— יאָ, אזאַ יונגערמאן, ווי איהר מאלט מיר אב, האט זיך טאקע בײ מיר בעקעסטיגט, אבער שוין א גאנץ לאנגע צייט, ווי ער איז בײ מיר נישט געווען.

אויף דעם האט זי אין א קלײנער ווײלע ארום מוסיף געווען:

— כ׳האב אפילו וועגען איהם עפיס אַזוינס געהערט, אבער איך גלויב עס נישט...

ר׳ לייוויק האט שוין בײ איהר נישט געפרעגט, וואס זי האט וועגען איהם געהערט. ער האט נאר א זאג געטון:

— אפשר קאנט איהר מיר געבען אנ׳עצה, ווי טרעף איך מיך מיט אָט דעם יונגענמאן?

די פ־וי האט זיך א ביסעל פערטראכט און נאָכדעם געענטפערט:

— אַנ׳עצה איז דא נאר איינע: ער געהט דא טעגליך פארבײ, אויב איהר ווילט, וועל איך איהם אבהיטען און ארײנ־בעטען צו זיך. איך וועל איהם זאגען, אז עמיץ פרעגט זיך אויף איהם.

ר׳ לייוויק האט דערויף מסכּם געווען.

XI.

ר׳ לייוויק האט זיך שוין מכין געווען אוועקצוגעהן, כּדי מארגען ווידער צו קומען, ערשט די פרוי, וועלכע האט גראָד ארײנגעקוקט אין פענסטער, האט מיט אמאָל א זאג געטון:

— אט געהט ער! אבער איצט וועט איהר מיט איהם נישט קאנען רעדען, ווײל ער איז נישט אליין: ער איז מיט א דאמע, מיט דעם פולקאָווניקס טאכטער...

ר׳ לייוויק איז צוגעגאנגען צום פענסטער, האט ארויסגעקוקט אויפ׳ן גאס און איז פערציטערט געווארען. ער האט דערזעהן נישט דעם עלינקע׳ן, וועלכען ער האט געקענט, נאר עפיס אַנ׳אפיציר, א העלד מיט א שפאגע בײ דער זייט און מיט שפּאָרען, און אונ־טער די הענט א קריסטליך מיידעל... „ווי גיך ער האט פערלוירען

דעם „צלם־אלקים״ — האט ר׳ לייוויק ביי זיך א טראַכט געטון — „ס׳איז דאך שוין אן איהם גארנישט צו דערקענען, אז ער איז אמאל געווען א יוד, און דער איז עס מיין איידים, דער מאן פון מיין בת־יחידה און דער פאטער פון איהר קינד!״

אין דער דאזיגער מינוט איז ארויף א רעיון ביי ר׳ לייוויק׳ן, ארויסצושפּרינגען אויפ׳ן גאס און א געשריי טון איהם אין פנים: „עוכר ישראל!״ ער האט זיך אבער דערפון אבגעהאלטען, און איז געבליבען שטעהן, ווי א צומישטער. די אלמנה, וועלכע האט זיך שוין אנגעהויבען אָנצושטויסען וועגען וואס דא האנדעלט זיך און צוליב וואס דער אורח האט זיך אהער אראָבגעשלעפּט אזש פון מרחקים, האט איהם געפּרובט ארויסנעהמען פון זיין פערלעגענהייט און געזאגט:

— מילא, היינטיגס מאל האט זיך נישט איינגעגעבען, אבער זייט אייך נישט מצער, איך וועל איהם שוין פאקען! איך האב דאך אייך שוין געזאגט, אז ער געהט דא פארביי א פאר מאָל טעגליך. קומט, זייט מוחל, אהער אריין מארגען ווידער. אפשר וועט איך שוין פאר אייך האבען א וועלכע־עס־איז תשובה.

און אז ר׳ לייוויק איז געקומען צו דער אלמנה אויפ׳ן צווייטען טאָג, האט זי שוין ווירקליך געהאט פאר איהם אַנ׳ענטפער פונ׳ם „וויטעבסקער יונקער״.

דער ענטפער איז בעשטאנען אין דעם, אז כל־זמן ער, דער יונקער, וועט נישט וויסען געננוי, ווער עס איז דער־יעניגער, וואס פרעגט זיך אויף איהם און וויל איהם זעהן, קאן ער קיין זאך נישט זאָגען.

ר׳ לייוויק האט אויסגערעכענט ביי זיך, אז פאר איהם וועט זיך אפשר עלינקע, צי צוליב בושה, צי צוליב אנ׳אנדער טעם, בשום אופן נישט וועלען ווייזען, און אַזוי ארום וועט ער חלילה, אין סאַראטאוו גאָרנישט אויפטון. נעהמענדיג דאס אין אַכט, האט ער געפונען פאר גלייך צו דערצעהלען דער אלמנה דעם גאנצען אמת, און האט פערענדיגט כמעט ווי מיט אַ געוויין:

— איך ווייס נישט, ווי אזוי, נאר איהר מוזט מיך מיט איהם צונויפפיהרען... איהר וועט דורכדעם פערדינען די גרעסטע מצוה אין דער וועלט, וועלכע מאכט זיך נישט אַלע טאָג...

די פרוי איז געבליבן גערירט. אין א קליינער ווײַלע ארום האט זי איהם געענטפערט:

— גוט. וואס טוט נישט א זינדיגע פרוי פון א ניקאלאַיאישען סאלדאט צוליב א מצוה? נאך היינט אין אוונד ברענג איך אייך מיט איהם צונויף, און דוקא נאר דאָ ביי מיר. איך ווייס אפילו גאנץ גוט, אז דאס שמעקט פאר מיר מיט א סך אונאנגענעהמליכקייטען. אָבער מיך אַרט עס נישט; איך האב רחמנות אויף אייער עלטער און אויף אייער יונגער, אומגליקליכער טאכטער. פון אייך פערלאנג איך נאר איין זאך. ארײנקומענדיג שפּעטער צו מיר, זאלט איהר גלייך ארײַן אין צווייטען צימער, הינטער דעם פאַראַוואַן, כּדי ער זאל אייך נישט מערקען תּיכּף אריבערטרעטענדיג די שוועל. וואס עס וועט געשעהן נאכדעם,— דאס נעהם איך שוין אויף זיך.

און אזוי איז געשעהן. די אלמנה האט אבגעהיט עלינקע'ן ביי דער טיר פון דער יונקער-שול, און אונטער אַנ'אויסרעד, וועלכער איז ביי איהם אויסגעקומען בעזונדערס וויכטיג, האט זי איהם פערבעטען צו זיך אויף אנ'אָוונד. דערביי האט זי זיך „מפּני דרכי-שלום" וועגען, בענוצט דאסמאָל מיט א ליגען, און אויף זיין פראגע, וואו איז יענער פרעמדער מאן, וואס האט זיך, מיט איהם געוואלט זעהן, האט זי איהם געענטפערט, אז ער איז שוין מעהר ביי איהר נישט געוועזן און, ווי עס ווייזט אויס, זאל ער שוין האָבען אוועקגעפאָהרען פון סאַראַטאוו. תּיכּף נאכדעם איז זי אוועק צו ר' לייוויק'ן און האט איהם מודיע געווען וועגן צו קומען.

ר' לייוויק האט געטון, ווי אַם איז מיט איהם געווארען אבגערעדט פון פריהער, און איז גלייך ארײַן הינטער דעם פאַראוואַן. כּמעט באלד נאך איהם איז געקומען עלינקע, און איז געבליבען זיצען מיט דער אלמנה אין דעם ערשטען צימער. צוערשט האט זי איהם ארײנגעצויגען אין א געשפּרעך וועגן זייטיגע זאכען, און פון דעם איז זי אריבער צום עצם ענין, צוליב וועלכען זי האט איהם צו זיך פערבעטען. מיט א צייט צוריק האט ער איהר געבעטען, זי זאל איהם טון א טובה און קריגען פאר איהם אויף פּראָצענט עטליכע צעהנדליג רובל, וועלכע זענען איהם נויטיג, אום צו קאנען אנטון זיך עלעגאנטיש, ווייל אין גיכען דארף

פאַרקומען אין זיין לעבען זעהר א וויכטיג געשעהעניש... דאן האט זי איהם געגעבען אנ'אויסמיידענדיגע תשובה. דאסמאל אבער האט זי איהם מרמז געווען, אז זי וועט זיך זעהן דורכרעדען וועגען דעם מיט איהרער א שכנה, וואס לייהט געלד אויף אויסציצאָהלען ביסלעכווייז. אין מיטען שמועס האט זי זיך עפיס ווי ארויס־געגליטשט פון איהם און איז ארויס פון שטוב. ביי עלינקען איז נישט געווען קיין שום ספק, אז זי איז דאס ארויס צו דער שכנה, און בלייבענדיג זיצען אליין, האט ער זיך אונטער גע־פייפט א פרעהליך לידעל...

ר' לייוויק, וועלכער איז די גאנצע צייט געזעסען אין אַנ'אנדער צימער, ווי אין געהאַקטע וואונדען, צופרעסענדיג זיך מיט'ן גאנצען קערפער צו דעם דינעם ווענטיל, כדי צו כאפען כאטש א צעהנט ווארט פון זייער שמועס, האט איצט ווי מיט א סטיכישער קראפט אויפגעריסען דעם פאַראַוואן, און איז מיט אמאל געבליבען שטעהן אויג אויף אויג מיט זיין גע'שמד'טען איידים....

דעם ערשטען אויגענבליק זענען זיי ביידע געווארען, ווי פערשטיינערט, בלאס, ווי דער טויט, נישט קאָנענדיג ארויסברענ־גען א ווארט פון מויל. באלד אבער האט עלינקע געפאסט מוט, און אויסגלאצענדיג אויף ר' לייוויק'ן א פאר בייזע אויגען, האט ער אויסגעשריען אין רוסיש מיט א דונער־שטים:

— וואס דארפט איהר דא?

— ר' לייוויק, וועלכער האט אלץ נישט געקאָנט קומען צו זיך, האט קוים ארויסגערעדט:

— איך דארף צו דיר!

— צו מיר? — האט עלינקע א שפרונג געטון אין דער לופט. — איך האב שוין מיט אייך מיינע חשבונות לאנג פערענדיגט, איצט קען איך אייך שוין מעהר נישט!

— יאָ, — האט ר' לייוויק שטיל געזאגט, צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, — איצט קענען מיר זיך שוין נישט מעהר. און מיר ווילען דיך אויך נישט קענען. האב אָבער אויף אונז רחמנות, און — —

— איך אויף אייך רחמנות האבען? — האָט איהם עלינקע איבערגעריסען, און פון זיינע אויגען האט געשאָסען פייער. — מיט אמאל זייט איהר גאָר געווארען בעלי־רחמים! וואו האט זיך

אבער אהינגעטון אייער רחמנות-געפיהל, בעת איהר האט מיך אזוי אכזריות׳דיג געפייניגט, בעת איהר האט געצאַפּט מיין בלוט עמערס-ווייז, בעת איהר האט מיך געוואָרפען אין די פינסטערע טורמעס, בעת איך בין צוליב אייך שיער יונגערהייד פון דער וועלט נישט אַוועק?

— האָב רחמנות אויף טייבעלען און גיב איהר גט! — האט ר׳ לייוויק געזאָגט מיט א וויינענדיגער שטים.

— רעדט מיט מיר נישט וועגען רחמנות! — האט עלינקע א טופּ געטון מיט די פיס. — איך וועל אויף קיינעם פון אייך קיין רחמנות נישט האָבען. נוקם וועל איך מיך זיין אָן אייך אַלעמען! איך וועל קיינעם נישט שאַנעווען, איך האב אייך פיינט, אַלעמען האָב איך פיינט. טפו!

דערביי האט ער אויסגעשפּיגען כמעט ר׳ לייוויק׳ן אין פּנים אריין און איז, ווי אַ ווייכער, ארויסגעלאָפען פון שטוב.

נאך א פּאָר וואָכען האט ר׳ לייוויק פערבראַכט אין סאַראַטאָוו. ער האט זיך אלץ גע׳עצה׳ט מיט מענשען און געזוכט מיטלען, ווי ווידער זיך צו טרעפען מיט עלינקען, אין דער האָפנונג, אז סוף-כל-סוף וועט ער ביי איהם פּארט פּועל׳ן אָבצוגט׳ן טייבעלען. זיינע אלע מיטלען האָבען אבער נישט געפיהרט צום צוועק: ער האט שוין עלינקען מעהר נישט געזעהן. דער לעצטער פּרוב, וועל-כען ער האט געמאכט, האט זיך פּאר איהם פערענדיגט זעהר טרויעריג. ער איז געוואויר געוואָרען ווען עלינקע געפינט זיך ביים פּאָלקאָווניק, און נישט פיל קלערענדיג, האט ער זיך אַהין געלאָזט געהן. האט געדאַרפט פּאַסירען, אז עלינקע האט דערזעהן פון פענסטער, ווי ר׳ לייוויק האט זיך אבגעשטעלט נעבען פּאַראַדנעס אריינגאַנג. אָריענטירענדיג זיך תיכּף וועגען וואס דא האַנ-דעלט זיך, האט זיך עלינקע בעוואָרענט און האט דורך וועמען מען בעדארף ארויסגעשיקט אַנטקעגען א פּאָר גרויסע הינט, ווי די וועלף, וועלכע האָבען זיך אויף איהם ארויפגעוואָרפען און איהם שיער נישט צוריסען. וואַקלענדיג זיך אויף די פיס פון טויט-שרעקעניש, האט זיך ר׳ לייוויק דערנאך קוים דערשלעפּט צו זיין אַכסניא, און אויף מארגען איז ער, אין גאַנצען פערצווייפעלט, אָבגעפאהרען אהיים.

אין טשאשניק האט ערווארט ר׳ לייוויק׳ן א טרויעריגער סיורפּריז.

טייבעלע, וואס שכנות מיט בייזע צינגער האבען איהר דערטראגען די נייעס וועגען דעם, אז עלינקע האט זיך אָבגעשמד'ט, האט זיך די זאַך אזוי געגומען צום האַרצען, אז זי איז אין קורצען אריינגעפאַלען אין מרה-שחורה, און איז געוואָרען זעהר מעלאנכאליש. בעת זי איז אין אַ געוויסען פריהמארגען אויפגעשטאנען פון שלאָף, האט זי אונטער זיך געפונען ליגענדיג דאס קינד א טויטס. מען האט דאן גערעדט, אז דאס זאל זי, טייבעלע, אליין עס האבען דערשטיקט...

בעת ר' לייוויק האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער, אויפ-הויבענדיג די אויגען צום הימעל, אויסגערופען: „גאט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט! ער האט נישט געוואָלט דערלאזען, אז אין מיין משפחה זאל פערבלייבען א טרויעריגער זכר פון משומד, האט ער עס צוגענומען פון דער וועלט".

XIV.

עס זענען אוועק יאָהרען. עלינקע האט גלענצענד דורכגעמאכט זיין שטודיום, און כסדר נתעלה געווארען פון איין מיליטערישען ראַנג צום אנדערן, ביז ער האט דערגרייכט צו דער מדרגה פון א פולקאָווניק. דאן האט מען איהם בעשטימט פאר'ן קאָמענדאַנט פון דער דענעבורגער (היינט: דווינסקער) פעסטונג. אין דענעבורג האט ער זיך באלד בעקאַנט געמאכט אַלס פערביסענער שונא-ישראל. זיין אַנטיסעמיטיזם איז געווארען כמעט לעגענדאַריש. מען האט וועגען איהם דערצעהלט, אז ווען נאר מען דערמאָהנט איהם א יודען, ווערט ער אויפגעקאָכט און צוהיצט, ווי א משוגענער הונט. ווען און וואו ער האט נאר געקענט, האט ער אָנגעטון יודען די געבערענטסטע ליידען. בעזונדערס האט ער ארויסגעוויסען זיין רשעות אין דעם פראָיעקט, וואס ער האט צוגעשטעלט דער העכערער מיליטערישער מאכט—אַראבצוואַרפען די הילצערנע הייזער פון די גאסען, וואס זענען נאָהנט צו דער פעסטונג.

XV.

דער פראָיעקט, וואס פולקאָווניק סטרעלצין האט דערלאנגט דער מיליטערישער מאכט, אַראבצוווארפען די הילצערנע הייזער פון די פאר גאַסען, וועלכע געפינען זיך נאָהנט צו דער פעסטונג,

האט שטאַרט אויפגערודערט די דווינסקער יודישע בעפעלקערונג. די פערוווירקליכונג פונם דאזיגען פראָיעקט וואלט עלול געווען צו רואינירען די מאַטעריעלע עקזיסטענץ פון הונדערטער יודישע פאמיליעס, די בעלי-בתים פון יענע הייזער. דער דווינסקער קהל האט אבגעהאַלטען וועגען דעם דאזיגען ענין עטליכע אסיפות מ'האט אויסגעוועהלט א דעלעגאַציע פון די שענסטע יודען צו „נאטשאַלסטוואָ", אָבער זיי האָבען גארנישט גע'פועל'ט; מ'האט זיי געענטפערט, אז דער פאָרשלאַג פון פּולקאָווניק סטרעלצין ווערט שטארק אונטערשטיצט פון פעטערבורג. א דווינסקער יודישע דע-פוטאַציע איז באלד געלאָפען קיין פעטערבורג, מ'האט דארט אב-געשלאגען די שוועלען פון די העכסטע ביוראָקראַטען, מ'האט שוין געהאָפט אויף גוטע רעזולטאטען, און צום סוף האט זיך אויסגעלאזט א בוידעם. ס'האט זיך ארויסגעוויזען, אז סטרעלצין אין זיי אומעטום פערלאפען דעם וועג, און האט אין אלע אינ-סטאַנצען דורכגעפיהרט זיין געדאנק, אז אויב מען רייסט בעציי-טענס נישט ארונטער די הייזלעך, שטעלט עס אין געפאהר די פעסטונג מיט אלע בנינים, בעזונדערס אין דער צייט פון מלחמה. ס'האט נישט געהאלפען דאס, וואס דווינסקער אינזשעניערען, פאַכ-לייט, האבען פאָרגעשטעלט די זאַך גאר אויף אנ'אַנדער אופן. דאס קריגס-מיניסטעריום האט געפונען, אז גערעכט איז סטרעלצין. אין א שענעם פריהמארגען האט די דווינסקער פּאָליציי בעקומען פון פעטערבורג א בעפעהל — וואס צום גיכסטען ארא‍בצוּוואַרפען אלע הילצערנע געביידעס, וואס געפינען זיך אין די גאַמען, וועלכע זענען נישט ווייט פון דער פעסטונג.

דער טאָג, אויף וועלכען סאיז געווארען בעשטימט דאס אָרונטעררייסען די הייזער, איז געווען פאר די דווינסקער יודען בכלל, און בעזונדערס פאר די איינוואוינער פון יענע הייזער, אנ'אמת'ער יום-כפור. נאך אין דעם זעלבען טאָג, אין דערפריה, האָבען זיך געפונען אזעלכע, וואס נישט געהמענדיג אין אכט סטרעלצינס בעקאנטע רשעות'דיגע בעציהונג צו יודען, זענען זיי צו איהם אוועק אין זיין וואוינונג, צו וויינען און קלאגען פאר איהם ניט אונטערצוגראבען זייער עקזיסטענץ. אבער אזוי ווי סטרעל-צין וואלט זיך אויף דעם געריכט, האט ער פון פאָראויס בע-שטעלט זיינע „דענשטשיקעס" אראבצושליידערן פון די טרעפ יעדען

יוּד, וואס וועט זיך נאָר בעווייזען. בייטאג, בעת די אַרבייט האט
געהאלטען אין ברען און הונדערטער יוּדען, מאַנסביל און וויי-
בער, זענען ארומגעגאַנגען, ווי שאָטענס, נעבען זייערע איינגעוואר-
פענע הייזער און געבראכען די הענד און געריסען זיך די האָר
פון קאָפּ, האט זיך סטרעלצין מיט אמאל בעוויזען צווישען עולם,
די"ר-פאהרענדיג אין זיין קאַרעטע, מיט א גאַליגען נקמה-שמייכעל
אויף די ליפּען. אנדערע האבען זיך נישט געקאָנט איינהאלטען
און געפּרובט אויסשרייען נאך איהם: „משומד, א כפּרה זאלסטו
ווערען!" סטרעלצין האט גאנץ גוט געוואוסט, אז וואו נאר א יוּדיש
הויז אין דווינסק, דארט הערט מען איהם נישט אויף צו שילטען
מיט טויטע קללות, און דאך האט ער נישט אויפגעהערט צו זו-
כען, נישטערען, ווי אָבצוטון יודען די ערגסטע און געפעהרליכסטע
שמד-שטיק. און האט ער גאר געוואוסט, אז ער האט מיט עפּיס גורם געווען
יודען וועהטאג און יסורים, האט עס איהם פערשאפט די גרעסטע הנאה.
בעזונדערס האט זיך סטרעלצין לוסטיג געמאכט איבער די
יודישע זעלנער, וואס האבען געדינט ביי איהם אין פּולק. מיט
זיי איז ער זיך בעגאנגען ממש, ווי אנ'אינקוויזיטאָר. ער האט זיי
געפּייניגט און אנגעטון די גוואַלדיגסטע יסורים. ער האט אויף
זיי ארויפגעלעגט די שווערסטע ארבייטען, ער האט געריבעט זייער
רוה בייטאג און ביינאכט. דערצו האט ער זיי טיף בעליידיגט אין
זייערע יודיש-רעליגיעזע געפיהלען, האט זיי, צי מ'האט עס בע-
דארפט, צי נישט, געצוואונגען מחלל שבת צו זיין, האט זיי גע-
רופען נישט אנדערש, ווי „זשידי פּאַרכאַטיי", און אין זיינע ראַ-
פּארטען צו „נאַטשאַלסטוואָ" פלעגט ער זיך וועגען זיי אברופען פון
דער שלעכטער זייט, פלעגט זיי פאָרשטעלען אלס טויגעניכטסען, און
ניט זעלטען פלעגט ער זיך אויך נישט אבהאָלטען פון אריינ-
ווארפען וועגען די יודישע זעלנער א צווייַדייטיג ווערטעל, מיט
דער כוונה צו דערוועקען א חשד בנוגע זייער איבערגעגעבענקייט
צו מיליטער-דינסט.
וועגען סטרעלצינס ווילדער שנאה צו יודען האט מען דער-
צעהלט צווישען אנדערן פאָלגענדען אנעקדאָט: איינמאל, אין א שפּע-
טער שעה, נאך האַלבע נאכט, האט זיך סטרעלצינס פרוי פּלוצלונג
דערפיהלט זעהר שלעכט, און מען האט געדארפט האבען א דאקטאָר.
אויף זיין בעפעהל, האבען זיך תיכּף זיינעביידע „דענשטשיקעס"

נעלאזט לויפען אין שטאָדט נאך א דאקטאר. האט גראָד געדאַרפט פּאסירען, אז אין יענער נאכט האט מען בשום אופן נישט געקאָנט קריגען אויף דער הייסער מינוט קיין קריסטליכען דאקטאר, סיי א מיליטערישען, סיי א ציווילען. אנדערע האבען זיך געפּוילט אויפ־צושטעהן פון שלאָף, אנדערע זענען געלעגען טויט־שכּור, און נאך אנדערע זענען סתם נישט געווען אין דער היים. באין ברירה האט זיך מיישב געווען איינער פון די „דענשטשיקעס”, און אַראָבגע־בּראַכט א יודישען דאָקטאר. דאס איז געווען דער דעמאָלט אין דווינסק זעהר פּאָפּולערער דאקטאר לעווענטהאַל, וועלכער האט גע־שמט פאר א הייסען נאַציאָנאַלען יודען, פאר א גרויסען תּלמודיכט און העברעאיסט און אלס אַנ׳אויסטערלישער פּקח אין מילי־דעלמא. ווען סטרעלצין איז ארויס אַנטקעגען אין פּאָדער־הויז און דער־זעהן דעם דאקטאר מיט דעם גאנץ בּולט׳ען יודישען פּרצוף, איז ער געווארען אזוי צומישט, אז ער האט נישט געוואוסט, וואס צו טון: צי אננעהמען דעם חוצפה׳דיגען יוד פארן קאָלנער און ארויסווארפען איהם פון שטוב, אָדער ארייננלאזען איהם צו זיין קראַנ־קער פרוי. דאקטאר לעווענטהאַל, וועלכער האט דעם משומד גאנץ גוט געקאָנט און פערשטאַנען, וואס עס קומט אין איהם פאָר, האט זיך צו איהם אָנגערופען גאנץ קאַלט אין יודיש:

— אָבער, מיין הערר! איהר האט שוין משמעות, פערגעסען, אז פּקוח נפש איז —

סטרעלצין האט אויסגעגלאָצט אויף לעווענטהאַלן א פּאָר גרויסע אויגען, און ווי אינסטינקטיוו האט זיך ביי איהם אַרויסגעריסען פון מויל:

— יאָ יאָ! „פּקוח נפש דוחה שבת”... איך האָב נאך נישט פערגעסען, הלוואי וואָלט איך אבער דאס קיינמאל נישט געקענט...

דערווייל זענען די קולות פון דער פרוי׳ס צימער געווארען אלץ שטאַרקער. דא האט לעווענטהאַל א געשריי געטון:

— וואס שטעהט איהר? פיהרט מיך אריין צו אייער פרוי!

ווי נישט ווילענדיג, האט סטרעלצין אריינגעפיהרט לעווענ־טהאלען אין שלאָף־צימאר, וואו עס איז געלעגען זיין קראַנקע פרוי, וועלכע איז אויך געווען, ווי ער, אַ גע׳שמד׳טע יודישע טאָכטער פון זיין ליעבע מ׳ט דעם סאַראַטאָווער פּולקאָווניקס טאָכטער האט

זיך גארנישט אויסגעלאזט). אין יענער מינוט זענען איהרע יסורים געוואָרען אזוי שטארק, אז זי האט זיך פונאַנדערגעשריען, ווי נישט מיט איהר קול:

— אוי, מאַמע!

דא האט לעווענטהאַל אַ זאג געטון, ווי צו זיך אַליין:

— מיר זענען דאך דאָ עפּיס, ווי אַיך זעה, צווישען אייגענע!...

— יאָ, אייגענע... — האט סטרעלצין אַ ברום געטון אונטער דער נאָז. — טאָ ראַטעוועט זשע אַ קרובה...

לעווענטהאַל האט די פּרוי אויסקורירט, און זי איז קורצליך געזונט געוואָרען. סטרעלצין איז אבער פערבליבען דער זעלבען שונא-ישראל, ווי געוועזן.

XVI.

אין מיטען פון די זיבעציגער יאָהרען האט סטרעלצין אָנ-טיילגענומען אינם רוסיש-טערקישען קריג. ער האט זיך אויף דער מלחמה אויסגעצייכענט, און נאך דער מלחמה איז ער נתעלה געוואָרען אין ראַנג און האט בעקומען דעם טיטול „גענעראַל". ער איז נאך דאן פערבליבען דינען א פּאר יאָר אין דווינסק, און פון דאָרט האט מען איהם אַריבערגעפיהרט קיין וויטעבסק, וואו ער איז, צווישען אנדערן, געווארען בעשטימט אויך אלס פּארזי-צער אין דעם גובערניאַל-ראַט, וועלכער האט ארויסצוטראָגען די לעצטע דעציזיע וועגען דער טויגליכקייט פון יונגעלייט צו מיליטער-דינסט. דער דאָזיגער פּאָסטען האט געעפענט פאר סטרעלצי׳נען א גרויס און א ברייט פעלד פאר די ווילדסטע העצעס געגען יודען. עס האט קיינמאָל נישט געטראָפען, ער זאל בעפרייען א יודען פון מיליטער-דינסט, כאָטש יענער האט געמעגט זיין ערנסט קראַנק, און האט ביי יעדער געלעגענהייט בעשולדיגט עפענטליך די יודען, אז זיי זענען נישט לאָיאַל אין דער בעציהונג צו דער רוסישער מלוכה, און זוכען מיט אַלע נישט כשר׳ע מיטלען ארויסצודרעהען זיך פון צו דינען אין מיליטער. בעזונדערס האט זיך סטרעלצין געקלינט אנצוטהון אלע מיני רשעות די יודישע יונגעלייט, וואס שטאַמען פון ליעפּליצער און טשאַשניקער געגענד. זצהענדיג פאר זיך א יודישען בחור פון די

דערמאָנהנטע ערטער, פלעגט ביי איהם נעהמען ווידען דאס בלוט, ווי ביי א גזלן. די צעהנליגער יאָהרען, וואס זענען אריבער, זינט ער איז אוועק פון זיין היים, האבען אין איהם נישט אויסגעלאָשען זיין דורשט צו נקמה פאר די עוולות, וואס מ׳האט איהם, לויט זיין מיינונג, אָנגעטהון אין דער יוגענד.

נאר איין מאל, פאר דער גאנצער צייט, איז ביי סטרעלצינ׳ען אויף א קליינע ווייל ווייך געווארען דאָס האַרץ. דאס איז געווען בעת ס׳האט זיך אין ראַט געהאַנדעלט וועגען א יונגענמאן פון ליעפּליע, וועלכער איז אָנערקענט געווארען אין „פּאָוויאַט״ פאר אונפעהיג צו מיליטער-דינסט. אריינקוקענדיג אין די פּאַפּירען, וועלכע זענען שייך צום עצם ענין, האט סטרעלצין דערזעהן, אז דער יונגערמאן טראָגט זיין אמאָליגע יודישע פאַמיליע פון דער היים, און ער האט תיכף פערשטאַנען, אז ער מוז זיין זיינער א נאָהנטער קרוב. ער האט גלייך אריינגערופען דעם בחור צו זיך אין קאַבינעט פונאַנדערפרעגענדיג איהם, איז ער דערגאַנגען, אז ער איז זיין פּאָטערס א ברודערס זוהן. נישט טראַכטענדיג פיל, איז סטרעלצין ארויס און האט בעשטעטיגט די מיינונג פונם פּאָוויאַטאָווען ראַט, ארויסרופענדיג דערמיט גרויס וואונדער ביי אַלע זיינע חברים...



בשעת דעם רוסיש-יאַפּאָנישען קריג איז סטרעלצין בעשטימט געווארען אלס געהילף פונ׳ם בעוואוסטען גענעראַל סטעססעל, דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָרט-ארטורער פעסטונג. אז סטרעלצין איז איין טאָג ארויס צו בעטראַכטען די ארבייט פון די נייע וואַלען, האט איהם גאנץ אונערוואַרטעט געטראָפען א יאַפּאַנישע קויל און ער איז געפאלען טויט אויפן אָרט. ער איז שוין דאַן געווען העכער זיבציג יאָהר.

---

# וויליאם אטקינס (ווועלוועל עטקעס).

I.

דאס אמאָליגע גאַליציאַנער שטעדטיל הוסיאַטין, וואס האט זיך געפונען אויף דער עסטרייך-רוסישער גרעניץ, האט פון תמיד אָן גע'שמ'ט אלס וואוינאָרט פון בעריהמטע חסידישע „גוטע יודען". די הוסיאַטינער רביי'שע דינאַסטיע האט געהאט א מאַסע אנהענגער נישט בלויז אין גאַליציען, נאר אויך אין דרום-רוסלאנד, און האט געפיהרט זעהר א רייכען שטאַט, כמעט קעניגליך, מיט פאַלאַצען און עקיפאַזשען. צוזאמען מיטן רבי'ן האבען געוואוינט אין „הויף" צעהנדליגער משפחות פון זיינע קרובים, אָנהויבענדיג פון זיהן און טעכטער און איידעמס און שניר מיט זייערע קינדער און דינערשאַפט. די דאזיגע אלע פאמיליעס האבען גע-צויגען זייער חיונה פון דעם רבי'נס הכנסות: יעדע איינציגע האט עקומען וועכענטליך אויסגעצאָהלט איהר פענסיע פון דער הויף-קאסע. עס זענען אָבער געווען צווישען זיי אויך אַזעלכע, וואס האבען נאך אויסער-דעם געהאַט פרנסה אויך פון זייערע אייגענע געשעפטען, וועל-כע זיי האבען געפיהרט דאס רוב מיט די ארומיגע פריצים. די דאזיגע „קרובים", וועלכע האבען זיך שוין געפיהלט נישט אזוי אב-הענגיג פון „הויף", פלעגען אין זייער לעבענס-שטייגער און הויז-פיהרונג נישט זיין אזוי אונטערגעווארפען די בעזונדערס שטרענגע טראַדי-ציעס און מנהגים פון „הויף". אזוי האבען אנדערע פון זיי, למשל, נישט שטענדיג אבגעהיט צו געפינען זיך ביים רבי'נס טיש בשעת די עפענטליכע חסידישע הויפישע פייערונגען אין שבתים און יום-טובים. אנדערע זענען נאך ווייטער געגאנגען, און האבען זיך ערלויבט צו ערציהען

זייערע קינדער נישט לויט דעם אנגענומענעם חסידי-רבי'אישען שאבלאָן, נאר א ביסעל פערוועלטליכט; זיי האבען אריינגענומען אין שטוב, בעזונדערס פאר די מיידלעך, לעהרערינס און גובער־נאַנטינס. דער „הויף" האט זיך צו אלץ צוגעקוקט און געשוויגען; לגבי די דאזיגע פון רבי'ן אונאָבהענגיגע זיהן און איידימס האט ער זיך געפונען לגמרי מאַכטלאָז. דערפאר אבער האט ער גע־האלטען פעסט אין זיינע הענד יענע מיטגלידער פון דער דינאַסטיע, וועלכע האבען זיך געשפייזט נאר פון דעם רבי'נס פערדינסטען און אויסגעקוקט בלויז אויף זיין שטיצע. זיי האבען, צי ווילענדיג, צי נישט ווילענדיג, שוין געמוזט ווייטער שפינען דעם גאלדענעם פאָדים פון די הוסיאַטינער אדמור'ס, דאס הייסט, ממלא צו זיין ביז'ן מינדסטען האָר אלע דינים און געזעצען פונם חסידיש־רבייאישען „שולחן-ערוך".

אין מיטען פון די זעכציגער יאהרען פונם פאָריגען יאָהר־הונדערט איז די גאנצע חסידישע וועלט מיט אמאל אויפגעציטערט געוואָרען הורך דעם טרויעריגען פאל, וואס איז פאָרגעקומען אין דער דינאסטיע פון ר' ישראל'טשע רוזשינער: איינער פון די פרעטענדענטען אויף דעם רביי'אישען שטוהל, ר' בערעניו פרידמאַן איז אונטעד שלעכטע דרויסענדיגע השפעות אראב פונ'ם דרך־הישר. דער דערמאָהנטער בערעניו, וועלכער איז געווען א גרוי־סער למדן און א בעל־מקובל, האט זיך גערעכענט פאר איינעם פון די חסידישע זיילען, און אז מיט איהם האט געקאָנט אזוינס פאַסירען, האט עס אָנגעווארפען א פחד אויף אלע רבייאישע „הויפען", בעזונדערס אין גאַליציען. אין יעדען „הויף" האט מען אנגעהוי־בען מורא האבען, צי האט זיך, חלילה, אויך אַהער נישט פערשלעפט אין דער שטיל אַזאַ מין קליפה, וואס לויערט אראָבצופיהרען עמיצען פון וועג. מעהרער פון אומעטום האט מען זיך געשראָקען אין די קרייזען פונם הוסיאַטינער רבי'ן, וואו מאנכע, הויפטזעכליך פון יונגען דור, האבען נישט שטארק אָבגעהיט די חסידישע דיסציפ־לין. אין א געוויסען טאג איז אין הויף געוואָרען אבגעהאַלטען אַן ענגער פאמיליען-ראַט, אין וועלכען מ'האט אויספיהרליך בעהאַנ־די פראגע, ווי אזוי און דורך וועלכע מיטלען מ'קאן זיך בע־וואָרענען, עס זאל אין הוסיאַטין זיך נישט איבער'חזר'ן דאס, וואס ס'דאָט געטראָפען ביי די רוזשינער. נאך לאַנגע וויכוחים

איז מען געקומען צום בעשלוס, אז מ׳מוז אין געהיים דורכ־פיהר׳ען א רעוויזיע ביי אלע איינוואוינער פון „הויף״, און אפילו ביי דעם רבי׳נס קינדער, וועלכע מ׳קאָן אין פלוג אין קיין זאַך נישט חוֹשד זיין. מ׳האט איבערגעגעבען די זאַך אַ צוויי, דריי פון דעם רבי׳נס „גבאים״, וועלכע זענען געווען בעקאַנט אלס פיפיגע יונגען און פערמאָגט דעם טאַלענט פון אויסטערלישע אויס־שפירער. די גבאים, וועלכע זענען תיכף צוגעטראטען צו דער „הייליגער״ אַרבייט, האבען קאָנצענטרירט זייער הויפּט־אויפמערק־זאַמקייט בעזונדערס אויף די הייזער פון יענע הויפישע מיט־גלידער, וועלכע פיהרען אָן מיט אייגענע געשעפטען, און דאַרפען צום רבי׳ן ניט אָנקומען. אבער אַ געוויסע צייט איז אריבער און די „געהיים־אַגענטען״ האָבען ערגיץ קיין „פסול״ נישט ענטפלעקט. דער עלטסטער פון דעם רבי׳נס איידימס האַלט, אמת, ביי זיך אין שטוב א יודישע גובערנאַנטין, אזש פון ווין, וועלכע לערנט מיט זיינע מיידלעך דייטש און אנדערע וואָכעדיגע למודים; דעם רבי׳נס יונגסטע שנור שפילט אַפילו קלאַוויר און זינגט דערביי עפּטערס אונטער, און זיין שוועגערין, א יונג ווייבעל, שטעהט אב שעהנ־לאַנג ביים שפיגעל און פוצט זיך. אבער די דאזיגע אלע זאַכען זענען געוואָרען געטון בפרהסיא, אלע האבען דערפון געוואוסט, און האבען עס געהאַלטען פאר א גאנץ נאַטירליכער ערשיינונג, וועלכע מען בעגעגענט אין די „הויפען״ כמעט פון אלע גאַ־ליציאַנער „גוטע יודען״, און ערגיץ איז נאך דערפון קיין תקלה נישט ארויסגעקומען. אזוי ארום האט זיך דער הוסיאַטינער „הויף״ בערוהיגט.

II

איבריגענס, לאַנג האט אבער די דאזיגע בערוהיגונג נישט אָנגעהאַלטען. איינער פון די גבאים, וואס דאס האַרץ האט בשום אופן איהם נישט דערלאָזט זיך מיאש צו זיין פון צו פאַקען סוף כל סוף אין „הויף״ עפּיס אזוינס, וואס ווארפט א שאָטען און דערוועקט א חשד, האט דאך נישט אויפגעהערט צו זוכען און נישטערן ממש „בחורים ובסדקים״. און אז מען זוכט — געפינט מען. אין א זוי־מערדיגען פאַרנאַכט האט זיך דער גבאי אָנגעשטויסען גאָר אומגע־ריכט אויף א גרויסער מציאה. אין וואלד, וואס ליגט האַרט ביים

שטעדטיל, האט ער דערזעהן זיצענדיג אויפן גראָז די גובערנאַטין פונם רבי׳נס איידים מיט א יונגענמאן, וואס דאס פנים איז ביי איהם געווען פערשטעלט מיט זיין הוט. זעהר טשיקאַווע צו וויסען, ווער דער יונגערמאן איז, האט דער גבאי אונטערה א בוים אבגעווארט ביז דאס פּאָרל האט זיך אויפגעהויבען פון אָרט, און זיך געלאָזט געהן צוריק אין שטעדטיל. דער גבאי, וועלכער האט ביי זיך גערעכענט, אז דאס איז איינער פון די „הויפּישע״ יונגעלייט, האט זיך זעהר דערפרעהט, האָפענדיג, צו בעקומען פאר דער דאָזיגער דאָפּעלטער ענטפּלעקונג, וועלכע וועט געוויס ארויסרופען א גרויסע צורודערונג, א היבשע בעלוינונג. דערזעהענדיג אבער דאס פנים פונם „קאַוואַליער״, האט ער זיך דערפיהלט א ביסעל ענטטוישט, ווייל דער יונגערמאן האט נישט געהאט קיין דירעקטע שייכות צום „הויף״ און צו דעם רבי׳נס פאמיליע, און איז אויך אפילו נישט געווען קיין איינוואוינער פון גאַליציאַנער הוסיאַטין, נאר פון זבּ דערביייאיגען רוסישען הוסיאַטין, וואו זיין פאטער, ר׳ נחום, זעהר א רייכער יוד און א הייסער הוסיאַטינער חסיד, האט געהאלטען בשותפות מיט דעם רבי׳נס עלטסטען איידים א בראָנפען-ברויז. דאס דאזיגע שותפות האט ענג פערבונדען ביידע הייזער, און וועלוועלע, ר׳ נחומס בן-יחיד׳ל, א וואוילגע־אָטען בחור׳ל הן אין חסידות און הן אין מסחר, פלעגט אָפט, אמאל מיט׳ן פאטער און אמאל אליין, בעזוכען דעם רבי׳נס עלטסטען איידים, און פערברענגען מיט איהם און מיט זיין פאַמיליע. ביי דער געלעגענהייט האט זיך וועלוועלע בעקאַנט אויך מיט דער ווינער גובערנאַנטין, וועלכע איז איהם שטארק געפעלען געוואָרען. פון דעמאלט אָן פלעגט שוין וועלוועלע זוכען און געפינען פערשיעדענע אויסריידען און טעמים אויף אראָבצוכאַפּען זיך אין גאַליציאַנער הוסיאַטין, פון אָנהויב כמעט טעגליך, און ביסלעכווייז אלץ אָפטער און אפטער — ביז עטליכע מאל און טאג. אָפיציעל האט עס געהייסען, אז ער קומט צו דעם טאַטענס שותף זיך אָברעכענען און דורכשמועסען וועגען פראגען, וואס זענען פערבונדען מיט דער ברויז. אבער אין אמתן איז געווען זיין איין-איינציגע כוונה, נאר צו זעהן זיך מיט דער גובערנאַנטין, וועלכע האט איהם פון איהר זייט אויך ארויסגעוויזען סימפּאַטיע. אין „הויף״ זענען וועלוועלס אָפטע בעזוכען ביים רבי׳נס איידים פאר קיינעם נישט געווען קיין סוד. מען האט עס אָבער נישט גענומען אין אכט, ווייל, ערשטענס, איז ער מיט דער גובערנאַטין קיינמאל נישט

געזעסען ביחידות; צווייטענס, האט מען „וועלוועלע עטקעס״ — ער האט זיך אנגערופען אויף דעם נאָמען פון זיין מוטער, וועלכע איז געווען א יודענע אנ׳„אשת-חיל״ און די הויפּט-אָנפיהרערקע פון געשעפט — גאָרנישט געקאָנט חושד זיין, אז ער טראָגט זיך מיט וועלכע-עס-איז זינדיגע געדאנקען; דריטענס, האט די גובערנאַנטין געשטאַמט פון לויטער חסידים, און אליין א טאָכטער פון א געפאַלע-נעם רייכען הוסיאַטינער חסיד פון אונגאַרן, וועלכער האט, באַנק-ראָטירענדיג, זיך בעזעצט אין ווין, און דעריבער האט זיך אויך וועגען איהר גארנישט געקאָנט לעגען אויפן שכל, זי זאל זיין מסוגל געשטרויכעלט צו ווערען אין „מחשבות רעות״...

אָבער בעת דער גבאי איז געקומען און האט דערצעהלט אין פאַמיליען-ראַט פון „הויף״, אז ער האט אליין מיט זיינע אויגען גע-זעהן, ווי אוועגד-צייט זענען די גובערנאַנטין מיט וועלוועלען גע-זעסען אין וואלד צווישען געדיכטע צווייגען און געפיהרט א פערטרוי-ליכען שמועס איינער דעם אַנדערן אויפן אויער, האט עס ארויסגע-רופען א גרויסען שטורם פון עמפּערונג. און נישט לאַנג טראַכטענדיג, איז געוואָרען בעשלאָסען, צו צווינגען דעם רבי׳נס איידים, תיכף ומיד ארויסצוטרייבען פון זיין שטוב די גובערנאַנטין. דערביי האט מען אויך בעשלאסען אָנצונעהמען אלע מיטלען, אז די זאך זאל ווערען דערשטיקט נאר צווישען די פיר ווענד פון דעם רבי׳נס פּאלאַץ, כדי קיין זייטיגע מענשען זאלען זיך, חלילה, דערפון נישט דערוויסען. די אויספיהרונג פון דעם דאזיגען דעקרעט האט מען איבערגעגעבען דעם רבי׳נס א שוואָגער, אַנ׳עלטערער יוד, א גרויסער קפדן מיט א פעסטען כאַראַקטער.

III

נאך דעם זעלבען טאג איז דער שוואגער אריין צום רבינס עלטסטען איידים און האט איהם אין האַרטע, שארפע ווערטער איבערגעגעבען וועגען וואס דא האַנדעלט זיך. דערהערענדיג דאס, האט זיך דער איידים געכאַפּט פארן קאָפּ און אויסגעשריען, אז ער גלויבט עס בשום אופן נישט. והראיה, אז אין די עט-ליכע חדשים, וואס די גובערנאַנטין איז ביי איהם אין הויז, האט זי זיך ארויסגעוויזען נישט בלויז פאר אַנ׳עהרליכע, נאר אויך פאר א גאנץ פרומע יודישע טאכטער, וועלכע איז אליין נישט

עובר אויף קיין דין, און איז אויך אין דעם גייסט מדריך זיינע מיידלעך, אין וועלכע זי פלאַנצט איין לויטער מדות טובות און יראת-שמים.

דעם איידימס רייד האָבן אבער געמאכט אויפן שוואָגער א גאנץ שוואַכן איינדרוק, און ער איז געבליבן ביי דאס זייניגע, אז די גובערנאַנטין דארף און טאר אין „הויף" קיין מינוט מעהר נישט פערבלייבן.

אַרום דער פראגע וועגן דער גובערנאַנטין האבן זיך גע-בילדעט אין פאַמיליען-ראַט צוויי פאַרטייען מיט געגענזייטיגע מיינונ-גען. אנדערע האבן געהאַלטען, אז ווי באלד דאס מיידעל האט זיך ביז אהער אויפגעפיהרט עהרליך און קאָרעקט, טאָר מען זי פון איהר שטעל נישט מַדחה-זיין; מ'דאַרף איהר נאָר פערבאָטען צו האבן מחזקות מיט זכרים, און וואָרנען איהר אין געגענפאַל מיט דער האַרבסטער שטראָף. עס זענען, ווידער, געווען אויך אַזעלכע, וואס האבן זיך ארויסגעזאָגט, אז נאכדעם, ווי זי האט איינמאָל, און אפילו אפשר נישט ווילענדיג, געקאָנט פערפיהרען אזא לייטישען חסידישען בחור, ווי וועלוועל עטקעס, האט זי זיך שוין דערמיט געשטעלט אונטער א פראגע-צייכען און האבענדיג געגען איהר דעם קלענסטען חשד, מוז מען זי פון דאַנען מרחיק זיין, ווייל מען טאָר אויפ'ן „הויף" נישט לאָזען פאַלען קיין שום שפרינקעלע פון פערדאַכט. געזיגט האט די ערשטע מיינונג, און מ'האט דאס מיידעל געלאזט צורוה. איהר בעל-הבית'טע, דעם רבי'נס טאכטער, האט איהר אבער נאך דעם זעלבען טאָג איינגערוימט אין אויער, אז מהיום והלאה זאל זי זיך נישט ארייינלאזען אין גע-שפרעכען מיט קיין שום מאַנספערשוין - און בכלל נישט קוקען אויף יונגע-לייט. ליתר בטחון האט דעם רבינס איידים אָנגעהויבען קומען טעגליך צו זיין שותף אין רוסישען הוסיאַטין און ארומרעדען מיט איהם אויספיהרליך אלע געשעפטס-אַנגעלעגענהייטען, כדי צו פערשפארען וועלוועלן אראָבצוקומען צו איהם אין עסטרייכישען הוסיאַטין. דאס דאזיגע מיטעל האט זיך אבער ארויסגעוויזען פאר נישט-געלונגען. וועלוועל האט זיך געמאַכט נישט וויסענדיג, און האט זיינע אפטע בעזוכען נישט אבגעשטעלט, און יעדעס מאל איז ער געקומען מיט אנ'אנדער תירוץ. דאס מיידעל האט איהם אפילו ווי ווייט מעגליך אויסגעמיטען, און האט זי זיך נאר דערוואוסט, אז ער איז דא, איז זי שוין נישט ארויס פון איהר צימער. די שטוביגע האבען אבער אראבגעלייענט פון

זייערעביידענס פּנימ׳ער, אַז לאַנג וועט עס אַזוי נישט אָנהאַלטען. וועלוועל האָט שוין געזוכט און געפונען פערשידענע וועגען, ווי צו פערוואָרפען דער גובערנאַנטין מיט ליבע־צעטעלעך, און צו בע־קומען פון איהר תשובות. אין אַ שענעם פריהמאָרגען איז אין די הענט פון די הויף־אַגענטען, וועלכע האָבען די גאַנצע צייט נישט אויפגעהערט נאָכצושפּיאָנירען די גובערנאַנטין, אַריינגעפאַלען אַזאַ מין צעטעלע. מעהר ווי דאָס האָט מען נישט בעדאַרפט. ס׳איז געוואָרען אָבגעהאַלטען אַ גאַנץ קורצע בעראַטונג, אויף וועלכער מ׳האָט אָנגע־נומען דעם בעשלוס, שוין מאָרגען אין אָוועגד אויסצוריכטען דאָס מיידעל מיט אַ שליח־מיוחד צו איהרע עלטערן קיין ווין.

עס איז פערבליבען אומבעקאַנט, ווי אַזוי, אָבער וועלוועל האָט זיך דערפון בעצייטענס דערוואוסט, און זיין בלוט איז אין איהם געוואָרען אויפגעזאָדען. נישט פיל קלערענדיג, האָט ער ביי זיך בעשלאָסען אָבצושלאָגען דאָס מיידעל פון איהרע בעגלייטער, ווי טייער דאָס זאָל איהם נישט קאָסטען. מיט צוויי בעקאַנטע קריסט־ליכע יונגע־לייט האָט ער זיך אין יענעם אָוועגד אַריינגעגנב׳עט אויף אַ פוהר אין גאַליצישען הוסיאַטין, וואו זיי זענען געבליבען שטעהן אויף דער וואַך הינטער׳ן שטעדטיל. ווי נאָר די הויפישע קאַרעטקע, אין וועלכער ס׳איז געזעסען די גובערנאַנטין און אויף די קאָזלעס, נעבען יודישען קוטשער, איהר בעגלייטער — איינער פון די „אַגענטען״ — איז אבגעפאָהרען אַ וויאָרסט צעהן פון הוסיאַטין, האָט זיך וועלוועל מיט זיינע קריסטליכע חברים אויף איהר ארויס־געוואָרפען, און נישט געלאָזט זי ריהרען זיך פון אָרט. דעם קוטשער מיט דעם „אַגענט״ האָבען זיי אַראָבגעשליידערט פון זייער געזעס, און געהייסען דאָס מיידעל אַרויסגעהן פון קאַרעטקע. דאָס מיידעל, וואָס האָט זיך, קענטיג, אויף דעם געריכט, האָט זיך נישט געלאָזט בעטען און איז אַראָב. דער קוטשער מיט דעם „אַגענט״, וואָס זענען אין דער ערשטער מינוט געבליבען שטעהן צומישט, מיינענדיג, אַז דאָס זענען זיי געוואָרען בעפאַלען פון באַנדיטען, האָבען זיך אויך אין גיכען אָריענטירט אין דער לאַגע, און עס איז אוועק מצד ביידע פיינדליכע מחנות אַ מלחמה ממש אויף לעבען און טויט. וועל־וועל מיט זיינע מיטהעלפער האָבען געלאָזען אין גאַנג שטיינער מיט פּלעקער, און האָבען דעם קוטשער מיט׳ן „אַגענט״ אַזוי צושלאָגען און צובלוטיגט, אַז זיי זענען געבליבען ליגען אויף דער ערד כמעט

ווי אהן אטעם. וועלוועל האט זיך שוין מכין געווען אריינצוזעצן דאס מיידעל אין זיין פוהר און צו מאכען מיט איהר „פליטה״. האט אָבער דער קוטשער אין יענער מינוט אָנגעהויבען מיט זיינע לעצטע קרעפטען צו שרייען נאך הילף און אויף זיינע געשרייען איז תיכף אָנגעלאָפען אַן׳עסטרייכישער גרענעץ-פּאַטרול, וועלכער האט זיך גראָד געפונען נישט ווייט פון יענעם אָרט. גלויבענדיג, לויט דעם ערשטען איינדרוק, אז ער האט דא געפּאַקט אַ חברה קאָנטראַבאַנדיסטען, וועלכע האבען זיך צווישען זיך צושלאָגען, האט דער פּאַטרול אַלעמען — חוץ די צוויי קריסטען, וואס האבען בעוויזען צו אַנטלויפען — פערנומען אין דעם נאָהענטען קאָרדאָן. נאָכדעם, ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די זאַך טראָגט גאָר אַן׳אַנדער כאַראַקטער, האָט מען די אַרעסטירטע אָבגעהאַלטען ביז פּאַרטאָג, און זיי דאַן אָבגעשיקט אונטער דער בעגלייטונג פון זשאַנדאַרען אין דעם ערשטען עסטרייכישען שטעדטיל און איבערגעגעבען זיי אין די הענד פון דער דאָרטיגער פּאָליציי.

באַלד ביי דער ערשטער אויספאָרשונג האָט די פּאָליצייאישע מאַכט געשענקט איר גאַנצען צוטרוי דעם רבי׳נס מענשען, וועלכע האָבען, כדי זיך נוקם צו זיין אָן וועלוועלען, געשילדערט דאָס געשעהעניש אַלס רויב-אָנפאַל. דערביי האָבען זיי אָנגעוויזען אויף זייערע שווערע וואונדען. וועלוועל האָט דערצעהלט דעם תוך פון דער זאַך און פערענדיגט מיט דער בקשה, מ׳זאָל בעפרייען איהם מיט זיין געליבטער, כדי זיי זאָלען קאָנען חתונה האָבען. אָבער נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זיינע רייד זענען שטאַרק געוואָרען אונטערשטיצט פון דער גובערנאַנטין, האָט זיי די פּאָליציי נישט גענומען אין אַכט, ווייל זי האָט זיך לויט איהרע דאָקומענטען אַרויסגעוויזען פאַר מינדער-יעהריג. דער סוף איז געווען, אַז מ׳האָט דאָס מיידעל איבערגעגעבען דעם הויפּישען „אַגענט״ צו ברענגען זי קיין וויען. און וועלוועלען, וועלכער האָט, אַגב, צופעליג נישט געהאַט ביי זיך קיין דאָקומענט, האָט מען פערהאַלטען אין תפיסה און איהם איבערגעגעבען אין רשות פון דער קרימינעלער מאַכט.

IV

אויף מאָרגען האָבען ביידע הוסיאַטינ׳ס, דער עסטרייכישער און דער רוסישער, געקאָכט מיט דער געשיכטע. אין ערשטען אויגענבליק

האָבּען אין „הויף״ אַלע, אָנהויבּענדיג פוּנ׳ם רבּי׳ן אַליין בּיז דעם לעצטען פוּן זיינע מקורבים, פערלוירען דעם קאָפּ. יעדער האָט בּיי זיך געפיהלט, אַז אַזאַ פּאַסירונג, כאָטש זי האָט נישט קיין דירעקטע שייכות צוּ קיינעם פוּן דער דינאַסטיע, איז דאָך עלוּל צוּ געבּען, שונאים צוּם ווענינגסטען, שטאָף צוּ קאָמפּראָמעטירען דעם הוּסיאַטינער רבּי׳אישען שטאַט. בּאַלד האָט מען זיך אָבּער בּערוּהיגט און מ׳האָט בּעשלאָסען, נישט צוּ מאַכען פוּן דער זאַך קיין ווערזען און אַז מ׳זאָל בּכלל וועגען דעם אפילוּ נישט רעדען. אויף ווצלוועל׳ס עלטערן האָט דאָס געשעהעניש געמאַכט אַנ׳ערשיטערענדען איינדרוּק. דער פאָטער איז געוואָרען אוֹיס מענש, און די מוטער האָט זיך געריסען די האָר פוּן קאָפּ. זיי איז זעהר נישט אָנגעשטאַנען, אַז מיט זייער וועלוולען, וועמען אַלע קענען פאַר אַ „מושלם בּכל המעלות״, אַ וואויל־לערנער און אַנ׳„אויסגעצוויקטער אין חסידות״, היינט דערצו אַ שע־נער, אַ פּקח און אַ זעלטענער בּריה צוּ געשעפט, זאָל אַזוינס פּאַסירען. נישט אַנדערש, אַז אַ פינסטערע עין־הרע האָט אויפגעגעסען אוּנזער וועלוולען — האָט געטענה׳ט די מוּטער — און דעריבּער מוּז מען תּיכף נעהמען און לויפען אין „הויף״; ס׳איז נישטאָ קיין גרעסערער מייסטער אויף צוּ קעמפען מיט עין־הרע׳ס, ווי דער רבּי. אָבּער דער פאָטער, וועלכער איז געווען אַ פייערדיגער הוּסיאַטינער חסיד, און האָט מכּמה יאָהרען פערנוּמען אין דער חסידישער וועלט זעהר אַ בּכבוד׳יגען אָרט, האָט בּיי זיך נישט געקאָנט פּועל׳ן צוּ ווייזען די אויגען אין הויף. דער געדאַנק, אַז דער רבּי קאָן איהם מאַכען אַ פאָר־וואוּרף און אפשר זיך נאָך שטאַרק אָנבּייזערען אויף איהם, פאַרוואָס ער האָט ווצוולען אָבּגעריסען פוּן חסידות און צוגענוּמען איהם צוּם בּראָנפען־געשעפט, האָט איהם זעהר געשראָקען. צוּ הערען, חלילה, פוּן רבּי׳ן אַ שלעכט וואָרט, איז איהם געווען ערגער, ווי דער טויט. די מוּטער האָט עס אַפילוּ אויך גאַנץ גוּט פערשטאַנען, אָבּער איהר האַרץ האָט איהר געריסען בּיים געדאַנק, אַז איהר זוּהן זיצט אין תּפיסה, און נאָך אין אַ פרעמד לאַנד, און ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ שטראָף עס דערוואַרט איהם, אויבּ מען וועט גאָרנישט טוּן, און מ׳וועט איהם נישט זעהן אַרויסצוּראַטעווען פוּן אוּמגליק, כּל־זמן ס׳איז נאָך נישט צוּ שפּעט. נעהמענדיג דאָס אַלץ אין אַכט, איז די מוּטער אַליין אַוועקגעלאָפען אין „הויף״. זי האָט אָבּער ראָרט געפוּנען פערמאַכטע טירען. צוּם רבּי׳ן האָט מען זי נישט צוּגעלאָזט, און פוּן

זיינע מקורבים, האָט זי קיינער נישט געוואָלט אויסהערען. אַפילו דעם רבי׳נס איידעם, איהר מאַנ׳ס שותף, וואָס פון זיין שטוב איז אַרויס דאָס אומגליק, האָט איהר געענטפערט, אַז דער „הויף״ קאָן פאַר וועלוולען גאָרנישט טון, און דער, וואָס האָט „פערקאָכט די גאַנצע קאַשע, יענער דאַרף עס עסען״. עטקע איז אָבער נישט געווען פון די שווייגענדיגע ווייבער, נור אַ יודינע מיט אַ פיסק, און הערענדיג אַזאַ תשובה פון זייער אייגענעם שותף, וועמען זי מיט איהר מאַן און מיט איהרע קינדער האָבען דורך זייער האָרעוואַניע געמאַכט פאַר אַנ׳עושר, האָט אין איהר נישט געשטילט דאָס בלוט, און פונאַנדערשרייענדיג זיך אויף די אויבערשטע טענער, האָט זי געגאָסען פעך און שוועבעל אויפ׳ן גאַנצען „הויף״, און בעזונדערס אויפ׳ן רבי׳נס קינדער, וואָס אנשטאט צו דינען מיט זייער גוטער, עכט-חסידישער הנהגה אַלס, מוסטער פאַר לייטען, ערלויבען זיי זיך אָבצוטון כל דבר אָסור, ברענגען צו זיך אַראָב פון מרחקים גובערנאַנטקעס מיט פיאַנעס און מיט נאָך אַזעלכע פערבאָטענע זאַכען, וואָס פערבלענדען די אויגען פון יונגע קינדער און פיהרען זיי צום סוף אַראָב פון וועג. „מיין וועלוועלע — האָט זי גע׳טענה׳ט מיט שוים אויף די ליפען — איז געווען ביז אַהער אַ בחור אַ ירא-שמים, אַז גאָט און לייט האָבען זיך מיט איהם געבענשט, האָט קיינמאָל נישט געהויבען קיין אויג אויף דעם, וואָס מען טאָר נישט. האָט איהם אָבער דאָס אומגליק אָנגעטראָגען צו ווערען אַנ׳איינגעהער ביי אייך אין שטוב און צו ווערען, מעשה-שטן, פער׳כשופ׳ט פון אייער לעהרערקע, און בעת אַ מענש, און בפרט אַ יונגער מיט הייס בלוט, ווערט פער׳כשופ׳ט, איז ער דאָך עלול אויף אַלדאָס בייז. טאָ ווער איז אָבער שולדיג, ווען נישט א י ה ר? ווער האָט אייך געהייסען אָבטרעטען פונ׳ם אַלטען חסידישען שטייגער און אַריינגעהמען ביי אייך אין שטוב אַנ׳עבודה-זרה, צו שטרויכלען עהרליכע חסידישע בחורים? איהר האָט שוין, אפנים, פערגעסען די בזיונות, וואָס מיר אַלע, הוסיאַטינער חסידים, די גאַנצע חסידישע וועלט, האָט נאָך דאָ גאָרנישט לאַנג געהאַט פון דעם אַלטען רוזשינערס זוהן, ר׳ בערעניו, און איהר ווילט, ווי עס ווייזט אויס, אַז צוליב אייערע תאוות זאָל ווערען צו-שפאָט און צו שאַנד אויך דער הוסיאַטינער „הויף״?!..

V

נטקעס טענות זענען באַלד בצוואָרען פונאַנדערגעטראָגען

איבער'ן גאַנצן „הויף". איינער האָט עס איבערגעגעבן דעם אַנדערן, און נאָך מיט אַ צוגאָב. די עראינערונג וועגן דעם סקאַנדאַל מיט ר' בערעניו איז געווען ווי אַ שוועבעלע, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ פעסעל פולווער. די הוסיאַטינער, זענענדיג אַ צווייג פון די רוזשינער, האָבן געפּיהלט דעם צער און דעם וועהטאָג פון יענעם אומגליקליכען געשעהעניש פיל שטאַרקער, ווי אַלע איבעריגע חסידישע דינאַסטיעס, און האָבן דעריבער תמיד געזוכט, עס נישט צו דערמאָהנען, כדי נישט צו וועקען די אַלטע וואונדען. עסקעס רעד האָבן אַלעמען מיט אַמאָל אויפגעקאָכט. און פון אַלע זייטען האָט מען צו איהר גענומען שרייען: „שאַ, שטיל"! זי האָט זיך אָבער נישט געלאָזט שטילען, ביז ס'איז געקומען איינער און האָט זי אַוועקגערופען צום פאַמיליען-ראַט. דאָרט האָט איהר דעם רבי'נס שוואָגער איינגערוימט אויפ'ן אויער, אַז נעהמענדיג אין אַכט, אַז ר' נחום איז אַן'אַלטער הוסיאַטינער חסיד, האָט מען רחמנות אויף זיין פונ'ם רעכטען חסידישען וועג אַראָבגעקראָכענעם בחור, און מ'וועט זעהן עפּיס טון פאַר איהם, בתנאי אָבער, אַז צוריקקעהרענדיג זיך אהיים צו טאַטע-מאַמען, זאָל ער ווידער ווערען גוט און פרום, ווי געווען, און אויסערדעם זאָל ער אויף זיך נעהמען די תשובה, וואָס דער רבי וועט איהם אַרויסגעבען.

און באמת, האָט מען באַלד אין „הויף" געפונען אַן'עצה, ווי דעם עסק צו פעררייבען, און מ'האָט עס פעררייבען, און אַלץ דורכ'ן רבי'נס שוואָגער. ער איז אַוועקגעפאָהרען אין יענעם עסטרייכישען שטעדטעל, וואו וועלוועל איז געזעסען אַרעסטירט, דאָרט האָט ער זיך געזעהן מיט וועמען מען דאַרף, און נאָך דעמזעלבען טאג איז וועלוועל געוואָרען בעפרייט.

וועלוועל איז אָבער אַרויס פון תפיסה זעהר אַ פערביטערטער. ער האָט די גובערנאַנטין געליבט מיט זיין גאַנצן יוגענד-פייער. ער האָט שוין געהאַט אויסגעבויט פערשידענע פּלענער, ווי אַזוי צו דערגרייכען זיין ציל, און מיט איהר חתונה האָבען, און אין זיין פאַנטאַזיע האָבען זיך שוין געמאָלט די שענסטע, אָנציהענדסטע בילדער וועגען זיין ק'נפטיגען פ א מ י ל י ע ן - לעבען. און מיט אַמאָל זענען צושטערט געוואָרען אַלע זיינע מחשבות, און זיינע זיסע חלומות זענען אַוועק אין רויך! מ'האָט איהם נישט פערגונען זיין גליק, און מ'האָט זיין געליבטע מיט געוואַלד אַרויסגעריסען פון זיינע הענט.

און ווער? אַלץ די אייגענע מענשען, די הויף-לייט, מיט וועלכע זיינע עלטערן זענען מכּמה יאָהרען אַזוֹי ענג פערקנעפּעלט, און אויף וועלכע זיי לאָזען זיך קאָסטען יעהרליך אַזוֹי פּיל געלד דורך אַלערליי פּדיוֹנוֹת און סתם מתּנוֹת. די דאָזיגע געדאַנקען האָבען איהם, נאָך זיצענדיג אין אַרעסט, שטאַרק אויפגערייצט, און עס זענען געוועזען אַזוֹי־נע מאָמענטען, אין וועלכע ער האָט געפאַסט דעם בעשלוּס, נקמה צו נעהמען פון די, וואָס האָבען צושטערט זיין גליק.

אַרויסגעהענדיג אויף דער פריי, האָט אין וועלוועלען געהאַט אויפגעבליצט דער געדאַנק, צו לאָזען זיך לויפען קיין ווין. ער האָט זיך אָבער דערמאַנט, אַז ער געפינט זיך אין אַ פרעמד לאַנד, אָהן דאָקומענטען, און האָט זיך דערפון אָבגעהאַלטען. מיט אַ פערבאָרגענעם צאָרן אין האַרצען איז וועלוועל געקומען אַהיים, אין רוסישען הוּסיאַטין. זיינע עלטערן, וועלכע האָבען איהם זעהר געליבּט און זענען, אַגב, געוועזען גאַנץ פּראַקטישע מענשען, האָבען איהם נישט גערעדט קיין קרום וואָרט, עפּיס ווי עס וואָלט דאָ מיט איהם גאָרנישט פאָרגעקומען. ער, וועלוועל, אַליין האָט אויך געשוויגען. ערשט אין עטליכע טעג אַרום האָט איהם דער פאָטער אריינגערופען צו זיך און איהם איבּערגעגעבּען אויספיהרליך די בעדינגונגען, ביי וועלכע מ׳האט קוים גע׳פּועל׳ט אין „הויף", מ׳זאל זיך משתּדל זיין, איהם אויסצולייזען פון גוֹי׳אישע הענט. וועלוועל האָט זיך צוגעהערט און נישט געענטפערט קיין וואָרט. און דער פאָטער, וואס האָט געהאלטען זיין שווייגען אלס סימן פון הסכּמה, האט זיך שטארק געפרעהט. דערפאר האט זיך אָבער נישט געפרעהט די מוטער. זי האט בעמערקט, אַז וועלוועל, דער שטענדיג מונטערער און אויפגעלעגטער, געהט כּסדר ארום אַ פערטראַכטער, עפּיס ווי אַ מרה־שחוֹרה׳דיגער, און זי האָט פערשטאנען, אז עס איז עפּיס מיט איהם נישט גלאטיג, אז עס קומט עפּיס אין איהם פאָר אַזוינס, וואָס קאָן, חלילה, אמאל אויסבּרעכען, ווי אַ שׂרפה... דער פאטער, פון זיין זייט, האָט זיך אויך גענומען אָנשטויסען, אַז ער וועט נאך האבען פון וועלוועלען צו „זינגען און צו זאגען". מ׳וועקט איהם אינדערפריה צום דאווגען, און ער קעהרט זיך איבער אויף דער צווייטער זייט און שלאפט ווייטער; נעהמט ער שפּעטער פּרעפּלען אַ פּאָר ווערטער פון סדוּר אין שטוּב, לעגט ער דערביי קיין תּפלין נישט. טאמער זאגט ער עפּיס, איז תּמיד נוּר וועגען חסידים און גוּטע יודען, אויף וועלכע

ער רעדט אויס אלץ, „וואָס אין דער קאָרט"; שיקט מען איהם אין געשעפטס-זאכען, אין ברויז אריין וכדומה, מאכט ער זיך ארויס און וויל נישט געהן. עפּיס גאָר אַנ׳אַנדער וועלוועל געווארען, און ווער ווייסט, צו וואס דאָס קאן פיהרען?

VI

וועלוועל אליין האט אויך נישט געוואוסט קלאָר, וואס מיט איהם טוט זיך. אויפ׳ן וואהר און אין שלאָף האָט פאר זיינע אויגען תמיד געשוועבט די ליכטיגע געשטאלט פון דער בלאנדער ווינער גובערנאנטין, און אין הארצען האט ער געטראגען אפייערדיגע שנאה צום „הויף". ער האט געפיהלט, אז דאס פויגעלע, נאך וועלכען ער האט זיך אזוי געיאָגט, האט ער שוין פערשפּילט לעולם ועד, און אז קיין אנדערש וועט איהם שוין זיין גליק נישט צוריקקעהרען. און אַ געדאַנק האט זיך איהם אַריינגעזעצט טיף אין מוח, אז ער מוז זיך אברעכענען מיט די, וואס האבען צובראכען זיין יונג לעבען. ס׳האט אין איהם אָנגעהויבען עקבערן די פראגע: ווי אזוי די דאזיגע אברעכענונג צו פערווירקליכען? ארום דעם האבען זיך איצט געדרעהט אלע זיינע רעיונות. איינס איז איהם נור געלעגען אין זינען: נקמה! פון קיין אנדער זאך האט ער נישט געוואלט וויסען.

ר׳ נחום, תמיד פערהאָוועט אין זיינע געשעפטען, האט נישט געהאט אויף אזוי פיל צייט און געדולד נאכצוקוקען כסדר, וואס עס טוט זיך מיט וועלוועלען. אַגב, האט ער גערעכענט, אז וועלוועלע געפינט זיך נאך אונטער דער ווירקונג פון דער תפיסה, און אַז זיין איצטיגער צושטאנד וועט ביי איהם לאנג נישט אָנהאלטען. נישט גע־קאנט זיך בערוהיגען האט נור די מוטער. דאס מוטער-הארץ האט איהר געזאגט, אז וועלוועל טראגט זיך ארום מיט געפעהרליכע מחשבות, און זי האט איהם אנגעהויבען נאכשפּירען. זי האט איהם אזוי לאנג נאכגעשפּירט ביז זי האט אמאל שפּעט נאך האלבער נאַכט, בעת אלע שטוביגע זענען שוין געשלאפען, דערזעהן דורך א שפּאלט פון דער טיר, אז אין וועלוועל׳ס צימער ברענט נאך פייער, און אז ער זיצט ביים טיש און שרייבט און מעקט, מעקט און שרייבט, און קנייטשט דערביי דעם שטערן, עפּיס ווי ער וואלט געהאט פאר זיך אַ הארב שטיקעל „שרייבעכץ", פון וועלכען ער ווייסט נישט ווי

ארויסצוקריכען. זי איז געווארען זעהר נייגיריג צו וויסען, וואס אזוינס וועלוועל קאָן דאס שרייבען אין אזא שפעטער שעה. זי האט בעמערקט, ווי ער האט דאס פערשריבענע פאפיר אריינגעלעגט אין א שופלאד פון טיש, און האט זיך געלעגט שלאפען. זי האט שוין נאכדעם א גאנצע נאכט נישט געקאנט איינדרימלען, און ווי ס׳האט נור אנגעהויבען בעגינען, האט זי זיך, נישט טויט, נישט לעבעדיג, אראבגעכאפט פון בעט, האט זיך אויף די שפיץ פינגער אריינגע־גנב׳עט צו וועלוועלען אין צימער, האט שטיל ארויסגענומען פון שופלאדעל די פאפירען, האט אויפגעריסען ר׳ נחום׳ען פון שלאף און עס איהם בעוויזען. אריינקוקנדיג אין די פאפירען, איז ר׳ נחום געווארען א פערטרייסעלטער, ס׳האט איהם גענומעןווארפען אין קעלט און קלאפען א צאהן אָן א צאהן.

— עטעל! — האט ר׳ נחום אויסגעשריען נישט ווי מיט זיין קול. — לאָז מיך שוין געהן צו איהם און מאכען פון איהם א תל אויפ׳ן אָרט! אזא כל-בו׳ניק פאר א זוהן דארפען מיר נישט!

ס׳האט זיך ארויסגעוויזען, אז די פאפירען זענען געווען פער־שריבען מיט פערשידענע נוסחאות פון די געפעהרליכסטע מסירות, וואס וועלוועל האט געוואלט דערלאנגען דער עסטרייכישער מאכט אויפ׳ן גאנצען הוסיאטינער „הויף“ מיט׳ן רבי׳ן בראש...

נישט אזוי לייכט איז אנגעקומען די עלטערן צו ווירקען אויף וועלוועלען, מיט גוטען און מיט בייזען, ער זאל זיך ארויסשלאגען פון קאפ די זינדיגע מחשבות און זאל זיך נישט אריינלאזען אין אזעלכע מסוכנ׳דיגע אוואנטורעס. תחילה האט וועלוועל געשטומט, ווי די וואנד. באלד האט ער זיך אבער פונאנדערגעכליפעט אויפן קול, ווי א קליין קינד. ר׳ נחום, וועלכער האט געמיינט, אז דאס זענען שוין די ערשטע טרעהרען פון חרטה, האט אויסגענוצט דעם מאָמענט אויף אויפמערקזאם צו מאכען וועלוועלען, אז ס׳איז שוין צייט, ער זאל געהן אין „הויף“, אום צו דערוויסען זיך, וועלכע תשובה ער דארף אויף זיך נעהמען. אבער דערהערענדיג דאס, איז וועלוועל אויפגעשפרונגען פון אָרט און האט העכסט אויפגעבראכט אויסגעשריען: „ווי? איך, וואָס האב מיך געוואלט משדך זיין מיט א כשר׳ער יודישער טאכטער, און לעבען מיט איהר, ווי גאט האט געבאטען, האט מיט דעם אזוי שטארק פערזינדיגט, אז איך מוז אויף מיר נעהמען א תשובה? לאזען טון תשובה אָט יענע רשעים, וואס האבען וויסט

אין זורוב געמאכט מיין לעבען!" דערביי האט ער א קלאפ געטון מיט דער טיר און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

און געלאפען איז וועלוועל גלייך אין „הויף" אריין. צו וואס און צוליב וועלכען צוועק? — דאס האט ער בשעת מעשה אליין נישט געוואוסט. דאס פנים איז ביי איהם געווען בלאס, און פון די אויגען האבען געשפריצט פונקען פייער. אנגעקומען אין „הויף", האט איהם עפיס א שטארקען ציה געטון אריינצוגעהן צו דעם רבי'נס עלטערן איידים. שטעהענדיג שוין אויפ'ן שוועל, איז פאר איהם מיט אמאל ארויפגעשוואומען א גאנצער ים מיט זיסע זכרונות. ער האט זיך דערמאהנט אן זיין ערשטער בעגעגעניש מיט דער גובער-נאנטין. קיינער איז גראד דעמאלט נישט געווען אין שטוב, מעהר נישט ווי זי אליין. דערזעהענדיג זי, איז ער געבליבען שטעהן, ווי געפלעפט: אים איז נאך קיינמאל אין לעבען נישט געקומען פאר די אויגען אזא בלענדענדע שענהייט. שעמעוודיג האט ער געזוכט און געפונען אנ'אויסרעד צו פערפיהרען מיט איהר א שמועס. פער'כשופ'ט איז ער פון איהר אוועק, און פון יענער מינוט אן איז ער שוין נישט געשלאפען קיין נעכט, און כסדר געח'לומ'ט נור וועגען איהר. און ווי גליקליך האט ער זיך געפיהלט, דערהערענדיג פון איהר מויל אין יענער פרעכטיגער לבנה-נאכט, זיצענדיג מיט איהר אויפ'ן גראז, אין קליין וועלדעל, ביי דער גרעניץ, אז זי חלומ'ט אויך וועגען איהם!..

VII

אינמיטען פון זייגע זכרונות האט זיך וועלוועל מיט אמאל א כאפ געטון און זיך געפרעגט: וואס דארף איך דא און צו וועמען בין איך אהער געקומען? דאס זענען דאך שטיינער, נישט קיין מענשען! און נישט אריינגעהענדיג אין שטוב, האט ער זיך געלאזט געהן איבער'ן „הויף"; ער איז אבער נישט געגאנגען, נור געלאפען, נישט וויסענדיג אליין וואוהין. פלוצלונג האט ער זיך אבגעשטעלט נעבען הויפישען בית-מדרש און איז אהין אריין. דארט זענען געזעסען עטליכע יונגעלייטלעך, מיט ליולקעס אין מויל, איבער אפענע ספרים. איידער זיי האבען נאך בעוויזען ארומצוקוקען זיך, איז שוין וועלוועל געווען מיט איין שפרונג אויף די טרעפלעך, וואס פיהרען צום ארון-קודש, האט האסטיג אויפגעריסען דעם פרוכת, און גאנץ דענער-

פוירט האט ער גענומען טענה'ן, מיט א ציטערדיגער און וויינענדיגער שטים, עפּיס ווי צו גאָט: „זיי זיך נוקם אָן די פערפלוכטע מענשען, וואס האבען דורך זייער רשעות מיך צושיידט מיט מיין ליבינקען טייבעלע און ביי מיר אַוועקגערויבט מיין גליק אויפ'ן גאַנצען לעבען! בעשטראָף מיט דיין צאָרן אַלעמען, אפילו דעם הייליגען ר—ב י—ן! די חסידישע בעל־הבית'לעך זענען די ערשטע פּאָר מינוט געבליבען זיצען אויף זייערע ערטער, ווי צוטומעלטע, אָבער ביים רבי'נס נאָמען, זענען זיי געוואָרען אַזוי ווי עלעקטריזירט, און אייניגע עלטערע פון זיי האָבען זיך אַ לאָז געטון צום אַלמעמער, אַרויפגעוואָרפען זיך אויף וועלוועלען מיט ווילדע קולות און אַראבגעשליידערט איהם אונטען. תחילת האָט זיך וועלוועל נישט געלאזט און זיך מיט די אָנפאלער שטאַרק געראנגעלט און אויסגעזידעלט דערביי מיט די ערגסטע ווערטער די הויפישע מענשען און אויך דעם רבי'ן בכלל; די בחורים האבן איהם אבער אַ נעהם געטון מיט אַלע כחות און באלד איז שוין וועלוועל געלעגען „אָרצה". אויף די געשרייען איז געווארען אַן אָנגעלויף פון מענשען, יונג און אַלט, וועלכע האבען זיך אַלע אַריינגעשפּארט אין בית־מדרש און, דערהערענדיג וועגען וואס דאָ האנדעלט זיך, האָבען די אָנוועזענדע אויסגעבראָכען אין אַ שטורם. ס'האבען זיך געפונען עטליכע עלטערע חסידים, וועלכע האבען גע'פּסק'נט, אַז מ'דארף וועלוועלען געבען מלקות, און מ'איז שוין אויפ'ן אָרט צוגעטראטען מקיים פסק זיין. אָבער אין דער מינוט האט זיך וועלוועל היסטעריש צעוויינט און בעקומען אַ נערווען־אַטאק. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האבען געזאגט, אז מען דארף איהם אָבמינטערן און נאכהער געבען די שמיץ; אבער דער גרויסער עולם האט זיך דערשראָקען און גענומען זיך פונאנדערגעהן. וועלוועל האט זיך טאקע באלד בערוהיגט, אָבער קיין האַנד האט זיך שוין געגען איהם מעהר נישט אויפגעהויבען. ער האט אויסגעניצט דעם מאמענט, האט זיך אויפגעהויבען פון דער ערד און איז ווי א ווילער אַרויסגעלאפען פון בית־מדרש, שרייענדיג דערביי: „וואַרט, ווארט! איך וועל מיך נאך מיט אייך אלעמען אברעכענען!"

אינגאנצען אַ דערשלאגענער, איז וועלוועל געקומען אַהיים, און נישט דערצעהלענדיג קיינעם, וואָס מיט איהם האט פּאסירט, האט ער זיך א ווארף געטון, ווי א סנאָפּ אויפ'ן בעט, האט איינגעראבען דעם קאָפּ אין קישען און ביטערליך געוויינט; דערווייל זענען אריבער

מענשען פון יענער זייט גרעניץ קיין רוסיש־הוסיאַטין, און האבען דערצעהלט אין שטעדטעל די גאנצע געשיכטע, וואס האט זיך אָבגעשפּילט מיט וועלוועל ר׳ נחום׳ס אין „הויף״. די זאך איז באלד דערגאנגען צו וועלוועל׳ס עלטערן, און דאס האט אויף זיי געמאכט אַן ערשיטערענדען איינדרוק. זיי האבען וועלוולען אויפגעוועקט פון שלאָף און צוגעשטאנען צו איהם, ער זאל זיי זאגען, וואס עס איז היינט מיט איהם געשעהן אין „הויף״. ער האט זיך אבער נישט אָבגערופען אַפילו מיט איין ווארט, נור געהאלטען דעם קאפ אראָבגעלאָזט צו דער ערד, און כסדר געקוקט אויף איין פונקט, און די אויגען האבען אויסגעוויזען אזוי ווילד, אַז די מוטער איז פון איהם אָבגעשפּרונגען מיט שרעק און האט דריי מאל אויסגעשפּיגען. די עלטערן האבען בעמערקט, אַז אין וועלוולען קומט פאָר עפּעס אַזוינס, וואס דערוועקט א מורא, און האבען איהם געלאזט צו־רוה.

VIII

אַ פּאר וואכען זענען אריבער, און עס האט אויסגעוויזען, אַז וועלוועל וואלט זיך טאקע באמת געהאט בערוהיגט. ער האט אָנגעהויבען געהן טעגליך אין ברויז, ווי געווען, האט זיך אָוועקגעשטעלט ביים בוך און זיך אבגערעכענט מיט קליענטען. א פּאָר מאָל איז ער אויך געפאהרען געשעפטליך צום גראף בראניצקי, דער אייגענטימער פון ברויז, און זיך מיט איהם אויסגערעכענט און בעצאָהלט איהם די יעהרליכע אַרענדע. די עלטערן האבען אַזש אָנגעקוואלען פון נחת. זיי האבען געגלויבט, אז אין וועלוולען איז פארגעקומען אַן איבערבּרוך צום גוטען, און שוין אויף מארגען האט ר׳ נחום פּערטרויט א שטעדטעלדיגען שדכן, אז ער זוכט פאר זיין בן־יחיד אַ כפתור־וָפרח׳דיגען שידוך.

אין איינעם פון יענע טעג האבען זיך אין רוסישען הוסיאטין פערשפּרייט נישט קיין קאָנטראלירטע ידיעות, אַז אין „הויף״ טומעלט זיך עפּיס, אַז אַ ליאדע טאג ווערען פון דארט ארויסגעפאדערט פערשידענע פערזענליכקייטען צו שטעלען זיך פאר דער עסטרייכישער קריז־מאכט, אז א פּאר מאל זענען שוין דארט אין געוויסע הייזער פארגעקומען זעהר שטרענגע רעוויזיעס, און אז אין די חסידישע העכערע ספערען רעכענט מען, אז עס איז דערין פערמישט א האנד פון א מסור. פון אלע שטעדטעלדיגע איינוואוינער האט מען זיך מיט

די דאזיגע ידיעות פעראינטערעסירט בעזונדערס אין ברויז. ר׳ נחום׳ען האט באלד א קלאַפּ געטון דאס האַרץ: צי שטעקט דא נישט זיין וועלוועלס האנד? דער דאזיגער חשד האט זיך ביי איהם פער־גרעסערט, נאכדעם ווי ער האט בעמערקט, אז וועלוועל הערט זיך צו צו די ידיעות פון „הויף״ מיט א בעזונדער אויפמערקזאמקייט, אז וועגען יעדען פּרט פרעגט ער זיך צוואנציג מאל פונאנדער און מיט גרויס אינטערעס. ר׳ נחום האָט דעם דאזיגען חשד ארויסגעזאגט זיין עטלען, און הגם זי האט געזוכט אָבצושוואכען אין איהם דעם גע־דאנק, און געוואלט איהם איבערצייגען, אַז זייער וועלוועל איז אויף אזעלכע זאכען נישט פעהיג, אז די שטיקלעך פאפיר מיט נוסחאות פון מסירות, וואס מ׳האט ביי איהם געפונען, איז דאס דעמאָלט פון זיין זייט געוועזן נור א קינדער־שפּיל, — האט זי דאך ביי איהר אין הארצען אָנגעהויבען גלויבען, אז די מסירות אויפ׳ן הויף איז באמת וועלוועל׳ס א שטיק ארבייט. און איינמאָל אין אָוועגד האבען זיי ביידע, דער פאטער מיט דער מוטער, גענומען אויספארשען וועלוועלען וועגען דער זאך, איינרוימענדיג איהם א סוד אין אויער, אז ביי זיי איז גאר קיין שום ספק נישט, אז די טומלענישען אין „הויף״ וואקסען נור פון איהם. וועלוועל האט אבער געלייקענט „שטיין און ביין״, און גע׳טענה׳ט, אז ער ווייסט פון קיין זאך נישט. דער פאטער האט ביי איהם געבעטען א שבועה, וועלוועל האט איהם געגעבען, און דערמיט האט זיך עס אין רוסישען הוסיאטין פערענדיגט.

VII

אין „הויף״, ווידער, איז באלד, פון דער ערשטער מינוט אָן, ביי קיינעם פון דעם רבי׳נס סביבה נישט געוועזן קיין שום ספק, אַז די מסירות שטאמען נור פון וועלוולען. ליתר בטחון האבען זיך דאָרט געפונען אזוינע חברה־לייט, תקיפים ביי דער מאכט, וואָס האבען נישט בלויז צוריבען דער גאנצען ענין, נור אויך ארויסבעקו־מען דעם טעקסט פון אַ מסירה, פון וועלכער מ׳האָט תיכף דערזעהן, אַז דער שרייבער איז וועלוועל, נישט קיין אַנדערער. דאס האט ארויסגערופען אין די הויפישע ספערען א שטארקע אויפרעגונג און א שרעקליכען צאָרן נישט בלויז אויף וועלוולען, נור אויך אויף זיינע עלטערן, וועלכע האבען פון איהם אראָבגענומען זייער השגחה און איהם געלאזט אויסוואקסען מיט אזעלכע ווילדע און פערברע־

כערישע נויגוונגען געגען גאט און לייט. ס׳איז געווארען ארויסגעזאגט די מיינונג, אז מען טאָר די זאך נישט אָוועקמאכען אונטער דער האנד און אז מען דארף בעשטראפען בעזונדערס ר׳ נחום׳ן, וועט שוין וועלוועל דורכדעם ממילא ליידען. ר׳ נחום רעכענט זיך אפילו פאר א פערברענטען חסיד, און דער „הויף״ האט פון איהם ביז אהער געהאט א שטארקע יניקה, אָבער ער קאן דינען אלס מוסטער פאר אנדערע חסידישע טאטעס, וועלכע וועלען אויך אראבנעהמען זייער אויג פון זייערע קינדער, און דאס איז עלול צו ברענגען דערצו, אַז דער יונגער דור חסידים זאל בעשטעהן, גאט בעהיט, פון גאָלע מוסרים... אבער מיט וואס און ווי אַזוי בעשטראפט מען אזא עושר, ווי ר׳ נחום? דא האט זיך אריינגעמישט אין וויכוח דעם רבי׳נס עלטערער איידעם, ר׳ נחום׳ס שותף. דער דאזיגער יונגערמאן האט זיך שוין לאנג ארומגעטראגען מיט׳ן געדאנק, ארויסצושטופען ר׳ נחומ׳ן פון ברויז, כדי דער גאנצער גאלדענער עסק זאל פער-בלייבען אויסשליסליך אין זיינע הענד, און האט פאָרגעלעגט, אז דער „הויף״ זאל זעהן אָנווענדען זיין גאנצען אויטאָריטעט, דורכ-צופיהרען געגען ר׳ נחומ׳ען א שטילען „באָיקאָט״, דאָס הייסט, אז מ׳זאל איבעררייסען מיט איהם אלע געשעפטליכע בעציהונגען, אז די, וואס האנדלען מיט בראנפען, זאלען אויסמיידען זיין ברויז, און די האלץ-סוחרים זאלען נישט אראבקומען מאכען טראנזאקציעס אין זיינע וועלדער, און אזוי ווייטער. דער פלאן איז געווארען אָנגענו-מען. ס׳האט לאנג נישט געדויערט, און ר׳ נחומ׳ס פיל און פער-שיעדענארטיגע קליענטען, מיט וועלכע ער האט יאהרען-לאנג גע-פיהרט געשעפטען, האבען אָנגעהויבען וועניגער ווערען פון טאג צו טאָג, ביז עס איז געקומען דער מאמענט, ווען ער האט פערלוירען דעם גאנצען פדיון. עפעס אלע האבען זיך פון איהם אָבגעטון, אלע האבען איהם פערלאזט. אין א געוויסען טאג איז אראבגעקומען צו ר׳ נחומ׳ען פון עסטרייכישען הוסיאטין זיין שותף, דעם רבי׳נס עלטע-רער איידעם, און האט איהם מודיע געווען, אז אזוי ווי דער ברויז האט אויפגעהערט צו געבען רווחים און ער געפינט זיך אין א שפל׳ן צושטאנד, איז ביי איהם געבליבען זיך אבצוזאגען פון שותפות.

וואס ר׳ נחום האט זיך ביי איהם נישט צובעטען, ער זאל זיך נישט איילען צו פערווירקליכען זיין בעשלוס, ווייל עס קאן גראד זיין, אז דאס איז נור א צייטווייליגער קריזיס, וועלכער וועט

אפשר אינגיכען פארבייגעהן — האט גארנישט געהאלפען. דער שותף האט זיך איינגע׳עקשנ׳ט, און זיי זענען זיך צוגאנגען.

און אזוי האט זיך די לאגע כסדר ענטוויקעלט מיט דעמזעלבען טעמפא, ביז ר׳ נחום האט זיך געזעהן געצוואונגען אבשניידען פון אלע זיינע געשעפטען און פערבליבען ביי גארנישט. דערביי האבען איהם פיל פון זיינע קונדען אנגעזעצט גרויסע געלד-סומעס, און דאס האט געבראכט דערצו, אז ר׳ נחום איז געווארען בדיל-הדל. ער האט גאנץ גוט פערשטאנען פון וואנען און צוליב וועמען עס איז אויף איהם מיט אמאל אויסגעגאסען געווארען די תוכחה. אבער ווי איוב אין זיין צייט, אזוי האט ער זיך אויך אויף קיינעם נישט געקלאגט, נישט אויפן רבונו של עולם און נישט אויף מענשען, און נישט איינמאל דערקלערט, אז ער געפינט זיין שטראף פאר גערעכט און אז ער איז אלע זיינע בעשטראפער מוחל במחילה גמורה. אויפגערעגט איז ער נור געווארען אין יענעם פריהמארגען, בעת דער פערמאכטער ברויז האט זיך ווידער געעפענט אונטער דער פירמע פון זיין געוועזענעם שותף, דעם רבי׳נס איידעם. די דאזיגע פאר איהם גאנץ אומדערווארטע מאכינעציע, האט איהם זעהר פרשיטערט. ער האט זיך אבער באלד בערוהיגט, און האט דאס אויך אנגענומען פאר ליב.

נישט בערוהיגט האט זיך נור וועלוועל. ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז נור ער איז דער מקור פון אלע צרות, און דאס דאזיגע בעוואוסטזיין האט איהם שרעקליך געפייניגט. נישט קאנענדיג צוזעהן דעם צער פון זיינע עלטערן, איז ער איינמאל ביינאכט פערשוואונדען געווארען פון הוסיאטין.

VIII

נישט אבגעבענדיג זיך קיין חשבון פון דעם, וואס ער טוט, האט זיך וועלוועל אוועקגעלאזט קיין ווין. ד׳ יונגע גובערנאנטין האט נאך אלץ געשוועבט פאר זיינע אויגען און איהם געצויגען צו זיך, ווי א מאגנעטישע קראפט. אין ווין האט אים, אבער ערווארט א ביטערע ענטוישונג. ער האט זיך דארט דערוואוסט, אז דאס מיידעל האט נאך מיט א האלב יאהר צוריק חתונה געהאט מיט א רייכען חסיד׳ישען יונגענמאן פון אונגארן. ער האט זיך אפילו, פאהרענדיג קיין ווין, נישט גערעכט, אז פון זיין זעהן זיך מיט איהר זאל פאר

איזהם אַרויסקומען עפּיס מַמשות׳דיגעס, דאָך האָט די ידיעה וועגן איהר חתונה געמאַכט אויף איהם אַנ׳ערשיטערנדען איינדרוק. ערשט איצט האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז ער האָט נאָך אהער נישט גע-דאַרפט קומען, און אַז אויב שוין יאָ אַוועק פון דערהיים, איז פאַר איהם געווען דאַס גלייכסטע, צו פאָהרען ערגעץ-וואו קיין רוסלאַנד, אָבער נישט אין אַ פרעמד לאַנד, וואו איהם איז זיך שווער צונויפ-צוּרעדען אַפילו מיט יודען. דערצו איז ער נאָך אין עטליכע טעג אַרום פערבליבען אָהן אַ גראָשען געלד. ס׳איז איהם געקומען אַזוי שלעכט, אַז ער האָט שוין באַלד נישט געהאַט מיט וואָס צו בעצאָהלען פאַר נאַכט-לעגער. ער האָט געפּרוּבט זוכען אַ וועלכע-עס-איז אַרבייט, און האָט נישט געפונען. אומעטום האָט ער בעקומען אַ יין תשובה, אַז עס זענען דאָ גענוג אייגענע אַרבייטסלאַזע. אין אַ געוויסען פאַרנאַכט איז וועלוועל אַריין אין דער פּוילישער שוהל, וואו עס דאַוונען אָרטאָדאָקסישע יודען פון פּוילען און פון גאַליציען. דאַס איז געווען די צייט פון „בין מנחה למעריב“. ביי אַ פּאָר מנינים יודען מיט לאַנגע קאַפּאָטעס זענען געזעסען ביי אַ לאַנגען טיש און האָ-בען זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, ווי איינער אַנ׳עלטערער, בכבוד׳יגער מאַן האָט פאַר זיי געזאָגט „עין יעקב“. וועלוועל האָט זיך אויך אַוועקגעזעצט ביים טיש, האָט זיך צוגערוקט צו אַ יודען און אַריינ-געקוקט מיט איהם אין זיין „עין יעקב“. גראַד האָט מען דאַן געהאַלטען ביי אַ שווער שטיקעל אַגדתא. דער פּאָרזאָגער האָט זיך אָבגעשטעלט און גענומען קנייטשען דעם שטערן. די צוהערער האָבען שוין געוואוסט פון לאַנג, אַז ווען דער „רבי“ הויבט-אָן קנייטשען דעם שטערן, איז עס אַ סימן, אַז ער איז אַריין אין קלעם, פון וועלכען ער קאָן נישט אַרויס. פון אַלע זייטען האָט מען איהם געפּרוּבט העלפען, איטליכער האָט געטייטשט דעם פּשט. ווי עס לעגט זיך איהם אויפ׳ן שכל. דער רבי האָט אָבער אַלעמען אָבגעשלאָגען. דאַ האָט זיך וועלוועל אַריינגעמישט אין וויכוח, און ער האָט אַזוי פערשטאַנען פונאַנדערצוקלויבען זיך אין דער פערפּלאָנטערטער שטיקעל אַגדה, אַז אַלע, מיט׳ן פּאָרזאָגער נישט אויסגעשלאָסען, האָבען געמוזט מסכים זיין, אַז זיין פּשט איז דער ריכטיגסטער. בעת מ׳האָט פערענדיגט דעם שיעור, האָט ימען אָנגעהויבען פון אַלע זייטען אָבצוגעבען וועלוועלען ברייטע „שלום-עליכם׳ס“, אַנדערע האָבען זיך ביי איהם פונאַנדערגעפרעגט, ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט.

װעלװועל האָט געװעהנליך קיינעם נישט ענטפּלעקט דעם ריינעם אמת. ער האט נור געזאגט, אַז ער איז אַ רוסישער, פון פּאָדאָליער גו־בערניע, און איז זיך געקומען קיין װין קורירען. דערביי האט ער געגעבען אָנצוהערעניש, אַז ער איז פערבליבען אָהן מיטלען, און האט נישט מיט װאס צו פאהרען אַהיים. באַלד איז דאָס פונאנדער־געטראָגען געװארען איבערן גאנצען בית־מדרש, און װי מ'האט נור אָבגעדאַװענט מעריב, האט מען פאר איהם צװישען די מתפּללים צוזאמענגעקליבען עטליכע גולדען אויף הוצאות־הדרך. װעלװועל איז דערפון געװען גאנץ צופרידען, האט אבגעדאנקט די מנדבים און איז אװעק מיט דער דעה, שוין אויף מאָרגען צו פערלאזען װין.

IX

װעלװועל האָט נישט בעמערקט, אַז מיט איהם צוגלייך איז אַרויס פון בית־מדרש א יונגערמאן, װעלכער האט זיך פערנומען אין דערזעלבער גאַס, װאס ער און איז איהם נאכגעגאנגען טריט ביי טריט. קומענדיג צו א ראָג גאַס, האט איהם דער יונגערמאן אָבגע־שטעלט מיט די װערטער:

— איך האב נאר װאס געהערט, אז איהר זענט פון רוסלאנד און געפינט זיך אין אַ שװערען מצב. איך בין אייערער א לאנדסמאן, אויך פון פאדאליער גובערניע, און װאלט אייך זעהר געװאלט העל־פען, אויב נישט מיט מזומן געלד, איז מיט אַנ'עצה, װי איינצו־ארדנען זיך אזוי, אַז איהר זאלט נישט אנקומען צו לייטען. איך קאָן נישט צוקוקען גלייכגילטיג, װי אַ בחור אַ בן־תורה, װי איהר זייט, מוז, נעביך, מותר־זיין אויף זיין כבוד און אויסשטרעקען די האַנד נאך א נדבה, װי א פּראָפעסיאָנעלער קבצן.

װעלװועלען זענען די װערטער אַריין אין אויער. ער האט זיך א װיילע פערטראכט און נאָכהער איהם געפרעגט:

— װאָס, אַדרבה, װאלט איהר מיר גע'עצה'ט צו טון?

— דאָ אויפ'ן גאס, — האט אים דער אומבעקאנטער יונגערמאן געענטפערט, — איז נישט דערויף דאס ארט. אט לאמיר אריין אין א רעסטאָראַן.

זיי זענען ביידע אריין אין א דערבייאיגען רעסטאָראן, האבען זיך אַװעקגעזעצט ביי אַ טישעל, און דער יונגערמאן האט געהייסען דעם קעלנער דערלאנגען א פּאָר גלעזלעך שנאפּס מיט פערבייסען.

וועלוועל האט זיך דערפיהלט היימליך, און געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויף דער מינוט, ווען דער יונגערמאַן וועט שוין אָנהויבען רעדען.

— אז איהר קענט גוט לערנען, — האט זיך דער יונגערמאַן אָב-גערופען, — דאס האָב איך געזעהן. אָבער זאָגט מיר איך בעט אייך, וואס קענט איהר נאך פון אונזערע שוואַרצע פינטעלעך?

— איך קען חסידות, איך...

— חסידות קענט איהר? ווי אזוי? — האט איהם דער יונגערמאַן איבערגעריסען ווי ערשטוינט.

— איך האָב ממש געווען גוטע יודען, איך האב מיך אָנגעהערט זייערע תורות און קען אויך זאָגען תורה.

— אזוי? איהר קענט זאָגען תורה? געוויס פאַר חסידים?

— יאָ! יאָ! איך האָב געלערנט „זוהר", איך קען אַזש „קבלה" און ווייס אויף אויסוועניג א סך חסיד'ישע תורה.

— אויב אזוי, — האט דער יונגערמאַן אויסגערופען מיט א בע-זונדער צופריעדענהייט, — קאָנט איר זיין א גליקליכער מענש!

דער יונגערמאַן האט זיך איינגעבויגען צו וועלוועלען און איז מיט איהם פון אויער צו אויער אריין אין א לאַנגען פערטרוילי-כען שמועס. וועלוועל האט זיך צוגעהערט און מינוטענווייז געקוועטשט מיט די פלייצעס, עפּיס ווי שטאַרק פערוואונדערט. מיט אַמאָל האט ער זיך אויפגעשטעלט און קאַטעגאָריש א זאָג-געטון:

— ניין, יונגערמאַן! איהר האט דאַ נישט געטראָפען דאס אָרט. איך געה אַפילו שוין לאַנג נישט אין די חסיד'ישע דרכים, און די חסידים האָבען מיר געבּוג צרות אנגעטון, איך זאָל האָבען צו זיי א וועלכען-עס-איז צובונד; אָבער דאס, וואס איהר עצה'ט מיר, איז פאַר מיר כלל נישט אָנגעמאָסטען. איהר דאַרפט וויסען, אז איך בין א זוהן פון פרומע עלטערן, צו וועלכע איך בין צוגעבונדען מיט לייב און לעבען; איך בין אַפילו נישט אזוי פאַנאַטיש, ווי זיי, אָבער די יודישע אמונה איז מיר ליב און טייער, און איך פערשטעה גאָרנישט, ווי קומט איהר עס מיר אזוינס פאָרצולעגען.

דער יונגערמאַן האט זיך אָבער געמאַכט, ווי נישט איהם מיינט מען עס, און נישט אָבגעלאָזט וועלוועלען — ער מוז איהם אויסהערען ביז צום סוף. ער האט אָבער געפונען פאַר נויטיג אומצוענדערן א ביסעל דעם נוסח מיט'ן טאָן, און אָנשטאָט דעם, וואס ביז-אהער

האט ער געזוכט צו ווירקען אויף וועלוועלס מוח און זיך בעמיהט איהם צו דערקלערען, אז דער חוב פון יעדען ערענטליכען מענשען איז, צו עפענען די אויגען פון פערבלענדטע, פון פערפיהרטע און אנווייזען זיי דעם דרך הישר, און ווען יודען זענען די בלאָנדזשענ־דיגע שעפעלעך, און בעטרעטען נישט דעם ריכטיגען וועג, וועלכער פיהרט צום גליק פון גוף און צו דער אייביגער זעליגקייט פון זייער נשמה, דארף מען אויף זיי רחמנות האבען און ארויסבריינגען זיי פון דער פינסטערניש אין דער ליכטיגקייט, — האט ער איצט גע־גומען שפּילען גאָר אויף אנ׳אנדער סטרונע, און האט גערעדט צו זיין הארץ און צו זיינע געפיהלען. דורך חסידות איז געווארען צובראכען זיין יונג לעבען, און געוויס איז ער נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער, און עס זענען דא נאך הונדערטער קרבנות, ווי ער, בכן טאר מען עס נישט דערלאזען, און מ׳מוז זעהן צו פער־היטען, אז מעהר זאל אין דער יודישער וועלט אזוינס נישט פאר־קומען, און דאס קאן מען פערווירקליכען נור דורך אויפקלערונג, און אויפקלערען קאן נישט אַבי־ווער, דערצו מוז מען זיין א גרויסער למדן, א מענש מיט אויסטערלישע ידיעות אין חסידות, וועלכער זאל וויסען, וואס צו ענטפערן און ווי אבצושלאגען דעם געגנער.

— אַזא מענש, — האט דער יונגערמאן פערענדיגט, — זייט א י ה ר, אבער איהר זייט ביי אונז נישט קיין יחיד, מיר האבען א גאנצען לעגיאָן פון אזעלכע לומדים, ווי איהר זייט, און נאך גרעסערע פון אייך. ביי אונז זענען דא מענשען ממש קארפען־קעפּ, מענשען גאונים. אויב איהר ווילט, בין איך גרייט צו בעקענען אייך דער־וויילע מיט איינעם פון זיי.

דער יונגערמאן, וועלכער איז געווען זעהר א בערעכענטער מיט א כיטרען קאפּ, האט פערשטאנען וועלוועלן אזוי צו פערדעהען דעם מוח, אז ער האט מסכים געווען צו זיין פארשלאג, אויף מארגען מיט איהם אריינצוגעהן צו איינעם פון די „גאונים“, וואס געהערען צו יענער חברה, וועלכע האט זיך געמאכט צום צוועק, צו בעגליקען יודען מיט נייע געדאנקען און מיט א נייער „תורה“...

אין דער אבגערעדטער צייט איז דער יונגערמאן געקומען צו וועלוועלן און איז מיט איהם אוועק צו יענעם „גאון“, וועגען וועלכען ער האט מיט איהם נעכטען גערעדט מיט אזא בעגייסטערונג. דאס איז געווען ז׳ער נאר־וואס איז וויז פּאָפּולער געווארענער מיסיא־

נער זאלקינסאָן (יע״ס). אין יענער מינוט איז זאלקינסאָן געזעסען ביי זיך אין קאבינעט צווישען ווענט פערלעגט מיט ספרים און האט אריינגעקוקט אין „זוהר". יע״ס האט שוין געוואוסט, ווער וועלוועל איז, און האט איהם אויפגענומען זעהר פריינדליך. נאך די ערשטע געגענזייטיגע עטליכע ווערטער האט זיך יע״ס אב־גערופען:

— גוט, וואס איהר זענט געקומען; עפּיס ווי דער אויבער־שטער אליין וואלט אייך צו מיר צוגעשיקט. שוין א לאנגע צייט, ווי איך מאטער מיך אויף א שטיקעל „זוהר", און קאן בשום אופן נישט אויסגעפינען דעם ריכטיגען פשט; איהר זייט, ווי איך האב געהערט, א גרויסער ידען אין הסידות, און דעריבער וועט איהר מיר געוויס אויפקלערען די כוָנה פון יענער פאר מיר אונפערשטענדליכער מימרא, פארוואס איך וועל אייך זעהר און זעהר דאנקבאר זיין.

און וועלוועל האט ווירקליך באלד געפונען דעם שליסעל צו יענעם שווערען אָרט אין „זוהר", און יע״ס האט געהערט און גע־קוואָלען, און איהם כסדר נישט אויפגעהערט צו דריקען די האנד. עטליכע שעה האט וועלוועל פערבראַכט ביי יע״ס׳ן, און אין דער צייט האָט דער מיסיאָנער בעוויזען אזוי קונציג צו פערשטריקען איהם אין זיין נעץ, אז ער איז אוועק פון איהם ממש ווי היפּנאָטיזירט. וועלוועל איז שוין פערבליבען אין ווין, וואו ער איז געווארען ביי זאלקינסאָנ׳ען א גאַנצער בן־בית, און שפּעטער אויך זיין „נושא־כלים". נאָכדעם, ווי וועלוועל האט משמש געווען זאלקינסאָנ׳ען עטליכע חדשים, האט ער זיך אָהן א שום אינערליכען קאמף אָבגעשמד׳ט אויפ׳ן אַנגליקאַנישען גלויבען. פון דעמאלט־אָן האט ער אנגעהויבען אַרומפאָהרען אַלס מיסיאָנער, פריהער איבער אונגארען, און שפּעטער אויך איבער גאליציען, און אומעטום האט ער געהאט ערפאלג. דורך יע״ס׳ן האָט מען זיך וועגען איהם דערוואוסט אין דעם לאָנדאָ־נער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער עוואַנגעליש־מיסיאָנערישער גע־זעלשאפט. ס׳האט לאנג נישט געדויערט, און וועלוועל איז ארויס־גערופען געווארען קיין לאָנדאָן, וואו מ׳האט איהם אוועקגעשטעלט בראש פון דער „יודען־מיסיאָן". פון דעמאלט־אָן האט ער שוין גע־הייסען: „וויליאַם אַטקינס".

X

זיין גאנצען מיסיאָנערישען טאַלענט האט וועלוועז ארויסגעווי

טען קודם כל אין גאַליציען. אַ לאנגע צייט איז ער כסדר אַרומגע־ פאָהרען איבער די גאַליציאַנער שטעדט און שטעדטליך אַלס חסידישער מגיד און מוסר־זאגער. אָנגעטון איז ער געווען מעשה־ חסיד אין אַ לאנגער אַטלעסענער קאַפּאָטע, אויפ׳ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ סויבעלנעם שטריימעל, זיינע געקרייזעלטע פּאות האבען דערלאַנגט אַזש צו דער פלייצע, און האָט בכלל געהאַט דאס אויסזעהן פון אַ שטיקעל גוטען יוד. געקומען אין אַ שטאָדט, פלעגט ער גלייך נאָכ׳ן דאווענען ארויף אויף דער בימה, און מיט פערגלאָצטע אויגען נעהמען שטראָפען דעם עולם, פאַרוואָס ער האט זיך אַריינגעלאָזט אין „הבלי העולם הזה״, אין חמר׳ישע תּאוות, און דאַגה׳ט גאָרנישט פאר דער נשמה, זי זאל זיין ריין און אויסגעלייטערט. דערביי פלעגט ער ציטירען אויף אויסוועניג גאנצע שטיקער תורה, אויסגעמישט מיט ציטאטען פון זוהר און פערשידענע קבלה־ספרים, פון בעריהמטע חסידישע רביים. אַזוי האט ער געהאט בכח אָבצורעדען עטליכע שעה נאָכאַנאַנד, און האט תּמיד געוואוסט, ווי צו מאכען אויף זיינע צוהערער אַ שטאַרקען רושם. פערענדיגט האט ער זיינע אלע דרשות מיט אַ בעגייסטערטען אויפרוף צו די חסידישע יונגע־לייט, וואס זייערע נשמות זענען נאך נישט געווארען בעפלעקט פון די זינדיגע געלוסטען, זיי זאלען מיט אלע כחות זעהן קעמפען געגען די אָנרעדענישען פונ׳ם יצר־הרע, און די, וועלכע ווילען זיך בעקענען גענוי, ווי אַזוי די דאָזיגע שווערע מלחמה דארף גע־פיהרט ווערען, זאלען קומען צו איהם אויף דער קווארטיר, און ער וועט זיי שוין לערנען, וואס זיי האבען צו טון, כדי צו דער־גרייכען דעם גרויסען און הייליגען ציל. כמעט אין יעדער שטאָדט אין שטעדטיל האבען זיך געפונען בייגיריגע יונגע מענשען, וועלכע האבען געוואלט הערען, וואס דער אויסטערלישער בעל־דרשן וועט זיי אין זיינע פריוואטע שמועסן אויפקלערען און האבען איהם בעזוכט אויף זיין אַכסניא. דארט פלעגט ער זיי אויפנעהמען נישט אלעמען צוזאמען, נור יעדערן בעזונדער, און מיט איטליכען פון זיי האט ער געפיהרט דאס געשפרעך אויף אַנ׳אַנדער טעמע, און אלע זיינע טעמעס האבען געצילט צו פערדרעהען די קעפּ פון די נאַאיווע חסידישע בחורים מיט מיסיאָנערישע טענדענצען און שמד־געדאנקען, און נישט ווייניג קעפּ פון גאטספארכטיגע יודישע קינדער אין גאליציען זענען באמת דורך איהם געווארען פערדרעהט און געפאלען אלס קרבנות פון דער מיסיאָן.

ווי געזאגט, האט זיך וועלוועל דורך זיין ערפאלגרייכער מיסיאנערישער טעטיגקייט אין גאליציען ערווארבען א גרויסען נאמען אין די הויכע אנגליקאנישע ספערען אין לאנדאן, וועלכע האבען איהם ארויסגערופען צו זיך אלס איינעם פון די אנפיהרער מיט דער אלוועלטליכער מיסיאן-געזעלשאפט. בעזעצענדיג זיך אין לאנדאן, האט וועלוועל, אדער וויליאם, געהאט אונטער זיך א גאנצען שטאב מיסיאנערען, וועלכע פלעגען ארומפאהרען אין די פון איהם אנגעוויזענע ערטער. ער אליין פלעגט צייטענווייז אנקומען נור אין אזעלכע מקומות, וואו ס'האט זיך געפאדערט ארויסצעווייזען אין דער ארבייט א בעזונדער בריה'שאפט, אדער ווען מ'האט בעדארפט אויסנוצען געוויסע מאמענטען, וועגען וועלכע מ'קאן נישט וויסען אין פאראויס, ווי לאנג זיי וועלען אנהאלטען. אזוי, למשל, איז געוועזן זיין שטייגער, ארויפצושווימען פלוצלונג אין רוסלאנד, יעדעס מאל, ווען די צארישע רעגירונג האט אנגעהויבען ארויסגעבען נייע גזרות אויף יודען, און אין „תחום" האט זיך געלאזט פיהלען א גרויסער יאוש. אין אזעלכע פאלען פלעגט זיך וועלוועל א לאז טון מיט א בעזונדער אימפעט איבער די יודישע שטעדט און שטעדטליך, און תמיד פלעגט ער שוין געפינען אזעלכע תמימים, ארום וועלכע עס איז איהם אנגעקומען גאנץ לייכט צו פערשפרייטען זיינע נעצען. ער האט שוין דעמאלט געהאט אין זיין רשות בעדייטענדע געלד-סומען, מיט וועלכע ער האט די ערשטע צייט געדארפט אויסהאלטען די דורך איהם פערפיהרטע, דאס רוב ארימע, עלענדע יודען.

א לאנגע צייט האט מען פון וועלוועלען נישט געהערט. מ'האט נור דערצעהלט וועגען איהם, אז די געזעלשאפט בעשעפטיגט איהם אויסשליסליך מיט מיסיאנערישער ליטערארישער ארבייט, און אז מיט דער פעדער ווייזט ער ארויס נאך פיל גלענצענדערע ערפאלגען, ווי מיט'ן מויל. זיינע יודישע און העברעאישע בראשורען, וועלכע ער שרייבט אונטער פערשידענע פסעוודאנימען, זענען דאס בעסטע מאטעריאל פאר מיסיאנערישער פראפאגאנדע און אגיטאציע, און אלס בעלוינונג האט איהם די געזעלשאפט בעשטימט א היבשע יעהרליכע פענסיע. ער האט שוין דאן געהאט א פרוי מיט קינדער. זיין פרוי איז געוועזן א יונג ווייבעל פון א יודישען עמיגראנט, וועלכער ער האט אבגערעדט פון מאן און זי פערפיהרט צום שמד. אזוי האט זיך וועלוועל געעלטערט, ער איז שוין געווארען א בן-

שבעים און געקרוינט פון זיינע יונגערע חברים מיט'ן נאמען „דער טאטע פון די מיסיאנערען". מ'האט גערעכענט, אַז וועלוועל בלייבט שוין אַזוי רוהען „אויף זיינע לאָרבערן". ווי עס האט זיך אבער ארויסגעוויזען, איז דאס געווען אַ טעות. ס'איז אָנגעשטאנען אַ מאָמענט, ווען דער שוין „גרייז־גראהער" וועלוועל האט בעשיינפערליך בעוויזען, אַז ער איז נאך ווייט נישט קיין „עובר בטל", אַז נאך איצט שטייגט ער אריבער אין זיין בערוף די אלע יונגע, וואס רופען איהם „טאטע".

XI

דאס איז געווען אין דעם ערשטען צעהנליג יאָהר פונ'ם איצטיגען יאהר־הונדערט, בעת אין רוסלאנד האט זיך שטארק פונאנדערגעבושעוועט די פינסטערע רעאקציע און מ'האט גענומען בעגרעניצען די רעכט פון די יודישע יונגע־לייט מיט מיטעלער בילדונג אריינצוטרעטען אין די הויכשולען. אין געוויסע אוניווערזיטעטען האט מען יודען לגמרי נישט אנגענומען און אין די איבריגע האט מען געעפענט די טירען נור פאר אַ קליינעם פראצענט. די יודישע שטודירענדע יוגענד האט זיך דערפיהלט זעהר ענטטוישט פון איהרע אידעאַלען און איז אַריינגעפאלען אין גרויס פערצווייפלונג. וועלוועלען איז דאס געווען ווי „אויף דער האנט". ער האט געזעהן פאַראויס, אַז דאָ שטעהט איהם פאָר אַנ'אויסטערלישער „פאַנג" און, נישט פיל קלערענדיג, איז ער אַוועק קיין רוסלאַנד. דאָ האָט ער אין פערלויף פון אַ קורצער צייט געגרינדעט אַ גאנצע אָרגאַניזאַציע פון עוואנגעלישע מיסיאָנערען, וועלכע האבען געאַרבייט מיט גרויס התמדה צווישען דער יודישער שטודירענדער יוגענד אין די פערשידענע אוניווערזיטעט־שטעדט און אין אַנדערע בעדייטענדע יודישע צענטרען אין דרום־רוסלאַנד און אין פוילען. די רעזולטאַטען פון זייער טעטיגקייט האָבען זיך גיך ארויסגעוויזען. ביי אַ טויזענד יודישע יונגעלייט, בעזונדערס קורסיסטקעס, האָבען זיי פאַר דעם משך צייט פון צוויי, דריי חדשים אָבגעשמד'ט אויפ'ן ענוואַנגעלישען גלויבען. וואס ברייטער די טירען פון די רוסישע אוניווערזיטעטען האבען זיך געעפענט פאר די דאָזיגע משומדים־קאַריעריסטען, אלץ גרעסער איז געוואקסען דער ערפאָלג פון וועלוועלען מיט זיין חבריא. ביי דערזעלביגער געלעגענהייט האט וועלוועל געפרובט אויסשפרייטען זיינע נעצען אויך

צווישען דער געדריקטער יודישער מאַסע; אָבער דאָ האט ער שוין קיין גליק נישט געהאט. דער יודישער המון האָט זיך ארויסגעוויזען כאר מעהר אידעאַליסטיש פון די יונגע סטודענטען און סטודענטינס, וועלכע האָבען צוליב מאַטעריעלע צוועקען פעררראטען דעם גלויבען פון זייערע עלטערן. שטאָלץ אויף זיין נצחון, האט זיך וועלוועל צוריק געקעהרט קיין לאָנדאָן, וואו ס׳האָבען איהם ערווארט גרויסע אָוואציעס מצד דער אַנגליקאַנישער מיסיאָן-געזעלשאפט.

און ווידער האט מען פון וועלוועלען אַ צייט נישט געהערט. אָבער מיט דעם אויסברוך פון דער וועלט-מלחמה איז זיין נאָמען גאָר אויף דאס ניי ארויפגעשוואומען אין דער עפענטליכקייט. דאָס איז געווען בעת צעהנדליגער טויזענדער יודישע פאַמיליעס זענען דורך גרויזאמע צאַרישע בעפעהלען אויסגעריסען געווארען פון זייערע איינגעזעסענע ערטער, און היימלאָזע האָבען זיי זיך אוועק-געלאָזט, מיט גוטען, צי מיט בייזען, אין די ווייטסטע רוסישע גו-בערניעס. דורך יודישע געזעלשאפטליכע טוער האָבען זיך דאן אין יענע שטעדט געגרינדעט הילפס-קאָמיטעטען, וועלכע האבען געהאט צו זארגען פאר די אַנטרונענע און צוריק אויפבויען זיי אויף זייערע נייע ערטער מאַטעריעל און גייסטיג. די דאָזיגע תוכחה, וואס ס׳האָט זיך אויסגעגאסען אויף אגרויסען טייל פונ׳ם רוסישען יודענ-טום, האָט וועלוועל געוואלט אויסנוצען פאר זיינע מיסיאָנערישע צוועקען. ער האט געהאפט, אַז דא האט ער פאר זיך געפונען אגרויס און אברייט אַרבייטס-פעלד. נישט קוקענדיג אויף זיין הויכען עלטער, איז ער בראש פון אגאַנצען שטאַב מיטהעלפער און מיט אהיבשער געלד-סומע אראבגעקומען קיין רוסלאנד, וואו ער האט לייכט בעקומען די ערלויבניש צו בעזוכען די אלע ערטער, אין וועלכע עס זענען קאָנצענטרירט גרויסע מאסען פון די ארויס-געטריבענע יודען. דא האט ער גענומען שפילען די ראלע פון אמעצענאט, וועלכער איז געקומען העלפען די עלענדע און נויט-בעדערפטיגע יודישע פאַמיליעס. ער האט געשאטען מיט געלד אויף רעכטס און אויף לינקס, האט געעפענט קיכען, געגרינדעט שולען, אין געמיינט, אז אט, אָט דערגרייכט ער זיין ציל און מאכט פאר איין מאל אנ׳אונגעהויער גרויסען פאנג. דא איז ער אָבער געווארען געשטרויכעלט. די מאסען הונגעריגע, פער׳חושכ׳טע היימלאָזע האבען זיך נישט געלאזט כאַפען אויף דער ווענטקע. נור יחידים זענען גע-

גאנגען עסען אין זיינע קיכען און האבען געשיקט זייערע קינדער אין זיינע שולען, אבער אויך ביי די דאזיגע איינצעלנע האט ער גאָר קיין גליק נישט געהאט. וואו ער אדער זיינע אַגענטען האָבען גענומען אַריינ׳טענה׳ן וועגען זייער „ענין", האבען זיי געהאט אַ מורא׳דיגען פסק, און זענען אוועק בבושת־פנים. דערצו האט נאך די דעמאלדיגע יודיש־רוסישע פרעסע דערשמעקט וועגען וועלוועל׳ס אויפטועכצען, און געמאכט אַ „ויצעקו". פון פערשידענע זייטען איז מען ארויס צו די אנטרונענע מיט וואָרנונג־אַרטיקלען, נישט צו לאָזען זיך פאנגען פון די פאלשע בעלי־צדקות, וואס ווילען זיי כלומר׳שט העלפען אין דער נויט. די דאזיגע ווארנונגען זענען שוין אָבער געווען גאנץ איבריג, ווייל, ווי געזאגט, האבען זיך די היימ־לאָזע שוין אַליין אָנגעשטויסען מיט וועמען זיי האבען דאָ צו טון.

אויסער דער ענטטוישונג פון דער אַלגעמיינער זאך, איז נאָך וועלוועלען בעשערט געווען אַוועקצופאָהרען פון טאַמבאָוו מיט א גרוי־סען פערזענליכען עגמת נפש. צופעליג האט ער זיך דערוואוסט, אַז צווישען די עסטרייכישע ערוב׳ניקעס, וואס געפינען זיך דארט אונטער פּאָליציייאישער השגחה, זענען דא אויך צוויי פון גאליציאנער הוסיאַטין. ביי די ווערטער האט איהם אינסטינקטיוו א צופּ געטון פאר׳ן האַרץ, און אין איהם האָט זיך דערוועקט דער בעגעהר, צו זעהן זיך מיט די דאזיגע יודען. ער האט זיך משתדל געווען ביי דער מאכט און בעקומען פון איהר די ערלויבניש אויף א שעה׳דיגען געשפרעך מיט די גאַליציאַנער ערוב׳ניקעס. דורך אומוועגען האט ער זיך פון זיי דערוואוסט, אז לויט ווי עלטערע הוסיאַטינער איינוואוינער דערצעהלען, זענען וועלוועל דעם משומד׳ס עלטערן געשטארבען אין גיכען איינער נאך דעם אנדערן פון גרויס צער און חרפה. הערענדיג דאס, איז ער געווארען אויפגעטרייסעלט; אָבער באלד האט ער פערטריבען דעם אנגע־הויבענעם שמועס און גענומען אויספרעגען וועגען דעם, וואס עס הערט זיך אין עסטרייכישען הוסיאַטין בכלל. דא האט מען איהם דערצעהלט, אז די מלחמה האט חרוב געמאַכט דאס גאנצע שטעדטיל, אז בעזונדערס האט געליטען דער „הויף". דעם רבי׳נס בית־המדרש איז געווארען אינגאנצען אבגעברענט און אלע זענען זיך צולאָפען, די קיין ווין, אנדערע קיין

אונגארן. און אלע ריכטען זיי אָב גלות אין דער פרעמד. די דאזיגע ידיעות האבען שוין וועלוולען גראד נישט אזוי שטארק מצער געווען... פאר'ן אוועקגעהן האט ער איבער־געגעבען דער אַדמיניסטראציע לטובת די גאליציאנער ערובי־ניקעס בכלל א היבשע געלד־סומע און געהייסען זאָגען, אַז דאס איז די שטיצע פון א לאַנדסמאַן, וועלכער איז „פערוואגעלט גע־וואָרען צו די גוים"..

---

# יוסף טארלא

1

אין די ערשטע צעהנדליג יאָהרען פון דער השכלה-בעוועגונג אין גאַליציען, וואָס האָט אַרויסגעגעבען אַזעלכע גרויסע פערזענליכ- קייטען, ווי ר׳ נחמן קראָכמאַל, ר׳ שלמה יהודה ראַפּאָפּאָרט (שי״ר) און אַנדערע, האָט זיך קונה שם געווען אין זייער סביבה אַ יונגער משכיל מיט׳ן נאָמען יוסף טאַרלאָ, וואָס זיינע פריידענקערישע געדאַנקען האָבען איהם שפּעטער געבראַכט צום שמד. דער בעקאַנ- טער העברעאישער שריפטשטעלער ד״ר שמעון בערנפעלד גיט איבער אין זיינע זכרונות *) פון יענער תקופה די פאָלגענדע, זעהר כאראקטעריסטישע פּרטים וועגען דעם לעבען פונ׳ם דערמאָהנ- טען משומד:

טאַרלאָ איז געווען א גרויסער למדן, פון א שענער משפחה און איז פערכאַפּט געוואָרען פון דעם השכלה-שטראָם. נאָך גאַנץ יונג האט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם וויעלקאַטשער רב, וועלכער האט איהם גענומען צו זיך אויף קעסט. נאָכדעם, ווי טאַרלאָ׳ן איז אָבגעשטאָרבען זיין ערשטע פרוי, האָט ער געהייראַט איהרע אַ שוועסטער, און איז פערבליבען וואוינען אין דעמזעלבען שטעדטיל. אין אַ געוויסען טאָג איז אַהין געקומען צופאָהרען דער בעלזער גוטער יוד, ר׳ שלום רוקח, און איז די גאנצע צייט, וואס ער האָט דאָרט פערבראַכט, איינגעשטאַנען ביים רב, טאַרלאָ׳ס שווער. טאַרלאָ, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען „געכאַפּט אין דער מעשה״

*) אין דעם העברעאישען זאמעלבוך „רשומות״.

און האט, ווי אלע משכילים פון זיין צייט, פיינט געהאַט די חסידים און זייערע רבנים תּכלית שנאה, האָט בעשלאָסען אָבצוטון דעם בעלזער רבי'ן אַ שפּיצעל. און געטון האט ער גאר אַ קלייניגקייט: ווען קיינער ביי זיין שווער אין הויז האָט נישט בעמערקט, האט ער זיך אַריינגעגנב'עט שטילערהייד אין קיך, און האָט אין דעם טאָפּ, אין וועלכען עס האָט זיך געקאָכט אַ בעזונדער פליישיגער מאכל פאַר'ן בעלזער צדיק, אַריינגעוואָרפען אַ שטיקעל טריפה פלייש. אין עטליכע טעג שפּעטער, בעת דער בעלזער גוטער ייד איז שוין געווען ביי זיך אין דערהיים, האָט איהם טאַרלא אַריינגעשיקט אַ בריף, אין וועלכען ער דערצעהלט איהם וועגען דעם שפּיצעל, וואָס ער האט איהם אָבגעטון.

דער בעלזער, איבערלייענענדיג דעם בריף, איז געוואָרען שטאַרק אויפגעבראכט, און האָט אַריינגעשריבען דעם וויעלקאטשער רב אַ שטרענגען בעפעהל, ער זאָל זעהן אָנווענדען זיינע אַלע כּחות אָבצוג'גט'ן טאַרלאָ'ן. דערביי האט איהם דער בעלזער געמאָלדען, אַז אויב ער וועט עס נישט טון, וועט ער נאָך דערלעבען זעהן זיין חצופישען איידעם אַ גע'שמד'טען צוזאַמען מיט זיין טאָכטער.

„דיין ערשטע טאָכטער — אַזוי האָט דער בעלזער צדיק געשריבען צום רב — האט וועניגסטענס זוכה געווען צו קבר ישראל; אָבער דיין צווייטע טאָכטער, אויב דו וועסט זי בעצייטענס נישט אַרויסראַטעווען פון דעם תּכשיט'ס הענד, וועט זיכער ווערען אַ גוי'ע, און איהר סוף וועט זיין, אַז זי וועט בעגראָבען ווערען צוזאַמען מיט איהם אויפ'ן גוי'אישען בית-עלמין".

ווי עס ווייזט אויס האט דער וויעלקאטשער רב נישט געקאָנט פּועל'ן ביי זיין טאָכטער, זי זאָל זיך שיידען פון טאַרלאָ'ן. זי האט פון קיין גט נישט געוואָלט הערען, און איז פערבליבען וואוינען מיט איהר מאַן. טאַרלאָ, ווידער, דערוויסענדיג זיך וועגען דעם שאַרפען בעפעהל, וואס דער בעלזער האָט אַריינגעשיקט זיין שווער, איז אַריין אין גרויס כּעס, און האט איהם געדראָהט אין אַ בריף, אַז דערפאַר וואָס ער מישט זיך אומגעבעטענערהייד אין זיינע פאַמיליען-אָנגעלעגענהייטען און וויל מאכען אַ בייז לעבען צווישען איהם מיט זיין פרוי, וועט ער איהם אָנקלאָגען אין געריכט.

ווי ד"ר בערנפעלד דערצעהלט אין זיינע עראינערונגען, האָט ער אַליין מיט זיינע אויגען געזעהן און געלייענט יענעם בריף,

וועלכען טאַרלאָ האָט געשריבען דעם בעלזער, און בעמערקט דערביי, אַז ער איז געווען געשריבען אין אַ שענעם מליצה׳דיגען סטיל, און אַז איהם טוט זעהר לייד, וואס עד האט פון איהם נישט גע-מאכט קיין אָבשריפט. אז דער בעלזער האט דערהאלטען טאַר-לאָ׳ס בריף, האט ער זיך שטארק מצער געווען, און ער האָט אזאג געטון דעם עולם, וועלכער האט איהם אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען:

— דער, וואָס וועט קומען און מיר ברענגען די בשורה, אַז דער דאָזיגער חצוף האָט זיך אָבגע׳שמד׳ט, וועל איך איהם געבען אַלס געשענק אַ פאס וויין.

„חסידים — אַזוי דערצעהלט וועגען דעמזעלבען געשעהעניש אַ צווייטער שריפטשטעלער, יוסף מאַרגאָשעס, אין דער בע-שרייבונג פון זיינע פערזענליכע איבערלעבונגען — האבען שוין פערשטאַנען, אַז דער הולטאַי וועט קיין גוטען סוף נישט האבען, און אַז ער וועט זיך זיכער שמד׳ן״.

II

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט פאַסירט פאָלגענדער צופאַל: אין דעם שטעדטיל, וואו טאַרלאָ האָט געוואוינט, האט זיך בזעצט א יודישער סוחר, וועלכער האָט געפיהרט גרויסע עסקים מיט אַ פריץ פון א נאָהנטען דאָרף. דער יוד איז געווען דעם פריצ׳ס גאנצער בעל-יועץ, און אַלע זיינע געשעפטען זענען געגאַנגען דורך זיין האנד. זיי האבען אנגעטרויט איינער דעם אַנדערן בעדייטענדע געלד-סומעס און סחורות, און זיי האבען איינער דעם צווייטען געגלויבט כמעט תמיד אויפ׳ן ווארט.

האָט געדאַרפט טרעפען, אז דער אַלטער פריץ איז אוועקגע-שטאָרבען און די גאַנצע ירושה פון די גיטער און די געשעפטען איז איבערגעגאנגען צו זיין יונגען זוהן. דער יונגער פריץ האט זיך תיכף גענומען צו די ביכער, האָט איבערגעקוקט אַלע חשבונות, און איז ארויס מיט אַ טענה צו דעם יודישען סוחר, אַז פון זיינע עסקים מיט׳ן פאטער זענען ביי איהם פערבליבען פיל טויזענדער גולדען. אַלע האבען אפילו געוואוסט, אז די טענה איז לגמרי א פאַלשע, ווייל מען האט אומעטום געקענט דעם יודען פאר זעהר אַנ׳צהרליכען מענשען, וועלכער וועט ביי זיך קיינמאָל נישט פועל׳ן

צו פערכאפּען פרעמד געלד. אבער ביז־וואס־ווען, האט זיך דער יונג געפונען אין זעהר אַ שווערען מצב, ווייל די ביכער זענען געווען ביים פריץ, וועלכער האָט דורך זיי געקאָנט דערוויסען וויפיל מזומן געלד, אָדער סחורה, ער האָט גענומען, בעת ער, דער סוחר, האָט קיינמאָל נישט געהיט צו בעהאַלטען ביי זיך די קוויטען, די קבלות, וואָס ער האָט בעקומען פון פריץ פאַר געלט, אָדער פאַר סחורה. די קוויטען זענען ביי איהם אין משך פון דער לאַנגער צייט געגאַנגען פערלוירען, און דעריבער האָט ער נישט געהאַט מיט וואס אויפצו־ווייזען זיין אומשולד.

גראָד איז טאַרלאָ געווען דעם סוחר׳ס אַ הויז־פריינד, און דער־וויסענדיג זיך פון איהם וועגען זיין פיינליכער לאַגע, האָט ער זיך אָנגענומען אַרויסצוהעלפען איהם פון דער נויט. טאַרלאָ, וועלכער האט בעזעסען גלענצענדע פעהיגקייטען, האט געקענט אויסגעצייכענט פויליש און געהאַט זעהר אַ שענע האַנד־שריפט — האט אויך פערשטאַנען נאָכצומאַכען אויף אַנ׳אויסטערלישען אופן פרעמדע חתימות, און אַזוי קונציג, אַז מען האָט געמוזט גלויבען, אַז זיי זענען עכטע. כדי צו ראַטעווען זיין פריינד, האָט זיך טאַרלאָ בעשלאָסען נאָכצומאַכען אַ היבש ביסעל קבלות מיט דעם אַלטען פריצ׳ס חתימה, פון וועלכע ס׳האט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער סוחר איז איהם נישט געבליבען שולדיג אַפילו קיין איין גראָשען. אַזוי אַרום זענען די חשבונות געוואָרען אויסגעגלייכט, באופן, אַז דער יונגער פריץ האט פון דעם סוחר גאָרנישט געקאָנט מאָהנען.

ס׳איז אָבער אוועק אַ קורצע צייט, און דער יונגער פריץ, וועלכער איז גראַד נישט געווען קיין טפש, האט זיך אַרומגעזעהן, אַז די מעשה מיט די קבלות איז עפּעס נישט אַזוי גלאַטיג. דער פריץ האט זיך אין דעם ענין אַזוי לאַנג געגראַבען און געגישטערט, ביז ער האָט זיך ענדליך דערוואוסט דעם אמת, אַז די קוויטען זענען פאַלשע. באלד איז ער אויך דערגאַנגען, אַז די קוויטען זענען נאָכגעמאַכט געוואָרען נישט פון קיין אַנדערן, נור פון טאַרלאָ׳ן.

ס׳האָבען זיך אָבגעפונען מענשען, וועלכע האָבען וועגען דעם בעצייטענס מודיע געווען טאַרלאָ׳ן. ער האָט פערשטאַנען, אַז דער יונגער פריץ וועט איהם דערפאַר נישט שווייגען, און אויב די זאך וועט אָנקומען צום געריכט, קאָן ער בעקומען זעהר אַ שווערע שטראָף, עטליכע יאָהר טורמע.

טאַרלאָ האָט פאַר זיך נישט געפונען קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר אוועקגעהן צום פריץ, זיך מודה זיין און בעטען איהם, ער זאָל זיך אויף איהם דערבאַרמען און איהם מוחל זיין. ער האט עס אויך באַלד געטון. ער האָט זיך געוואָרפען דעם פריץ צו די פיס און פערלאַנגט פון איהם רחמים.

דער פריץ, וועלכער איז, קענטיג, נישט געווען קיין שלעכטער מענש פון דער נאַטור, האט ווירקליך בעקומען אויף טאַרלאָ׳ן רחמנות, און איהם צוגעזאָגט מוחל צו זיין איהם זיין פערברעכען, אבער בלויז מיט דעם איין תנאי, אז ער, טאַרלאָ, מיט זיין גאנצער פאַמיליע זאָלען זיך שמד׳ען און אָננעהמען די קריסטליכע אמונה.

טאַרלאָ, וועלכער איז שוין דעמאלט בלאו הכי נישט געווען קיין פרומער, איבערגעגעבענער יוד, האָט, שטעהענדיג פאר אַזאַ אומגליק, זיך לאַנג נישט געקווענקעלט. ער האָט מסכים געווען צום פריצ׳ס פערלאנג, און האט זיך מיט זיינע אַלע בני-בית אָבגע׳שמד׳ט אין איינער פון די לעמבערגער קירכען.

זוי מאַרגאָשעס געדענקט פון זיינע יונגע יאָהרען, פלעגען אַלטע בעלזער חסידים דערצעהלען, אז ווען מ׳האט וועגען דעם באַלד מודיע געווען דעם בעלזער צדיק, האט ער אַ שטאַרקען זיפץ געטון און געזאָגט:

— אַ מאָל געווען אַ הויכע נשמה. ער איז אָבער טיף געזונקען אין די מ״ט שערי-טומאה, אז איך האָב איהם בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסראַטעווען; אָבער עס איז אפשר בעסער אַזוי... ווילד-פלייש מוז מען אויסשניידען, איידער עס פערדארבט דעם גאנצען גוף...

דער בעלזער האט נאך וועגען דעם ענין געזאגט אַ לאַנגע און טיפע תורה. פון דעמאלט אָן האָט ער וועגען טאַרלאָ׳ן שוין קיינמאָל מעהר נישט גערעדט, און זיינע מקורבים האָבען שוין געזאָרגט דערפאר, אז מ׳זאל פאר איהם דעם משומד׳ס נאָמען נישט דערמאנען. דער בעלזער צדיק האט אבער ממלא געווען זיין הבטחה, און האט דעם מענשען, וואס האט איהם אָנגעזאגט דער ערשטער וועגען דעם, אז טאַרלאָ האָט זיך געטויפט, געשיקט אַלס מתנה א פאַס וויין.

די גאליציאַנער רעגירונג און די גלחים זענען געווען מלא שמחה, וואס אַזא געלערנטער יוד האט אנגענומען דעם קריסטליכען

גלויבען, און אלס דאנק דערפאר האט מען איהם בעשטימט אַלס הויפּט־צענזאָר איבער אלע יודישע ספרים, וואס האבען זיך געדרוקט אין גאליציען. טאַרלאָ האט זיך נוקם געווען אָן די חסידים, און די גאנצע צייט, וואס ער איז געווען צענזאָר, האט ער נישט בעלאָזט דרוקען קיין חסידישען ספר, און האט אויך שטארק אָכטונג געגעבען, מ׳זאל קיין חסידישע ספרים נישט אריינשמוגלען אין גאַליציען פון אנדערע לענדער. טאָמער זענען אזעלכע ווערק אריינגעפאלען דורך פערשידענע וועגען קיין גאליציען, האט ער זיי תיכף קאנפיסקירט.

ד״ר בערנפעלד פערענדיגט זיינע זכרונות וועגען טארלאָ׳ן מיט דעם פאלגענדען אינטערעסאנטען צופאל, וועלכער איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאר זיינע בעציהונגען צו זיינע פריינד צווישען די לעמבערגער משכילים.

נאָכדעם, ווי טאַרלאָ איז שוין לאנג געווען גע׳שמד׳ט, פלעגט ער זיך נאָך חבר׳ן מיט די משכילים און זיין ביי זיי אַנ׳אָפטער איינגעהער. אַמאָל, שבת, איז ער געווען ביי ראַפּאָפּאָרט׳ן (שי״ר) צו גאַסט. פונקט אין יענער צייט איז אַריין דער בריף־טרעגער מיט אַ בריף. ראַפּאָפּאָרט האָט דעם בריף נישט עפענען געוואלט אום שבת, און האט געבעטען דעם משומד טאַרלאָ׳ן, ער זאל עס טון. טאַרלאָ האט איהם דאן מיט פערדרוס געפרעגט:

— בין איך דען עפּיס דיין שבת־גוי?

אויף דעם האָט איהם געענטפערט ראַפּאָפּאָרט אין העברעאיש:

— לכך נוצרת! (ד. ה. אויף דעם ביזטו געווארען בעשאַפען. *)

---

*) אין העברעאיש האט עס נאך אויך דעם פאלגענדען זין: „צו דעם האסט דיך גע׳שמד׳ט“.

# איוואן מינצלאוו

I

די מינסקער „שואבי־מים־שוהל" האָט געשמ'ט פון קדמונים־
אָן מיט איהר גרויסער ישיבה, אין וועלכער ס'האָבען געלערנט ביי
אַ פּאָר הונדערט בחורים לומדים און מופלגי־תורה. פיעל פון זיי
זענען שפּעטער געוואָרען רבנים אין גרעסערע און קלענערע ליט־
ווישע שטעדט און שטעדטליך. בעריהמט זענען געווען אויך די
מענשען, וועלכע האָבען אין פערשידענע צייטען אָנגעפיהרט מיט
דער דאָזיגער ישיבה. ס'איז געגוג צו זאָגען, אז אַ געוויסע צייט
האט דאָרט געזאָגט דעם שיעור דער ווייט און ברייט בעקאַנטער
גאון, דער מחבר פון „שאגת־אריה".

אין אָנהויב פון די פופציגער יאָהרען פון'ם פאָריגען יאָהר־
הונדערט איז בראש פון דער דערמאָהנטער ישיבה געשטאַנען אַ גע־
וויסער ר' יששכר בער, אַ ייד קרוב צו שבעים, וועלכער איז
געווען א חריף ובקי און אַ „טיפער" למדן. אָבער נישט אין דעם איז
בעשטאַנען זיין בעזונדער גדלות, נור אין דער אייזערנער דיסצי־
פּלין, וואָס ער האט איינגעפיהרט אין דער ישיבה. פון קיין איינציגען
תלמיד האט ער נישט אַראָבגענומען זיין השגחה, פון יעדערן האט
ער געפאָדערט א דין־וחשבון, אין וואָס ער האָט פערבראַכט דעם
טאָג מיט דער נאַכט. זענענדיג אַליין זעהר פרום, האָט ער אין
דעמזעלבען גייסט געזוכט צו ערציהען זיינע תלמידים. תמיד, ווען
ער האָט נור געהאַט א שטיקעל ליידיגע צייט, האָט ער זיי גע־
מוסר'ט און אנגעצייכענט פאר זיי די הויפּט־שטריכען פון אַן אמת־
יודישער הנהגה. דער עיקר איז — אַזוי האט ער זיי געלערנט — צו

האבען שטענדיג פאר די אויגען די תּוֹרה, און נישט אָבצוטרע־
טען אַפילוּ אויף א האָר פון איהרע וועגען. דערביי פלעגט ער זיי
דערקלערען דורך ביישפילען, ווי אַנ׳עהרליכער יוד דאַרף זיך מוֹסר
נפש זיין, ווען עס האנדעלט זיך אין אָבהיטען די אָדער יענע
מצוה. האָט זיך אַ תּלמיד ווען־עס־איז פערזינדיגט אַפילוּ אין דער
קלענסטער זאך, ער האָט זיך, למשל, פערשפעטיגט אויף עטליכע
מינוט צוּ קומען צום שיעור, אָדער ער האט א ווייל מבטל־געווען
אין לערנען, האט ער שוין דערפאַר פון ר׳ יששכר־בער׳ן אַ לאַנגע
צייט נישט געהאַט קיין מנוחה; ער האט איהם ממש אַרויסגענומען
די עצמות, צי דורך שטרענגע שטראָף־רעד, צי אַמאָל אויך דורך
אוועקנעהמען ביי איהם א צוויי, צי א דריי „טעג״ אין דער וואָך.
אַזוי־אַרום האבען זיך די תּלמידים דורך איהם געפיהלט געפּענטעט
פון קאָפּ ביז די פיס, און קיינער האט נישט געוואגט צוּ רעדען
בעגען איהם אַ וואָרט. זיינער אַ קרומער בליק האָט אויף זיי אָנגע־
ווארפען א פחד, און פון זיינעם א בייזער פלעגען זיי ווערען אויפגע־
טרייסעלט. היוֹת, ווי עס איז נישט דורכגעגאנגען קיין טאָג, ער
זאָל זיך נישט טשעפּען צוּ דעם, אָדער יענעם תּלמיד און יעדעס
מאָל מיט אַזעלכע קוֹלוֹת און גוואלדען, וועלכע האבען געמאכט
ציטערן די ווענט פון דער ישיבה, האט מען געקאנט מיינען, אז אט
דער מענש איז בטבע אַנ׳אַכזר, וועלכער ווייסט נישט, וואס עס
הייסט יענעם מיטפיהלען, אויף יענעם רחמנוּת האבען. מ׳האט אָבער
געוואוסט, אז אין דער ווירקליכקייט איז ער נישט אזוינער, ווי
מען שטעלט זיך איהם פאָר לויט זיינע בעציהונגען צוּ די ישיבה־
לייט. מ׳האָט געוואוסט, אז זיין שטרענגקייט איז נור אַנ׳אָנגע־
צויגענע, אַ געמאכטע, אז זיין פינסטערער, צאָרניגער בליק איז
בלויז אַנ׳אָנשטעל, ארויסצורופען אַ געווינשטען רוֹשם, און אַז אוי־
סער די פיר ווענט פון דער ישיבה איז ער גאר אַנ׳אַנדער מענש,
מיט א הייס יודיש הארץ און אַ זעלטענער בעל־רחמים.

ר׳ יששכר־בער׳ס מקורבים, וועלכע פלעגען ביי איהם זיין
אָפטע איינגעהער, האבען זיך נישט געקאָנט אָבוואונדערן, צוקוקענ־
דיג זיך, ווי אָט דער גרייז־גראהער שטרענגער מַדריך, וואס אין
דער ישיבה ליאַרימט ער און פילדערט כסדר, זידעלט און, פלוכט
און גיט אויך אמאל פייערדיגע פּעטש די פון דער פרעמד
צוגלויפגעפאהרענע יונגע בחוּרים, — בעשענקט מיט אזוי פיל צערט־

ליכקייט און ליבע זיין זיבצעהן־יעהריגען בן־יחיד׳ל, עזריאל׳קע, וועמען ער האלט תמיד נעבען זיך און הערט נישט אויף צו גלעטען איהם און האלזען, און מאכען זיך מיט איהם נאריש, ווי א קליין קינד. נאך מעהר ערשטוינט איז מען געווען, זעהענדיג, אז ר׳ יששכר־בער גיט זיין עזריאל׳קען גאר א בעזונדער ערציהונג, כלל נישט ווי יענע, ביי וועלכער ער האלט זיך בנוגע די תלמידים פון דער ישיבה. ערשטענס, האט ער איהם צו זיך אין ישיבה נישט אריינגענומען, נור איהם אבגעגעבען צו דעם בעסטען מינסקער גמרא־מלמד — ר׳ ישראל חנא׳ס האט ער געהייסען. וויסענדיג, אז דער ר׳ ישראל חנא׳ס איז א יוד א קפדן און אויך א שטיקעל כעסן, האט איהם ר׳ יששכר־בער טויזענד מאל אנגעזאגט, ער זאל זיך למען־השם און למען־השם נישט פערהאלטען צו זיין עזריאל׳קען צו־שטרענג, און טאמער פוילט ער זיך א ביסעל אונטער אין לערנען, איז אויך קיין בייז נישט; ער וועט עלטער ווערען, וועט ער בע־קומען מעהר התמדה. און באמת איז עזריאל׳קע נישט געווען קיין איבעריגער מתמיד, און גאנץ אפט פלעגט ער גאר אין חדר נישט קומען. דערפאר האט ער אבער געהאט גלענצענדע, כמעט עלוי־אישע פעהיגקייטען. אלע שבת נאכ׳ן שלאף פלעגט איהם דער פאטער פערהערען, וואס ער האט געלערנט פאר דער גאנצער וואך, און יעדעס מאל פלעגט ער ממש צושמאלצען ווערען פון נחת, זעהענדיג די אונגעהויהרע פארטשריט, וואס עזריאל׳קע מאכט אין למוד־התורה.
ביי ר׳ יששכר־בער׳ן איז שוין געווען כמעט ווי בעשלאסען, אבצוהאלטען עזריאל׳קען ביי ר׳ ישראל חנא׳סען נאך א יאהר און אוועקשיקען איהם דערנאך אין דער וואלאזשינער ישיבה, וואו ער וועט געוויס אין גיכען בעקומען סמיכה אויף רבנות. דאס איז געווען ר׳ יששכר־בער׳ס איינציגע טרייסט אויף דער עלטער, און מיט דעם האבען זיך לייט געזוכט צו דערקלערען די סבה פון דער אויסטערלישער ליבע, וואס דער „אייזערנער" ראש־ישיבה פון „שואבי־מים־שוהל" האט ארויסגעוויזען צו זיין בן־יחיד.
ס׳איז אבער אנדערש געשעהן...

II.

ביי ר׳ יששכר־בער׳ן האט געגעסען שבתים א תלמיד פון דער ישיבה, א באברויסקער בחור׳ל, זיין ווייב׳ס א ווייטער קרוב. דאס

דאזיגע בחור׳ל, א קיילעכדיגער יתום, האט זיך פון קינדווייז־אָן אויפגעהאָדעוועט ביי זיין מוטער׳ס א שוועסטער־קינד. דאס איז געווען דער אין יענער צייט ווייט און ברייט בעקאנטער בדחן פסח־אליה, וועלכער האט איהם אויס רחמנות ארייגגענומען צו זיך אין שטוב און אבגעגעבען איהם לערנען אין דער שטאדטישער תלמוד־תורה. ביי פסח־אליה׳ן אין שטוב האט זיך דאס יונגעל גע־פונען אין א ספערע פון פרעהליכקייט, פון נגינה און כמעט תמיד צווישען כלי־זמר. אין יענער צייט איז נאך געווען די מאָדע, אז בדחנים אויף חתונות האבען נישט בלויז בעזעצט די כלה און פרעהליך געמאכט דעם עולם ביים טיש דורך פערשידענע לידער און גלייכווערטלעך, נור אויך בעוויזען אַלערליי פאקוסען און קונץ־שטיק. פסח־אליה, וועלכער איז צו זיין בדחנות נאך געווען א גרויסער למדן און א פרומער יוד, האט זיך אליין מיט פאקוסען נישט געוואלט פערנעהמען, אבער אויס מורא פאר קאָנקורענץ מצד די אנדערע יונגערע בדחנים, האט ער געהאט צווישען דער קאַפּעליע כלי־זמר, מיט וועלכער ער פלעגט ארומפאהרען אויף חתונות, א יונגען פייקלער, וואס האט זיך אויסגעלערנט מאכען געוויסע „שווארצע קונצען״, און פלעגט מיט זיי משמח זיין די געסט בשעת דער ווע־טשערע, צווישען איין געריכט און דעם אנדערן. איז שוין געווען דער מנהג, אז איידער מ׳האט געדארפט ארויספאהרען וואוהין־עס־איז אויף א חתונה, האט דער פייקלער אין דער געגענווארט פון פסח־אליה׳ן מיט די כלי־זמר געמאכט פערשידענע פראבעס און איבונגען, כדי ער זאל נישט געשטרויכעלט ווערען, און מ׳זאל איהם נאך, חלילה, נישט אויסלאכען. די דאזיגע רעפעטיציעס פלעגען פארקומען, געוועהנליך, ביי פסח־אליה׳ן אין שטוב, און פלעגען יעדעס מאל ווערען בעגלייט פון די הויז־מענשען מיט הילכיגע גע־לעכטערס און פאטשערייען. דאס יונגעל, פסח־אליה׳ס פלימעניק, פלעגט זיך קיינמאָל נישט קאנען זאט אנקוקען די דאזיגע סצענעס, און תמיד בעת דער פייקלער פלעגט אַרויסגעהן אין א בע־זונדער צימער זיך איבערטון און פערשטעלען זיך דאָ פאַר א ציגיי־נער, א בערען־טרייבער, דאָ פאר אַנ׳אָרימען בעטלער, פאר א קאָזאַק א. אז. וו., פלעגט ער נאָך איהם נאָכגעהן און בעטראַכטען מיט א בע־זונדער אויפמערקזאַמקייט אלע זיינע בעוועגונגען און מינעס. פון דער דאזיגער סביבה האט דאס יונגעל ארויסגעטראָגען א פרעהליכע

שטימונג און אַ שטאַרקע וויגונג צו לוסטיגקייט, צו חדוה. אין די פרייע מינוטען, בעת ער פלעגט זיין פריי פון לערנען, פלעגט ער פערהילכען די שטוב מיט פסח-אליה׳ס לידער, וועלכער ער האט געקענט אויף אויסווענינג. עטליכע מאָל האט ער זיך אויך געפרובט נאָכמאכען דעם פייקלער, פערשטעלען זיך און אויספיהרען פערשי-דענע פאָקוסען, און די פרובען זצנצן איהם אזוי געלונגען, אז אלע, און דער פעטער פסח-אליה אַליין אויך בתוכם, האָבען זיך אָוש גע-קייקעלט פון געלעכטער.

בשעת דאָס יונגעל איז אַלט געווארען א יאָהר זעכצען און ס׳האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער האט גלענצענדע פעהיגקייטען צום לערנען, האָט איהם פסח-אליה אוועקגעפיהרט קיין מינסק, און דאָרט האט ער איהם אָבגעגעבען אין דער ישיבה פון דער „שואבי-מים-שוהל״ אונטער ר׳ יששכר-בער׳ס השגחה. דערביי האט ער, אנווייזענ-דיג אויפ׳ן יונגעל, געזאָגט: „רבי! איך האב אייך געבראכט א לעבעדיג שטיקעל סחורה, וועלכע מען דאַרף אריינגעהמען אין די הענט און גוט איינצוימען; אָבער ער האָט אַ וואויל קעפעל און ס׳וועט פון איהם אַרויסוואקסען אַ למדן״. ר׳ יששכר-בער האט דאס יונגעל פערהערט און באַלד דערזעהען, אז מ׳קאָן פון איהם ווירקליך מאכען אַ „כלי״. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, און אין ר׳ יששכר-בער׳ס הענט איז דאָס בחור׳ל געוואָרען גאָר אַנ׳אַנדערער; ס׳האָט זיך פון איהם אָבגעטון די גאנצע פרעהליכקייט און לעבעדיגקייט. און ס׳איז קיין וואונדער נישט: אין די פיר איילען פון ר׳ יששכר-בער׳ן האָט מען אַנדערש נישט געקאנט ווערען. זיין איין בליק האט שוין דערדריקט די שטימונג. דאָס בחור׳ל איז אבער געווען זעהר פלייסיג, און איז גאָר אין קורצען געווארען איינער פון די בעסטע תלמידים פון דער ישיבה. דאס האט בעוואויגען ר׳ יששכר-בער׳ן ארויסצווייזען איהם א בעזונדער התקרבות און, נעהמענדיג נאך אין אכט, אז ער איז זיין פרוי׳ס א שטיקעל קרוב, האט ער, געגען זיין מנהג, נישט אריינצולאזען זיך מיט זיינע תלמידים אין נאָהענטערע בעציהונגען, איינגעלאדען דעם באָברויסקער ישיבה-בחור צו עסען ביי זיין טיש שבתים און ימים-טובים.

ביי דער געלעגענהייט האט זיך דאס בחור׳ל בעקענט מיט עזריאל׳קען, ר׳ יששכר-בער׳ס בן-יחיד, וועלכען ער האט פון דער ערשטער מינוט אָן שטארק מקנא געווען פאר דער אומבעגרעניצטער

פרייהייט, וואס ער געניסט אין דער אָנוועזענהייט פון יענעם מאַן, וועלכער האט ביי איהם אויסגעוויזען צו זיין דער גרעסטער דעס-פּאָט אין דער וועלט. עזריאל'קע איז באלד געוואָרען צוגעלאזט צום באָברויסקער בחור'ל, האט אים נאָך יעדער סעודה פערהאלטען ביי זיך און פערבראכט מיט איהם די צייט אין לאנגע געשפרעכען, וועלכע האבען אָנגעהויבען ביסלעכווייז צו ווערען פערטרויליכערע און אינטימערע. איינמאָל — דאס איז געווען אין א ווינטערדיגען פרייטאָג-צו-נאַכטס נאך וויעטשערע — בעת ר' יששכר-בער איז, ווי זיין שטייגער, אַוועק אין דער ישיבה און זיין פרוי האט איינגע-דרימעלט, האט דער באָברויסקער דערצעהלט עזריאל'קען וועגען פסח-אליה דעם בדחן און וועגען די לידער, וואס ער פערפאַסט אליין צוזאמען מיט דעם ניגון. דערביי האט ער אין דער שטיל פאָרגעזונגען פאר עזריאל'קען איינס פון פסח-אליה'ס לידער.

XI

פסח-אליה'ס לידער זענען עזריאל'קען אזוי שטארק געפעלען געוואָרען, אז ער האט ממש פערפייניגט זיין חבר, ער זאל איהם זינגען נאך און נאך. אין אנ'אנדערען פרייטאג-צונאכטס האט איהם דאס באברויסקער בחור'ל בעוויזען אויך עטליכע פאקוסען, פון וועלכע ער איז אריין אין גרויס התפעלות. פון דעמאלט אָן האט עזריאל'קע קוים דערלעבט דעם שבת, — דער איינציגער טאג אין דער וואך, ווען ער האט די געלעגנהייט צו זעהן זיך מיט זיין חבר, וועלכער פערשאפט איהם אזוי פיל פערגניגען מיט זיין זינגען, און בעזונדערס מיט זיינע קונץ-שטיק. ס'איז געקומען אזוי ווייט, אז דער שבת איז שוין געוואָרען פאר עזריאל'קען צו-קנאפּ. און ער האט געזוכט און געפונען פערשידענע תירוצים און אויסרעדען צו פועל'ן ביי זיין שטרענגען פאטער, ער זאל ערלויבען דעם באָברויסקער תלמיד אריינצוגעהן צו זיי אויך אין מיטען - דער וואָך. אזוי-אַרום זענען דיביידע יונגע בחורים'לעך געוואָרען צווישען זיך אינטים פערבונדען.

איינמאל — דאס איז געווען ארום חנוכה-צייט — האט דער באָב-רויסקער חבר דערצעהלט עזריאל'קען, אז ביי זיי אין שטאדט איז אַ מנהג, אַז די תלמידים פון די גרעסערע ישיבות שטעלען פאָר פורים פאר'ן עולם א מין טעאַטער-שטיק, ווי „גדולת-שאול" אדער

„מכירת-יוסף״, און אַז דאס אריינגעקומענע געלד ווערט פערברויכט לטובת די אָרימע בחורים, וואס האבען וועניג „טעג״; דערביי האט ער זיך ער זיך פאר איהם בעריהמט, אז עטליכע מאל האט ער זיך אליין בעטייליגט אין די דאזיגע שפילען, און האט ביים עולם שטארק אויסגענומען. פערענדיגט האט דער באברויסקער זיין ערצעהלונג דערמיט, אז אפשר וואלט געווען א סברה אויפצופיהרען דאס „מכירת-יוסף״-שטיק אויך אין דער „שואבי-מים-שוהל, וועלכע האט אזוי פיל אונפארמעגליכע תלמידים. אָנפאנגס איז די זאך אויסגעקומען ביי עזריאל׳קען פאר פשוט אומאויספיהרבאַר. איהם האט זיך נישט געלעגט אויפ׳ן שכל, אז זיין פאטער, וואס ביטול-תורה איז ביי איהם די ערגסטע עבירה אין דער וועלט, זאל ערלויבען אזא זאך, וואס דארף אוועקנעהמען ביי די תלמידים א געוויסע צייט, און בפרט נאך, ווען דאָ רעדט זיך וועגען א שפיל, וואס איז אפשר עלול ארויסצורופען ביי וועמען-עס-איז א געלעכטער, א פרעהליכקייט... נאכדעם אבער ווי דער באָברויסקער האט איהם אויפגעוויזען, אז מען דארף אַלענפאלס פרובען, טאמער וועט מען עס פארט ווי-עס-איז אויס׳פועל׳ן, האט עזריאל׳קע בעשלאָסען צו זעהן ווירקען אין דער זאך אויפ׳ן פאטער מיט אלע מעגליכע מיטלען. און שוין אויף מארגען שפעט אין דער נאכט, בעת ר׳ יששכר-בער האט אבגעגעסען וויעטשערע און האט זיך, א מידער פון דער גאנצער טאגעדיגער האָרעוואניע, אריינגעווארפען אין בעט און זיך מכין געווען צו לייענען „קריאת-שמע״, איז פון צווייטען צימער ארויס עזריאל׳קע, איז צוגעגאנגען צו איהם און שטילערהייד א זאג געטון:

— טאטע, איך וויל מיט דיר עפיס רעדען.

ר׳ יששכר-בער האט זיך שטארק פערוואונדערט: אין דער צייט האט שוין עזריאל׳קע תמיד לאנג געשלאפען אין זיין צימע׳ל, און פארוואס איז ער עפיס היינט אזוי שפעט אויף? און וואס קלינגט עפיס אזוי סודות׳דיג דער טאן פון זיינע ווערטער?

ער האט צערטליך אָנגענומען עזריאל׳קען פאר׳ן בעקעל און איהם געפרעגט:

— דו שלאפסט נאך נישט? דו פערגעסט, אז מארגען איז דאנערשטאג, ווען מען דארף איבער׳חזר׳ן די וואך-שיעורים און אוועקגעהן גאנץ פריה אין חדר?

— איך האב נישט פערגעסן, טאטע — האט איהם עזריאל'קע געענטפערט, — נור מיר שלאפט זיך עפּיס היינט נישט...

— דו פיהלסט דיך, חלילה, עפּיס נישט מיט אלעמען? טוט דיר עפּיס וועה? — האט ר' יששכר-בער אויסגערופען גאנץ בעזארגט.

— ניין, טאטע, נור די געדאנקען שטערען מיך...

— די געדאנקען? — האט זיך ר' יששכר-בער א כאַפּ-געטון. — וועלכע געדאנקען לאזען דאס דיך נישט שלאפען? א יונג בחור'ל, ווי דו, דארף נור קלערען בייגאַכט וועגען דעם, וואָס ער לערנט בייטאָג, און אזעלכע רעיונות, וואס זענען פערבונדען מיט דער תורה הקדושה, קאָנען נישט שטערען.

— יאָ, פאטער, מיינע געדאנקען זענען גראד פערבונדען מיט דער תורה הקדושה, און דאך רויבען זיי מיר מיין שלאָף.

— רעד ווערטער! — האט ר' יששכר-בער, ווי אויסגעשריען. — און מאטער מיך נישט. זאג, וועגען וואס אזוינס קלערט עס אזא יונגער בחור, ווי דו?

— איך קלער וועגען דעם ביטערן גורל פון דיינע תלמידים... איך זעה, ווי פיל פון זיי ליידען ממש הונגער, געהען נאקעט און באָרוועס, און קיינעם ארט גאר פאר זיי נישט.

ר' יששכר-בער'ן, וועלכער האט זיך געהאט דערשראָקען און געקלערט: ווער ווייסט, וועלכע מחשבות ס'האבען זיך געקאָנט אַריינ'גנב'ענען אין עזריאל'קעס יונג הערצעל בנוגע דעם למוד התורה, איז איצט ווי אראָבגעפאלען א שטיין פון הארצען. ער האט נאך, פערקעהרט, געהאט גרויס נחת, זעהענדיג, וואס פאר א בעל-רחמים זיין בן-יחיד איז. ער האט אוועקגעזעצט עזריאל'קען ביי זיך אויפ'ן בעט האט איהם א קוש געטון אין שטערען און מיט גרויס ליבשאפט געזאגט:

— האסטו דען, מיין זוהן, נישט געלערנט, אז „כך דרכה של תורה"? ווייסט דו דען נישט, אז די תורה ווערט דערוואָרבען דורך „חיי-צער", דורך טרוקען ברוים מיט זאלץ און שלאָפען אויף דער הארטער ערד?

— יאָ, פאָטער, אבער פארוואס געפינען זיך אין אַנדערע שטעדט אזעלכע מענשען, וואָס זאָרגען פאר די ארעמע ישיבה-לייט און זוכען שוין אויס פערשידענע קוועלען פון געלד-מיטלען, מיט

וועלכע זיי פערלייכטערן זייער לעבען און גיבען זיי די מעג-ליכקייט זיך עוסק צו זיין אין תּורה, זענענדיג בעפרייט פון דאגות חיונה.

א וואָרט פאַר אַ וואָרט, ביז עזריאל׳קע איז ענדליך צוגעקומען צום עצם ענין. תחילת האט ר׳ יששכר-בער אויסגעגלאָצט אויף עזריאל׳קען א פּאָר אויגען, אין וועלכע ס׳האט זיך שוין נישט געזעהן אפילו קיין סימן פון זיין געוועהנליכער ליבשאפט צו זיין בן-יחיד׳ל. ער האט זיך נאך אויף איהם שטארק אָנגעבייזערט, פּארוואס ס׳האבען זיך אין איהם געקאנט דערוועקען אזוינע נארישע געדאנקען און נאך חעגען זאַכען, וואָס זענען מסוגל אָבצורייסען די תּלמידים פון לערנען און ברענגען זיי צו „קלות-ראש". אבער עזריאל׳קע, וועל-כער איז געוועזען א גאנץ בעריידזאם בחור׳ל, האט פערשטאנען צו ווירקען סוף-כל-סוף דורך אַלערליי איינפאלען אויפ׳ן פּאָטער, ביז ער האט ביי איהם ארויסבעקומען א הסכמה אויף דער פּאָרשטעלונג פון „מכירת-יוסף", נור מיט׳ן תנאַי, אז די עטליכע תּלמידים, וואס וועלען זיך בעטייליגען אין שפּיל, זאלען זיך צו דעם צוגרייטען איינמאָל אין דער וואך, פרייטאָג פון צוועלף ביז צוויי בייטאָג.

III

מיט א בעזונדער פרייד האט עס עזריאל׳קע אויף מארגען איבערגעגעבען דעם באָברויסקער חבר, און ביידע האבען בעשלאָסען צוצוטרעטען צו דער ארבייט נאך דעמזעלבען טאג. דער באָברויסקער, וועלכער האט געקענט אלע תּלמידים אויסגעצייכנט, האט זיך אָב-געשטעלט אויף א מאן צעהן פון זיי, די מעהר לעבעדיגערע, און זיי צוגעצויגען צו דער זאך. צווישען זיי האט זיך געפונען אויך א מינסקער בחור׳ל, אַנ׳איינציקעל פונ׳ם קברות-מאַן פון דעם אלטען בית-עלמין, וועגען וועלכען די חברים האבען געוואוסט, אַז ער בעזוכט גאנץ אָפט בגנבה דאס שטאָדטישע טעאַטער, און אז ער נארט יעדעס מאָל ארויס ביים בלינדען זיידען די עטליכע צעהנערס אויפ׳ן בילעט. דאס דאָזיגע בחור׳ל פלעגט תמיד ליב האבען צו רעדען מיט זיינע חברים וועגען טעאַטער, און עס פלעגט טרעפען, אז פער-טראכטערהייד פלעגט ער נעהמען דעקלאַמירען גאנצע שטיקער פון געוויסע פיעסען, נישט קענענדיג נאָך דאַן אפילו קיין שייטעל רוסיש. עזריאל׳קע אליין איז אויך אריין אין דער „טרופּע", און באַלד האָ-

בען זיך אָנגעהויבען די רעפעטיציעס אונטער דער אָנפיהרונג פון באָבּרויסקער, וועלכער איז שוין פון פריהער געווען גוט בעקאנט מיט'ן שטיק.

באלד האָט מען זיך וועגען דעם דערוואוסט אין דער גאנצער שטאָדט, און עס האבען זיך אָבגעפונען עטליכע חשוב'ע „זיידענע יונגעמאַנטשיקעס", וועלכע האבען אויף זיך גענומען די מצוה פונאנדערצוטראגען בילעטען איבער די גביר'ישע הייזער, דער־קלערענדיג אומעטום דעם צוועק פון דער זאך. די פארשטעלונג איז פארגעקומען אין „שואבי־מים"־שוהל, אסתר־תענית אין אווענד, ביי דער אָנוועזענהייט פון אַ גרויסען עולם פון די פערשידענע פּאָלקס־שיכטען. עס זענען געקומען יונג און אַלט, מאַנסביל און ווייבער, פרומע און פרייע, וועלכע האבען געוואָלט זעהן, ווי אַזוי קלויזניקעס שפּילען טעאַטער. און דער איינדרוק האט איבערגעשטיגען אַלע ערוואַרטונגען! אמת'ע טעאַטער־מבינים האָבען ארויסגעזאָגט זייער מיינונג, אַז אַזוי שפּילען קאָנען נור עכטע אַרטיסטען. בעזונ־דערס האָבען זיך אויסגעצייכענט דעם קברות־מאַנ'ס אייניקעל און עזריאל'קע.

מיט אַבליק־שנעלקייט האָט זיך אין מינסק פערשפּרייט די ידיעה וועגען דער פאָרשטעלונג פון די ישיבה־בחורים און איהר גרויסען ערפאָלג, און באלד האבען זיך געפונען אַסך בעלנים, וועלכע האָבען פערלאנגט, אַז די פאָרשטעלונג זאָל איבערגע'חזר'ט ווערען אויך פּורים בייטאָג, אָבער שוין נישט אין דער ישיבה, וואו דאס אָרט איז צו־ענג, נור אין זאַל פונ'ם שטאָדטישען קלוב. אָנ־פאנגס האט ר' יששכר־בער געפּרובט געגען דעם פּראָטעסטירען, אָבער נעהמענדיג אין אַכט, אַז דאָס קאָן אַריינברענגען אַבעדייטענדע הכנסה לטובת דער ישיבה, האט ער נאָכגעגעבען. און אויך די צווייטע פאָרשטעלונג איז אריבער גלענצענד. צווישען עולם האָבען זיך געפונען אויך אייניגע אַרטיסטען פונ'ם רוסישען טעאַטער און אויך דער דעמאָלדיגער מינסקער ראבינער מינאָר, וועלכע, צו־קוקענדיג זיך צו דעם פרימיטיווען שפּיל פון די ישיבה־בחורים, האָבען אויסגעדריקט זייער ענטציקונג און בעדויערט די דאָזיגע צוויי זעהר טאלענטפולע יודישע יונגע־לייט, וועלכע האבען געקאָנט ווערען אין דער צוקונפט גייע אָויפגעהענדיגע שטערען אין דער קונסט.

אַ לאַנגע צייט האט ער געדינט אַלס טעמע אין די קרייזען פון דער מינסקער יודישער אינטעליגענץ. אָבער מ׳האט וועגען דעם געערדט און — פערגעסען, ביז אין מינסק האט זיך אין אַ שענעם פריהמאָרגען פערשפרייט דער קלאנג, אַז ר׳ יששכר-בער׳ס בן-יחיד׳ל מיט דעם קברות-מאַנ׳ס אייניקעל זענען ביידע פלוצלונג נעלם געוואָרען, און מ׳ווייסט נישט וואוהין.

VI

דאָס פלוצלונגע פערשווינדען פון די ביידע בחורים, וואס ביז דעם לעצטען טאג האט מען זיי געזעהן זיצענדיג ביי דער גמרא, האט אויפגערודערט די גאנצע שטאדט. ערשט דאָ נישט לאנג זע-נען זיי געווען איטליכער ביי זיך אין דער היים און מיט אַמאָל זענען זיי נישט געוואָרען. מ׳האט אויסגעזיפּט כמעט גאנץ מינסק און אין ערגעץ האט מען זיי נישט געפונען. עפּעס ווי זיי וואלטען אַריין אין וואסער. ר׳ יששכר-בער האט זיך די זאך אזוי גענומען צום האַרצען, אַז ער איז פון גרויס עגמת-נפש קראנק געווארען און איז אָבגעלעגען אייניגע וואָכען אין בעט, און נאכדעם, ווי ער איז שוין אויפגעשטאנען, האָבען איהם די דאָקטוירים פערבאטען צו זאגען דעם „שיעור״ און בכלל זיך אָנשטרענגען אין לערנען. ווי מען דערצעהלט, זאל זיך ר׳ יששכר-בער דאַן האבען אויסגעדריקט אין אַ געשפרעך מיט זיינע מקורבים, אַז דעם בטול-תורה איז איהם פיל שווערער איבערצוטראגען, ווי די אבדה פון זיין בן-יחיד, ווייל עזריאל׳קע קאָן זיך נאך אפשר אַמאָל אבגעפינען, אָבער דעם טאָג, וואס געהט ביי איהם אַריבער, נישט נעהמענדיג אין האנט די גמרא, וועט ער שוין קיינמאָל נישט צוריקכאפּען. נישט וועניגער פון איהם האָט געהאט עגמת-נפש אויך דער אלטער קברות-מאַן, וואָס זיין ענטלאָפענער אייניקעל, אויף וועמען ער האט געלייגט אזוינע גרויסע האפנונגען, איז געווען דאס לעצטע געדעכעניש פון זיין איינציגער טאכטער, וואס דער מאן האט איהר אוים׳ן צווייטען יאָהר נאך דער חתונה איבערגעלאָזט אַנ׳עלענדע עגונה, און זי איז דורכדעם יונגערהייד אוועק פון דער וועלט.

און בעת די עלטערן זענען אַזש אויסגעגאנגען פון צער, האָבען זיך די ביידע בחורים׳ליך אויפגעהאלטען עטליכע וואכען נאכאנאנד אין איינעם פון די מינסקער פאָרשטעדטליך — קאמער-

ויקע — וואו זיי האבען געוואוינט ביי א פויערטע, אַן׳אלמנה, און פון וואנען זיי פלעגען ארויס טעגליך נור גאנץ שפעט אין אָווענד. און געגאַנגען זענען זיי יעדעס מאָל צום רעזשיסער פוג׳ם מינסקער שטאָדט-טעאטער, וועלכער האט זיי געגעבען די נויטיגע ידיעות, וואס פאדערן זיך אריינצוטרעטען אין דער פעטערבורגער ארטיסטען-שול. זינט דער דאזיגער רעזשיסער, א העכסט-ליבהאָבער קריסט, האט בייגעוואוינט אין קלוב דאס אונגעוועהנליכע שפילען פון די ביידע יודישע בחורים, האט ער נישט געקאנט רוהען, וואס אזעלכע גרויסע טאלענטען געהען אוועק לאבוד, און האט ביי זיך בעשלאָסען נישט אנדערש ווי זעהן זיי אויסבילדען אלס רוסישע ארטיסטען. ער האט זיך דאן וועגען דעם צונויפגערעדט מיט א בעקאַנטען יודישען גביר׳ישען יונגענמאן, וועלכער האט געשמ׳ט פאר א גרויסען קונסט-ליבהאבער און א שטיקעל מעצענאט, און יענער האט שוין אויסגעזוכט און געפונען די געהעריגע מיטלען, ווי אזוי צו פערנאַרען די בחורים צו זיך און וויהקען אויף זיי אויפצוגעבען די גמרא, און ווידמען זיך דער ארטיסטישער קאריערע. דאס איז דעם יונגענמאן אנגעקומען נישט בעזונדערס שווער, ווייל דעם קברות-מאנ׳ס אייניקעל, וועלכער האָט אויף זיך נישט געהאַט קיין איבעריגע השגחה, האָט שוין פון לאנג געצויגען צום טעאָטער, און ער האט נור געווארט אויפ׳ן ערשטען—בעסטען צופאל, וואס וועט איהם געבען די מעגליכקייט צו ווארפען די גמרא און צו ווערען „אַנ׳אקטיאָר״; עזריאל׳קע איז אַפילו געווען מעהר צוגעבונדען צו דער היים, און האט זיך טאקע דעריבער אנפאנגס א ביסעל געקווענקעלט, אבער אונטער דער השפעה פון זיין חבר האט ער זיך ענדליך אויך געלאָזט איבעררעדען. זיי האבען נאך אבער דאן ביידע נישט געהאט קיין שום בעגריף פון דעם מאָדערנעם טעאטער און האבען זאגאר נישט געקאנט קיין ווארט רוסיש, און דעריבער איז געבליבען, מ׳זאל זיי נאך, ווי שווער עס זאל נישט זיין, אויף א געוויסער צייט פערהאַלטען אין מינסק, ביז זיי וועלען זיך אויס-לערנען אַ ביסעל די שפראַך און וועלען בעקומען פאָרלויפיג די עלעמענטאַרע בעגריפען וועגען טעאָטער און קונסט. די דאָזיגע אונטעררי׳כטס-אַרבייט האט אויף זיך גענומען דער רעזשיסער, און דער יודישער מעצענאט האט פערזארגט די בחורים מיט אַלעם נויטיגען. די בחורים האָבען זיך גענומען מיט התמדה צום לערנען,

און האבען געמאכט אזוינע גרויסע פאָרשריט, אַז אין אחודש ארום האט דער רעזשיסער איינגעפונען, אַז זיי קאָנען שוין דרייסט אָנקומען אין דער פעטערבורגער ארטיסטען-שול. דער רעזשיסער האט זיי געגעבען זעהר הייסע רעקאָמענדאַציעס צו איינינע פון זיינע בעקאנטע, בעריהמטע פערזענליכקייטען אין דער פעטערבורגער ארטיסטען-וועלט, און האט זיי אויף דעם מעצענאַט'ס הוצאות אויסגעריכט אין וועג אַריין. דאס איז אויסגעפיהרט געווארען מיט גרויסע שוועריגקייטען, ווייל מ'האָט זיך געמוזט היטען, אַז די בחורים זאָלען דורכמאכען די נסיעה, נישט ווערענדיג פון קיינעם דערקענט.

V

אין פעטערבורג האבען די צוויי יודישע בחורים ארויסגערופען באלד ביי'ם ערשטען עקזאמען גרויס אופזעהן. אַ בעזונדערס שטארקען איינדרוק האבען זיי געמאכט מיט זייער דעקלאַמאַטאָרישען טאַלענט. מ'האט זיך נישט געקאנט אָבוואונדערן, זעהענדיג, ווי די צוויי, כמעט נאך גאנץ רויהע אין ארטיסטישען זין, יודישע יונגעלייט ווייזען ארויס אזוי פיל פערשטענדניש פאר קונסט. מען האָט תיכף פאר ביידען אויסגע׳פועל׳ט נישט בלויז וואוין-רעכט אין דער רעזידענץ-שטאדט, אלס תלמידים פון דער ארטיסטען-שול, נאר אויך אמאַנאַטליכע פענסיע. זיי זענען אריבער פון קלאַס צו קלאַס מיט גרויסע אויסצייכנונגען, און שוין אויפ'ן פירטען יאָהר זענען זיי געווארען אויפגענומען אין דער פעטערבורגער קינסטלער-משפחה, אלס ערשטקלאַסיגע ארטיסטען. דאס אייניקעל פונ'ם קברות-מאן האט שוין דאַן געהייסען: באָריס טינסקי, און עזריאל'קע — איוואַן מינצלאָוו. זיי זענען נאך דאן ביידע געווען יודען.

ס'האט לאנג נישט געדויערט, און מינצלאָוו מיט טינסקי'ן האבען אנגעהויבען שטארק מפורסם ווערען. זיי זענען ארויסגעטרעטען אין די וויכטיגסטע פיעסען, און זייער שפיל איז תמיד בעגעגענט געווארען פון עולם מיט גרויס ענטוזיאַזם און שטורמישע אפּלאָדיסמענטען. מינצלאָוו איז געווארען אויפגענומען אין קייזערליכען אלעקסאנדראָווער טעאַטער, וואו ער איז כמעט תמיד געווען דער פארטנער פון דער וועלט-בעריהמטער רוסישער אַקטריסע סאַווינאַ, און טינסקי'ן האט מען אַנגאזשירט אין די גרויסע

פּראָווינץ-שטעדט. ער איז אויך אויסגעטראָטען אין מאָסקווע, ביזשני-נאָווגאָראָד, אָדעס, און אומעטום געהאַט אַ גלענצענדען ער-פאָלג. פערקעהרענדיג דאָס רוב אין דער העכסטער רוסישער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט, האָבען זיך ביידע אָנגעהויבען צו שעמען מיט זייער יודישער אָבשטאַמונג און זיך בעמיהט ווי ווייט מעגליך זי צו פערדעקען. בעזונדערס האט זיך דערין אויסגעצייכענט טינסקי, וועלכען זיין יודישקייט איז שוין לאַנג געפאַלען צו לאַסט, און האט נישט אויפגעהערט צו זוכען ביז ער האט געפונען די גע-לעגענהייט זי פון זיך אראבצוווארפען. ער האט זיך פערליבט אין אַ קריסטליכער אַקטריסע פון אַדעל, וועלכע האט מיט איהם נישט געוואלט חתונה האבען, סיידען ער זאל זיך פריהער שמד׳ן. ער האט זיך פיל נישט געלאָזט בעטען און האט עס אָהן אַ שום וועלכען עס איז אינערליכען קאמף געטון. דערצו איז ער נאך פון דעמאָלט אָן געוואָרען אַ גרויסער שונא ישראל. צוריקקעהרענדיג זיך שפּעטער קיין פּעטערבורג, איז ער דארטען אריינגעטרעטען אין דעם „קליינעם-טעאַטער" פון סובאָרינ׳ען, דעם ארויסגעבער פון דער בעוואוסטער יודען-פיינדליכער צייטונג „נאָוואָיע ורעמיאַ". אין אַ רייהע יאָהרען אַרום, בעת דער משומד ליטווינאָוו-עפראָן האט אויפגעפיהרט אין דעם דערמאָהנטען טעאַטער זיין אַנטיסעמיטישע פּיעסע „די קאָנטראַבאַנדיסטען", וועלכע האט אין איהר צייט געבראכט צו עפענטליכע שטורמישע פּראָטעסט-אַרויסטרעטונגען מצד דער פּעטערבורגער יודישער סטודענטישער יוגענד, האט טינסקי דאן געשפּילט די הויפּט-ראָל, און ער האט אזוי שטארק נושא-חן געווען ביי׳ם גרויסען אַנטיסעמיטישען עולם, אז מ׳האט איהם פערווארפען מיט בלומען, און די „נאָוואָיע ורעמיאַ" האט איהם אַ לאַנגע צייט נאָכדעם געהויבען ממש ביז אין זיבעטען הימעל אַריין.

מינצלאָוו, וועלכער האט זיך אפילו אויך נישט איבעריגס בעקוועם געפיהלט מיט זיין יודישקייט, האָט דאָך נישט אזוי גיך ווי טינסקי איבערגעריסען מיט איהר זיינע בעציהונגען. מ׳האט זאָגאַר וועגען איהם דערצעהלט, אַז אויפטרעטענדיג אַמאָל אין דעם צאַרסקאָ-סעלאָ׳ער טעאַטער — דאס איז נאָך געווען פאר אַלעקסאַנדער דעם צווייטען — אין דער אָנוועזענהייט פון דער קייזערליכער פאַ-מיליע, האט ער אזוי אויסגענומען, אז נאָכ׳ן שפּילען האט איהם דער קייזער פערבעטען צו זיך אין לאָזשע און זיך מיט איהם פונאנדער-

גערעדט. אין פערלויף פון געשפרעך זאל דער קייזער מינצלאָוו'ן האבען געפרעגט, צו וועלכען גלויבען ער געהערט, אויף וואָס ער האט איהם פעסט געענטפערט, אז ער איז א יוד.

צו-לאנג האט אבער אויך מינצלאָוו'ס יודישקייט נישט אָנגעהאלטען. צו זיין לעצטען ריס מיט דעם יודישען פאלק האט געבראַכט דער פאָלגענדער צופאל: אין א געוויסען פריהמאָרגען האט ער זיך דערוואוסט דורך די רוסישע צייטונגען, אז אין מינסק איז אויסגעבראכען א גרויסע שרפה, וועלכע האט ארומגענומען ביי א צעהנדליג גאסען. דורכלויפענדיג די רשימה פון די אָבגעברענטע גאסען, האט ער צווישען זיי אויך בעמערקט די „שלאָס-גאַס", וואו ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז דאָרט האבען געדארפט וואוינען זיינע עלטערן, וועגען וועלכע ער האט נאך ביז דעמאָלט קיינמאל נישט געפרובט א קלער טאָן. אָבער גראָד אין יענעם מאָמענט האט זיך אין איהם דערוועקט דער געדאַנק, אז געוויס געפינען זיך זיינע עלטערן אויך צווישען די נשרפים, און ווערענדיג אינגאנצען בעהערשט פון א שטאַרקען רחמנות-געפיהל, איז ער נישט פיל טראכטענדיג, שנעל אַוועק אויף דער פאָסט און ארויסגעשיקט זיי פינף הונדערט רובל און א קליין יודיש בריוועל מיט דער אונטערשריפט: „פון מיר, אייער עזריאל". ר' יששכר-בער האט שוין לאנג געוואוסט, אז זיין עזריאל'קע לעבט און שפילט און פעטערבורג א גרויסע ראָלע, ער האט איהם אָבער מעהר נישט געהאלטען פאר קיין זוהן און האט פון איהם נישט געוואָלט הערען און זעהן. בעקומענדיג דעם בריף מיט'ן געלד, האט ר' יששכר-בער, ליגענדיג אינגאַנצען א פאַראליזירטער ערגעץ-וואו אין א שטוהל נעבען זיין אבגעברענטער שטוב, אפילו א מינוט נישט געטראכט, האט ער ארייגעלעגט דאס געלד אין אַן אַנדער קאָנווערט, האט צוגערופען צו זיך דעם יונגעמאַן, וואס האט איהם בעדינט, און געהייסען איהם אָבשיקען עס צוריק קיין פעטערבורג און אנשרייבען אין זיין נאָמען פאָלגענדעס: „דיין מוטער, עליה השלום, איז צוליב דיר אוועק פון דער וועלט פאר דער צייט; זי האט דיר פאר'ן טויט נישט מוחל געוועזן. איך שטעה אויך שוין מיט איין פוס אין קבר, און אין מיין לעצטער מינוט וועל איך דיר נישט מוחל זיין. דו ביזט נישט מיין זוהן עזריאל און איך בין נישט דיין פאָטער יששכר-בער".

צוהאלטענדיג דעם בריף, איז מינצלאָוו געווארען אויסער זיך. ער האט זיך נישט געוואָוסט וואו אַהינצוטון, צי פון וועהטאָג, צי פון שאנד פאַר זיך אַליין. אין דעם זעלבען אָוועגד האט ער געשפילט אין אַלעקסאַנדראָווער טעאטער צוזאמען מיט סאַווינאַ אָסטראָווסקי׳ס „גראָזא“ (דער שטורם), און איז כסדר פון עולם געווארען ארויסגערופען מיט דונערדיגע אַפּלאָדיסמענטען. אויף מאָרגען איז ער אוועקגעגאנגען און האט זיך אָבגעשמד׳ט...

---

# וואולף „למד-וואָוו׳ניק״

## I

אין די לעצטע אַכציגער יאָהרען פונם פאָריגען יאָהרהונדערט האט זיך אין די ניו-יאָרקער עמיגראַנטען-קרייזען פונאנדערגעפלאַקערט א שטארקער קאמף צווישען די סאָציאַל-דעמאקראטען מיט די אַנאַרכיסטען. די אנארכיסטען, וועלכע האבען זיך גרופירט ארום דעם פעריין „פרייהייטס-פיאָנערען״, האבען דאַן אָנגעהויבען, ארויסגעבען צוליב אַגיטאַציע-צוועקען, א בעזונדער וואכענבלאט אונטער׳ן נאָמען „די ווארהייט״.

צווישען די מיטאַרבייטער פון דער „ווארהייט״ האט זיך געפונען א געוויסער וואולף, וועגען וועלכען מ׳האט געוואוסט, אז ער איז דאָס געווען יענער, וואָס האט געשריבען אין ליבערמאנס סאָציאַליסטישען חודש-זשורנאל „האמת״ אונטער׳ן פסעוודאָנים „אחד מל״ו״.

אין דער „ווארהייט״ — אַזוי דערצעהלט בורגין אין זיין „געשיכטע פון דער יודישער ארבייטער-בעוועגונג״ *) — פלעגט וואולף שרייבען פייערדיגע אַרטיקלען וועגען אַנאַרכיזם. זיין אַרט שרייבען איז געווען אַנ׳אייגענארטיגער. זיין שפּראַך איז געווען א מין נביאים-שפּראַך — ער פלעגט שרייבען פסוקים-ווייז, און יעדער פסוק איז געווען שארף, קיילעכדיג, ברענענדיג, ווי א פסוק פון ירמיה אָדער ישעיה.

דער דאזיגער וואולף איז געווען א געהיימניספולע פערזאָן.

---

*) ערשינען אין ניו-יאָרק אין יאָהר 1915.

ער פלעגט אָפּט פערשווינדען און ווידער בעוויזען זיך. מען פלעגט איהם איינלאַדען אויף פערזאמלונגען, וואו ער פלעגט האלטען רע־דעס, וואס זענען געווען פונקט אזוי פייערדיג, ווי זיינע אַרטיקלען. אַ שווארצער, א הויכער אין א לאנגער קאַפּאטע, פלעגט ער ציהען אויף זיך די אלגעמיינע אויפמערקזאמקייט. ער איז תמיד געווען הונ־געריק, אָבער ער פלעגט ביי קיינעם א סענט נישט נעהמען. ווען ער פלעגט קומען צו א חבר אין דער צייט פון עסען, פלעגט ער צונויפקלויבען די ברעקלעך און עסען. זעצען זיך אבער צום טיש און קריגען א חלק — פון דעם פלעגט ער זיך אָבזאגען.

ארום יענער צייט זענען די מיסיאָנערען געווען זעהר טעטיג. זיי פלעגען אָבהאלטען פערזאמלונגען און „גאָטעס־דינסטען", אויף וועלכע זיי פלעגען איינלאַדען יודען. זיי האבען אויך ארויסגעלאָזט פלוג־בלעטער אין העברעאיש און יודיש.

אין לאנדאן האבען די מיסיאָנערען זאָגאַר ארויסגעגעבען א העברעאישע צייטונג. א נומער פון דער דאָזיגער העברעאישער צייט־טונג איז אמאָל אריינגעפאלען אין דעם ניו־יאָרקער אַנארכיסטען־פעראיין, און איינער פון די חברים, א געוויסער נ ע ט ע ר, אנ׳־אַמאליגער משכיל, וועלכער האט נאך גאנץ גוט געדענקט דעם „האמת", איז בעזונדערס אויפמערקזאַם געווארען אויף אנ׳ארטיקעל אין דעם מיסיאָנערישען בלאַט, וואס איז געווען אונטערגעשריבען מיט׳ן נאָמען „פ א ס ט א ר ל ו ק אַ ס". נעטער האט איבערגע־לייענט דעם ארטיקעל און זיך שטארק געחידושט. דער אינהאלט איז איהם עפיס פארגעקומען זעהר בעקאנט. דער שרייבער פון דעם ארטיקעל האט שטארק קריטיקירט די עקזיסטירענדע ארדנונג, האָט אנגעוויזען אויף דער אומגערעכטיגקייט, אויף וועלכער די איצטיגע געזעלשאפט איז געבויט, און דערוויזען, אז די איינציגע דערלייזונג פון דער מענשהייט איז די קריסטליכע אמונה: בלויז דאַן, ווען די מענשהייט וועט אָננעהמען דעם קריסטענטום, ווען יעדער מענש וועט שטרעבען צו פולקאָמענהייט, ווי דער גרינדער פונ׳ם דאָזיגען גלויבען, ערשט דעמאָלט וועלען פערשווינדען אלע צרות, פון וועלכע די וועלט ליידט איצט.

ווי געזאגט, האט זיך נעטער שטארק געוואונדערט. איהם האט זיך געדוכט, אז ער האט שוין אַמאָל אַזעלכעס געלייענט. ער האט זיך גענומען גריבלען אין זיין זכרון און האט זיך דערמאהנט, אז

אנ׳עהנליכער אַרטיקעל און אַנ׳עהנליכע שפּראַך איז געוואָרען געדרוקט אין „האמת״ אונטער׳ן פּסעוודאָנים „למד-וואוו׳ניק״. דער אונטערשיד איז בעשטאַנען נור אין דעם, וואס יענער אַרטיקעל-שרייבער איז געקומען צום בעשלוס, אַז מען מוז אָבשאַפען דעם קאַפּיטאַליזם, און אין דעם אַרטיקעל האט דער שרייבער פּערעגדיגט, אַז די מענשהייט מוז אננעהמען די לעהרע פון קריסטענטום.

אַזוי ווי וואולף איז פּאר מאַנכע אַנאַרכיסטען געוועזן אַ שטענדיג רעטעניש, האט זיך עמיצער, וועלכער האט זיך דאַן צופעליג געפונען ביי נעטערן, אַרויסגערעדט אין שפּאַס: „אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר איז גאָר „פּאַסטאָר לוקאַס״ נישט קיין אַנדערער, ווי וואולף!״

דערווייל האט זיך פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז אין אַ קירך האט מען געזעהן אַ מיסיאָנער, וועלכער איז עהנליך אויף וואולפ׳ן.

עמיצער פון די אַנאַרכיסטען האט זיך דערוואוסט, אַז אין אַ געוויסען טאַג וועט אין דער מיסיאָנערישער קירך אויף סאָפּאָלק קאָרנער גרענד האַלטען אַ דרשה פּאַסטאָר לוקאַס.

זענען אַ פּאָר אַנאַרכיסטען אוועק איהם הערען. ווי איבערראשט זענען זיי געוואָרען, ווען זיי האבען אויף דער ביהנע דערזעהן וואולפ׳ן דעם למד-וואוו׳ניק! ער איז דאס געווען „פּאַסטאָר לוקאַס״.

„פּאַסטאָר לוקאַס״ האט גערעדט אין דער קירך וועגען קריסטענטום מיט דער זעלבער התפּעלות, וואס ער פלעגט רעדען וועגען אַנאַרכיזם אויף די מיטינגען פון די „פרייהייטס-פּיאָנערען״. אויך דער אינהאַלט איז געווען איינער און דער זעלבער. ער האט שאַרף פּראָטעסטירט געגען דעם איצטיגען סדר-העולם, וואו מענשען האבען נישט קיין געוויסען, קיין גאָט אין האַרצען, און האט גערופען צו פולקאָמענהייט, צו אַנ׳אידעאַל. דער אידעאַל, וואס ער האט געפּרעדיגט, איז געווען קריסטענטום. דער אידעאַל, צו וועלכען ער פלעגט רופען אויף אַנאַרכיסטישע פערזאַמלונגען, איז געווען — אָרדנונג פון גערעכטיגקייט, פון מענשען-ליבע. אין דעם איז בעשטאַנען דער אונטערשיד.

די פּאָר אַנאַרכיסטען האבען אָבגעוואַרט ביז „פּאַסטאָר לוקאַס״ וועט פּערענדיגען זיין דרשה, און זענען צו איהם צוגעגאַנגען.

— איך האב דעם כבוד צו בעגריסען אייך, פּאַסטאָר לוקאַס! —

האט זיך איינער צו איהם אבגערופען מיט א שפאטיש פעראכט-ליכען שמייכעל.

וואולף איז געבליבען שטעהן אַ ווייל'ע א צומישטער. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און האט געענטפערט:

— יאָ! איך בין וואולף און אויך פּאַסטאָר לוקאַס. אבער האט זיך דען וואולף צו שעמען מיט פאסטאָר לוקאַס'ן? האט ער זיך דען פערראַטען? פרעדיגט דען פּאַסטאָר לוקאס עפּיס וואָס אנדערש? וואָס רודפ'ט איהר מיך? האב איך אייך פערפיהרט? האב איך ביי אייך וועַן-עס-איז גענומען אַ סענט פאר מיין מיה, פאר מיין ארבייט אין אייער בעוועגונג? איך האב עס געטהון אויס ליבע צו דער מענשהייט, צו אידעאַלען... באשר איהר האט אייך בעגרעניצט מיט אַ שמאָלען קרייז, איהר זעהט נישט די ברייטע וועלט...

און ער איז פון זיי אַוועק.

פון דעמאָלט אָן האט מען שוין וואולף דעם „למד-וואָוו'ניק" אין די ניו-יאָרקער אַנאַרכיסטישע קרייזען מעהר נישט געזעהן. מ'האט זיך נור דערוואוסט, אַז אין גאליציען פלעגט ער אָפט אויס-טרעטען אונטער'ן נאָמען „רבי פּאָלאק".

ווער איז עס פאָרט געווען, דער דאָזיגער רעטזעלהאפטער וואולף „למד-וואוו'ניק"?

## H

ווי עס ווייזט זיך ארויס לויט פערשידענע קוועלען, האט ער געהייסען: שמואל וואָלף פּאָלאַק און איז געבוירען געווארען אין יאָהר 1854 אין דעם קליינעם גאליציאנער שטעדטיל טיסמע-ניצאַ ביי סטאַניסלוי. זיין פאטער, וועלכער איז געוועזן א פער-ברענטער חסיד, האט איהם געגעבען אַ'ן עקסט-אָרטאָדאָקסישע ער-ציהונג, פריהער אין חדרים און דערנאָך אין ישיבות. דאָס יונגעל האט זיך ארויסגעוויזען פאר זעהר אַ גערעַטענעם און נאך אלס גאנץ יונג בחור'ל האט ער שוין גע'שמ'ט פאר א גרויסען וואויללערנער. צופעליג האט ער זיך בעקאַנט מיט דעם שטעדטעלדיגען לעהרער — אַ פערבאָרגענער משכיל, וועלכער האט זיך שפעטער אָבגע'שמד'ט — און אונטער זיין השפעה האט ער זיך אין דער שטיל אָנגעהויבען צו בילדען. צו זיבעצעהן יאָהר איז ער שוין געווען א זעלטענער העב-רעאישער סטיליסט און האט זיך ערוואָרבען א היבשע ידיעה אין

לאטיין און גריכיש. געוואוסט האט דערפון ב״ויז זיין אַלטע מוטער, פון וועלכער ער האט קיין זאך נישט געהאלטען בסוד, און זי, כאטש זעהר אַ פרומע, האט איהם דערין נישט געשטערט. זיינע ביאָגראַפען דערצעהלען, אַז אינ׳ם משך פון זיין גאנצען לעבען פלעגט ער יעדעס מאָל דערמאהנען די מוטער מיט א בעזונדער פערגעטערונג.

שמואל וואלף האט מיט אמאל דערפיהלט, ווי דער בית-מדרש הויבט אָן ווערען פאר איהם צו-ענג,׳ און ער האט זיך גענ׳מען דייסען אין דער ווייטער וועלט אַריין. ער איז ענדליך אבגעפאָהרען קיין בערלין. דאָרט איז ער אריינגעטראָטען אין א גימנאַזיע, און בעקומענדיג מאטורע, האט ער בעזוכט דעם ראבינער-סעמינאַר. אין יענער צייט האט ער זיך נאך ארומגעטראָגען מיט דעם געדאנק, אויסצוקלויבען זיך די ראבינערשע קאַריערע. ער האָט אָבער אויף דעם בעקומען חרטה, און איז אַוועק גאָר אין אַנ׳אַנדער וועג.

וועגען דעם, וואס עס איז מיט איהם פאָרגעקומען אין בערלין, זענען איינ׳גע ביאָגראַפען נישט איינשטימיג. זיינע מיסיאָנערישע ביאָגראַפען ווילען האבען, אַז זענענדיג אַ תלמיד פון הילדעסהיימערס ראַבינער-סעמינאַר, האבען איהם די לעהרער אַמאָל אויפגעגעבען צו בעהאנדלען אין אַ טעמע די בעציהונגען פון הלל הנשיא צו די ערשטע אַפּאָסטאָלען. פערטיפענדיג זיך אין דעם דאזיגען ענין, האט עס איהם ארויפגעבראכט אויפן געדאנק, צו גרינדען א נייע יודישע אמונה, וועלכע זאל זיין צוזאמענגעגאסען פון יודישע און קריסטליכע פרינציפען, און נאכדעם, ווי ער האט שוין געהאט אויסגעארבייט די יכוה׳ות פונם דאזיגען נייעם גלויבען, איז ער אוועק צוריק קיין גאליציען, אום צו מאכען פאר איהם פראָפּאַגאַנדע צווישען דער דארטיגער יודישער בעפעלקערונג. אַנדערע, ווידער, דערצעהלען, אז פון בערלין איז שמואל וואלף אוועק קיין טשערנאָוויץ, וואו ער האט זיך בעקענט מיט׳ן דארטיגען פיהרער פון די אנארכיסטען, א געוויסער פעטיא אַטי פון איטאַליען. די דאָזיגע בעקאנטשאפט האט געפירט דערצו, אז וואלף האט זיך אנגעשלאסען אָן דער אַנארכיס׳ישער ארגאניזאציע, און איז געוואָרען איינער פון איהרע פלייסיגסטע און טעטיגסטע מיטאַרבייטער. זענענדיג טעמפעראמענט-פול און רעדנעריש זעהר בעגאבט, איז איהם געלונגען אריינצו-ציהען אין דער ארגאניזאציע פיל פון דער טשערנאָוויצער רעליגיעז-געשטימטער יודישער יוגענד. איינער א טשערנאוויצער חסיד, וואס

זיינע אַכט זיהן און איין טאכטער זענען אונטער וואלפס השפּעה אריינגעצויגען געווארען אין אנארכיזם, האט אויס כעס פער׳מסר׳ט פאר דער מאכט די אָרגאניזאציע מיט איהרע פיהרער. די טשערנא-וויצער פאליציי האט דאן דורכגעפיהרט מאסען-ארעסטען צווישען דער ארטיגער יודישער יוגענד. די אנארכיסטען האבען בעשלאסען זיך נוקם צו זיין פאר דער מסירה, און אין א געוויסען אָוועגד זענען, זיי מיט וואלפ׳ן בראש, בעפאלען די טשערנאוויצער שוהלען און בתי-מדרשים און זיי חרוב געמאכט. וואלף אליין זאל האבען גענומען אין דעם דאזיגען פאגראָם דעם גרעסטען אנטייל. ער האט גע-שענדעט ספרי-תורות, זיי צוריסען און פערברענט. נאכדעם האט ער שוין מעהר אין טשערנאוויץ נישט געקאנט בלייבען און איז אנטלאָ-פען קיין לאָנדאָן.

III

ווי וואולף „למד-וואָווניק״ ווערט געשילדערט פון מענשען, וועלכע זענען צו איהם געשטאנען בעזונדערס נאָהנט, לאזט זיך אבער נישט גלויבען, אַז ער איז געווען פעהיג אָבצוטון אזעלכע נבלות, ווי פּאָגראָמירען שוהלען און צורייסען ספרי-תורות. גיכער דארף מען משער זיין, אז דא איז פאָרגעקומען א מיספערשטענדניש. און אז די אלע שענדליכע מעשים זענען געווארען אויסגעפיהרט דורך זיינע חברים אנאַרכיסטען, וואס האבען אממייסטען געליטען צוליב דער מסירה.

קלאר איז נור דאס, אז פון טשערנאוויץ איז וואולף אוועק קיין לאָנדאן, וואו ער איז אריינגעפאלען צופעליג אין דער געזעל-שאפט פון מיסיאנערען, וועלכע האָבען פערשטאנען צו ווירקען אויף איהם און פערפלאנטערען איהם אין זייערע נעצען. זיי האבען איהם בעקאנט געמאכט מיט דעם „ברית חדשה״ און מיט די דאָגמען פונם עוואנגעלישען גלויבען. טאג און נאכט האבען זיי זיך כסדר מיט איהם מפלפל געווען וועגען אמונה-זאכען. דערביי האבען זיי איהם פיל מאל געגעבען אנצוהערעניש, אז דאס גרעסטע גליק פאר איהם וואלט געווען, ווען ער וואלט זיך אבגעזאגט פונם יודישען גלויבען און זיך אבגע׳שמד׳ט. וואולף האט זיך אבער בשום אופן נישט געלאזט איבעררעדען און איז געבליבען פעסט ביי זיין יודישקייט.

אין לאנדאן האט וואולף פערבראכט אנדערטהאלבען יאהר בערך און איז פון דארט אריבער קיין אמעריקא. די ערשטע צייט האט ער געוואוינט אין שיקאַגאָ. דא האבען איהם אויך דער־שמעקט די מיסיאנערען, וועלכע האבען מיט איהם געגומען איינ־טענה׳ן, ער זאל זיך טויפען און אויסנוצען זיינע גלענצענדע רעדנערישע פעהיגקייטען צו דער מיסיאנערישער טעטיגקייט. דאס מאל האט שוין וואולף מעהר נישט געקאָנט ביישטעהן דעם נסיון און זיך אָבגע׳שמד׳ט, אננעהמענדיג די אמונה פון א געוויסער עוואנגעלישער סעקטע, וואס היט אב שטרענג דעם שבת און איהרע אָנהענגער הייסען דעריבער „סאַבאַטיאַנער״.

עס האט לאנג נישט געדויערט און וואולף האט בעקומען א גרויסען איינפלוס אין דער סעקטע און איז געווארען איהר גאנ־צער אנפיהרער. איינגיכען האט ער, צוליב מיסיאָנערישער אגיטאציע, אנגעהויבען ארויסגעבען א העברעאישען וואכענבלאט אונטער׳ן נאמען „קול קורא״. אויף זיינע ארטיקלען האט ער זיך אונטערגעשרי־בען מיט׳ן פסעוודאָנים ידידיה לוצקי. זענענדיג פון דער נאַ־טור עקספאַנסיוו און דערצו לוינענהאפט, האט ביי איהם דער „סאבאַטיאַניזם״ לאנג נישט אנגעהאלטען. ס׳איז אריבער א קורצע צייט, און וואולף „למד־וואוניק״ האט שוין אנגעהויבען אגיטירען פאר אַן׳אנדער גלויבען, וועלכער איז פיל נענטער צום יודענטום, ווי צום קריסטענטום. לויט דעם דאָזיגען גלויבען איז קיין קריסט־ליכע אמונה לגמרי נישטא, נור א קריסטאַליזירטע יודישע אמנה, וועלכע ווארט אויף א דערלייזונג, וואס דארף שטאמען פון יודען, ווייל משיחיזם איז א ריין־יודישער אידעאל. משיח וועט קומען צו יודען, אבער נישט צו די אנדערע פעלקער. א יוד מוז אבער אבהיטען אלע דינים פון דער תורה און אויך פון חז״ל.

די מיסיאנערען האבען בעטראכט וואולפס נייע תורה אַלס בגידה און אויך אלס גרויסע קאנקורענץ פאר זיך, און האבען איהם אויף דעם סמך גענומען רודפ׳ן. זיי האבען איהם אנגעטון די גע־ברענטסטע ליידען, האבען געמאכט אויף איהם פערשידענע בלבולים און געזוכט איהם משלח זיין פון שיקאגא. וואולף האט זיך מיט דעם בעניצט צו שפילען די ראל פון א „קדוש״, וואס ווערט פערפאלגט צוליב זיין טרייקייט צום יודענטום. וואולף האט זיך אין זיין נייער ראָל אנגעהויבען מקרב זיין צו דער שיקאגער יודישער בעפעלקערונג,

וועלכע דאבען איהם, נישט קענענדיג דעם אמת׳ן מהות פון זיינע רעפארמאטארישע אידעען, אויפגענומען מיט אפענע ארעמס. שיקא־גער יודען האבען אפילו געוואוסט, אז וואולף איז א געוועזענער גע׳שמד׳טער יוד, אבער זיי האבען איהם געהאלטען פאר א בעל־תשובה, און נאכ׳דעם, ווי זיי האבען פון איהם געהערט, אז איצט בעקעמפט ער שטארק די מיסיאנערען, וועלכע אגיטירען פאר שמד, איז ער זיי געווארען ליב און טייער, און האבען איהם מבטיח גע־וועזן זייער אונטערשטיצונג. אזוי האט זיך וואולפ׳ן איינגעגעבען צו געווינען אלץ מעהר דעם צוטרוי פון די שיקאגער יודען, און ער האט עס קלוג אויסגענוצט צו פערשפרייטען אזוי־ארום זיינע רעפאר־מאטארישע אידעען צווישען דער יודישער יוגענד.

כדי צו מאכען דעם אנשטעל, אז ער האט שוין מיט די מיסיאנערען אינגאנצען איבערגעריסען און איז שוין מיט זיי קיין כחותן נישט, האט ער אבגעשטעלט דעם וועכענטליכען „קול קורא" און אנגעהויבען ארויסגעבען א העברעאישען חודש־זשורנאל מיט׳ן נאמען „עדות לישראל". אינ׳ם דאזיגען זשורנאל האט ער זיך שוין אויף זיינע ארטיקלען גע׳חתמ׳עט נישט לוצקי, נור לוקי. נאך אלץ מורא־האבענדיג, טאמער קאן זיך פארט וועער פון יודען אנ־טנוסען אויף די אמת׳ע צוועקען, וועלכע ער פערפאלגט מיט זיין זשורנאל, איז ער אוועק צום שיקאגער רב, ד״ר פעלזענטאל, און פארשטעלענדיג זיך פאר איהם אלס שטארקער בעקעמפער פון יעדער מיסיאנערישער טענדענץ, האט ער איהם געבעטען אנשרייבען אנ׳א־ארטיקעל פאר׳ן „עדות לישראל". ד״ר פעלזענטאל האט איהם אין קיין זאך נישט חושד געווען און איהם דעם ארטיקעל געגעבען.

די שיקאגער מיסיאנערען, וועלכע האבען גוט פערשטאנען, אז וואולפ׳ס אמת׳ע כוונה איז נור געווען צו פערעפענטליכען אין זיין זשורנאל אנ׳ארטיקעל פון א רב, כדי צו בעקומען דורכדעם א מעג־ליכקייט, וואס מעהר אריינצודרינגען אין די יודישע הייזער, זענען געווארען זעהר אויפגעבראכט, און האבען בעשלאסען זיך דערפאר נוקם צו זיין אין וואולפ׳ן. זיי האבען באלד פערעפענטליכט מודעות אין שטאדט, אז דער רב פעלזענטאל האט זיך געטויפט, והראיה, אז ער ארבייט אין א ריין־אויסגעשפראכענעם קריסטליך־רעפארמא־טארישען זשורנאל. ד״ר פעלזענטאל האט זיך באלד נעהנטער צוגע־

קוקט צום זשורנאל און זיך איבערצייגט, אז דער „עדות לישראל" איז טאקי מיסיאָנער'ש געפּארבט. די גאנצע יודישע בעפעלקערונג אין שיקאגא, מיט'ן ד"ר פעלזענטאל בראש, איז געווארען געגען וואולפ'ן שטארק אויפגעבראכט, און מען האָט זיך צו איהם גענו-ען פון אלע זייטען. מ'האט איהם געזידעלט און געמאכט מיט דער בלאָטע גלייך. דערמיט אַליין האט מען נאך נישט יוצא געווען, און מען איז איהם אויך אָפּט בעפאלען און איהם יעדעס מאָל ממש גע-ממית'ט. וואולפ'ן האט עס אָבער ווענינ געקימערט; עפּיס אזוי ווי ער וואלט עס אָנגענומען פאר גוט. ער האט געזאגט, אז ווי באלד ער ליידט עס פאר זיינע אידעען, בעטראכט ער זיינע ליידען אלס יסורים של אהבה. דאָס האט געבראכט דערצו, אז די אָנהענגער פון זיין נייער „לעהרע" זענען געווארען אלץ מעהר און מעהר. עס האט זיך ביסלעכווייז אין שיקאַגאָ אויסגעבילדעט אַ גרויסע סעקטע פון יודען, וועלכע ווארטען אויף א משיח, וואס דארף זיין דער דערליי-זער פון דער ליידענדער מענשהייט. אזוי איז וואולף געווארען אלץ מעהר די מיסיאנערען ווי א דאָרן אין אויג, און זיי האבען זיך ענד-ליך אויף איהם אזוי שטארק אנגעזעצט, אז זיין לעבען איז שוין געוועזן אין סכנה און עס איז אין א שענעם פריהמארגען נעלם גע-ווארען פון שיקאגא.

## IV

וואולף איז דאן געקומען קיין ניו-יארק. לויט אנדערע ידיעות, האבען איהם בעגלייט קיין ניו-יאָרק פיל פון זיינע שיקאגער אנ-הענגער, וועלכע האבען זיך אָנגעשלאגען צו העלפען איהם פער-שפרייטען זיינע אידעען. זיינע נייע תלמידים האבען איהם אבער נישט געקאנט געבען קיין מיטלען צום לעבען, און ער האט זיך געפונען אין גרויס דחקות און נויט. געוואוינט האט ער אין זעהר אנ'ענג צימער און געשפייזט האט ער זיך מיט טרוקען ברויט און וואסער. כדי זיינע פיינד זאלען איהם נישט נאכלויפען, האט ער אין ניו-יארק געביטען זיין נאמען און זיך געלאזט רופען וואולף פּאָלאַק. נאר אויך דער שנוי השם האט נישט געהאלפען: מ'האט זיך דערוואוסט, ווער ער איז.

צום ערשטען האבען זיך דערפון דערוואוסט זיינע אמאליגע חברים, די טשערנאָוויצער אנארכיסטען. זיי זענען תיכף געקומען

צו איהם און האבען איהם אנגעבאטען א היבשע מאנאטליכע פענסיע, אויב ער וועט מסכים זיין צו פיהרען אין אמעריקא אנ׳אנארכיסטישע אגיטאציע, ווי אמאל אין טשערנאוויץ. וואולף האט אויף דעם גע־געבען זיין הסכם, און האט זיך ווידער ארייגעווארפען אין דער אנארכיסטישער אגיטאציע. פאר׳ן געלד, וואס ער האט בעקומען, האט ער פאָרטגעזעצט ארויסצוגעבען דעם „עדות לישראל״ מיט דער זעלבער מיסיאָנערישער טענדענץ.

וואולף האט שוין אַפילו איצט געהאט זיין חיונה בשפע, דאך האט ער זיין פריהערדיגען לעבענס־שטייגער נישט אומגעאנדערשט אַפילו אָויף א האָר. ער איז נאך אלץ געגאנגען „קרוע בלוע״, האלב נאקעט, האט געוואוינט אין א פינסטערער קעלער־שטוב און געפיהרט אנ׳ארים, עלענד לעבען. דאס האט איהם געגעבען פיל חשיבות אין די אויגען פון זיינע אָנהענגער און סימפאטיקער. צום סוף האט מען אויף איהם אנגעהויבען קוקען, ווי אויף איינעם פון די ל״ו־צדיקים און מען האט איהם געהאלטען פאר אנ׳„איש־אלהים״...

אזוי איז אוועק א טאג פאר א טאג. וואולף איז אלץ מעהר אַריין אין זיין ראלע, ביז מ׳האט צווישען די ניו־יארקער יודען, בעזונדערס צווישען די אלטוועלטישע עמיגראנטען, גענומען רעדען וועגען איהם, ווי וועגען אַנ׳אמת׳ן „רואה־ואינו־נראה׳דיגען „למד־וואוו׳ניק״. אזוי האט זיך וואולף ערווארבען א גאנצע מחנה פער־ברענטע אנהענגער פון די ביידע, אזוי קאָנטראסטישע לאגערן, ווי די אנארכיסטען פון איין זייט, און יודען־משיחי׳סטען פון דער אנדער זייט. דער ניו־יארקער קעסעל האט אבער אלץ פערווישט, באופן, אז איינער האט נישט געוואוסט פון צווייטען. געוואוסט דעם אמת האט נור וואולף אליין.

ווי מיר האבען שוין אויבען דערצעהלט, האבען זיך די ניו־יארקער אנארכיסטען צופעליג דערוואוסט, אז אין דער זעלבער צייט, וואָס וואולף אגיטירט פאר זייערע אידעען, האלט ער, אלס פאסטאר לוקאַס, מיסיאָנערישע דרשות אין דער עוואַנגעלישער קירך. די אנארכיסטען האט עס אבער נישט גְעארט, און זיי האבען דערפון קיין וועזען נישט געמאכט. די זאך איז געבליבען פערשטיקט צווישען זייערע חברים און זיי האבען עס אין דער עפענטליכקייט נישט ענטפלעקט.

עס האט אבער גראד געדארפט פאסירען, אז וועגען די

דרשות פונם פאסטאר לוקאס אין דער ניו-יארקער עוואנגעלישער קירך איז געוואוירר געווארען אויך דער שיקאגער רב ד״ר פעלזענ-טאל, און ער האט עס שוין נישט געוואָלט פערשווייגען. ער איז באלד אראבגעפאהרען קיין ניו-יאָרק מיט דעם פעסטען בעשלוס אראבצורייסען די מאסקע פון וואולף „למד-וואוו׳ניק״ פאר יע-דען פרייז.

ווי עס דערצעהלט ה׳ אָרענשטיין, האט ד״ר פעלזענטאל גע-פאקט וואולפ׳ן גראד אין דער מינוט, ווען ער האט געהאלטען א רעדע אין דער עוואנגעלישער קירך. אין דער דאזיגער רעדע האט ער אויפגעפאדערט דעם עולם, אז אויב זיי ווילען נישט אָנערקענען זיין אידעע, זאָלען זיי, לכל הפחות, פייערן אלס רוה-טאָג שבת און נישט זונטאָג, ווייל שבת איז א געבאָט פון די עשרת-הדברות, וועלכען קריסטוס האט אויך געלערנט אבהיטען, און נור ערשט אין דריטען יאָהרהונדערט איז שבת אלס רוה-טאָג געווארען פערוואנדעלט אין זונטאָג. פעלזענטאל איז ארויף אויף דער קאַנצעל און פאר אַלעמען אין די אויגען האט ער דעמאַסקירט דעם „למד-וואוו׳ניק״.

באלד נאך דעם דאזיגען צופאַל איז וואולף „למד-וואוו׳ניק״ פערשוואונדען געוואָרען פון ניו-יאָרק און קיינער האט נישט גע-וואוסט, וואו ער איז אהינגעקומען.

V

נאכדעם, ווי וואולף איז פערשוואונדען געווארען פון ניו-יארק, האט מען אלאנגע צייט נישט געוואוסט, וואו ער איז אהינגעקומען. ערשט אין א האלב יאָהר ארום איז ער מיטאמאָל אויפגעשוואומען אין דייטשלאנד. דאָרט האט ער אנגעהויבען צו פער-שפרייטען זיינע אידעען אין קליינע קרייזלעך, וועלכע זענען אָבער וואס ווייטער אלץ גרעסער געווארען. באלד האבען זיך וועגען איהם דערוואוסט אַזעלכע גרויסע קריסטליכע געלעהרטע, ווי פראפעסאר אויגוסט ווינשע, פראָפעסאָר הארמאַן שטראק און אַנדערע, וועלכע האבען איהם בעטראכט פאר זעהר אַנ׳אינטערעסאַנטע פערזענליכקייט און איהם מקרב געווען. שפעטער האט זיך וואולף בעקאנט אויך מיט אין יענער צייט בעריהמט געוועזענעם יודענ-פריינדליכען פראפעסאָר פראַנץ דעליטש. דעליטש האט לכתחילה בדעה געהאט אויסצונוצען

וואולפ׳ן צו דער געוועהנליכער מיסיאָנערישער טעטיגקייט. ער האט זיך אָבער באַלד איבערצייגט, אז וואולף איז בעצם אָנגעהאָנגען אָן יודישקייט, און ער האט נור א בעזונדער אויפפאסונג וועגען דעם קינפטיגען משיח; דערביי האט דעליטש פערשטאנען, אז וואולף איז אזא מיסיאָנער, וואס קאָן גיכער צוציהען קריסטען צום יודענטום, איידער פאַנגען צווישען יודען נשמות פאַר א פרעמדער אמונה. דאס האט דעליטשן אָבגעהאלטען פון צו פערבינדען זיך מיט וואולפ׳ן; ער האט איהם אָבער אבגעגעבען גרויס כבוד און איהם אויך פערשאפט די נויטיגע געלד-מיטלען אויף צו פערעפענטליכען אַן׳ענגליש ווערק, אין וועלכען ער ערקלערט אויספיהרליך אין וואס עס בעשטעהט דאס נייע יודענטום, וואס ער וויל גרינדען. דאָס זעלבע ווערק האט וואולף שפּעטער אליין איבערזעצט אין העברעאיש אונטערן נאָמען „היהודי המשחי״.

לאנג האט אבער וואולף אין דייטשלאנד נישט פערבראכט. ער האט געשטרעבט נאך א ברייטערען ארבייטס-פעלד און זיך פערבענקט אהיים קיין גאליציען. איהם האט געצויגען צו א סביבה פון יודען לומדים, מיט וועלכע ער זאל זיך קאנען מפלפל זיין און אויס׳טענה׳ן זיך וועגען זיינע אידעען. ער האט זיך בעזעצט אין לעמבערג, וואו ער האט טאקע געפונען אָנהענגער, אבער נישט אין די לומדישע קרייזען, נור צווישען גאנץ אַנדערע שיכטען, בעזונדערס צווישען משכילים, שריפטשטעלער און סתם אינטעליגענטען. אין א קורצע צייט, בערך, האט מען וועגען וואולפס שיטה פון יודישקייט גערעדט אין גאנץ מזרח-גאליציען און אויך אין בוקאָווינא און אין פערשידענע שטעדט אין אונגארן.

די מיסיאָנערען, וועלכע זענען דעמאָלט בעשעפטיגט געווען אין גאליציען און האבען פאר זייער ארבייט בעקומען אין דער לאָנדאָנער עוואנגעלישער געזעלשאפט גרויסע געלד-סומען, האבען שטארק מורא בעקומען, אַז ווען וואולפס אידעען זאלען ווייטער אויספערשפרייט ווערען, זענען זיי עלול אונטערצוגראָבען זייער גאַנצע טעטיגקייט. כדי דערצו נישט צו דערלאזען, זענען די מיסיאָנערען געפאַלען אויף א שפּיצעל. דער אנפיהרער מיט דער מיסיאָנערישער ארבייט אין גאַליציען, א געוויסער משה לעווין, וועלכער איז אליין תמיד געזעסען אין ווין, האט אנגעקניפּט פערבינדונגען מיט וואולפ׳ן, האט זיך פארגעשטעלט אלס פערברענטער חסיד פון זיינע

אידעען, און פארגעשלאגען איהם זיין הילף. דער ווינער מיסיאנער האט געבראכט אזוי ווייט, אַז וואָלף האט איהם איבערגעגעבען אָנצופיהרען מיט דער רעדאַקציע פון זיין העברעאישען זשורנאַל „עדות לישראל". אינגיכען האט ער אבער וואולפ'ן בעזייטיגט פון דער צייטשריפט, און דער „עדות לישראל" איז געווארען דער שטארקסטער בעקעמפער פון זיין משיה'ישער „לעהרע".

דערווייל האט געדארפט פּאַסירען, אַז אונטער'ן איינפלוס פון וואולפס „לעהרע" האבען זיך אין א שענעם פריהמאָרגען אָבגעשמד'ט עטליכע פערזענליכקייטען פון זיינע אָנהענגער, און דער דאזיגער פאקט האט ארויסגערופען ביי דער לעמבערגער יודישער בעפעלקע-רונג א גרויסע פערביטערונג. וואולף איז אַפילו דאַן ארויס אין דער עפענטליכקייט מיט אנ'ערקלערונג, אז זיין לעהרע פאדערט אויף קיין פאַל נישט קיין שמד, און לויט זיין לעהרע איז גענוג, אַז א יוד היט אָב שבת, מילה, לערנט העברעאיש און גלויבט אין דעם פון גאָט „געזאַלבטען". ווער איז אבער דער דאזיגער געזאלבטער? — וועגען דעם האט ער גערעדט מיט א האַלבען מויל, באופן, אַז עס איז ביי איהם ארויסגעקומען צווידייטיג. די לעמבערגער מיסיאָ-נערען האבען זיך דערמיט בענוצט און פערעפענטליכט אין די ציי-טונגען די נעמען פון די מענשען, וועלכע זענען איבערגעגאנגען צום קריסטענטום אונטער דער ווירקונג פון וואולפ'ן.

וועגען דעם דאָזיגען קאַמף, וועלכען די גאַליציאַנער מיסיאָ-נערען האָבען אָנגעפיהרט געגען וואולפ'ן, גיט איבער מ. אָרענ-שטיין די פאָלגענדע, זעהר אינטערעסאַנטע פּרטים: די מיסיאָנערען האָבען פאר יעדען פרייז פון איהם געוואלט פטור ווערען. זיי האבען דעריבער אויסגעזוכט אַלע זיינע אַלטע חטאים און איהם אויפגע-פאָדערט, ער זאָל זיך שטעלען צו זייער בית-דין. אויך וואולפ'ס תלמידים, וועלכע זענען געווען איבערצייגט אין זיין אונשולדיגקייט, האבען פון איהם פערלאנגט, ער זאָל זיך שטעלען פאר דעם דאָזיגען בית-דין, כדי ריינצוואשען זיך פאר דער וועלט פון די אלע בע-שולדיגונגען, וואס מען ווארפט איהם פאָר.

דאָס בית-דין איז פאָרגעקומען אין לעמבערג. די דיינים זענען זענען געווען פינף פון די בעקאַנטעסטע גאליציאַנער מיסיאָנערען. צווישען אנדערען האָט מען וואולפ'ן בעשולדיגט, אַז ער איז א גע-מיינער שווינדלער, אַז אין יעדען לאַנד טרעט ער אויף אונטער-

אַ בעזונדערען נאמען. דאס בית-דין האט אויפגעוויזען מיט ראיות, אז וואולף איז שולדיג און איהם ערקלערט אַלס פער׳משפט.

וואולף האט זיך דעם משפט קנאַפּ-וואָס געגומען צום הארצען, און וועלענדיג איבערצייגען די עפענטליכקייט, אַז ער איז נאָך געגוג פּאָפּולער, האט ער צונויפגערופען קיין לעמבערג אַ צוזאמענ-פאָהר פון זיינע אָנהענגער. אויפ׳ן דאזיגען צוזאַמענפאָהר איז גע-וואָרען בעשלאָסען, צו גרינדען אין קניהינין, ביי סטאַניסלוי, אַ קאָלאָניע פון וואולפיסטען (געהייסען האָבען זיי: לוקיאַנער). עס איז אויך געוואָרען אָנגענומען דער בעשלוס, אַז יעדער לוקיאַנער מוז קענען העברעאיש און אַז אַ גרויסער טייל פון זיי זאלען אויס-וואַנדערען קיין ארץ-ישראל. דער צוועק פון דער דאָזיגער אויסוואַנדערונג האט געדארפט זיין: ערשטענס, צו שאפען אין ארץ-ישראל דעם צענטר פון דער לוקיאַנישער בעוועגונג און, צווייטענס, צוליב דעם געדאַנק פון שיבת-ציון. אַלע לוקיאַנער זענען דעמאָלט געוואָרען אויפגעפאָדערט מאַסענהאַפט אריינצוטרעטען אַלס מיטגלידער אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און צו אַגיטירען פאַר׳ן ציוניזם. צוליב פערשידענע טעמים איז אבער דער דאזיגער בעשלוס אויס-געפיהרט געוואָרען בלויז טיילווייז. נור א גאַנץ אומבעדייטענדע גרופּע פון וואולפ׳ס תלמידים זענען אַוועקגעפאָהרען קיין ארץ-ישראל. אין ארץ ישראל זענען מאַנכע פון זיי געוואָרען הייסע אָנ-הענגער פון דעם דאָרטיגען בעוואוסטען משוגע׳נעם שמואל ספרדי, וועלכער האט זיך גערופען נביא. דער דאָזיגער „נביא" האט דאן ארויסגעשיקט א פאדערונג צו וואולפ׳ן, ער זאל זיך אַלס „למד-וואָוו׳ניק" ענטפּלעקען פאר זיינע תלמידים, צוזאמען מיט זיי קומען קיין ארץ-ישראל און דאָרט גלויבען אין גאָט און אין זיין „נביא" — שמואל ספרדי.

וואולף אַליין איז אָבער נישט אוועק קיין ארץ-ישראל. ער האט נור פערלאָזט לעמבערג און זיך אריבערגעקליבען קיין קניהינין, וואו ער האט געגרינדעט אַ קאָלאָניע, אין וועלכער עס האבען געוואוינט אַנ׳ערך צוועלף הונדערט פערזאָן פון זיינע חסידים. אין קניהינין האט וואולף געעפענט אַ שול און א יתומים-הויז, וואס עקזיסטירט דאָרט עד-היום אונטער דער פערוואַל-טונג פונ׳ם עוואַנגעלישען גלח צעקלער, וועלכער איז געוועזען איינער פון זיינע גרעסטע פערעהרער.

פראָפעסאָר מ. ווייסבערג, דער מחבר פון דער געשיכטע פון דער נײַ־העברעאישער ליטעראַטור, דערצעהלט אין אַ בריף צו ז. רייזען, אַז 15 יאָהר איז ער גוט געווען בעקאַנט מיט וואולף למד־וואָוו'ניק, אין וועלכען ער האט געפונען אַ העכסט־אינטערעסאַנטע פערזענליכקייט. אמענש אַן אידעאַליסט, וואָס אי יודען, אי קריסטען האבען איהם זעהר געאַכט און געליבט. כל ימיו האט ער זיך אבגעזאגט פון די סאמע נויטיגסטע מענשליכע בעדערפענישען, און זיך אויפגעפיהרט מעשה למד־וואָוו'ניק. ער האט געוואוינט אין אַ קליין שטיבעל, האט זיך ערנעהרט פון ברויט מיט וואסער, און געגאַנגען געקליידט כמעט אין שמאַטעס. ער האט זיך אַריינגעגומען אין זיין כמין „אידעע פיקס" אויסצופֿלייזען דאס יודענטום, און פאר דער דאָזיגער אידעע האט ער זיך מפקיר געווען זיין גאַנץ לעבען.

טריי זיין געוואוהנהייט — נישט צו זיצען לאנג אויף איין אָרט, האָט זיך וואולף, הארט פאַר'ן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, גאָר אויף דאָס ניי אָוועקגעלאָזט קיין אַמעריקאַ. אויפ'ן וועג האט איהם אָבער דערגרייכט די מלחמה און ער איז פערבליבען ביי פריינד אין האָלאַנד. דארט האָט ער געהאָפט אויפ'ן נצחון פון די דייטשען און אויף דעם בעפרייען פון זיין פאָטערלאַנד גאַליציען. אינ'ם משך פון קריג האט זיך זיין בעוועגונג אינגאַנצען איפגעלעזט; פון זיינע אָנהענגער זענען געבליבען נור קליינע רעשטלעך, פון וועלכע עס איז אויך אין קורצען קיין זכר נישט געבליבען.

אין יאָהר 1916 איז וואולף שווער קראנק געווארען. דאַן האט ער פערלאַנגט פון זיינע נאָהנטע פריינד, מ'זאָל איהם אבשיקען קיין דייטשלאנד. דארט איז ער אַ געוויסע צייט געלעגען אין בערלינער שפּיטאָל „אבן־עזר". דערפיהלענדיג, אַז זיינע טעג זענען שוין געצעהלט, האט ער געבעטען, מ'זאל איהם איבערפיהרען צו זיין אלטען גוטען בעקאַנטען, דעם גלח וויגאַנד, וועלכער האט געוואוינט אין דעם שטעדטיל פלוי, ביי מעקלענבורג. דאָרט האט ער פאר'ן טויט אויסגעדריקט וויגאַנד'ן זיין לעצטען וואונש, ער זאל זעהן אָנצווענדען אַלע קרעפטען, מ'זאָל איהם מקבר זיין אויפ'ן יודישען בית־עלמין.

אין פלוי האבען דעמאלט געוואוינט ביי אַ צעהן יודישע פּאַ.

פיליעס, און זענענדיג אַפילו אָרטאָדאָקסיש געזאַנגען, האבען זיי דאָך ביי זיך נישט געפּועל׳ט אָבצוזאָגען וויגאַנד׳ן אין זיין בקשה און געבראַכט וואוּלפּ׳ן צו קבר־ישראל. די בעערדיגונג איז אָבער פאָר־געקומען ביינאכט, בעת אַלע האבען שוין לאנג געשלאָפען.

די זאַך איז אבער נישט פערבליבען בסוד, און ווען די מיס־יאָנערען האבען זיך דערוואוסט, אז מ׳האָט וואוּלף למד־וואָוו׳ניק מקבר געווען אויף אַ יודישען בית־עולם, האבען זיי געמאכט אַ ויצעקו, און אויסגעדריקט געגען דעם אין דער עפענטליכקייט אַ שאַרפען פּראָ־טעסט. עס האָבען זיך אויך געפונען צווישען די מיסיאָנערען אַזעלכע, וואס האָבען געפּרובט אונטערהעצען די יודישע תושבים פון פלוי, זיי זאלען בעשיצען דעם כבוד פון זייער עדה, אויפ־גראָבען דעם טויטען קערפּער פון דעם פערשטאָרבענעם משומד און ארויסוואַרפען איהם פון זייער בית עלמין. עס האָט שוין כמעט גע־האלטען דערביי, אַז דאָס זאָל אויסגעפיהרט ווערען. אָבער וויגאַנד האט זיך דערפון בעצייטענס דערוואוסט, און דאס מאל האט ער זיך שוין משתדל געווען ביי דער מאכט, און אויסגעפּועל׳ט ביי איהר, זי זאָל נישט דערלאָזען צו אזאַ בזיון המת. אַזוי ארום איז וואולפ׳ן דעם למד־וואוו׳ניק בעשערט געווען צו געפינען זיין לעצטע רוה צווישען די, וועלכע ער האט אין זיין פערבלענדונג פערלאזען.

# ניקאלאי סאבורין

## 1

עטליכע יאָהר פאַר דעם קרימער קריג זענען בערדיטשעוו מיט דער גאַנצער געגענד אַרום געוואָרען שטאַרק אויפגערודערט דורכ'ן פאָלגענדען אויסטערלישען צופאַל, וואָס עס האָט דאָרט פּאַסירט: יחיאל, דעם שוחט'ס בן־יחיד, אַ בחור'ל פון אַ יאָהר זעכצעהן־זיבע־צעהן, איז אין אַ געוויסען טאָג אוועק ערגעץ אין אַ נאָהענטער ישיבה, און פון דעמאָלט אָן איז פון איהם פערווישט געוואָרען יעדע שפור, און מען ווייסט נישט, וואו ער איז אַהינגעקומען. אַוועקגעפאָהרען פון שטוב איז ער אויף אַ פויערשען וועגעל, וועלכען זיין פאטער האָט געדונגען אויפ'ן מארק. נאָך פיל זוכעניש האט מען ענדליך געפונען דעם פויער; מ'האָט אָבער פון איהם בשום אופן נישט געקאָנט דערגעהן, וואס ס'איז געוואָרען מיט דעם יונגען יונגעל. ער האט גע'טענה'ט אין איין קול, אַז ער האט איהם גע־בראַכט אויפ'ן ארט. די עלטערן האָבען קוים גע'פועל'ט ביי דער אָרטיגער פּאָליציי, מ'זאָל דעם פויער אַרעסטירען, אפשר וועט מען פון איהם עפּיס פאָרט אַרויסבעקומען וועגען זייער פערלוירענעם זוהן. מ'האָט איהם אָבער אָבגעהאַלטען אין אַרעסט העכער אַ וואָך און אַרויסגעלאָזט איהם אָהן וועלכע־עס־איז רעזולטאַטען. דאָס בחור'ל איז אַריין ווי אין וואַסער. די עלטערן האָבען איהם אַ לאַנגע צייט באַוויינט און בעקלאָגט. ס'האט זיך גערוכט, אַז זיי וועלען זיך קיינ־מאָל נישט טרייסטען און וועלען שוין שטאַרבען מיט'ן טיפען צער אין האַרצען. באמת איז אָבער נישט אַזוי געשעהן. עס זענען אַריי־בער אַ יאָהר, און צוויי, און דריי, און די עלטערן האָבען זייער

אומגליק איינגאַנצען פערגעסען. מ׳האָט דאַן דערצעהלט אין בערדיטשעוו, אַז יחיאל דער שוחט, וועלכער איז געווען אַ טאַלנער חסיד, האט אַמאָל געפרעגט ביי׳ם רבי׳ן, צי ער קאָן האַלטען זיין זוהן פאַר געשטאָרבען און דאַרף זאָגען נאך אי׳הם „קדיש". דערויף זאָל איהם ר׳ דודי׳ל האבען געענטפערט, אַז ס׳איז גאנץ מעגליך, אַז זיין זוהן זאָל ערגעץ־וואו לעבען, און טאָמער אַפילו זאָל ער שוין זיין געשטאָרבען, קאָן אַמאָל געמאָלט זיין, אַז ער פערדינט גאָרנישט, מ׳זאָל דערמאָהנען זיין נאָמען, און מכל שכן נאָך איהם אַ הייליג וואָרט זאָגען...

ווי ס׳האָט זיך שפּעטער, נאך לאנגע יאָהרען, ארויסגעוויזען, איז מיט נח׳קע׳ן — אַזוי האָט געהייסען יחיאל דעם שוחט׳ס בחור׳ל — געשעהן אָט־וואָס: אַרויספאָהרענדיג מיט דעם פויער אין אַ ווינטערדיגען פאַרטאָג פון בערדיטשעוו, האבען זיי זיך פאַרנאַכט אָבגעשטעלט אָבּרוהען אין אַ קרעטשמע, וועלכע האט זיך געפונען ביים רעכטען שליאַך. אריינגעהענדיג אין קרעטשמע, האט זיך נח׳קע גלייך געוואַשען, אַרויסגענומען פון קלומיקעל אַ שטיקעל טרוקענעם קעז מיט ברויט און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקעל עסען. עסענדיג, האט ער בעמערקט דורכ׳ן פענסטער, ווי דער קרעטשמער, אַ יוד שוין אין די עלטערע יאָהרען, איז געשטאַנען אין דרויסען, און האט זיך דורכגעשמועסט מיט דעם פויער. באלד נאָכדעם איז אַריין דער פויער און האָט געזאגט נח׳קען, אַז אַזוי ווי זיין פערד האט פערלוירען אין וועג אַ פּאַר פּאָדקאָוועס און ער מוז איהם איבערשמידען ביים שמיד, וואס וואוינט אין אַ נאָהענטען דאָרף, בכן וועט זיי אויסקומען איבערצונעכטיגען אין דער קרעטשמע. נח׳קע, וועלכער האט דעם פויער אין גאָרנישט חושד געווען, האט אָבגעדאַוועט מעריב און נאָכדעם זיך גאַנץ רוהיג אַוועקגעלעגט שלאָפען אין דעם חדר׳ל, וואָס דער קרעטשמער האט איהם אָנגעוויזען. נאך האַלבע נאכט, בעת נח׳קע האט זיך געפונען אין רעכטען שלאָף, האט ער פלוצלונג דערהערט אַ שטאַרקען קלאפּ אין טיר, און באלד נאכדעם אַ גראָבע שטים: „עפען־אויף!" נישט טויט, נישט לעבעדיג האט זיך נח׳קע אראָבגעכאַפּט פון זיין געלעגער, האט געעפענט די טיר און תיכף אָבגעשפרונגען אַ הינטער פון גרויס שרעק. ער האט דערזעהן פאַר זיך צוויי הויכע, אין גאנצען בעוואָקסענע, מגושמ׳דיגע מענשען מיט ווילד־אויסגעגלאָצטע אויגען,

ביידע ארומגעגאַרטעלט מיט שטריק און מיט גרויסע שטעקענס אין די הענט, און הינטער זיי שטעהט דער קרעטשמער מיט אַ האַלבּ־טונקעלען לאַמטערן. נח׳קען האָט אַ צופּ געטון פאר׳ן האַרצען און ער איז געבליבען שטעהן אויף זיין אָרט, ווי אַ פּאַראַליזירטער.

— פון וואַנען פאָהרט עס אַ בחור? — האט איהם אפרעג געטון דער עלטערער פון די צווי אויף יודיש. — און וואוהין?

— איך פאָהר פון בערדיטשעוו אין דער פּאָלאָנאָיער ישיבה, — האָט נח׳קע קוים ארויסגערעדט, און ס׳האָט איהם געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן.

— און אַ פּאַס האָסט דו? — האט איהם געפרעגט דער צווייטער.

— יאָ, איך האָב.

— ווייז מיר איהם נור אַהער!

נאָך אַלץ טרייסלענדיג זיך, האט נח׳קע ארויסגענומען פון אונטערן בוזים דעם פּאַס און עס דערלאנגט דעם יונגערן. יענער האט דעם פּאַס אַפילו גאַרנישט בעטראַכט, נור אריינגעלעגט איהם גלייך אין קעשענע און בעפוילעריש אויסגעשריגען אויפ׳ן קול:

— טו זיך שנעל אָן און קום!..

נח׳קע איז געוואָרען ווי צומישט. ער האט נישט פערשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך, ווער זענען די משונה׳דיגע יודען און וואס ווילען זיי פון איהם האבען. ער איז געשטאַנען אין מיטען צימער, ווי אינגאַנצען פערשטיינערט.

דאָ האט זיך אריינגעמישט דער קרעטשמער און אין אַ ווייכער שטים ארויסגעזאָגט: — האב קיין מורא נישט, בחור׳ל, דאס זענען דאָך אונזערע יודען, זיי וועלען דיר, חלילה, קיין שלעכטס נישט טון. זיי פאָהרען אויך קיין פּאָלאָנאָיע, ווילען זיי דיך מיטנעהמען. אַלץ בעסער צו פאהרען מיט יודען, ווי מיט׳ן גוי, וואָס ווער ווייסט מיט וועלכע מחשבות ער טראגט זיך ארום.

נח׳קע האָט געפאַסט מוט און געפרעגט:

— טאָ צו וואָס פאָדערן זיי פון מיר אפּאַס עפּיס, ווי פּאָליציאַנטען?..

אויף דעם האט ער פון קרעטשמער בעקומען אַנ׳ענטפער:

— ווייל ביי אונז טארען בעלי־עגלות נישט נעהמען קיין פּאַר־שוינען אָהן פּעסער.

נח׳קע איז ארויס זוכען דער פויער. ער האט זיך געוואָלט

מיט א הב מישב זיין און, אַגב, אויך אבגעבען דורך איהם א גרוס די עלטערן. ער האט שוין אבער אין דער קרעטשמע אפילו קיין זכר פון דעם פויער נישט געפונען.

א בליאַסק אויף בעגינען האָבען די יודלעך ארויפגענומען נח׳קען צו זיך אויפ׳ן וואָגען און זענען מיט איהם אָבגעפאָהרען. שפעט אין אָוונד האָבען זיי איהם געבראכט נישט קיין פּאָלאָנאָיע, נור קיין זשיטאָמיר...

דאָרט, אין זשיטאָמיר, האָבען איהם די צוויי יודען אריינגעווארפען אין אַ־שטוב, וועלכע איז געווען פול אָנגעפּראָפּט מיט אַזעלכע יונגע בחורים׳לעך, ווי ער, און אויך מיט יונגערע פון איהם, כמעט נאָך קינדער. אַלע זענען זיי געלעגען אין בעזונדערע קופּקעס, אַנדערע האָבען צווישען זיך געשטיפט, און אַנדערע האָבען ביטערליך געוויינט.

נח׳קע איז פון אָנפאַנג געבליבען שטעהן פערבליפט און נישט געוואוסט, וואָס מיט איהם טוט זיך און וואו ער געפינט זיך. ער האָט זיך ארומגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען אויף אַלע זייטען. נאָר איין זאַך האט ער באַלד פערשטאַנען: אַז קיין ישיבה איז דאָס אויף קיין פאַל נישט. אָבער וואוהין איז ער אריינגעפאַלען? און ווער זענען עס די אַלע יודישע יונגלעך, וועלכע ער זעהט דאָ?

שטעהענדיג אַזוי צוטומעלט און פערטראַכט, האט נח פלוצלונג דערפיהלט, אַז עמיצענס אַ ווייכע האַנט האָט זיך פון הינטען אַוועקגעלעגט אויף זיין פּלייצע. ער האט זיך אומגעקעהרט און דערזעהן פאַר זיך אַ גאנץ יונג בחור׳ל, נאָך בלוט און מילך, מיט אַ בלאַסען, איידעלען פּנים, וועלכער האָט זיך צו איהם טרויעריג אָבגערופען:

— איך זעה, אַז דו ווייסט נישט, וואו דו געפינסט זיך איצט. מיט מיר האט אויך אַזוינס פּאַסירט די ערשטע עטליכע מינוט, נאָכדעם, ווי מ׳האט מיך געכאַפּט פון דער גאַס און אַהער אַריינגעשליידערט. דיך האט מען אויך געמוזט כאַפּען מיט געוואלד, און דו ווייסט נאָך נישט ווער און צו וואָס. אָט וועל איך דיר זאָגען אין קורצען: מ׳וועט אונז און די אלע יונגלעך, וואס דו זעהסט דאָ, האלטען אין דער דאָזיגער שטוב נאך עטליכע טעג, און דערנאך וועט מען אונז אָבגעבען פאר זעלנער.

דערהערענדיג דאס, האט זיך נחקע פונאנדערגעכליפעט אויפ׳ן קול, ווי אַ קליין קינד.

— וויין נישט, חבר! — האט איהם דאָס יונגעל געפרובט טרייסטען. — איך האב אויך געוויינט, און איצט האב איך אויף דעם חרטה. קיין טרערהען העלפען דאָ נישט. דו זעהסט אט יענע בחורים׳לעך, וואס זיצען און מאכען זיך לוסטיג? זיי האבען די ערשטע צייט אויך געוויינט און געקלאָגט. זיי האבען זיך אבער ארומגעזעהן, אַז דאס איז אומזיסט, און קוק נור אָן ווי לעבעדיג און פרעהליך זיי זענען איצט.

נח׳קע האט זיך אבער נישט געלאָזט טרייסטען. ער האט פערבראָכען די הענט ביז ער איז ענדליך אַנטשלאָפען געווארען. אויפגעכאַפּט האט ער זיך אינדערפריה דורך ווילדע קולות און געשרייען, צונויפגעמישט מיט ביטערע יללות, וועלכע האבען אריינגעדרונגען פון דער גאַס. דאס זענען געווען די קולות פון יונגע און עלטערע ווייבער, אומגליקליכע מוטער׳ס, וועלכע האבען געבראכט זייערע קינדער פריהשטיק. מ׳האָט אבער די מוטער׳ס אינעווניג נישט אריינגעלאָזט. יודישע שומרים זענען ארויס צו זיי אין דרויסען, האבען ביי זיי צוגענומען דאס עסען און צוטיילט עס צווישען די קינדער. די פרויען זענען נאך אבער אַזוי גיך נישט אַוועק. לאנג זענען זיי נאך געשטאנען אויפ׳ן הויף און זייערע געוויינען האבען פערהילכט די ארומיגע גאסען.

דאס פריהער דערמאָנטע יונגעל איז צוגעגאַנגען צו נח׳קען און געזאגט:

— דו ביסט דאך נישט קיין היגער און האסט דאָ נישט קיין מוטער, וואס זאל דיר ברענגען עסען. מיר האט מיין מוטער געבראכט צופיל. אָט זעץ זיך דאָ נעבען מיר און לאמיר עסען ביידע בשותפות.

נח׳קע, ווען ס׳האָבען נאך געווארגען די טרערהען, האט נישט געקאנט ביישטעהן געגען דעם הונגער, און נישט לאזענדיג זיך פיל בעטען, האט ער מיט׳ן יונגעל מיטגעגעסען. אין מיטען עסען האט זיך אָנגערופען דאס יונגעל:

— מיין מוטער זאגט מיר כסדר אָן, אַז וואס ס׳זאל מיט מיר פאסירען, זאל איך אלץ בלייבען אַ טרייער יוד. און דו?

— איך, — האט איהם נח'קע געענטפערט נאך אַ קליינער ווײלע, — מיט מיר וואלט מען גאר פערשפּאָרט וועגען דעם צו רעדען.

— פאַרוואָס ? — האט איהם דער חבר געפרעגט א ביסעל פערוואונדערט.

— ווײל אַ בחור, ווי איך, וואס איז ביז אַהער געזעסען און געלערנט און איז געווארען קלאָר אין צוויי סדרים גמרא, מוז שוין ממילא בלייבען א פרומער יוד.

מעהר האבען זיי ביידע פון דעם נישט גערעדט. זיי האבען זיך צוגעקלעבט איינער צום אנדערן ווי צוויי ברידער, אבזונדערנדיג זיך פון דער גאנצער חברה.

אין עטליכע טעג ארום זענען זיי אלע געשטאנען פאר א מיליטערישע קאָמיסיע. צווישען די, וואס זענען אַנערקענט געווארען פאר פעהיגע צום מיליטער-דינסט, זענען אויך געוועזען נח'קע מיט זיין חבר. אינגיכען זענען זיי ביידע, מיט א גאנצער פּארטיע יודישע קליינע רעקרוטען, אָפּגעשיקט געווארען קיין ריאַזאַן.

## II

נאכדעם, ווי די פּארטיע מיט די קליינע רעקרוטען האט זיך אויסגערוהט עטליכע טעג אין ריאַזאַן, האט מען זיי צעוואָרפען איבער די פערשידענע דערפער פון דער גובערניע. דאָרט האָט מען די קינדער, צו צוויי און צו דריי, אָבגעגעבען אויף ערציהונג צו די פּויערים ביז זיי וועלען זיך ענטוויקלען פיזיש אויף אַזוי פיל, אַז זיי וועלען שוין טויגען צום שווערען מיליטער-דינסט. נח'קע מיט זיין חבר האָבען די גאנצע צייט געהאַלטען אין איין ציטערן, טאָמער צושיידט מען זיי און מען שיקט זיי יעדען אַוועק אין אַ בעזונדער דאָרף. פאַר דער קורצער צייט פון זייער בעקאַנטשאַפט האָבען זיי זיך ביידע געפיהלט, ווי זיי וואָלטען פון זייער געבורט אָן געוועזען צוזאַמענגעוואַקסען אינאיינעם. צו זייער גליק האָט מען זיי ביידען אבגעשיקט אין איין דאָרף, כאָטש דאָרט האָט מען זיי שוין אַריינגעבראַכט אין צוויי בעזונדערע הייזער. נח'קען האָט מען אָבגעגעבען צו א פּויער אַ „בעל-גוף", וועלכער האָט געהאַט א גרויסע ווירטשאַפט, און איז נאָך אויסערדעם געווען א וואלד-שומר, און זיין חבר איז גראָד שטאַרק געפעלען געוואָרען דעם דאָרפישען גלח, וועלכער האט איהם אריינגענומען צו זיך. אין האַרצען האָבען

אַפילו דיביידע חברים געהאַט פיל פערדרוס פון דעם, וואָס זיי קומט אויס צו וואוינען אין פערשידענע הייזער און אָבגעזונדערט איינער פון צווייטען. אָבער, ווי געזאָגט, האָבען זיי, פון דער אַנדער זייט, זיך בעטראַכט פאַר גליקליך מיט דעם, וואָס זיי געפינען זיך ביידע אויף איין אָרט, און קאָנען האָפען צו זעהן זיך צייטענווייז איינער מיט'ן אַנדערן.

און ווירקליך האבען ביידע חברים געהאַט די געלעגענהייט צו זעהן זיך איין מאָל אין וואָך, יעדען זונטאָג נאָכמיטאָג. און יעדעס מאָל, ווען זיי זענען זיך צוזאַמענגעקומען, און האָבען זיך געפונען אויג אויף אויג, פלעגען זיי איינער פאַר'ן צווייטען אויסגיכען זייערע ביטערע הערצער, בעגיסענדיג זיך דערביי מיט טרעהרען. ביידען איז געווען זעהר שלעכט, און ביידע האבען זיי שרעקליך געליטען, כאָטש נישט אויף אויף איין שטייגער. אויף נח'קען האָט דער פויער פון דער ערשטער מינוט אָן אַרויפגעלעגט זעהר שווערע אַרבייט: ער האָט איהם געמאַכט פאַר אַ פאַסטוך און געשיקט איהם פיטערן זיינע חזירים, און אַמאָל אויך אַוועקשטעלען איהם היטען אין דער נאכט דעם וואַלד. דאָס איז געווען פאַר נח'קען ערגער פון אַלץ. אַ שרעקעוודיגער פון דער נאַטור, פלעגט אויף איהם דער וואַלד אָנוואַרפען אַ פינסטערע מורא. איהם פלעגט זיך דוכטען, אַז אָט-אָט עסען איהם אויף ווילדע חיות, אדער עס בעפאַלען איהם גזלנים, און ווי אַנ'אָבגעטובל'טער אין אַ קאַלטען שוויס, פלעגט ער בעגינען אַרויס פון וואַלד. גאַנץ אָפט פלעגט טרעפען, אַז נח'קע פלעגט זיך פאַר שרעק פעררוקען ערגעץ-וואו אין אַ געדיכטען קשאַק, און גראָד דעמאָלט איז דער פויער געקומען זעהן, צי ער שטעהט אויף דער וואַך דאָרט, וואו ער האט איהם געהייסען שטעהן, און נישט געפינענדיג איהם אויף יענעם אָרט, האָט ער איהם שפעטער געשלאַגען מכת-רצח און אָנגעטון איהם אַלע מיני ענויים. דערצו האט זיך נח'קע בשום אופן נישט געקאַנט צוגעוועהנען צו די גראָבע פויערישע מאַכלים, און פלעגט זיך צו זיי צייטענווייז אַפילו נישט צוריהרען, און דערפאַר פלעגט ער אויך בעקומען קלעפּ. און געפייניגט האָט איהם נישט בלויז דער פויער, נור אויך זיין ווייב מיט די „שקצים", וועלכע פלעגען אלץ זוכען, וואָס מעהר צו פערביטערן איהם דאס לעבען.

אין אַ גאַנץ אַנדער לאַגע האט זיך געפינען נח'קעס חבר.

איהם האט מען נישט בעשווערט מיט קיין איבעריגער ארבייט. מ׳האט איהם, בכלל, ווייניג וואס געגעבען צו טון. דער גלח איז געווען א „בעזדיעטניק", מעהר נישט ווי ער מיט דער פרוי, און געהאט האט ער אין שטוב א פאר דינסטען. עסען האט דאס יונגעל בעקומען פונ׳ם בעסטען. דערפאר האט ער אבער שטארק געליטען מאראליש. דער גלח פלעגט איהם געבען טראגען די צלמים פון קלויסטער אין שטוב און פון שטוב אין קלויסטער, פלעגט איהם געבען רייניגען און פוצען די אלערליי פראוואסלאוונע רעליגיעזע מכשירים, פלעגט זיך מיט איהם אפט בענוצען, אלס „נושא כלים" ביי די פערשידענע רעליגיעזע צערעמאניעס. טאמער פלעגט ער זיך ווילען פון דעם ארויסדרעהען מיט׳ן אויסרעד, אז אלס יודיש קינד איז עס איהם נישט ערלויבט צו טון, האט עס איהם נישט געהאלפען. אויסערדעם, האט ער געהאט אויסצושטעהן פון דעם גלח׳ס אפטע שמועסען מיט איהם וועגען דער יודישער אמונה, פון וועלכער ער פלעגט אב׳חוזק׳ן און אבשפעטען. די גלח׳טע, א קרענקליכע פרוי, וועלכע פלעגט זיך כסדר האלטען אין איין צלמ׳ן, האט איהם אויך קיין רוה נישט געגעבען. פון איהר פלעגט ער שוין הערען בפירוש׳ע און קלארע דבורים, אז אויב ער קלערט צו בלייבען א יוד, וועט ער האבען א ביטערן סוף.

III

אזעלכע טרויעריגע מעשיות האבען דיביידע חברים געהאט צו דערצעהלען יעדעס מאל איינער דעם אנדערן. אמאל, א זונטאג, איז נח׳קע אוועק מיט זיין חבר טיף אין וואלד און, אוועקזעצענדיג זיך דארטען ביידע אויפ׳ן גראז, האט ער זיך פאר איהם גענומען קלאגען, ווי געוועהנליך, אויף זיין ביטערן גורל. פון מינוט צו מינוט איז ער, רעדענדיג, געווארען אלץ מעהר דענערוווירט, זיין שטים האט בעקומען א בעזונדער ציטער, און ענדליך האט ער אויסגערופען:

— עס מוז נעמען א סוף! איך קאן שוין מעהר נישט אויסהאלטען. דו זעהסט די בלויע צייכענס אויף מיין לייב? — דערביי האט ער א ריס געטון פון זיך דאס העמד. — דאס האב איך בעקומען ערשט נעכטען אוועגד דערפאר, וואס איך האב אזוי גיך נישט בעוויזען ארייננצוטרייבען אין שטאל איינעם פון די חזירים,

וואס איז געבליבען פון הינטען. און דאס איז נאך גארנישט געגען די אלע אַנדערע צרות, וואס איך טראג דא אריבער. עס איז מיר נמאס דאס לעבען. איך וועל מיר אָנטון אַ מיתה!

אויף דעם האט איהם געענטפערט דער חבר:

— רעד נישט קיין נארישקייטען. שטארק זיך און זיי א מענש. מיר וועלען זיך בעטען, מ׳זאל אונז צונעהמען וואס גיכער צו דער „סלוזשבע״, און דעמאָלט וועט אונז אפשר ווערען בעסער. דערווייל מוז מען ליידען. גלויב מיר, אז מ י ר איז פיל ערגער פון דיר. איך — — —

— דיר איז פיל ערגער פון מיר? — האט זיך נח׳קע א כאפ געטון. — דו לאכסט, אַפנים? וואס פעהלט דיר? מען פייניגט דיך, אזוי ווי מיך? מען טוט דיר אָן אזוי פיל געברענטע ליידען, ווי מיר? דו הונגערסט, ווי איך? דו לעבסט דאָך, אנטקעגען מיר, ווי א קייזער!

— און דאָס, וואס מען מאכט פאר מיר כסדר אַש און בלאָטע פון אונזער אמונה, איז ביי דיר גארנישט? און דאס, וואס די גלח׳טע האט מיר שוין אָנגעהויבען כמעט ווי צו צווינגען, איך זאל מיך, גלייך מיט זיי, פאר יעדען עסען איבער׳צלמ׳ען, איז ביי דיר א געלעכטער? און דאס, וואָס מיין פערשטארבענער פאטער קומט מיך אלע נאכט ווערגען און שטיקען, הייסט נאך ביי דיר נישט געליטען? הייסט נאך ביי דיר געלעבט א קייזערליך לעבען!

אזוי האט נח׳קעס חבר אויסגעשריען מיט היץ.

נח׳קע איז געבליבען זיצען א ווייל׳ע פערקלערט. דערנאך האט ער טרויעריג און שטיל א זאג געטון:

— פונדעסטוועגען וואלט איך מיך מיט דיר געביטען. און ווייסט דו, פארוואס? ווייל ביי אלע ליידען ביזט דו פארט זיכער מיט׳ן לעבען, און איך בין א ליאַדע טאָג עלול צו פאלען פון יסורים און שטארבען.

— און איך זאג דיר נאכאַמאָל, — האט זיך דער חבר אבגערופען אין אנ׳ענערגישען טאָן, — אז ביי אַלע דיינע ליידען בין איך נאָך אלץ דיך מקנא! און אויב דו פערשטעהסט נישט פאַרוואָס, איז עס אַ סימן, אַז דו האָסט נישט אין דיר אַ פונק יודישקייט!..

דאס איז געווען דער ערשטער זונטאָג, אין וועלכען די חברים

האבען זיך צושיידט, עפּיס ווי פערדריסליך און אָנגעבלאָזען איינער אויפ׳ן אַנדערן.

צוריקוועגס איז נח׳קעס חבר איינגעפאַלען אַ געדאַנק, אפשר וואלט טאַקע באמת געווען אַ סברה, זיי זאָלען זיך בייטען מיט זייערע ערטער, דאָס הייסט: אַז נח׳קע זאָל אַריבער צום גלח און ער זאל אַריבער אין רשות פון דעם וואַלד-היטער?

אָבער ווי טרויעריג איהם איז אין יענער מינוט געווען אויפ׳ן האַרצען, האט ער זיך דאָך נישט געקאָנט איינהאַלטען פון פונאנדערלאכען זיך איבער דעם דאזיגען איינפאַל. ער האט זיך בעדאַכט, אז דאס ווענדט זיך גארנישט אָן איהם און נישט אין נח׳קען, נור אָן דעם גוטען ווילען פון זייערע ערציהער, און ווער קאָן דאס זיי אָנבאָטען, און צו וואָס זאלען זיי עס וועלען טון?

גראָד אין עטליכע טעג ארום האט פּאַסירט פאָלגענדעס: אין דאָרף איז געשטאָרבען איינער פון די חשוב׳סטע און רייכסטע פויערים. זיין פאמיליע האט איינגעאָרדענט אַ פייערליכע לויה: בראש איז געגאנגען דער גלח, נאך איהם עטליכע זינגער און צלם-טרעגער, און נח׳קעס חבר האט בעקומען דעם כבוד, נאכצוטראגען דעם זיך רויכערדיגען ווייראך-קריגעל. דאָס יונגעל איז געגאנגען מיט אַ צו-בראָכען האַרץ און מיט ציטערדיגע קנעכלעך, און ביי יעדען טראָג האט זיך איהם געדוכט, אַז אָט, אָט פאלט ער אום... יענע נאכט האט ער עטליכע מאָל געמאכט פון שלאָף אַזעלכע געוואלדיגע קולות, אז דער גלח איז יעדעס מאָל אַראבגעשפּרונגען פון בעט, איז צוגעלאָפען צום יונגעלס געלעגער און האט איהם געפרעגט, וואס איהם פעהלט. דאס יונגעל האט שווער אָבגעזיפצט און, ווייזענ-דיג כסדר אויפ׳ן הארצען, האט ער קוים אויסגערעדט: מען רייסט מיך און מען צופּט מיך, פאַרוואס איך האב נעכטען אָבגעטון נישט קיין יודישע זאַך... האט אויף מיר רחמנות, און טוט עס ווייטער נישט...

אויף מארגען אינדערפריה האט דער גלח אריינגעצויגען דאָס יונגעל אין אַ שמועס, און איהם געגומען אויפווייזען, אז זיין גאנצע כוונה איז בלויז איהם פיהרען צום גליק, וואס ער וועט געפינען אויסשליסליך נור אין שמד. דערביי האט ער איהם גענומען דער-צעהלען מעשיות וועגען גלויבען און אומגלויבען.

דאס יונגעל האט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט, און בעת דער גלח האט פערענדיגט רעדען, האט ער זיך צו איהם אבגערופען:

— איהר קענט מיין חבר, וואס בעזוכט מיך דא אמאל זונטאָג?

— אָט יענעם, וואָס האָדעוועט זיך ביים „וואלד־היטער"? — האט געפרעגט דער גלח.

— יאָ. יענער חבר מיינער איז אַנ׳עלטערער פאר מיר און א פערשטענדליכערער פון מיר. מיר, למשל, קומט אָן זעהר שווער צו פערשטעהן אייערע טיפע רעד, און טאמער פערשטעה איך עפּעס, ווארפט עס אויף מיר אָן א פּחד, און ער וואלט אייך אין אלץ פערשטאנען, און אפשר אויך גערן זיך געלאזט פון אייך לערנען און מדריך זיין.

— פון וואנען נעהמסט דו דאס?

דא האט דאָס יונגעל איבערגעגעבען דעם גלח דאָס געשפּרעך, וואָס ער האָט געהאַט מיט נח׳קען דאָס לעצטע מאָל.

— דעם קומענדיגען זונטאָג — האט ארויסגערעדט דער גלח מיט אַ בעפעהלערישען טאָן, — זאָלסטו איהם ברענגען צו מיר!

דעם צווייטען זונטאָג, איז פאָרגעקומען דער אומבייט ביי פאָלגענדע אומשטענדען: מיט עטליכע טעג פריהער האט דער גלח ארויסגערופען צו זיך דעם וואַלד־היטער און איהם ערקלערט, אז היות ווי דער הויפּט־צוועק פון דעם, וואָס מ׳האָט אָנגעטרויט די ערציהונג פון די יודישע יונגלעך, איז צו בעקעהרען זיי צום קריסט־ליכען גלויבען, בכן דארף מען זעהן צו פערווירקליכען עס וואָס גיכער, כל־זמן עס לאָזט זיך נאָך ווירקען אויף זייערע יונגע הערצ־לעך. וואס עלטער זיי וועלען ווערען, אַלץ שווערער וועט זיין צו געווינען זיי פאַר אַנ׳אנדער אמונה. דערביי האט ער דערצעהלט דעם פויער, אַז ער מיט זיין יודיש יונגעל האלט שוין אויף א דרך, און גאָר אין גיכען וועט ער איהם שוין פיהרען צום שמד. איצט וואלט ער דאס זעלבע געוואלט טון אויך מיט דעם יודיש יונגעל, וואס ווערט ערצויגען ביי איהם, און דערצו איז נויטיג, זיי זאלען זיך צייטווייליג טוישען מיט די יונגלעך. דאס קאָן, אמת, נישט גע־שעהן אָהן דער ערלויבניש פון דער מאכט, אבער ער איז גרייט

צו נעהמען די זאך אויף זיך. דער פויער האט זיך געלאזט איבער-רעדען און דערצו מסכים געווען. מיט נח׳קען האט ער נישט גע-מאכט קיין איבעריגע צערעמאָניעס. און נאָכדעם, ווי ער האט איהם א גאנצע שבת׳דיגע נאכט אָבגעהאלטען אין א שלאקס-רעגען אין וואלד, האט ער איהם זונטאָג פארטאָג בעפעהלעריש געהייסען תיכף אוועקגעהן צום גלח, און פאלגען אלץ, וואס יענער וועט איהם זאגען.

נח׳קע, וועלכער האט נישט געוואוסט פון דער גאנצער זאך, האט נישט פערשטאנען וואס דאס בעטייט. נאך אינגאנצען נישט גע-קומען צו זיך פון די שרעק, וואס ער האט איבערגעלעבט די גאנצע פאָריגע נאכט, שטעהענדיג איינער אַליין אין וואלד, האט ער גע-טון, ווי דער פויער האט איהם געהייסען, און איז אוועק צום גלח. אין יענער צייט האט שוין דער קלויסטער-גלאָק געקלונגען צום מאָרגען-געבעט, און דער קלינגער איז געווען נישט קיין אנדערער, ווי נח׳קעס חבר. דערזעהענדיג נח׳קען פון דער הויך, האט ער איהם א וואונק געטון, ער זאל נישט אַריין אין שטוב, נור בלייבען שטעהן אויף דער גאס און ווארטען אויף איהם. אין עטליכע מינוט אַרום האט אויפגעהערט די קלינגעריי, און דאַן איז דאס יונגעל אַראב אונטען, איז צוגעגאַנגען צו נח׳קען, וועלכער האט זיך נאך נישט אויפגעהערט צו טרייסלען פון קעלט און פון שרעק, און צו איהם א זאג געטון מיט א רחמנות-טאָן:

— וואס איז דאס מיט דיר, וואס דו טרייסעלסט דיך אזוי? אָט ווערסט דו דאך שוין היינט פטור פון דיינע צרות...

נח׳קע האט אויסגעגלאצט אויפ׳ן חבר א פאר אויגען, נישט אָנהויבענדיג צו פערשטעהן, וואס ער מיינט דערמיט.

— ווי איך זעה, — האט זיך אָבגערופען דער חבר, — פערשטעהסט דו מיך נישט, דו האָסט, אַפנים, פערגעסען דאס, וואס דו האסט מיט מיר אנומעלט גערעדט, בשעת דו האסט מיר מקנא געווען און זיך מיט מיר געוואלט בייטען. אפשר האסט דו שוין אויף דעם היינט בעקראגען, חרטה?

— וואָס קומט ארויס פון די פוסטע רעד? — האט איהם נח׳קע געענטפערט. — דאס איז דאך א זאַך, וואס קאן גארנישט זיין.

— און אויב עס קאָן יא זיין, וואלסט דו בערך מסכים געווען?

נח׳קע האט זיך אוויילע פערטראכט און באלד ארויסגערעדט:
— יאָ! איך וואלט מסכים געווען.
— טאָ זיי וויסען, אז דיין וואונש איז שוין געווארען דערפיהלט. דו פערבלייבסט שוין פון איצט אָן ביים גלח, און איך געה נאך היינט אוועק צום וואלד-היטער. געדענק אבער, דו זאלסט צו מיר שפעטער נישט האבען קיין טענות.
— איך צו דיר טענות! — האט נח׳קע אויסגעשריען. — ווען דו געהסט אוועק השכ׳ן און פינסטערען און ליידען פיין און יסורים, און נישט וויסען פון קיין רוהה בייטאג און ביינאַכט? ניין, איך וועל צו דיר קיינמאָל קיין טענות נישט האבען.
און רעדענדיג, האט ער זיך אַוואָרף געטון אויפ׳ן הבר׳ס האַלז...

V

באלד פון דעם ערשטען טאג אָן האט זיך נח׳קע דערפיהלט ביי׳ם גלח אין שטוב, גלייך ווי ער וואלט אריינגעפאַלען פון גיהנום אין גן-עדן. קיינער האט איהם נישט געפלאָגט, קיינער האט איהם נישט געפייניגט, עסען און טרינקען האט ער געהאט צו זאט, און רוהען האט ער געקאנט, ווען און וויפיל ער האט נאר געוואלט. ער איז אין הארצען געווען זעהר דאנקבאר דעם חבר, וואס האט איהם אבגעטראטען זיין ארט. צו דעם גלח׳ס רעליגיעזער הדרכה האט ער זיך פערהאלטען גאנץ גלייכגילטיג. ער האט אָהן שום קלער געטון אלץ, וואס יענער האט איהם געהייסען. ער האט זיך רוהיג געלאזט געברויכען צו אלע פערשידענע קירכליכע צערע-מאניעס, פלעגט אויסהערען גאנץ אויפמערקזאם אלע געשפרעכען, וואָס דער גלח פלעגט מיט איהם פערפיהרען וועגען דער פראַוואָ-סלאַוונער אמונה. אין אגאנץ קורצער צייט אַרום האט ער שוין געפאָלגט אויך די גלח׳טע, און האָט זיך פאַר׳ן עסען געצ׳למ׳ט, ביז ער האט אין אַשענעם פריהמאָרגען אבגעטון דעם לעצטען שריט און — זיך געטויפט. די טויף-צערעמאָניע איז אויסגעפיהרט געוואָרען מיט גרויס פייערליכקייט, ביי דער בעטייליגונג פונ׳ם גאנצען דאָרף, פון קליין ביז גרויס. ביי זיין טויף-אַקט האט ער בעקומען דעם נאָמען ניקאלאַי סאבורין.
זינט נח׳קע איז אריבער צום גלח, האט זיין חבר אויסגעמיטען

זיך צו זעהן מיט איהם. די ערשטע צייט האט ער עס געטון פון געוויסענביסע. ער האט גאנץ גוט געקענט נח׳קען און פערשטאנען, אז ער מיט זיין שוואכער נאטור, און בפרט נאכדעם, ווי ער האט זיך אזוי פיל פיזיש אנגעליטען ביי׳ם וואלד-היטער, וועט ער נישט קאנען ביישטעהן דעם נסיון און זיך לאזען לייכט פערפיהרען פון גלח, און וועט זיך נאך אפשר אבּ׳שמד׳ן, און דער געדאנק, אז ער, זיין חבר, האט איהם דערצו געבּראכט, האט איהם כסדר געעגבערט. ער האט נח׳קען נישט געוואלט זעהן, ווייל ער וואלט איהם נישט געקאנט קוקען גלייך אין די אויגען אריין. די דאזיגע געוויסענביסע האט איהם געפייניגט נאך מעהר פון די אלע שרעקליכע ליידען און יסורים, וואס איהם איז, ווי פריהער נח׳קען, אויסגעקומען איבערצוטראגען ביי׳ם וואלד-היטער. שפעטער, אין דעם טאג, ווען ער האט דערהערט, אז נח׳קע געהט זיך טויפען, האט ער זיך גע-נומען פשוט רייסען די האהר פון קאפּ און איז שיעור נישט אראב פון זינען. אין איהם האט געהאט אויפגעבליצט דער געדאנק אוועק-לויפען צו איהם, ווארפען זיך איהם צו די פיס און בעטען איהם רחמים, ער זאל דאס נישט טון. ער האט זיך אבער דערמאהנט, מיט וואס פאר א סכנה דאס איז פערבונדען פאר איהם, און אפשר אויך פאר נח׳קען, און האט זיך דערפון אבגעהאלטען. מיט א בע-זונדער פרייד האט ער היינטיגס מאל ממלא געוועזן דעם בעפעהל פונ׳ם פויער, אוועקצוגעהן אויף א גאנצער נאכט אין וואלד אריין. דארט, אין וואלד האט ער זיך מיט א כיוון אוועקגעשטעלט נישט אויף דעם ארט, וואו דער פויער האט איהם געהייסען שטעהן, כדי ער זאל איהם מארגען אינדערפריה דארט נישט געפינען, און דאן, ווי זיין שטייגער איז, אויסלאזען צו איהם זיין כעס דורך פייערדיגע פעטש. ער האט זיך פעררוקט ערגעץ אין א ווינקעל און א גאנצע נאכט דארט געוויינט. מיט׳ן בעגינען איז ער ארויס פון וואלד, פעסט ענטשלאסען איינגאנצען איבערצורייסען מיט נח׳קען. נח׳קע ווידער פון זיין זייט, האט אפילו גארנישט געוואלט זעהן זיך מיט זיין חבר, צי פאר בושה, צי צוליב אנ׳אנאדער טעם. און ווירק-ליך האבען זיי זיך שוין פון דעמאלט אן מעהר איינער מיט׳ן אנדערן נישט בעגעגענט. ערשט אין א יאהר עטליכע און דרייסיג ארום האט זיי דאס שיקזאל ווידערביידען צונויפגעפיהרט, אבער שוין גאר ביי אנדערע אומשטענדען, ווי עס וועט דא דערצעהלט ווערען ווייטער.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום, נאָכדעם, ווי נח׳קע האָט זיך אָבגעשמד׳ט, האט ער, לויט׳ן גלח׳ס פערלאַנג, אָנגעהויבען לערנען ביי׳ם דאָרפ׳ס-לעהרער רוסיש און אַנדערע למודים, אין וועלכע ער האט אין אַ קורצער צייט געמאכט גרויסע פּאָרטשריט. עס האבען זיך באַלד אַרויסגעוויזען זיינע גלענצענדע פעהיגקייטען, וועגען וועלכע דער גלח האט געגעבען צו וויסען דער מיליטערישער מאַכט אין ריאַזאַן. אין אַ שענעם פריהמאָרגען איז אָנגעקומען אַ בעפעהל פון ריאַזאַן, מ׳זאָל אהין וואָס גיכסטען אָבשיקען נח׳קען. דאָרט האט מען איהם אָבגעגעבען אין דער יונקער-שול, וועלכע ער האָט אין דריי יאָהר צייט געענדיגט מיט גרויסע אויסצייכנונגען. אַזוי איז נח׳קע-ניקאלאַי, פון אַלעמען בעוואונדערט, נתעלה געווארען מיליטעריש פון שטופע צו שטופע, ביז ער איז אריבער קיין פעטערבורג, וואו ער איז אַריין אין דער קריגס-אַקאַדעמיע. ער האט זיך אויסגעקליבען פאר זיין פאַך מיליטערישע יוסטיץ, און האט נאך בעזונדערס די הויכשול פערפאסט אויף דעם געביט איינציגע ווערק, וועלכע האָבען אויף איהם געצויגען די אַלגעמיינע אויפמערקזאמקייט. אין די ערשטע זיבעציגער יאָהרען האט איהם די רעגירונג געשיקט אויף איהרע הוצאות קיין אויסלאנד, דאָרט האט ער בעזוכט פערשידענע ערשט-קלאסיגע אוניווערזיטעטען און, צוריקקעהרענדיג זיך אין עטליכע יאָהר אַרום קיין פעטערבורג, איז ער געוואָרען בעשטימט אַלס פראָ-פעסאָר פאַר מיליטערישע רעכט.

די ערשטע צייט, נאָכדעם, ווי נח׳קע איז אריינגעפאַלען אין די הענט פון די זשיטאָמירער כאַפערס, ביז ער איז אָנגעקומען צום גלח, האט ער נאך ווען-עס-איז אַ טראכט געטון וועגען זיינע עלטערן. בעזונדערס פלעגט ער זיך דערמאָהנען מיט אַ בעזונדער קינדערשער בענקשאַפט אָן די עלטערן, בעת ער האט זיך געפייניגט ביי׳ם פויער, און נאָך מעהר אין יענע שרעקליכע נאכט-שעה׳ן, בעת ער פלעגט שטעהן אין וואלד, און איהם פלעגט זיך דוכטען, אַז אָט-אט ווערט ער בעפאַלען פון גזלנים אדער פון חיות-רעות. נאָך זיין אָב׳שמד׳ן זיך אבער האט ער אנגעהויבען ביסלעכווייז פערגעסען די עלטערן, ביז זיי זענען ענדליך אינגאנצען פערשוואונדען געווארען פון זיין

זכרון, נישט מעהר פון דעם האט ער ווען-עס-איז אטראכט געטון וועגען יודען און יודישקייט.

נאך אלס סטודענט האט נח'קע פערקעהרט אין די ליבעראלע קרייזען. דאס איז געווען אין דער צייט פון אַלעקסאנדער דעם צווייטען, ווען די רוסישע ליטעראַטור און פרעסע האבען הויך גע־טראגען די פאָהן פון ליבעראַליזם. צו דעם דאזיגען פליגעל האט נח'קע-ניקאָליי אָנגעהערט אויך אַלס פראָפעסאָר. אין זיינע לעקציעס, ווי אויך אין זיינע בעזונדערע ווערק, פלעגט ער תמיד פערטיידיגען מיט גרויס התלהבות די ליבעראַלע אַנשויאונגען און פרינציפען.

## VII

אין מיטען פון די זיבעציגער יאָהרען האט זיך דער רוסישער ליבעראַליזם א שטארקען וואקעל געטון. אין די פאָליטישע און געזעלשאפטליכע קרייזען האט מען זיך גענומען אויף רעכטס, א גרויסער טייל פון דער רוסישער פרעסע האט באלד אויפגעכאפט די דאזיגע שטימונג, און די רעאקציע האט אויפגעהויבען דעם קאָפּ. עס האט נישט לאנג געדויערט, און דער רעאַקציאנערער קורס האט זיך דערלאזט פיהלען אויך אין די העכערע בילדונגס-אַנשטאלטען. אין די אוניווערזיטעטען און אין די אנדערע הויכשולען האט מען אָנגעהויבען דורכ׳יפּען דעם פראָפעסאָרען-פערסאנאל, מ׳האט געזוכט און גענישטערט די ראדיקאל-געשטימטע עלעמענטען, און האט מען אַזעלכען דערטאפט, האט מען איהם געהייסען זיך אנגעבען אין די־מיסיע. דאס זעלבע איז פארגעקומען אויך אין די רעגירונגס-אינסטי־טוציעס. עס האבען זיך דאן געפונען פיל פון די פראפעסאָרען און פון די ביוראָקראטען, וועלכע האבען בעצייטענס דערשמעקט דעם דאזיגען מעכטיגען איבערברוך אין דער רוסישער עפענטליכער מיינונג און זענען, נישט ווארטענדיג ביז מ׳וועט זיי הייסען, אליין אוועק אויף רעכטס. עס זענען אבער געווען אויך אזעלכע, וואס דער ליבעראליזם איז ביי זיי אריין אין פלייש און בלוט, און זיי האבען ביי זיך נישט געקאנט פועל׳ן צו פערראטען זייערע אידעאלען, אפילו פאר דעם פרייז פון די גלענצענדסטע קאריערעס. צווישען די דאזיגע האט זיך געפונען אויך ניקאָלאַי סאַבורין. ער איז נאך, פערקעהרט, ארויס אין קאמף מיט די רעאַקציאָנערע טענדענצען אין דער פרעסע און שאַרף פראטעסטירט געגען זיינע געוועזענע חברים,

זועלכע האבען נישט געקאנט ביישטעהן דעם נסיון, און זענען צוליב ריין־מאַטעריעלע צוועקען אוועק מיט׳ן שטראָם. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז סוף־כל־סוף וועט איהם אויסקומען פאר זיינע ארויס־טרעטונגען גאנץ טייער צו בעצאָהלען. ער האט זיך אָבער וועגען דעם ווענינ געקימערט. בלויז געגען איין זאך האט ער מורא גע־האט ארויסצוטרעטען: געגען דעם דעמאָלט שוין שטארק אין רוס־לאנד צובושעוועטען אנטיסעמיטיזם. ער האט די יודען־פראגע אינ־גאנצען איגנאָרירט. ס׳האט זאגאר געטראָפען, אז פון פערשידענע יודישע אינטעליגענטע קרייזען האט מען איהם אויף דעם אויפמערק־זאם געמאכט. ער איז אבער פערבליבען ביי דאס־זייניגע. ער האט ריטערליך געקעמפט געגען אלע אומגערעכטיגקייטען פון דעם נייעם קורס, און וועגען יודען — קיין ווארט נישט. אליאדע טאג האט ער געווארט, אז אָט, אָט בעקומט ער אריינגעשיקט א בעפעהל זיך אב־צוזאגען פון זיין שטעל אלס פראפעסאר.

ס׳איז זיך דעריבער לייכט פאָרצושטעלען, ווי ערשטוינט סאַבורין איז געוואָרען, בעת עס איז צו איהם אין אַ שענעם פריה־מאָרגען דערגאַנגען די ידיעה, אַז אין די הויכע ביוראָקראַטישע ספערען איז שוין כמעט ווי בעשלאָסען, צו בעשטימען איהם אויף אַ זעהר וויכטיגען מיליטערישען יוסטיץ־פּאָסטען. ער האָט עס בשום נישט געוואלט גלויבען. ביז ער איז אַרויסגערופען געוואָרען פונ׳ם קריגס־מיניסטער, וועלכער האט איהם מודיע געווען, אַז די רעגי־רונג גיט איהם איבער די וואַקאַנטע שטעל פון א מיליטערישען פּראָקוראָר אין איינעם פון די גובערניעס פון טיף־רוסלאַנד. אין א פּאָר וואָכען אַרום איז ער שוין ארויסגעפאָהרען אויף זיין נייער שטעל. ער איז שוין דאַן אַלט געווען איבער פערציג יאָהר, און צוליב געוויסע סבות אומפערהייראַט. אויך בעטרעטענדיג אַזא הויכען און פעראַנטוואָרטליכען רעגירונגס־פּאָסטען, האט ער אומדערשראָקען פּאָרטגעזעצט עפענטליך צו פערבורטיילען די אויסגעבראָכענע רע־אַקציאָנערע בעוועגונג מיט איהרע אומגעוואונשענע רעזולטאטען. אַזוי זענען אריבער עטליכע יאָהר.

VIII

אין יאָהר 1879 איז דאָס רוסישע יודענטום געוואָרען אויפגע־ציטערט דורך דעם עלילת־דם אין דער קאַווקאַזער שטאָדט קוטאַאיס.

עס איז דאַן פּערפיהרט געוואָרען אַ פּראָצעס געגען עטליכע דאָרטיגע יודען. די אַנטיסעמיטישע פּרעסע האט דאָ פּאר זיך געפונען אַנ'אָרט צו העצען געגען יודען און יודישקייט. דאָ האָט אין סאַבורינ'ס האַרץ, דאָס ערשטע מאָל נאָך זיין שמד'ן זיך, אַ ציטער געטון אַ פערבאָרגענע סטרונע. ער האט זיך דערמאָהנט אין זיין יודישער אָבשטאַמונג און אָן זיינע קינדערישע יאָהרען אינ'ם עלטערן־הויז. וואו זענען איצט זיינע עלטערן? וואו איז זיין איינציגע שוועסטער, וועלכע ער האָט אַזוי געליבט? וואו איז זיין חבר, מיט וועלכען ער האָט צוזאַמען זיך געפייניגט אַלס קאַנטאָניסטען? אָט די אַלע פראגען זענען איצט דורכגעפלויגען דורך זיין מוח. וויפיל מאָל האט ער שוין גענומען די פעדער אין האַנד ארויסצוטרעטען געגען דעם בלוט־בלבול, אָבער יעדעס מאָל האט ער זיך דערפון אָבגעהאַלטען. ער האט געגלויבט, אַז מיט זיין עפענטליכער יודען־פערטיידיגונג וועט ער אָבשוואכען דעם איינדרוק פון זיין קאמף געגען דער אַלגעמיינער בעדריקונג.

קורץ נאָכדעם איז דורך רעוואָלוציאָנערען־טעראָריסטען דער־מאָרדעט געוואָרען אַלעקסאַנדער דער צווייטער. מיט דער טראָן־בע־שטייגונג פון אלעקסאַנדער דעם דריטען האָט די רעאַקציע געוואונען פאר זיך אַ גרויסע הילפס־קראַפט. די רעגירונג האט אויף דאס־ניי גענומען בודק זיין איהרע העכערע בעאַמטע, און דער, אויף וועמען עס איז געפאלען כאָטש אַ שטיקעל חשד, אז ער איז „גע־כאַפּט אין ראַדיקאַליזם", איז באלד געוואָרען אָבגעזאגט פון זיין שטעל. צווישען די לעצטע האט זיך געפונען אויך ניקאָלאי סאַבורין. איהם אבער האט עס נישט איבערראַשט, ווייל ער האט עס ערווארט פון טאָג צו טאָג. האבענדיג אָבגעשפּאָרט א היבשען קאַפּיטאַל, איז ער אַלס ציווילע פערזאָן אַריבערגעפאָהרען קיין פּעטערבורג, וואו ער האט זיך צוגעשריבען צו די געשוואוירענע אַדוואָקאַטען.

אין א געוויסען טאָג איז צו סאַבורינ'ען אַריין איינער פון זיינע פריינד, אויך א געשוואוירענער אַדוואקאט, וועלכער האט איהם געבעטען, אַז אַזוי ווי ער דאַרף אבפאהרען אויף עטליכע טעג פון פעטערבורג, זאל ער איהם פערטרעטען אין סענאט אין א פּראָצעס, וואָס ער האָט איהם שוין דורכגעפיהרט אין דער ערשטער אינסטאַנץ. דערביי האט ער איהם דערצעהלט, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען א געוועזענעם, שוין לאנג־גע'שמד'טען יודען פון די אמאליגע קאַנ־

טאָניסטען, וועלכער ווערט בעשולדיגט אין דעם, אַז ער האט זיך אין דער שטיל צוריקגעקעהרט צום יודישען גלויבען, האט חתונה געהאט מיט א יודישער פרוי און האט שוין מיט איהר קינדער, וועלכע זענען גע׳מל׳ט. סאַבורין האט זיך לכתחילה געקווענקעלט און ענדליך דערצו מסכים געווען.

אויף מאָרגען אין דערפריה איז צו סאַבורינ׳ען געקומען א יוד אין די מיטעלע יאָהרען, ארים געקליידט, מיט א טעקע אונטער׳ן אָרעם. בעטראַכטענדיג די דאָקומענטען, וואס דער יוד האט איהם איבערגעגעבען, האט סאַבורין אנגעהויבען קנייטשען דעם שטערן און זיינע אומגעווענליך ערנסט-געווארענע בליקען זענען כסדר ארומגע-פלויגען פון די פאפירען אויף דעם יודען און פון דעם יודען אויף די פאפירען. נאך אַ לאנגער וויילע האט ער איהם א פרעג געטון:

— איהר אליין זענט עס דער פעראינטערעסירטער אין דעם פראָצעס?

— יאָ.

— ווי אַזוי האט איהר זיך דאַן גע׳שמד׳ט? מיט אייער גוטען ווילען?

— אָ, ניין! — האט דער יוד געענטפערט. — מען האט מיך דערצו געצוואונגען.

— געצוואונגען? מיט וואס?

— מען האט מיר אָנגעטון די שרעקליכסטע פיין און יסורים. לאנג האב איך געליטען און אלץ אַריבערגעטראָגען. איך האב גע-האפט, אַז איך וועל ביישטעהן דעם נסיון און אויסהאלטען. איך האב אבער נישט אויסגעהאלטען...

און דער יוד האט זיך פונאנדערגעכליפעט.

— וויינט נישט! — האט איהם ניקאָלאי ווייכהארציג געטרייסט. — עס וועט אלץ גוט זיין. זאגט מיר נור, איך בעט אייך, האבען דע-מאלט אלע אייערע חברים נישט אויסגעהאלטען?

— נישט אלע. געווען צווישען אונז פערשידענע חברים. אנ-דערע, שטארקערע פון מיר, האבען זיך געלאזט ברענען און בראטען, ווי עכטע קדושים, און זענען פערבליבען ביי זייער יודישקייט. אנדערע, ווידער, נאך שוואכערע פון מיר, האבען זיך באלד נאָכ׳ן ערשטען קלאפ געלאזט ברעכען. מיינער א נאָהענטער חבר, למשל — — —

— ס׳איז שוין פאר מיר גענוג! — האט איהם סאַבורין איבער־געריסען. — איהר קאנט זיין רוהיג. איך האף, אז כ׳וועל די זאך דורכפיהרען.

אין גיכען איז אין סענאט פארגעקומען דער פראצעס. אין זיין פערטיידיגונגס־רעדע, וועגען וועלכער מ׳האט דאן אין פעטערבורג פיל גערעדט, האט סאַבורין מיט א בעזונדער פייער געשיל־דערט אויספיהרליך די שרעקליכע מארטיראָלאָגיע פון די קאנ־טאָניסטען און די טרויעריגע עפּאָפּייע פון זייער אומגליקליך לעבען, זענענדיג תמיד געפייניגט פון חרטה־געפיהלען און גע־וויסענס־ביסע. זיין רעדע האט געמאכט א שטארקען רושם אויך אויף די סענאטארען, און זיי האבען דעם אנגעקלאגטען בעפרייט פון יעדער שטראף.

ארויסגעהענדיג פון סענאט, אין קארידאר, האט דער יוד אנגעכאפּט ניקאָלאַי סאַבורינ׳ס האנד און געוואלט א קוש טון. סאַבורין האט אבער פון איהם ארויסגעריסען די האנד, און א זאג געטון: צו וואס? מען דאַרף נישט! לאזט נור מיר איבער אייער אַדרעס.

דער יוד, וועלכער האט לעצטענס געוואוינט אין סמאָ־לענסקער גובערניע און זיך בעשעפטיגט מיט שמידעריי, האט איהם פערצייכענט זיין פּינקטליכען אדרעס, און נאך דמעזעל־בען אוועק זיך צוריקגעקעהרט מלא שמחה צו זיין ווייב און קינדער.

און שוין אויף מארגען האט סאַבורין ארויסגעשיקט זיין „קליענט" עטליכע הונדערט רובל מיט א קליין בריוועל דער־צו. אין בריוועל איז געווען געשריבען, אז דאס געלד שיקט איהם זיין פערטיידיגער אין סענאט, וועלכער איז נישט קיין. אנדערער, ווי נור זיין „אמאליגער חבר און אָח־לצרה נח".

פון דעמאלט אָן האט זיך סאבורין שטארק פערבענקט א היים...

* *

*

עס האבען אויסגעבראכען די ערשטע יודישע פאגראמען אין

דרום-רוסלאנד. סאַבורין איז אַרומגעגאנגען אינגאַנצען א דערשיטערטער. אין קורצען איז ער נעלם געווארען פון פעטערבורג.

שפעטער האט מען דערצעהלט, אז ער האט זיך אין קיעוו אנגעשלאסען צו א גרופע פאגראמירטע יודען, וועלכע האבען אויסגעוואנדערט קיין אמעריקא. דארט האט ער נאך אבגעלעבט עטליכע יאהר איינזאם, ערגעץ-וואו אויף א פערמע און איז אין אָנהויב פון די נייענציגע יאהרען געשטארבען.

---

# ד״ר יצחק ארשאנסקי

I

אַ יונגערער ברודער פון דעם אין זיין צייט בעריהמט גע־וועזענעם יוריסט און שריפטשטעלער אַברהם אליה אָרשאַנסקי. זיין פאָטער, הלל, אַ געבוירענער אין אָרשע (דערפון דער פאַמיליען־נאָמען: אָרשאַנסקי), איז געוועזן אַנ׳אָרטאָדאָקסישער יוד, אָבער נישט פרעמד פון דער וועלטליכקייט. נאָך דער חתונה האט ער עטליכע יאָהר געפיהרט געשעפטען אין זיין געבורטס־שטאָדט, אָבער ס׳איז איהם דאָרט נישט גוט געגאַנגען, און ער איז דעריבער אַריבער וואוינען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו, וועלכע האט דעמאלט — אין די פערציגער יאָהרען פונ׳ם פאריגען יאהרהונדערט — גע׳שמ׳ט אַלס האנדלס־צענטר. זענענדיג כסדר פערנומען אין געשעפט, האט ער זיך דאך פיל אבגעגעבען מיט דער ערציהונג פון זיינעביידע זיהן, וועלכע האָבען זיך ארויסגעוויזען, בעזונדערס דער עלטערער, פאַר אויסטערליש פעהיג. ביידע האבען זיי געלערנט ביי די בעסטע מלמדים פון שטאָדט, ביי וועלכע זיי האבען בעקומען גרויסע ידיעות אין דער אַלטער העברעאישער ליטעראַטור. דער פאטער האט זיי נאך געוואלט צולערנען א ביסעל רוסיש און צונעהמען זיי דערנאָך צו זיך אין געשעפט. אָבער דער עלטערער זוהן, אַברהם אליה, איז אַזוי געוואָרען געפאנגען פון די וועלטליכע למודים, אַז ער האט זיך שוין פון זיי מעהר נישט געקאָנט אָבּרייסען. דער סוף איז געווען, אַז דער פאטער, נישט קוקענדיג אויף זיין העכסט אָרטאדאקסישער געזינונג, איז נישט בייגעשטאנען דעם נסיון און איהם אבגעגעבען אין דער דאָרטיגער גימנאַזיע. עס איז

אויסגעקומען, אַז אברהם אליה איז געווען דער ערשטער יודישער גימנאזיסט אין יעקאטערינאסלאוו, און האט דורכגעבראכען אַ וועג אויך פאר אנדערע, קודם-כל פאַר זיין יונגערען ברודער יצחק, וועלכער האט איהם, ווי דעם פאַטער האט עס נישט געשמעקט, נאָכ-געטון, און איז באלד נאך איהם אריין אין גימנאזיע.

נאך זיצענדיג אויף דער גימנאַזיע-באַנק, זענעןביידע ברידער אוועק אין פערשידענע וועגען. בעת דער עלטערער, אַ פלייסיגער פון דער נאטור, האט דורך גרויס התמדה געזוכט צו בערייכערן אויך זיינע יודישע קענטנישען, האט געלערנט תלמוד און פוסקים און איז צו זיבצעהן יאהר שוין געווען בעהאוועגט אין דער מיטעל-אַלטערליכער העברעאישער ליטעראַטור און פילאָזאָפיע, האט זיך דער יונגערער, יצחק, אינגאנצען אַרויסגעשלאגען פון די יודישע למודים אין ביסלעכווייז פערגעסען אויך דאס אלטע, וואס ער האט געלערנט אין די חדרים. נאכדעם, ווי ביידע האבען געענדיגט גימ-נאזיע, האט דער פאטער אויסגעדריקט זיין וואונש, נישט אנדערש, אַז אברהם אליה, וועלכער האט זיך שוין דאַן ערווארבען אַ נאמען מיט זיין גרויסער תלמוד'ישער ערודיציע, זאל זיך נעהמען צו רבנות, און בעזיצענדיג נאָך דערצו אויך אַ סך בילדונג — אַזוי האט ער זיך פארגעשטעלט — וועט ער געוויס בעקומען די שטעל פון אַ רב אין דער גרעסטער יודישער קהלה. אַגב, איז דער פאטער אין יענער צייט אראב פון מעמד און האט זיך מעהר נישט געקאנט לאזען קאסטען אויף זיין שטודיום. אברהם אליה האט אבער דערצו נישט מספים געווען, און נאכדעם, ווי ער האט מיט זיין אייזערנעם כאַ-ראקטער גובר געווען אלע שטערונגען, איז ער צו אכטצעהן יאהר אריין אין כארקאָוועד אוניווערזיטעט אויף דעם יורידישען פאקול-טעט. באלד איז יצחק אויך אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט. ער האט זיך אבער אויסגעקליבען די מעדיצינישע וויסענשאפט.

נאך זענענדיג אין אוניווערזיטעט, האט זיך אברהם אליה ענטוויקעלט אלס העכסט טאלענטירטער שריפטשטעלער אויפ'ן יורי-דישען געביט. זיינע ערשטע ליטעראַרישע ארבייטען, וואס זענען גע-ווען געווידמעט דער געשיכטליך-רעכטליכער לאגע פון די יודען אין רוסלאנד, האבען אויף זיך געצויגען די אויפמערקזאמקייט פון די גרעסטע געלעהרטע. נאכדעם, ווי ער האט געענדיגט זיין שטודיום אלס יוריסט, האט ער זיך איבערגעגעבען אינגאנצען דער ליטעראַ-

רישער טעטיגקייט, האט אין פערשידענע ווערק און איינצעלנע אר־טיקלען מוטיג, נישט נעהמענדיג אין אכט דעם דעמאלט׳דיגען פינסטערן מלוכה־רעזשים, געקעמפט פאר די יודישע רעכט. ער איז באלד געווארען אנערקענט אלס איינער פון די ווייניג בעדייטענדסטע יוריסטען אין רוסלאנד, און די רעגירונג האט איהם פארגעלעגט די שטעל פון א פראפעסאר אין אדעסער אוניווערזיטעט, אבער בתנאי, ער זאל זיך שמד׳ן. ער האט אבער מיט פעראכטונג אבגעווארפען דעם פארשלאג. ער האט וועגען דעם קיינעם נישט דערצעהלט, נור אין א בריף צו די עלטערן האט ער עס מודיע געווען אויף זעהר א כאראקטעריסטישען אופן. „מ׳האט מיר דא פארגעשלאגען — אזוי האט ער געשריבען — צו פערנעהמען א קאטעדרע אין אוניווערזיטעט, נור מיט דעם בעדינג, איך זאל אננעהמען דעם קריסטליכען גלוי־בען. מיט עטליכע טעג צוריק, האב איך מיר געקויפט א פוטער. מעהר קיין נייס האב איך נישט. זייט געזונט״. אלע האבען פער־שטאנען, אז אברהם אליה האט מיט דעם געוואלט מרמז זיין, אז די יודישע אמונה איז ביי איהם נישט קיין פוטער, וועלכען מ׳קאן תמיד אומבייטען אויף אן׳אנדערן. זיין אויסטערלישע התמדה האט אבער גיך אונטערגעגראבען זיין געזונט. נאכדעם, ווי ער האט שוין געהאט דערגרייכט דעם אפאגיי פון זיין בעריהמטקייט, האט ער בע־קומען שווינדזוכט און אנגעהויבען שפייען מיט בלוט. זיינע לעצ־טע טעג האט אברהם אליה פערבראכט ביי זיינע עלטערן אין יעקא־טערינאסלאוו, וואוהין ער האט אראבגערופען צו זיך זיין יונגערן ברודער, יצחק׳ן, וועלכער האט דאן געוואוינט אין פעטערבורג אלס זעהר פאפולערער נערווען־דאקטאר. אין יצחק׳ס ארעמס איז אברהם אליה אין זיין פריהסטער יוגענד געשטארבען, בעוויינט און בע־קלאגט פונ׳ם גאנצען רוסישען יודענטום, וואס האט אין איהם, לויט ווי עס האבען זיך אויסגעדריקט אלע נעקראלאגען־שרייבער, פער־לוירען איינעם פון זיינע טרייסטע און שענסטע זיהן.

II

עס האט געהאט אויסגעוויזען, אז ד״ר יצחק ארשאנסקי האט זיך פארגענומען צו געהן אין די דרכים פון זיין פערשטארבענעם ברודער אברהם אליה. אויב ער איז ביז אהער געווען ארייגעטון נור אין זיין מעדיצינישער פראקטיק און אין זיינע פריוואט־ענינים

בכלל, נישט האבענדיג קיין שום אינטערעס פאר געזעלשאפטליכער טעטיגקייט, בעזונדערס פאר יודישע בעדערפעניששן, איז אין איהם איצט אין דעם פרט פארגעקומען א געוואלדיג איבערקעהרעניש. ער האט זיך אנגעהויבען שטארק אינטערעסירען מיט יודישער געזעלשאפטליכער ארבייט אויף די פערשידענסטע געביטען. ער האט גענומען א ווארימען אנטייל אין דער חברה צו פערשפרייטען בילדונג צווישען יודען, האט פלייסיג געארבייט פאר יודישע קהל׳שע אינסטיטוציעס אויפ׳ן געביט פון ערציהונג און וואוילטעטיגקייט. ער איז געווען א שטענדיגער בעזוכער פון די אלערליי בעראטונגען און ישוב-הדעת׳ן, וועלכע זענען איינגעאָרדענט געווארען לטובת דער יודישער שטודירענדער יוגענד. ער האט געהאלפען יודישע פעהיגע יונגעלייט אנגענומען צו ווערען אין די פעטערבורגער הויכשולען. ער האט נישט געשפארט, — נישט קיין צייט און נישט קיין געזונט, ער האט פערנאכלעסיגט זיין פראקטיק און איז ארומגעלאפען און אבגעשלאגען די שוועלען פון מיניסטער און פון אַנדערע הויכגעשטעלטע ביוראקראַטען אויסצו׳פּועל׳ן ביי זיי פערלייכטערונגען פאר יודישע סטודענטען און סטודענטקעס. מען האט געזעהן בעשיינפערליך, ווי דער ביז אהער קאָסמאָפּאָליטיש-געשטימטער ד״ר ארשאנסקי, וועלכער איז די גאנצע צייט געשטאנען ווייט פון יודען און יודישקייט, האט זיך פערוואנדעלט אין א הייסען יודישען נאציאָנאליסט, וועלכער לעבט און אָטעמט אויסשליסליך נור מיט די אינטערעסען פונ׳ם יודישען פאָלק.

דעם ד״ר אָרשאנסקי׳ס הייס יודיש הארץ האט זיך בעזונדערס ארויסגעוויזען נאך די דרום-רוסישע פאגראמען אין די ערשטע אכציגער יאהרען. דאס דעמאלט׳דיגע גרויסע יודישע אומגליק האט איהם אינגאנצען צוטרייסעלט. ער איז באלד צוגעשטאנען צו יענע וועניגע נאציאנאל-געזונטע יונגע שריפטשטעלער-אקאדעמיקער, וועלכע האבען זיך גרופירט ארום דעם דאן געגרינדעטען רוסיש-יודישען ארגאן „ראַזסוועט“, וואס האט געטראגען הויך און שטאלץ די פאָהן פונ׳ם יודישען נאַציאנאלען געדאנק. תיכף נאך די פאגראמען, בעת די צעהנדליגער טויזענד צוראַבירטע יודען האבען נישט געפונען פאר זיך קיין אנדער אויסוועג פון זייער טרויעריגער לאגע אויסער דער עמיגראציע, איז דער „ראַזסוועט“ ארויס מיט א פארשלאג, צו גרינדען אין גאנצען לאנד קאמיטעטען, וועלכע זאלען געבען די עמיגראנ-

די מעגליכקייט אויסצעוואנדערן פון זייערע צוראבירטע ערטער. דער דאזיגער פלאן האט אבער ארויסגערופען א גרויסען שטורם פון פראטעסטען, בעזונדערס מצד דער יודישער געלד-אריסטאָקראטיע, אין דער רעזידענץ-שטאדט, אזעלכע, ווי דער באראָן האָראָץ גינצבורג, שמואל פאָליאַקאָוו, ווארשאווסקי, וועלכע האבען זיך געהאלטען פאר די מנהיגים פונ׳ם רוסישען יודענטום, האבען איינגעפונען, אז די פערווירקליכונג פונ׳ם דאזיגען פלאַן איז עלול צו שטעלען די יודישע בעפעלקערונג אין רוסלאַנד אין גרויס סכנה, ווייל דאס וועט דינען ביי די היימישע אַנטיסעמיטען אלס אויסרייד, אז די יודען ווילען אנטלויפען פון לאנד צוליב דעם, וואס זיי האלטען זיך דארט פאר פרעמדע. דער פועל-יוצא דערפון וועט זיין, אז די רעגירונג וועט דאס אננעהמען אלס היכטיגען מאטיוו, נישט צו געבען יודען קיין נייע רעכט, און אפשר אויך אוועקצורויבען פון זיי זייער ביסעל אלטע זכיות. די דאזיגע טענות מצד דער יודישער פלוטאָקראַטיע געגען דער גרינדונג פון אויסוואנדערונגס-קאמיטעטען זענען גע-ווארען שטארק אונטערשטיצט פון דעם דעמאלט׳דיגען צווייטען רוסיש-יודישען אָרגאַן „רוסקי יעווריי". צווישען די דאזיגעביידע וואכענשריפטען האט זיך א לאנגע צייט געפיהרט א פערביטערטער קאמף ארום דער פראגע פון דער יודישער עמיגראציע. די הויך-אינטעליגענץ און די אַקאַדעמישע יוגענד איז געשטאַנען „שטאָל און אייזען" פאַר דער עמיגראַציע, און די הויך-בורזשואזיע, בעזונדערס אין פעטערבורג און מאָסקווע, איז געווען געגען. ענדליך האט זיך אין דער זאך אַריינגעמישט די פראָווינץ, הויפטזעכליך אין די צו-ראַבירטע געגענדען, וועלכע האָט געפונען, אז זי איז א נוגע בדבר מעהר פון אַלעמען. דורכדעם איז די מלחמה געוואָרען פיל העפטיגער. גראָד אין יענער צייט זענען פון דער רעגירונג בעשטעטיגט געווא-רען די מאַי-געזעצען, לויט׳ן פאָרשלאַג פונ׳ם גראף איגנאַטיעוו, וועגען אוועקנעהמען ביי יודען דאס רעכט צו קויפען ערד אין דערפער. אָן דעם האבען זיך אָנגעכאַפּט די געלד-מאגנאטען און גע׳טענה׳ט, אז דאס איז שוין די ערשטע פרוכט פון דער דורך די אנטיסעמיטען פערשפרייטער טענה, אז די יודען רעכענען זיך פאר פרעמדע אין לאנד, הײנט וואס וועט שוין זיין, ווען די יודען וועלען זיך ווענדען צו דער רעגירונג מיט דער בקשה וועגען אַן ערלויב-ניש אויסצעוואנדערן פון רוסלאנד!

דער שטורם, וואס די פראָווינץ האט אויפגעהויבען געגען די פעטערבורגער גבירים, האט זיך אבער אלץ נישט איינגעשטילט. ער איז נאָך, פערקעהרט, געווארען שטארקער און פערביטערטער פון טאָג צו טאָג. פון אלע זייטען האט מען געשאָטען אויף די גביר׳ישע מנהיגים פעך און שוועבעל, מ׳האט געגען זייער האלטען זיך אין דער פראגע פון דער עמיגראציע פראָטעסטירט מיט די שארפסטע אויסדהיקען.

דא האט ד״ר יצחק אָרשאַנסקי מיט אמאל און גאנץ אומגע־ריכט אבגעטון אויף זיין אייגענער פעראַנטווארטליכקייט א זאך, וואס האט אויפגערודערט דאס גאנצע רוסישע יודענטום.

III

נישט בעראַטענדיג זיך מיט קיינעם, נור מיט זיך אליין און אויף זיין אייגענער אחריות, איז אָרשאַנסקי אין א שענעם פריה־מאָרגען אוועק צום אינערן־מיניסטער, גראף איגנאַטיעוו, מיט וועל־כען ער האט זיך געקענט פון לאנג, און האט איהם אבגעגעבען די פאלגענדע ערקלערונג:

„היות ווי די מאסען דורך די פאָגראמען צורואינירטע יודען, האבען שוין אויף זייערע ערטער נישט וואָס צו טון און מוזען געהן זוכען זייער חיונה ערגעץ־וואו אנדערש, בכן וואלט געווען געוואונ־שען — אדער מ׳זאל פאר זיי עפענען די אינעווניגסטע גובערניעס, אדער מ׳זאל ערלויבען א פרייע עמיגראציע אין אנדערע לענדער״.

דערויף האט אָרשאַנסקי דעמאלט בעקומען פונ׳ם גראף איגנאַ־טיעוו אנ׳ענטפער כהאי לישנא:

— וועגען ערלויבען יודען וואוינען אין די אינעוועניגסטע גו־בערניעס קאָן גאר קיין רעד נישט זיין. דערפאַר אבער וועט די רוסישע רעגירונג זיין גרייט ארויסצולאזען זיי אין אנדערע לענדער.

אויף קיין בעסערער תשובה פון דעם מיניסטער האט זיך אָרשאנסקי נישט געריכט; ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז אין די רעגירונגס־ספערען איז מען געשטימט געגען יודען. ער איז אָבער געבליבען שטארק צופרידען פון דער פערספעקטיוו, אז ווען יודען וועלען דערלאַנגען א קאָלעקטיווע בקשה וועגען אנ׳ערלויבעניש צו

גרינדען אויסוואנדערונגס-קאָמיטעטען, וועט מען זיי אין דעם נישט אָבזאָגען.

שוין אויף מאָרגען האט אָרשאנסקי פּערעפּענטליכט אין „ראַזסוועט" זיין געשפּרעך מיט'ן גראַף איגנאַטיעוו און דערוויילאָחן שום פּירושים פון זיין זייט.

אין די קרייזען פון די פּעטערבורגער יודישע מנהיגים האט מען, איבערלייענענדיג אין „ראַזסוועט" די קורצע כראָניק וועגען אָרשאנסקי'ס שמועס מיט'ן אינערן-מיניסטער, זיך געפיהלט געטראָפען, ווי פון א דונער. עפּיס א דאָקטאָר'ל זאל זיך נעהמען די העזה צו רעדען מיט'ן מיניסטער אין נאמען פון'ם כלל-ישראל. ווער האט איהם געשיקט און ווער האט איהם דערצו בעפולמעכטיגט? און גלייך האט טאקע דער „גביר'ישער" אָרגאַן, דער „רוסקי יעווריי" אבגעדרוקט אַנ'ערקלערונג, אַז אָרשאנסקי האט נישט געהאט קיין רעכט צו רעדען אינ'ם נאמען פון יודישען פאָלק, אַז יודען הויבען גאָרנישט אָן טראַכטען וועגען אויסוואנדערן, אַז זיי האבען ליב דאס לאנד און זענען מוכן ומזומן צו ליידען, נור אַבי צו בלייבען זיצען אויף זייערע ערטער א. אז. וו.

דא האט זיך ווידער אבגערופען די פּראָווינץ, אַז אויב מען רעדט וועגען דער פולמאכט אויפצוטרעטען פאר דער רעגירונג אין נאמען פון'ם יודישען כלל, האט עס גיכער אזא פריינד פון די יודישע מאַסען, ווי אָרשאַנסקי, איידער די רעדעל-פיהרער פון דער רעזידענץ-שטאָדט, וואס שטיצען זיך נור אויף זייערע מיליאָנען.

דאס איז דאַן געווען א היסטאָרישער מאמענט אינ'ם לעבען פון די רוסישע יודען. דאס ערשטע מאל, פאר'ן משך פון הונדערטער יאָהרען, האט איצט דאס פּראָווינציעלע יודענטום געמאכט א פּרוב אָראבצוּוואַרפען פון זיך די פיהרערשאַפט פון די הויכגעשטעלטע מנהיגים. ס'איז געקומען אזוי ווייט, אז די הויף-בורזשואַזיע האט, אויס מורא פאר א צו-שטארקען דרוק מצד דער „צובונטעוועטער" פּראָווינץ, בעשלאָסען, צונויפצורופען א צוזאמענפאָהר פון די פאָרשטעהער פון די בעדייטענדסטע יודישע צענטרען אין רוסלאנד. דער דאזיגער צוזאמענפאהר איז פאָרגעקומען לעגאל אין דער וואוינונג פון'ם באַראָן גינצבורג, אָבער בלויז פאר די איינגעלאדענע מיטגלידער. די זיצונגען זענען געווען געשלאסענע, מ'האט צו זיי נישט צוגעלאזט אָפּילו די פּרעסע, מ'האט נישט געגעבען די

מעגליכקייט זאגאר דעם איין ד״ר ארשאנסקי אויפצוקלערען די דעלעגאטען דעם שטאנדפונקט פון דער פראָווינצער אינטעליגענץ, וואס ס׳האט דאַן געבראַכט צו זעהר שארפע פראטעסטען. דאך זע־נען אויף ארומיגע וועגען דערגאנגען צו דער עפענטליכקייט די הויפט־פונקטען פון די פערהאנדלונגען. צווישען אַנדערן האט מען זיך דערוואוסט, אז די פעטערבורגער כלל־טוער האבען אויסגענוצט זייער גאנצען איינפלוס, כדי צו ווירקען אויף די פראווינציעלע דעלעגאטען, אויף תקיפים און קהל־ס־לייט יעדער אויף זיין אָרט, זיי זאלען זיך ארויסזאגען געגען דעם פערלאנג פון דער אינ־טעליגענץ מכח אַ ווענדונג צו דער מאכט מיט דער בקשה וועגען אנ׳ערלויבניש פאר א ברייטער עמיגראציע פון לאנד. און דער צוזאמענפאהר האט ווירקליך אנגענומען א רעזאלוציע אין דעם זין און פערעפענטליכט זיין מיינונג, אז דאס רוסישע יודענטום ווינשט צו בלייבען זיצען אין לאנד, און ביי אלע זיינע ליידען האט עס גארנישט בדעה אויסצוואַנדערן.

אין דער פראווינץ האט די דאזיגע רעזאלוציע געמאכט זעהר א שווערען איינדרוק. דערווייל האבען זיך אין דער לופט גע־נומען טראגען קלאנגען, אז די רעגירונג האלט אין אויסאַרבייטען נייע גזירות אויף יודען. גראָד אין יענער צייט האט אויסגעבראכען דער באלטער פאָגראָם, וועלכער האט איבערגעשטיגען מיט זיינע גרויזאמקייטען אלע פריהערדיגע פאגראמען. די פראווינץ איז גע־ווארען בעהערשט פון א גרויסער פאַניק. אין די גרעסערע און קלענערע שטעדט האט מען גוזר תענית געווען און אין די קלויזען און בתי־מדרשים האבען יודען תהלים געזאגט און געוויינט מיט ביטערע טרעהרען. דער אָנגעשראקענער עולם האט זיך געזוכט ראַ־טעווען, עס האט זיך אנגעהויבען א גרויס געלויף פון די ערטער. מ׳איז געפלויגען וואוהין די אויגען האבען געטראגען, און די פאַ־נישע שטימונג איז געווארען אלץ שטארקער און שטארקער.

## IV

די דאזיגע אלע געשעהענישען האבען א געוואלדיגען טרייסעל געטון די רייען פון די נאציאנאל־געזאנענע יודישע אקאדעמיקער, וועלכע האבען דורכ׳ן „ראַזסוועט״ אנגעפיהרט מיט דער פראַ־ווינציעלער יוגענטליכער אינטעליגענץ. די מאראליש שטארקערע פון

זיי זענען אונטער דער ווירקונג פון די געשעהענישען געווארען נאך פיל פעסטער און פערפאנצערטער אין זייער אנגעהעריגקייט צום יודישען פאלק, און די שוואכערע האט עס געמאכט אָבהענדיג און אָפּאטיש. א טייל פון דער דאזיגער יוגענד איז געווארען שווארץ־זעהעריש. די פערספעקטיוו פון זייער יודישער צוקונפט האט אויף זיי אנגעווארפען א פחד און די נעכטיגע פערברענטע יודען, האבען איינציגווייז גענומען מאכען פליטה פונ׳ם יודישען פאלק. א סך פון די בעסטע האפנונגס־פולסטע יודישע קינדער האבען זיך אריבערגעווארפען אויף דער אנדער זייט. זיי זענען אנטלאָפען צום שונא...

צווישען די לעצטע האט זיך געפונען אויך ד״ר יצחק אָר־שאַנסקי. דער דאָזיגער כלל־טוער, אויף וועלכען די יודיש־נאַציאָנאַלע יוגענד, בעזונדערס אין דער פראָווינץ, האט געלעגט אזוי פיל האָפנונגען, וועלכען א סך האָבען געהאַלטען פאַר איינעם פון די צוקונפטיגע אָנפיהרער פון די יודישע מאַסען, האט גאַנץ אונ־דערוואַרט אַ מאַך געטון פערצווייפעלט מיט דער האנד אויף זיין ביז־אַהעריגער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט, האט זיך אָבגערוקט אָן א זייט, און איז געבליבען שטעהן פון דער ווייטען. פריינד און בעקאנטע האבען תחילת נישט פערשטאנען, וואס אין איהם קומט פאָר. מען האָט געזעהן, ווי ער ציהט זיך ביסלעכווייז צוריק פון דער כלל־ארבייט, ווי ער מיידט אויס צו רעדען פון די אָרומיגע געשעהענישען, ווי ער קאָנצענטרירט זיך אַלץ מעהר אין זיך און מען איז געבליבען שטעהן, ווי פאר א רעטעניש. איינער דעם אַנדערן האט געפרעגט, וואס אַזוינס איז עס פּלוצלונג געוואָרען מיט׳ן ד״ר אָרשאַנסקי, דער הייסער פערטיידיגער פון די יודישע אינטערעסען? פארוואס האט ער פערלאָזט זיין פּאָסטען? קיינער האָט אָבער דערויף נישט געקאָנט געבען קיין תשובה. מ׳האָט אָבער גערעכענט, אז דאס איז נור א צייטווייליגע ערשיינונג, וועלכע איז א פּועל־יוצא פון פערשידענע פערזענליכע טעמים און אז אינגיכען וועט זיך אָרשאַנסקי צוריקקעהרען צו זיין איבערגעריסענער נאַציאָנאַלער ארבייט. אנדערע האבען געזאגט, אַז אַלס הייסער אנהענגער פון עמיגראציע, קומט אין איהם פאָר א וואקלעניש בנוגע אין דער עפענטליכקייט דאַן אויפ־געהויבענע פראגע: וואוהין? דאס הייסט: צי מ׳זאל פיהרען

דעם שטראָם פון דער אויסוואנדערונג קיין אַמעריקע, אָדער קיין ארץ-ישראל? און אַז כּל-זמן ער איז נאָך ביי זיך נישט געקומען צו קיין פעסטען בעשלוס, האלט ער זיך דערווייל אָב פון דער געזעלשאַפטליכער ארבייט. עס זענען זא-גאַר געווען אַזעלכע, וואס האבען געגלויבט, אַז לויט זיינע טיף נאַציאָנאַליסטישע אנשויאונגען, דאַרף ער זיך סוף-כּל-סוף אָבשטעלען אויף ארץ-ישראל, און דאַן ערשט וועט זיך אזא טעמפּע-ראַמענטפולער און פלייסיגער עסקן, ווי ער, געוויס אוועקשטעלען בראש פון די אַזוי-גערופענע „חובבי-ציון״.

עס האט אבער לאנג נישט געדויערט, און די אלע פערשידענע השערות האבען זיך ארויסגעוויזען פאר נישט ריכ-טיג. דער אמת איז געווען, אַז אָרשאנסקי איז אוועק פון פאלק, אַז ער האט זיך אָבגעשמד׳ט...

פאַרוואָס האט אָרשאַנסקי געמאכט דעמדאָזיגען פעררעטער-רישען שריט? וואס האט איהם דערצו בעוואוגען? אויף די דאָ-זיגע פראגען האבען זיך פיל געבראכען דעם מח און נישט גע-פונען קיין ענטפער. קלאנגען זענען וועגען איהם געגאנגען, אַז ער האט דאס געטון צוליב מאטעריעלע צוועקען. מ׳האט איהם איינגעלאַדען אין דער כאַרקאווער אוניווערזיטעט אַלס פּראָפעסאָר פאַר נערוועז-פּאַטאָלאָגיע, מ׳האט איהם אבער געשטעלט א תנאי, ער זאל פריהער אננעהמען דעם קריסטליכען גלויבען און ער האט שוין נישט געקאנט ביישטעהן דעם נסיון, ווי זיין על-טערער ברודער אברהם אליע אָרשאנסקי, און — זיך געטויפט. די דאזיגע קלאנגען האבען זיך אויך באלד בעשטעטיגט.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פאקט, וואס דער דאזיגער אַמאָליגער פריינד און אונטערשטיצער פון דער יודישער שטו-דירענדער יוגענד, האט איצט, אלס פראפעסאָר פון כארקא-ווער אוניווערזיטעט, אינגאנצען געענדערט זיין בעציהונג צו די יודישע סטודענטען. לא די, וואס ער האט זיי נישט ארויסגעוויזען קיין ברעקפל התקרבות, האט ער נאָך זיי אומ-דערבאַרימליך גע׳רודפ׳ט. וועגען די נגישות, וואס ד״ר אָר-שאנסקי האט אָנגעטון דער יודישער סטודענטענשאפט פון דער

כאַרקאָווער אוניווערזיטעט, זענען זיינער צייט ארומגעגאנגען גאנ-
צע לעגענדעס. עס ווערט בעזונדערס בעטאנט דער „צו-
להכעיס״-עלעמענט אין זיין פערהאלטען זיך צו זיינע אמאלי-
גע גלויבענס-גענאָסען. מ׳האט געזעהן, ווי דער מענש וואלט
זיך עפּיס געוואלט נוקם זיין אָן יודען און יודישקייט, צו
וועלכע ער האט געטראגען אין האַרצען א ליידענשאפטליכע
שנאה. וואס האט אין איהם ארויסגערופען דעם דאזיגען האָס צום
יודישען פאָלק — דאס איז פערבליבען אומבעוואוסט.

---

# לייזער „די שווארצע נשמה.״

I

אין פּערעספּע, א פּאָרשטעטדטיל ביי מינסק, אין א קליין הילצערנעם שטיבעל, ווייט הינטער דעם פּראַוואָסלאַוונעם בית עלמין, האָט ער געוואוינט, און גערופען האָט מען איהם: „לייזער די שווארצע נשמה״. דעם דאזיגען אויסטערלישען נאמען האָט ער בעקומען צוליב זיין שפּיעלער פּראָפעסיע: ער איז געווען א היצעל, - וועלכער פלעגט כאפּען אין די גאסען פּערוואָהרלאָזטע הינט און אוועקפיהרען זיי אויף א בעזונדער וועגעל מיט גראטעס צו זיך אהיים. דאָרט פלעגט ער נאך דעמזעלבען טאג, אדער אויף מארגען, אבגעבען אנדערע הינט צוריק, פאר אויסלייז-געלט, זייערע בעלי-בתים, און די איבעריגע פלעגט ער דער׳הרג׳ענען, אראבשינדען פון זיי דאס פעל און פערקויפען. דערפון האָט ער געצויגען חיונה פאר זיך און פאר זיין פאמיליע: א קרענקליך ווייב מיט זעקס קינדער, איינס קלענער פון אנדערן. אויף זיין אויסקומעניש האָט ער זיך נישט בעקלאגט; ער האָט אַפּילו נישט געלעבט בהרחבה, אבער ער האָט אויך נישט געוואוסט פון קיין דחקות. און דאך איז ער תמיד ארומגעגאנגען א פערצער׳טער און א פערצאָגטער, און אין זיין פּנים און אלע זיינע בעוועגונגען האָט מען לייכט געקאנט דערקענען, אז ער ליידט שטאַרק אינערליך.

און געליטען האָט לייזער פון דעם, וואס מען קוקט אויף איהם פון אויבען אראַב, וואס אלע מיידען איהם אויס סיי אין גאס, סיי אין בית-מדרש. קיינער, אַפּילו פון זיינע נאהנטע שכנים, בעגריסט זיך נישט מיט איהם, קיינער גיט איהם נישט אָב קיין

„שלום״. קומט ער שבת דאווגען, גיט מען איהם קיינמאל נישט קיין „עליה״, מ׳וויל איהם נישט געבען דעם קלענסטען כבוד אפילו פאר געלט. אלענגערע צייט האט ער בשום אופן נישט געקאנט געפינען קיין חדר פאר זיין עלטערן זוהן. יעדער מלמד, צו וועלכען ער האט זיך געווענדעט, האט אויף קיין פאל נישט מסכים געווען, אריינצו־נעהמען דאס יונגעל צו זיך אין חדר, אויס מורא, צו פערלירען דורכדעם זיינע איבעריגע תלמידים. נור מיט גרויס מאטערניש האט ער אויסגע׳פועל׳ט ביי אנ׳ארימען בעהעלפער אויסצולערנען זיין קינד כאטש „עברי״. אבער אויך דער בעהעלפער האט נישט געוואלט בע־טרעטען זיין שטוב, און דאס יונגעל האט צו איהם געמוזט געהן אהיבשען מהלך טעגליך אין שטאדט אריין. בעזונדערס האט איהם געקרענקט דאס צונעמעניש, וואס מ׳האט איהם געגעבען. יעדעס מאל, ווען ער פלעגט זיך בעווייזען מיט זיין וועגעל אין גאס, און קליינע קינדער פלעגען איהם נאכלויפען מיט אויסגעשרייען: „שווארצע נשמה!״ „שווארצע נשמה!״ פלעגט ער זיך צוריקקעהרען אהיים, ווי אנ׳אבגעגאסענער מיט בלוט.

נישט תמיד האט זיך לייזער אזוי געלאזט טרעטען. בעת ער איז נאך געווען יונג און שטארק, האט ער גאנץ אפט געהאט דעם מוטה אבצושטעלען אויף דער גאס דעם, צי יענעם פון די מינסקער „שענע בעלי־בתים״, און נעהמען מיט איהם איינ׳טענה׳ן כהאי לישנא:

— זאגט מיר, כ׳בעט אייך, פארוואס שעמט איהר זיך דאס אזוי מיט מיר? צי בין איך אפשר נישט אזא ערליכער יוד, ווי איהר? צי דאווען איך נישט אלע טאג אין טלית און תפלין? צי היט איך נישט אב ביים עסען די דינים פון וואשען זיך און בענשען? צי בין איך נישט מקיים אוועלכע עס איז מצוה פון דער תורה? מעהר נישט, וואס כ׳האב אין האנט אמיאוס׳ע מלאכה. איז דאס אבער מיין שולד? צי האב איך מיר אויסגעקליבען די דאזיגע גראבע בעשעפטיגונג פון וואויל־טאג? האט מיר דען נישט נור מיין גרויס עלענדקייט דערצו געטריבען?

לייזער איז געבוירען אין לאהויסק, אקליין שטעדטיל דריי מייל פון מינסק, ביי אנ׳ארימען שוסטער. זיינע עלטערן זענען איהם גאנץ פריה אבגעשטארבען, און צו אכט יאהר איז ער געבליבען אקיילעכדיגער יתום. פון דאן אן האט ער זיך אנגעהויבען ארומ־

וואַלגערן איבער פרעמדע הייזער, וואו מ׳האָט איהם פון רחמנות וועגען נישט געלאָזט פערהונגערן. צו צוועלף יאָהר האָט ער זיך געבראַכט צו שלעפּען קיין מינסק. דאָרט איז ער א געוויסע צייט מיט א כאָפּטע אָרימע לייט אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער. דאָס בעטלען האָט איהם אָבער ענדליך דערעסען. דערצויגען קליינוויז ביי אַ פּאָטער אַ האָרעפּאַשניק, האָט ער נישט געקאָנט פערטראָגען קיין בעטעלברויט, און ביי זיך בעשלאָסען, אויסצולערנען זיך אַ וואָסערע-עס-איז מלאכה, פון וועלכער ער זאָל זיך קאָנען עהרליך מפרנס זיין. ער האט אָבגעשלאָגען די שוועלען ביי אַלע מינסקער מייסטערס, אָבער קיינער פון זיי האט איהם נישט געוואָלט אַריינגעהמען צו זיך אין שטוב, וואו ער זאָל איהם פריהער נישט איינצאהלען קיין עטליכע צעהנדליג רובל. לייזער איז דערווייל אונטערגעוואַקסען און געוואָרען אַ בחור׳ל פון א יאָהר אַכטצעהן. פאַר דער צייט איז ער בייגעשטאַנען פערשידענע נסיונות, ער האָט זיך שוין געפונען אין דער געזעלשאַפט פון קעשענע-גנבים, פון פרויען-הענדלער און נאך אַזעלכע מיני אויסוואורפען. זיין אינסטינקטיווע עהרליכקייטס-געפיהל האָט איהם אָבער פון דעם אַלץ אַרויסגעראַטעוועט. אַרומבלאָנקענדיג זיך א געוויסען פאַרטאָג איבער די מינסקער גאַסען, האָט ער בעמערקט, ווי אַ היצעל פאַנגט הינט און א יונגערער העלפט איהם דערביי מיט. לייזער איז צוגעגאַנגען צום היצעל, שוין אַנ׳עלטערער מענש, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ טאָטער, און איהם געפרעגט, צי בעדאַרף ער אפשר נאך א מיטהעלפער. גראָד האט געדאַרפט פאַסירען, אַז אין יענער מינוט האָט א געפאַנגענער הונט מיט אַמאָל זיך אַרויסגעריסען און זיך געלאָזט לויפען. דעם טאָטערס יונגער מיטהעלפער האָט זיך געפּרובט נאך איהם יאָגען, אבער — אומזיסט. דאָ האָט ביי לייזער׳ן אויפגעבליצט דער געדאַנק, אַרויסצעווייזען זיין בריה׳שאַפט, און אין עטליכע פלינקע געלונגענע שפּרונגען האט ער געכאַפּט דעם הונט און איהם איבערגעגעבען דעם טאָטער. דעם היצעל איז דאָס זעהר געפעלען געוואָרען און ער האט געבעטען לייזער׳ן אריינקומען צו איהם אין אָוענט. נאָך א קורצען שמועס וועגען די בעדינגונגען, האָט דער טאטער צוגענומען לייזער׳ן אלס צווייטען געהילף. לייזער האט ארויסגעוויזען גרויסע פעהיגקייטען אין דער ארבייט, און דער טאָטער האט איהם אַזוי ליב בעקומען, אַז ער האט איהם אויף דער עלטער איבערגעגעבען דאָס גאַנצע

„געשעפט", ביי וועלכען ער איז שוין פערבליבען אויף שטענדיג. לייזער'ן איז אוועק גוט און ער האט חתונה געהאט מיט א די.ס.ני מיידעל. ער האט זיך דערמאָהנט אָן זיין פרומען פאטער, אין איהם האבען אבגעלעבט די זכרונות וועגען זיין פריהסטער קינדהייט, און ער האט זיך פאָרגענומען צו פיהרען אַנ'עכט יודישליכען שטאַט. ער איז געגאַנגען דאַוונען אין פערעספער בית-מדרש, האט אריינגעווארפען שענע נדבות אין די פערשידענע צדקה-פושקעס, האט געגעבען קלויזניקעס „טעגי", און געהאָלפען אָרימעלייט. דאָס זעלבע האָט געטון אויך זיין פרוי. אָבער, ווי געזאָגט, האָבען אַלע זיך פון איהם דערוויטערט. ס'האָט אָבגעשטויסען זיין פּאַך און קיינער האט מיט איהם נישט געוואָלט האבען קיין שום מגע ומשא. אָנפאַנגס האט עס לייזער נישט תופס געווען. ער האט נישט פערשטאנען, מיט וואס איז זיין פראָפעסיע אזוי מיאוס, אז מ'זאָל צוליב איהר נישט וועלען שטעהן אין זיינע ד' אמות. אין דער יוגענד האט ער אויף דעם שטאַרק רעאַגירט, און האט קיינעם נישט געלאָזט צו רוה, נישט אַנדערש, אַז מ'מוז איהם ערקלערען, וואָס האָט מען צו איהם און פארוואָס איז מען איהם אזוי שופך דמים.

אַ לאנגע צייט שפעטער האט מען נאך דערצעהלט אין מינסק פערשידענע מעשיות וועגען דעם, ווי לייזער דער „פאָדקאַטשיק" פלעגט ליב האבען צו מאכען סקאַנדאַלען אין די שטאָדטישע קלויזען און בתי-מדרשים, פאַרוואס מען איז איהם אזוי מבייש און מען דערווייטערט זיך אזוי פון איהם. ער איז איינמאָל אַרויפגעלאָפען אין הונן-דלים-שוהל אין דאָרט האָט ער זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן בעוואוסטען „האַראָדנער" מגיד מיט מורא'דיגע קולות און געשריען: „סטייטש, ווער ווייסט נאך אזוי גוט, ווי איהר, וויפיל צדקה איך צוטייל, וויפיל פוד ברויט איך בין מנדב פאַר אָרימעלייט, פאַרוואָסזשע דערלאזט איהר דאס, מ'זאל מיר אָנטון אַזוי פיל בזיונות?" ער האט דאַן געוואלט דעם שטאָדט-מגיד קורע כדג זיין אויפ'ן אָרט, און נור מיט גרויס מאַטערניש האָט מען איהם דערפון אָבגעהאלטען. איינמאָל, אַ שבת אינדערפריה, צום דאַוונען, האט ער זיך אַריינגעריסען אין גרויסען בית-מדרש, איז ארויפגעשפרונגען אויפ'ן בעלעמער, און געוואלט מעכב הקריאה זיין, וואו ער וועט נישט בעקומען אַנ'עפענטליכען צוזאָג, אַז מ'וועט איהם, לכל הפחות, אויפהערען רופען „שווארצע נשמה". ס'האט זיך דאַן געפונען אין בית-מדרש

אויך דער אין יענער צייט ווייט בעריהמטע געוואָרענער מינסקער וואוילגעלערענטער גביר ר׳ זיסעלע ראַפּאָפּאָרט, וועמען עס איז געלונגען צו בערוהיגען לייזער׳ן מיט דער הבטחה, אז מ׳וועט זעהן, אז אויף ווייטער זאל שוין אזוינס מעהר נישט געשעהן. מ׳האט דאַן אויך אויסגערופען אין אנדערע שוהלען און בתי-מדרשים, אז קיינער זאל זיך נישט וואַגען אָנצורופען לייזער דעם „פּאָדקאַטשיק״ מיט פערשידענע צונעמעניש, ווייל דאס איז אגרויסע עבירה. דאס האט אבער געווירקט נור אויף די עלטערע. דאס קליינוואַרג האט זיך דערפון ווענינ-וואס געמאכט, און איז אויך ווייטער נאכגעלאפען לייזער׳ן אין די גאסען מיט קולות: „שווארצע נשמה!״ לייזער פלעגט יעדעס מאָל ארויס פון געדולד, פלעגט זיך לאזען לויפען מיט שוים אויף די ליפּען נאך די קינדער, און טאמער פלעגט ווער פון זיי אריינפאלען אין זיינע הענט, איז ער שוין פון איהם בשלום נישט ארויס.

אָבער, ווי געזאגט, האט דאס אלץ פאסירט נור בעת לייזער איז נאך געווען ביי זיינע יונגע כחות און האט נאך געבראַויזט מיט לעבען. עלטער ווערענדיג, האט ער אָנגעהויבען זיך ביסלעכווייז צוגעוועהנען צו זיין מצב, און כאָטש ער האָט נאָך ווייט מיט איהם נישט געשלאָסען קיין שלום, אבער קיין סקאנדאלען האט ער שוין צוליב דעם נישט געמאַכט. טיף אין הארצען האט ער געטראגען זיין שווערען צער, און האט ווען ער איהם עס איז אויסגעדריקט, איז דאָס נור געווען פּאַר זיין פרוי, וועלכע האט איהם מיטגעפיהלט און מיט איהם, צוזאמען געליטען. עס פלעגט אפט טרעפען, אז ער פלעגט זיך צוריקקעהרען אהיים פון דער הינט-יאַגד אצוקאָכטער און מיט ווייסלען פערלאָפען פון בלוט, און יעדעס מאָל איז שוין דאס געווען ביים ווייב אסימן, אז ער האט געהאט אין גאס אויסצושטעהן אמלחמה מיט צולאָזענע יונגלעך, וועלכע זענען איהם נאכגעלאפען מיט געשרייען: „אָט געהט די שווארצע נשמה!״ אין אזעלכע מאָמענטען פלעגט איהם דאס ווייב טרייסטען און זאגען:

— עס דיך נישט אָב דאס הארץ, לייזער. האָסט צרות אויף דער וועלט, וועסטו דערפאר האבען יענע וועלט. די פערדינסט דיין שטיקעל ברויט פיל כשר׳ער פון אַנ׳אַנדערן, און גיכער פון אַנ׳אַנדערן ביזט די שוין פערזארגט מיט עולם הבא.

לייזער האט זיך אבער דורך דער פרוי׳ס טרייסט-ווערטער

נישט געלאזט בערוהיגען. זיין וואונד איז געווארען אלץ גרעסער און טיפער, ביז עס איז גאנץ אומגעריכט פאר איהם אנגעשטאנען א טאָג, וואָס האט געגעבען זיין לעבען א גאנץ אנדער ווענדונג.

II

אין א געוויסען טאָג, בעת לייזער איז, ווי געוועהנליך, געשטאַנען אין הויף ביי דער ארבייט, האָט מען צו איהם אָנגעקלאַפּט אין טויער. ער איז אַרויס און האָט דערזעהן פאַר זיך דעם גלח פון דעם נאָהענטען פּראַוואָסלאַוונעם בית-עלמין, ביי וועלכען עס איז שוין פון עטליכע טעג פערפאַלען געוואָרען זיין הונט, און איז איהם אַהערגעקומען זוכען. לייזער האָט באַלד געמאַכט ביי זיך אַ רעוויזיע, און, צום גליק, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דעם גלח׳ס הונט איז ווירקליך צו איהם אַריינגעפאַלען, און געפינט זיך נאָך צווישען די לעבעדיגע. לייזער האָט ביי דעם גלח קיין אויסלייז-געלד נישט געוואָלט נעהמען און האָט זיך פאַר איהם ענטשולדיגט. דער גלח האט לייזער׳ן שטאַרק אָבגעדאַנקט און זיך מיט איהם פונאנדערגערעדט וועגען זיין מצב און זיין לעבען בכלל. לייזער האט איהם וועגען זיך דערצעהלט אלץ אויספיהרליך און פערענדיגט דערמיט, אַז אין אַלגעמיין וואָלט ער זיך אויף גאָרנישט געהאַט צו בעקלאָגען — נישט אויף פּרנסה און נישט אויף געזונד. ער האט אָבער גרויס האַרצוועהטאָג פון דער שלעכטער בעציהונג צו איהם מצד דער געזעלשאַפט. דערביי האָט לייזער געשילדערט דעם גלח די אַלע „נגישות", וואָס ער האָט אויסצושטעהן פון יודען, און בעזונדערס פון דעם יונגוואַרג.

דער גלח, שוין אַ בן-שבעים, האָט אויסגעהערט לייזער׳ן גאַנץ אויפמערקזאַם, און נאָכדעם געזאָגט:

— יאָ, עס איז גאָר קיין וואונדער נישט. יודען האָבען פיינד מלאכה בכלל, און דעריבער זענען ביי זיי דאָ אַזוי פיל לעדיגגעהער און אָרימעלייט. ביי אונז, קריסטען, איז גאָר עפּעס אַנדערש. ביי אונז וואָלט מען זיך מיט אַזאַ מענשען, ווי דו, נישט געשעמט, מ׳וואָלט נאָך דיר אָבגעגעבען פיל כבוד...

— מיר? כבוד? — האָט לייזער געפרעגט פערוואונדערט. — פאַר-וואָס? און פאר וועלכע מעשים טובים? פאַר דעם אפשר, וואָס איך באָד מיך בסדר אין הינטיש בלוט?

— יאָ, יאָ! — האָט איהם געענטפערט דער גלח. — פאַר דעם וואָס ביי דיר איז רעכט צו פרנעהמען זיך מיט אַזאַ שפל׳ער אַרבייט, אַבי עהרליך מפרנס צו זיין דאָס ווייב מיט די קינדער.

— אָט דאָס טענה איך דאָך שטענדיג מיט אונזערע יודען, — האָט לייזער געזאָגט. — וואָס שעמט איהר אייך מיט מיר? אַז כ׳וואָלט גע־וואָרען אַ קעשענע־גנב, וואָלט שוין געוועזן שענער?

— מיט אייערע יודען וועט איהר זיך קיינמאָל נישט צונויפרע־דען. זיי האָבען איינמאָל פאַר אלעמאָל געוואָרפען אַנ׳אוים־חן אויף אַרבייט, און — פערפאלען!

דאָס וואָרט „פערפאַלען" האט דער גלח ארויסגערעדט מיט אַ בעזונדער בעטאָנונג, און האט תיכף אויף דעם מוסיף געוועזן, ווי ער וואָלט עפּיס גערעדט צו זיך אליין:

— מערקווירדיג! די ביבעל זאָגט, דוכט זיך: „מיט דעם שווייס פון דיין פנים וועסטו עסען ברויט", דאָס חזר׳ט אויך איבער דער פסאַלמיסט: „ווען דו עסט דאָס, וואס דו האָסט פערהאָרעוועט מיט דיינע הענד, איז אַזוי וואויל און גוט צו דיר". אייערע יודען ווייסען דאָס, און האלטען אבער דערפון נישט.

דאָ איז לייזער אויפגעשפּרונגען פון אָרט און האט מיט גרויס התפעלות אַ פרעג געטון דעם גלח:

— וואָס איך הער? איהר זייט אויך געלערנט אין אונזער ביבעל און אין אונזערע פסאַלמען? און אַזוי ווערט דאָרט באמת געזאָגט וועגען דעם עהרליכען האָראָפּאַשניק, אָט אַזוינער, ווי איך בין, למשל?

א וואָרט פאַר אַ וואָרט, און דער שמועס צווישען לייזער׳ן מיט דעם גלח האט זיך ביסלעכווייז פערצויגען, אריבערגעהענדיג פון איין ענין צום אנדערן. פון דער ביבעל איז מען אריבער צו דער יודישער אמונה, און דערנאָך צום קריסטענטום. אַ סך פון דעם, וואָס דער גלח האט גערעדט, האט לייזער נישט פערשטאנען. אויף איהם האט אָבער געמאכט אַנ׳איינדרוק דער ווייכער, כלומר׳שט בעהאַרצ־טער טאָן פון דעם גלח׳ס רייד. און בעת דער גלח האָט זיך אויפ־געהויבען אָוועקצוגעהן, האט זיך לייזער נישט געקאָנט איינהאַלטען פון אויסדריקען איהם דעם פערלאַנג, זיך אָפטער מיט איהם דורכ־צושמועסען. אויף דעם האט איהם דער גלח געענטפערט: — מיר

זענען דאך שכנים. קום ווען דו ווילסט, און תמיד וועסטו ביי מיר זיין אַן אָנגעלעגטער גאסט.

פון דעמאָלט אָן פלעגט לייזער יעדעס מאָל, ווען ער האט זיך נור געפיהלט געקרענקט פון די בעליידיגונגען, וואס מ׳פלעגט איהם אנטון אין גאַס, קומען שפעט פארנאכט נאָך דער ארבייט אויפ׳ן פראוואסלאַוונעם בית-עלמין צום גלח, און אויסגיסען פאר איהם דאס הארץ. אזוי האט געדויערט א געוויסע צייט, ביז איינ-מאָל אין א שפעטען זומער-אָוונד האט דער גלח, אויסהערענדיג לייזערס קלאָגענישען אויף זיין ביטערען גורל, זיך אבגערופען צו צו איהם מיט א רחמנות-טאָן:

— איך ווייס נישט, ווער עס צווינגט דאס דיך צו האלטען זיך ביי דיינע יודען, וואס שעמען זיך מיט דיר? אָט געה אריבער צו אונז, און ווערה אונזער איינער, וועסטו דאַן באלד פערגעסען אָן אַלע דיינע צרות. מיר וועלען זיך שוין מיט דיר אזוי נישט ווארפען.

הערענדיג אזעלכע ווערטער, איז לייזער געבליבען זיצען ווי אַ געפלעפטער, און א קליינע ווײַלע האט ער פון גרויס איבערראשונג נישט געקאָנט ארויסברענגען קייןווארט פון מויל. נאכדעם האט ער קוים ארויסגערעדט:

— איך דאַנק אייך פאר אייער גוט הארץ, אבער איך בין אָבגעוועזען א יוד עטליכע און פערציג יאָהר, און וועל שוין תמיד פערבלייבען אזעלכער. כ׳וויל נישט פערשפילען מיין עולם הבא.

דעם גלח איז שוין דאס אבער אריין אין אַמביציע. ער האט דערשפירט, אַז לייזער איז א שטיק ווייך טייג, וואס עס לאזט זיך קנעטען, און ער האט בעזונדערס שטאַרק גענומען שפילען אויף דער סטרונע פון זיין געקרענקטער אייגענליבע. ער האט מיט איהם איינגעטענה׳ט, אז אנ׳עלטערער מענש, ווי ער, דאַרף זיך אזוי נישט לאזען טרעטען און ערלויבען אַלעמען צו קריכען איהם אויפ׳ן קאָפּ און זיך לאזען אָנטון עפענטליך אזוי פיל חרפות-ביושים, און נישט האלטען איהם, בכלל, פאר קיין מענשליך בעשעפעניש. אנ׳-אַנדערער וואלט זיך דאָך פאַר אזא מעשה נוקם געוועזן און קיין בעסערע נקמה איז נישטאָ, ווי נור איבערצורייסען מיט זיי אלע פעדים.

לייזער׳ן זענען די ווערטער אריין אין קאפּ. ער האט זיך

דערמאָהנט, אז נישט איין מאל, בעת ער האט זיך אנגעצונדען פון כעס אויף זיינע בעליידיגער, האט אין איהם אויפגעבליצט דער געדאנק וועגען נקמה. איצט האט ער זיך אין דעם אנגעכאַפּט, און געזאָגט:

— יאָ, עס וואלט אַפילו געווען א יושר זיך נוקם צו זיין, אָבער אָן וועמען? אין אלעמען? איבעריגענס, וועל איך מיך מישב זיין...

III

ס'איז געווען אלול־צייט און פון די שוהלען האט זיך שוין אין די פריה־מאָרגענס געלאָזט הערען דער שופר. יעדעס מאָל, ווען דער קול פון שופר פלעגט דערלאַנגען צו לייזער'ס אויערען, פלעגט זיך איהם די מינוט שטאַרק אברייסען אין הארצען. אין די טעג, ווען עס ציטערט אַפילו א פיש אין וואסער, טראגט ער זיך ארום מיט אזעלכע זינדיגע געדאַנקען! ער וועט זיך דאָך גאר קיינמאָל נישט קענען אויסלייטערען. און ער האט בעשלאָסען זיך מעהר נישט ווייזען פאר דעם גלח.

דער בעשלוס האט ביי איהם אבער לאנג נישט אנגעהאלטען. אַ פּאָר טעג פאר ראש־השנה איז לייזער אריין צום שמש פון'ם פערעספער בית־מדרש צו דינגען פאַר זיך א „שטאָדט” אויף די ימים־נוראים, און דאס מאל האט זיך איהם פערוואלט צו בעקו־מען דוקא א בכבוד'יג ארט, פאר וועלכען ער האט פארגעלעגט צו בעצאהלען, וויפיל מען וועט נור פון איהם פערלאנגען. עפיס ווי ער וואלט מיט דעם אויסען געווען צו פּרובען, צי האט זיך אינ'ם משך פון דער צייט וועגען איהם ביי לייטען נישט געביטען די מיינונג, האט ער געזאגט: — אפשר וועט איהר שוין ווערען מרוצה, צו געבען מיר היינטיגס יאָהר א „שטאדט” אויף א באַנק כאטש נעבען דער „בימה”, איך זאל קאנען הערען דעם חזן. א פּרייז קאָנט איהר מיר שטעלען וועלכען אייער הארץ גלוסט.

דער שמש האט געמאַכט א זויערע מינע און געענטפערט:

— איהר וועט דאנקען גאט, אז מיר וועלען אייך געבען אנ'אָרט אין פּאליש...

די דאזיגע תשובה האט געטראפען לייזער'ן, ווי א דונער,

נישט ענטפערענדיג דעם שמש קיין ווארט, איז ער ארויסגעלאפען א צוקאכטער און האט זיך געלאזט געהן גלייך צום גלח.

עס איז אריבער א קורצע צייט און לייזער האט גענומען זיינע עלטערע דריי קינדער, און זיך מיט זיי אבגעשמד׳ט. זיין ווייב, וועלכע האט זיך בשום אופן נישט געוואלט לאזען טויפען, איז מיט די יונגערע דריי קינדער און מיט א ביסעל שטוב-חפצים פון איהם אנטלאפען.

די ערשטע עטליכע וואכען האט קיינער אין פערעספע דערפון נישט געוואוסט. שפעטער האבען די שכנים אנגעהויבען בעמערקען, אז מיט לייזער׳ן איז עפיס נישט גלאט. איינער דעם אנדערען האט דערצעהלט, אז מ׳האט איהם א פאר זונטאגס געזעהן ארויסגעהענדיג פון קלויסטער, אז ער רעדט כסדר נור גוי׳איש און חבר׳ט זיך בלויז מיט קריסטען. איינמאל איז א שכנ׳ס א יונגעל געקומען צו-לויפען צום טאטען מיט א ספור-המעשה, אז ארייננקוקענדיג דורך דער צוים אין לייזער דעם „פאדקאַטשיקס“ הויף, האט איהם א בלישץ געטון פאר די אויגען א קליין גאלדען צלמ׳ל, וואס ס׳איז איהם ארונטערגעהאנגען אויף דער הוילער ברוסט... אזוי איז מען פריהער אין פערעספע, און דערנאך שוין אין מינסק, דערגאנגען, אז לייזער דער „פאדקאַטשיק“ האט זיך „איבערגעווארפען“. דערוואקסענע האָבען וועגען דעם א קורצע צייט גערעדט, און — אויפגעהערט. נישט פערגעסען האָט עס נור דאָס יונגוואַרג, וואָס האָט שוין איצט אָנ-געהויבען נאָכשרייען לייזער׳ן נישט בלויז „שווארצע נשמה!“ נור אויך „משומד!“ לייזער האָט פערביסען די ליפען און גאָרנישט גע-ענטפערט. ער האָט זיך נור אין דער שטיל נאָכגעפרעגט און דער-גאַנגען ווער עס זענען די עלטערן פון די קינדער און מיט וואָס זיי בעשעפטיגען זיך, און דערנאָך האָט ער געזוכט און געפונען ווי אַזוי יעדערען פון זיי בעזונדער צו פער׳מסר׳ן פאַר וועמען מען דאַרף. דער פועל-יוצא דערפון איז געווען, אַז געגען אַ צעהנדליג מינסקער בעלי-בתים זענען דורך דער מאַכט פערפיהרט געוואָרען שווערע קרימינעלע פראָצעסען, פאַר וועלכע זיי האָט געדראָהט פערפוילט צו ווערען אין טורמע. מ׳האָט זיך אָבער בעצייטענס דער-וואוסט, אַז דאָס איז לייזער׳ס אַ שטיקעל אַרבייט, מ׳האָט איהם דורך פערמיטלער אונטערגעקויפט מיט אַ מטבע, און ער האָט שוין גע-וואוסט, ווי אַזוי די משפטים צוצורייבען. לייזער׳ן האָט שטאַרק פער-

שמעקט דערדאָזיגער ריות, ער האָט אינגיכען געוואָרפען זיין „הינטיש״ געשעפט, איז געוואָרען אַ פּראָפעסיאָנעלער מסור און האט אַ לאנגע צייט אָנגעוואָרפען גרויס פּחד אויף דער יודישער בע־פעלקערונג אין מינסקער גובערניע, בעזונדערס אויף די רייכערע און בכבוד׳יגערע. וועגען לייזער׳ס אויסטערלישע מסירות אויף יחידים און אויף קהל זענען אַרומגעגאַנגען אין זייער צייט פּעק געשיכטעס, פון וועלכע איך וועל דאָ איבערגעבען בלויז די מעהר כאַראַקטעריסטישערע.

## IV

די ערשטע בלימלעך פון לייזער׳ס מס׳ר׳שער טעטיגקייט האָבען זיך אָנגעהויבען ארויסצעווייזען זומער אין יאָהר 1863, אין דער צייט פון׳ם צווייטען פּוילישען אויפשטאַנד. דעמאָלט איז נישט געווען קיין טאָג, וואָס ס׳האָט אין מינסק נישט אויסגעבראָכען קיין שרפה, און יעדעס מאָל פלעגט עס פּאַסירען אויף איין און דעמזעל־בען שטייגער. אינדערפריה פלעגט זיך אָנצינדען ערגיץ אַ הויז אויף א ראָג, און דערנאָך פלעגט שוין אַוועק די גאנצע גאַס. אַלע האָ־בען פערשטאַנען, אַז די שרפות זענען נישט קיין צופעליגע, און אַז עס איז נור די אַרבייט פון ספּעציעלע אונטערצינדער. די מאַכט האט געהאַלטען, אַז עס שטעקט אין דעם די האַנד פון די פּוילישע „מיאַטעזשניקעס״. מ׳האָט אבער קיינעם נישט געכאַפּט, און דאס האָט געגעבען אַנ׳אָרט פאַר פערשידענע השערות. די גאנצע מינסקער בעפעלקערונג, און בעזונדערס די יודישע, איז געוואָרען בעהערשט פון א גרויסער פּאַניק. טויזענדער משפחות האָבען זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער אויסער דער שטאָדט. מיט אמאָל האָבען זיך איבער מינסק גענומען טראָגען קלאַנגען, אַז די מאַכט איז גע־פאלען אויף די שפּורען פון די פערברעכער און אַז עטליכע פון זיי זיצען שוין אין געפענגעניש. אויף מאָרגען איז גאַנץ מינסק געוואָ־רען אויפגערודערט פון דער ידיעה, אַז די אַרעסטירטע זענען די רייכע ברידער לוריע, וועלכע האבען געשמ׳ט אַלס העכסט אָרענטליכע מענשען. אַלע האבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס און נישט געקאָנט פערשטעהן, ווי קומט עס, מ׳זאָל אַזעלכע גבירים מיט אַזאַ בכבוד׳יגער רעפּוטאַציע חושד זיין אין אונטערצינדען זייערע הייזער צוליב מאַטעריעלע צוועקען. שפּעטער איז מען דערגאַנגען,

אַז דאס האט זיי לייזער פער׳מסר׳ט אין געהיימע פערבינדונגען מיט די פּאָלאַקען. און לייזער האט אזוי פערשטאנען די קונסט צו אינסצענירען אַלערליי ראיות און בעווייזען, אַז עס איז אָנגעקומען זעהר שווער, און כמעט אונמעגליך, פונאנדערצוקלויבען זיך אין דעם פּלאָנטער, וואס איז בעשאַפען געוואָרען אַרום דער זאַך. דערווייל ביז־וואָס־ווען האבען די אַרעסטירטע געדארפט פערפוילט ווערען אין טורמע. דאָ האָט מען שוין געמוזט דורך פערשידענע הינטערוועגען צונויפרעדען זיך מיט לייזער׳ן און מפצה זיין איהם מיט א געוויסער געלד־סומע, און גארנישט קיין קליינע, און דאַן האט לאנג נישט געדויערט, און די לוריע׳ס זענען אַרויס פריי. גרויס „ערפאָלג״ האט לייזער געהאַט אויך מיט מסירות אויף אנדערע גבירים. ער האט שוין געהאט זיינע מענשען, וועלכע האבען געזוכט און גפנישטערט און זיך ממש געגראָבען אין דעם לעבען פון די שענסטע שטאָדט־בעלי־בתים, און וואו זיי האבען נור געפאַקט א שטיקעל סירכא, האבען זיי עס איהם באלד אונטערגעטראגען, און ער האט שוין דערפון געוואוסט צו מאכען א „גאנצען צימעס״. עס האט זיך גע־וואָרפען אין די אויגען, אַז בעזונדערס האבען פון איהם געהאט צו „זינגען און צו זאגען״ די גבאים פון די שוהלען און בתי־מדרשים, און די אַלע „כלי־קודש״, וואס איהם איז ווען־עס־איז אויס־געקומען צו פּיהלען זיך דורך זיי בעליידיגט.

צוליב איינעם אזא גבאי, יצחק סאָנקין האט מען איהם גערופען, וועלכער האט א געוויסע צייט אָנגעפיהרט מיט די ענינים פונ׳ם פערע־פער בית־מדרש, האָט געדראָהט אלע מאַנסבילען פון זיין פּאַמיליע געמוזט צו ווערען אין מיליטער. אין יענער צייט האט נאך קהל געהאט צו בעשטימען וועמען אָבצוגעבען פאר א זעלנער און געוועהנליך איז אויסגעקומען, אז פאר אויסקויפס־געלד זענען אָנשטאָט די גביר׳ישע קינדער אוועק דינען די זיהן פון די ארימע־לייט. אויף אַזא אופן זענען געוואָרען בעפרייט פון זעלנעריי אויך אלע יונגעלייט, וועלכע האבען אָנגעהערט צו דער פּאַמיליע פונ׳ם דערמאָהנטען גבאי, א גביר׳ישער יוד. האט גראָד געדארפט פּאסירען, אַז מיט דעם דאָזיגען גבאי האָט לייזער געהאַט חשבונות פון אַמאָל. דאס איז געווען בעת לייזער האט זיך נאך געיאגט נאך מצוות און וואלט פאר אַ שענער „עליה״ אָבגעגעבען א האלבען אייגענס, און יענער גבאי האט פאר איהם קיין אנדער כיבוד נישט געפונען, ווי־

די צווייַ שבתים אין יאָהר, בעת מען לייענט די „תוכחה”. לייזער אַליין, וועלכער איז געווען אַ גרויסער עם־הארץ, וואָלט די דאָזיגע „עליות” אויך אַנגענומען פאַר גוט געלד. האָט זיך אָבער אין פּערעספּע געפונען אַ בחור אַ לץ, וועלכער האָט לייזער׳ן אויפגע־קלערט דעם ענין פון דער „תוכחה”. לייזער איז דאַן געווען קאָפּאַ־בעל בוצורייסען דעם גבאי, ווי אַ הערינג. ער האָט אָבער געגען אַ יוד אַ גבאי גאַרנישט געקאָנט מאַכען. אין האַרצען האָט ער אָבער אויף איהם געטראַגען אַנ׳אייביגע שנאה, און האָט איהם קיינמאָל נישט געוואָלט מוחל זיין. אויך נאָך זיין שמד האָט ער סאָנקינ׳ען נישט אָבגעלאָזט פון אויג, און איהם שטענדיג נאָכגעשפּירט, ביז ער האָט איהם ענדליך געפּאַקט. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אין זיין גרויסער משפּחה איז נישטאָ קיין איין יונגערמאַן, וואָס זאָל האָבען ווען־עס־איז געדינט אין מיליטער, און האָט איהם גלייך פער׳מסר׳ט פאַר וועמען מען דאַרף. די רעזולטאַטען פון זיין מסירה האָבען אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטען, און אין איין נאַכט זענען העכער צעהן מאַן פון סאָנקינ׳ס פאַמיליע, צווישען זיי אויך זיינע צוויי עלטערע זיהן, שוין טאַטעס פון קינדער, געוואָרען אַרעסטירט, און עס האָט שוין געהאַלטען, מ׳זאָל זיי אַלעמען שטעלען פאַר אַ מיליטערישער קאָמיסיע און אָבגעבען. סאָנקין, וועלכער האָט תיכּף פערשטאַנען, אַז דאָס איז לייזער׳ס אַרבייט, האָט אָנגעשטעלט מענשען, מ׳זאָל מיט איהם איבעררעדען און אָנבאָטען איהם אַ גרויסע געלד־סומע. לייזער האָט אָבער נישט געוואָלט זעהן און הערען, און צו די שתדלנים, וואָס זענען צו איהם געקומען, האָט ער געזאָגט, אַז ער מוז זעהן סאָנקינ׳ס קינדער מיט אָבגעגאָלטע קעפּ און אַריינ־געוואָרפען אין זעלנערישע שינעלען. די נאַכט, איידער מ׳האָט סאַנקינ׳ס זיהן און קרובים געדאַרפט שטעלען פאַר דער קאָמיסיע, האָט איהם לייזער געשיקט זאָגען, אַז ער וויל זיך מיט איהם זעהן, אָבער נישט ביי איהם אינדערהיים, נאָר אין אַ בעשטימטען אָרט הינטער דעם פּראַוואָסלאַוונעם בית־עלמין. סאַנקינ׳ען, וועלכער איז דאַן געווען אַ זקן פון העכער אַכציג, האָט זיך זעהר נישט געוואָלט זעהן מיט דעם משומד, דעם מסור. איהם האָט אָבער אַהין געטריבען דער לעצטער פונק האָפנונג צו פועל׳ן ביי לייזער׳ן, ער זאָל אויף וועלכען עס איז אופן אָבשוואַכען זיין מסירה. לייזער האָט סאָנקינ׳ען דערוואַרט ביים פּראַוואָסלאַוונעם בית־הקברות, און

פון דאָרט האט ער איהם אבגעפיהרט צו יענעם ארט ביים טייכעל, וואו ער פלעגט אמאל שעכטען די הינט. צווישען געצעהלטע מינסקער זקנים געהט נאך עד-היום אום דער פאלגענדער דיאַלאָג, וועלכער איז דאן פארגעקומען צווישען לייזער'ן מיט דעם אל-טען סאנקינ'ען:

— האָט איהר, ר' יצחק, אמאָל געקאָנט דערוואַרטען, — האָט איהם לייזער געפרעגט מיט א געוויסען שטאָלץ אין טאָן, — אַז איהר וועט ווען-עס-איז דארפען אָנקומען צו מ י י נ ע ר א טובה?

— ניין! — האָט איהם געענטפערט סאָנקין. — ווייל איך האָב אייך געהאלטען פאַר אַנ'צהרליכען מאַן.

— און נישט קוקענדיג איף ד ע ם, — האָט לייזער אויסגערופען, — האָט איהר מיר פונדעסטוועגען אָנגעטון די גרעסטע חרפות. איהר האָט מיך בעטראַכט פאַר דעם ערגסטען, און מיך אפילו פאַר מיין גוט געלד נישט צוגעלאָזט אין בית-מדרש צו א רעכטען כיבוד. איהר געדענקט דאך מן-הסתם, אז מער ווי מיט די „תוכחות" האט איהר מיך קיינמאָל נישט מכבד געווען?

דער אַלטער האָט זיך א ווײלע פערטראַכט און דערנאך געזאגט:

— אזוי ווי דאס הארץ וואָלט מיר דאַן געזאָגט, אַז איהר וועט ביי אייער יודישקייט נישט פערבלייבען, און אייער פערלאַנגען נאָך כבודים דורך אונזער הייליגער תורה איז געווען מעהר נישט, ווי א קאַפריז פון אייער זייט.

— זייט איהר, הייסט עס, אַ נביא!? — האט לייזער אויס-געשריען ווי נישט מיט זיין קול. — האָט איהר, הייסט עס, שוין דעמאלט געוואוסט, אַז איך וועל מיר שפעטער שמד'ן? טאָ פאַרוואָס האָט איהר נישט געזעהן מיך אָבצוהאלטען פון דעם?

— וואס האָבען מיר געקאָנט טון? — האָט דער אַלטער גע-פרעגט האלב איבערגעשראָקען פון לייזער'ס ווילדען אויסזעהן. — וואלט איהר אונז דען געהערט? איז איינמאָל אין אייך אַריין דער שלעכטער גייסט, וואלטען מיר איהם דען געקאָנט ברעכען?

— איהר זעהט אָט דעם אָרט? — האָט זיך לייזער צעבייזערט. — קוקט, ווי ער איז נאָך רויט! דאָ האָב איך פערגאָסען הינטיש בלוט, אָט ד אָ ס בלוט, פאַר וועלכען איהר האט מיך אַזוי געהאכט,

צוזאַמען מיט מיין אייגען בלוט, און איהר האט עס נישט גע-וואוסט און נישט גצפיהלט. אייך איז גאָרנישט איינגעפאלען, אַז מיט דער „תוכחה" האט איהר מיר ארייגעשטאָכען א שפיז אין האַרצען?

—בכן, זייט איהר זיך איצט אין מיר פאַר דעם נוֹקם? און כדי דאָס מיר צו זאגען, האָט איהר עס מיר אָהער פערבעטען?

—יאָ! כ׳האָב געוואָלט, אז איהר זאלט וויסען, וואס איך האב צו אייך, און אז ס׳איז נאָך דאָ א גאט, וועלכער רעכענט זיך אָב...

סאָנקין איז אויפגעשפרונגען פון אָרט און האָט אויסגעשריצן מיט זיינע לעצטע כחות:

—דו שייגעץ! דו משומד! האסט נאך א העזה אנצורופען גאָט׳ס נאָמען?

און, נישט אָבווארטענדיג זיין ענטפער, האט ער זיך געלאָזט געהן צוריק אין שטאָדט.

לייזער איז אבער נאך איהם נאכגעלאפען און געשריען אויפ׳ן קול:

—האט קיין מורא נישט, ר׳ איטשע! נישט בלויז אייערע אייגענע זיהן, נאָר אויך אייערע ווייטע קרובים וועלען אין סאָלדאַ-טען נישט געהן. אויף דעם, דאַרפט איהר וויסען, בין איך דאָך לייזער „די שווארצע נשמה"...

און האט זיך דערביי היסטעריש פונאַנדערגעלאַכט.

און לייזער האט געהאלטען ווארט. פון סאָנקין׳ס משפחה איז קיינער נישט געגאַנגען דינען.

אבער נישט תמיד, און נישט ביי אלע זיינע מסירות, האט זיך אין לייזער׳ן דערוועקט די מדת הרחמים. דאָס רוב איז ער פער-בליבען אומבאַרמהערציג צו זיינע קרבנות, און עס האָבען איהם קיינ-נישט גערירט—נישט זייערע הייסטע בקשות און נישט זייערע ימ׳ען טרעהרען.

לייזער׳ס רשעות, און זיין וועלען נקמה נעהמען אָן די מענ-שען, מיט וועלכע ער האט געהאַט אַלטע חשבונות פון אַמאָל, זענען געוואָרען ממש לעגענדאַריש נישט בלויז אין מינסק, נור אויך אין דער גאנצער געגענד. די שנאה צו איהם מצד יונג און אַלט איז געוואקסען פון טאג צו טאג. עס איז דערגאנגען אזוי ווייט, אַז מ׳האָט

גענומען קלערען, ווי פטור צו ווערען פון איהם. אבער איידער יודען האבען בעוויזען געגען איהם עפיס צו אונטערנעהמען, איז ער גע־שטרויכעלט געווארען אין א קרימינעלער געלד־אפערע, און מ'האט איהם אריינגעזעצט אין טורמע. נישט קאנענדיג אריבערטראגען דעם גערדאנק, אז זיין אומגליק איז א גרויסע שמחה פאר זיינע יודישע שונאים, איז איהם איינגעפאלען דער טייוולאנישער פלאן צו פער־מסר'ן די גבאים פון פערשידענע צדקה־חברות אין פערשווענדען קהל'שע געלד און אין אונטערקויפען נידעריגע בעאמטע, ווי פא־ליציאנטען וכדומה, כדי צו פערטושען געוויסע פערברעכענס. צווי־שען די דאזיגע, דורך איהם בעשולדיגטע גבאים, האבען זיך געפונען עטליכע פון די פאפולערסטע מינסקער גבאים, וואס די מאכט האט זיי גאנץ גוט געקענט. דעריבער האט זיך לייזער'ן זיין פלאן דאס מאל נישט איינגעגעבען. ער האט זיך עס שטארק גענומען צום הארצען. פון גרויס צער איז ער קראנק געווארען און איז געשטארבען אין טורמע נאך איידער עס איז פארגעקומען זיין פראצעס. נאך זיין טויט האבען די מינסקער יודען פריי אבגעאטעמט.

# פאדריי זאכראין

(א טראגי׳שער סוף פון א משומד).

I

געבוירען אין די מיטעלע פופציגער יאהרען ביי רייכע און פרומע עלטערען אין א גוט נעבען קליינשטעדטעל סמאלעוויטש, מינסקער גובערניע, וועלכע האט אנגעהערט דעם פוילישען גראף וויטענשטיין. זיין פאטער, א בעריהמטער האלץ-סוחר, וועלכער האט געהאט אבגעדונגען ביי וויטענשטיינ׳ען אייניגע פון זיינע וועלדער אויף כמה יאהר, האט געפיהרט גרויסע געשעפטען מיט אויסלאנד, בעזונדערס מיט דייטשלאנד, און צוליב דעם איז איהם אויסגעקומען צו זיצען תמיד אין קעניגסבערג, אדער אין דאנציג. אהיים פלעגט ער אראבפאהרען נור איינמאל אין יאהר, אויף סוכות, און פלעגט שוין דארט פערברענגען ביז איבער חנוכה. מיט דער קינדער-ערציהונג — און געהאט האט ער נאר דעם *איינעם* זוהן, *פייוקע*, מיט צוויי יונגערע מיידלעך — האט זיך בעשעפטיגט זיין פרוי, וועלכע האט געשטאמט פון לעמבערג און גע׳שמ׳ט פאר אנ׳אינטעליגענטקע. צווישען מינסקער וואלד-סוחרים פלעגט מען זאגען, אז פאר איהר מאנס תקיפות ביי וויטענשטיינ׳ען האט ער נור איהר צו פערדאנקען. און דאס איז געווען נישט ווייט פון אמת, ווייל בעהערשענדיג גוט די פוילישע שפראך, האט זי געהאט ביי וויטענשטיינ׳ען און ביי זיינע פערוואלטער א בעזונדער חן, וואס איז איהר שטארק צו-נוץ געקומען אום אויסצופועל׳ן ביי זיי לייכטערע בעדינגונגען פאר די מיט זיי אבגעשלאסענע געשעפטען.

ביז צעהן יאהר האט דער קליינער פייוקע פערבראכט אין

גוט, וואו די מוטער האט פאר איהם געהאלטען אַלע־רער אויף יודישע און עלעמענטאַרע וועלטליכע למודים. אויפ׳ן עלפטען יאהר האט זי איהם אוועקגעפיהרט קיין מינסק, צוצוגרייטען איהם אין גימנאַזיע. דארט האט זי איהם אבגעגעבען אויף פענסיאָן צו איי־נעם פון די בעסטע ארטיגע העברעאישע לעהרער, אַבעוואוסטער משכיל. זעענדיג אַליין ארטאדאקסיש געזאגען, האט זי געוואלט, אז פייווקע זאל בעקומען, ווען נישט קיין שטרענג פרומע, אבער דאך אַ יודישע ערציהונג, און דעריבער האט זי בעשטעלט דעמזעלבען לעהרער צו לערנען מיט איהם אַ פּאר שעה אין טאג אויך העברעאישע למודים. אין אַפאר חדשים ארום איז שוין פייווקע אריין אין ערשטען קלאַס גימנאַזיע. אויף אַלע יום־טוב פלעגט ער קומען אַהיים צו דער מוטער. קומענדיג אַמאָל אויף סוכות — ער איז עוין דאַן גע־ווען אין פערטען קלאַס — האָט דער פאָטער געפונען, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אַבחור׳ל אין זיינע יאָהרען נישט צו קענען קיין בלע־טעל גמרא, און האָט אָנגעזאָגט דער מוטער, נישט אַנדערש, אַז באַלד נאָך יום־טוב מוז זי פאר איהם נעהמען אַגמרא־מלמד, כאָטש אויף אַפּאָר מאָל אין דער וואָך. פייווקע האָט זיך געלערנט אין גימנאַזיע מיט גרויס התמדה, נישט פערנאַכלעסענדיג דערביי אויך די יודישע למודים. בעזיצענדיג זעלטענע פעהיגקייטען, בעזונדערס צו מאַטעמאַטיק און פיזיק, האָט ער אויף זיך געצויגען די אויפמערק־זאַמקייט פון די לעהרער, וועלכע האָבען איהם איינשטימיג פּאָראויס־געזאָגט אַגלענצענדע צוקונפט.

אין יענער צייט האָבען זיך אין מינסק נאָר־וואָס אָנגעהויבען אַרויסווייזען די ערשטע שפּראָצונגען פון דער השכלה־בעוועגונג. בראש פון דער דאָזיגער בעוועגונג זענען דעמאָלט געשטאַנען עטליכע יונגעלייטלעך וואויללערנער, וועלכע זענען אָבער געווען פערבאָרגענע משכילים. זייער עובדה איז בעשטאַנען אין אַרומגעהן אין די קלויזען און בתי־מדרשים און אַגיטירען אין דער שטיל די ישיבה־בחורים, זיי זאָלען זיך נעהמען צו בילדונג. די בחורים, אויף וועלכע די אַגיטאַטאָרען האָבען געמאַכט אַרושם, פלעגט מען נאָכדעם אָנווייזען דעם בעשטימטען אָרט, וואוהין זיי האָבען צו קומען אין די שפּעטע אָוונד־שעה׳ן, אום אויפגעקלערט צו ווערען אין דעם, וואָס זיי האבען צו טון. אַזעלכע ערטער, וואו מען פלעגט די יונגעלייט לערנען רוסיש און חשבון, האבען זיך געפונען עטליכע

אין פערשידענע טיילען פון שטאָדט. איינס פון די ערטער איז געוועזן די וואוינונג פון דעם העברעאישען לעהרער, ביי וועלכען פייוקע האָט געהאט פענסיאָן. אזוי אין פייוקען אויסגעקומען בייצוואוינען עטליכע מאָל אין דער וואָך, ווי א שטיק נאָך האַלבע נאַכט לאָזען זיך אריין אין שטוב פון דער גאַס איינציגווייז ביי א מנין בחורים און בעלי-הבית׳לעך, וועלכע פערשפּאַרען זיך אינ׳ם לעצטען צימער, און דער בעל-הבית פון דער דירה פערפיהרט מיט זיי שמועסען וועגען השכלה און איהרע צילען, און דערצעהלט זיי דערביי מעשיות וועגען גרויסע, וועלט-בעריהמטע מענשען ביי יודען און ביי אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבען זייער גאַנץ לעבען געפיהרט שווערע קאמפען פאר ליכט און וויסענשאַפט. פייוקע האָט זיך זעהר שטאַרק פעראינטערעסירט אי מיט די דערמאָהנטע שמועסען, אי מיט דער גאַנצער פראָצעדור פון דעם געהיימען אונטערריכט. ווי פערנומען ער האָט געמעגט זיין מיט דער צוגרייטונג פון זיינע לעקציעס, פלעגט ער נישט דורכלאָזען קיין נאכט, אין וועלכע ער פלעגט נישט אבזיצען די גאנצע צייט צוזאַמען מיט די בחורים׳לעך. צולעצט האט ער זיך אָנגעשלאָגען אָנטייל צו נעהמען אין דעם אונטערריכט אלס לעהרער פון דער רוסישער שפּראַך, און זיך איבערגעגעבען דער זאַך מיט לייב און זעל. בעת ער האט צו אַכצעהן יאָהר געענדיגט מיט א גאָלדענעם מעדאַל די מינסקער גימנאַזיע און געדאַרפט אבפאהרען אַהיים, און פון דאָרט, נאָך וואקאַציע, אין אנ׳אוניווערזיטעט, האט ער זיך צושיידט מיט די קלויזניקעס אין ישיבה-בחורים, זיינע געוועזענע תּלמידים, מיט א פערקלעמט האַרץ, און אונטער טרעהרען האט ער זיי געזאגט ביים געזעגענען זיך, אז קיינמאָל אין זיין לעבען, און ביי וועלכע אומשטענדען עס זאל נישט זיין, וועט ער נישט פערגעסען יענע גליקליכע מינוטען, ווען ער איז מיט זיי געזעסען פערשפּאַרט ביי דעם לעהרער אין א קליין צימערעל און האט זיי, פאַר דעם שיין פון א חלב׳ן ליכטעל, געלערנט די רוסישע גראַמאַטיק.

פייוקע איז אריינגעטראָטען אין דאָרפּאַטער אוניווערזיטעט אויף דעם מאטעמאטישען פאַקולטעט, און אויך דאָרט האט ער זיך גערעכענט פאר איינעם פון די אויסגעצייכענטסטע תּלמידים. אויף די זומער-חדשים פלעגט ער קומען אַהיים צו די עלטערן. כאָטש ער איז שוין דעמאָלט געוועזן פריי געזאָנען, האט ער דאָך, אויס-

רעספעקט פאַר די עלטערן, בעזונדערס פאַר'ן פּאָטער, געהיט צו פיהרען אַ יודישליכען שטאט. מיט'ן פאָטער פלעגט ער תמיד קאָרעס-פּאָנדירען נור אין העברעאיש. אין איינעם פון זיינע בריף האט איהם דער פאטער מודיע געוועזן אלס סורפּריז, אז ער האָט שוין פאר איהם א שידוך מיוז אהיבש ביסעל נדן. פייווקע האט איהם באלד דערויף געענטפערט, אז כל-זמן ער האט נישט פערענדיגט זיין שטודיום, וויל ער נישט קלערען וועגען שידוכים.

## II

פייווקעס צווי יונגערע שוועסטער האבען זיך אייך ערצויגען אין מינסק, אבער שוין גאָר אויף אנ'אנדער שטייגער. ביידע האבען זיי בעזוכט די אָרטיגע גימנאַזיע, און זענען געוועזן אויף פּענסיאָן נישט ביי דעם העברעאישען לעהרער, וואו פייווקע האט אלס גימ-נאַזיסט געוואוינט, נור ביי א פּאַמאַצעווט, זייער פאטערס א נאָהענטער קרוב. אויף זייער יודישער ערציהונג האבען די עלטערן וועניג אכט געלעגט, און זיי אליין האבען זיך, ווען אפילו נישט מיט א שלעכטער כוונה, נור גאנץ צופעליג, פון דער ערשטער מינוט אָן גע'חבר'ט אויסשליסליך נור מיט קריסטליכע שילערינס. זענענדיג ביידע שענע און אינטעליגענטע מיידלעך, פלעגען זיי אויפגענומען ווערען זעהר גערן אין די הייזער פון זייערע קריסטליכע חבר'טעס, און צו אַ פּאָר אַזעלכע פאמיליעס האבען זיי זיך מיט דער צייט אזוי צוגעבונדען, אז מ'האט זיי דאָרט געהאלטען פאר אייגענע. עס איז געקומען אזוי וויט, אז יעדעס יאהר, נאך די עקזאַמענס, בעת פייווקעס שוועסטער פלעגען אויף די קאַניקול-חדשים פאהרען צו זיך אין גוט, פלעגען זיי אהין מיטנעהמען אויך זייערע קריסטליכע חבר'טעס. די מוטער פלעגט געגען דעם גאָרנישט האבען און די קריסטליכע מיידלעך פלעגען זיך ביי איהר גאנץ גוט פיהלען. א בעזונדער התקרבות האט די מוטער ארויסגעוויזען צו איינער פון די מיידלעך, וואָס איהר פאטער, א פּאלאק פון אבשטאמונג, איז אליין געזעסען אין פעטער-בורג, וואו ער האָט פערטראַטען א הויכע שטעל אין דער פערוואל-טונג פון דער, דאַן נאָר-וואס געעפענטער פעטערבורגער-ווארשאָווער אייזענבאַהן. דאס דאזיגע מיידעל האט גערעדט, אויסער רוסיש, אויך זעהר א שענעם פּויליש, און פייווקעס מוטער איז געווען העכסט דערפרעהט פון דער געלעגענהייט צו קאָנען פערברענגען מיט א מענ-

שען אין יענעם לשון, וואס איז ביי איהר אין דער יוגענד געווען א צווייטע מוטער-שפראך. אזוי האט פאסירט יאהר אויס, יאהר איין, די גאנצע צייט, וואס פייווקעס שוועסטער האבען זיך געלערנט אין מינסקער גימנאזיע.

די ערשטע פאר יאהר, ווען פייווקע איז אלס סטודענט פון דארפאטער אוניווערזיטעט געקומען זומער א היים אויף וואקאציע, און האט דארט געפונען זיינע שוועסטערס קריסטליכע חבר׳טעס, גימנאזיסטקעס פון זיבעטען קלאס, האט ער מיט זיי ווייניג-וואס פערקעהרט. מעהר נישט ווי „גוט מארגען״ „גוט יאהר״, און ווייטער גארנישט. פייווקע איז שוין אין יענער צייט געווען א העכסט גע-בילדעטער יונגערמאן, אנגעזאפט מיט די מאדערנסטע געדאנקען און אידעען, וועלכע האבען בעהערשט די רוסישע ליטעראטור פון די זעכציגער יאהרען, און האט דעריבער נישט געהאט קיין שום אינטערעס צו אונטערהאלטען זיך מיט כמעט נאך קליינע און נישט-ענטוויקעלטע מיידלעך. ער האט זיך געהאלטען פון זיי ווייט און געזוכט אויסצונוצען זיין צייט אין לעזען און אין וויסענשאפטליכע ארבייטען. אפילו שפאצירען איז ער געגאנגען אליין, סיידען ווען עס פלעגען צו איהם אראבפאהרען בעקאנטע יודישע יונגעלייט פון דער סביבה. גאר אנדערש איז אבער געווארען די לאגע, ווען פייוקע איז אראבגעקומען אהיים אויפ׳ן דריטען יאהר. ער האט גראד דעמאלט דערוויסט ביי זיי צו גאסט נור א״ין קריסטליכע חבר׳טע פון זיינע שוועסטער, יענץ מיידעל, וואס זיין מוטער האט אם מייסטען סימפאטיזירט, און וואָרפענדיג אויף איהר דעם ערשטען בליק, איז ער געבליבען שטעהן ווי פערבליפט. פאר דעם פערגאנגע-נעם יאהר האט זיך דאס מיידעל אזוי פרעכטיג קערפערליך ענטווי-קעלט און אויסגעוואקסען, אז ער איז געוואָרען פערבלענדעט פון איהר שענקייט. דער דאזיגער איינדרוק איז געווארען פיל מעהר שטארקער נאך דעם ערשטען געשפרעך, וואס ער האט מיט איהר געהאט, און אין וועלכען זי האט ארויסגעוויזען א גרויסע מאס ביל-דונג און גייסטיגע ענטוויקלונג. פון יענעם מאמענט אָן איז ער שוין כמעט פון איהר נישט אבגעטראטען, האט כסדר מיט איהר פערבראכט, מיט איהר שפאצירט, אָפט אין דער בעגלייטונג פון זיינע שוועסטער, און דאס רוב ביחידות. די מוטער האט באלד בע-מערקט, אז פייווקע איז צו דעם קריסטליכען מיידעל נישט גלייכ-

בילטיג, און האט איהם אין אפערטרויליכען שמועס געמאכט אויפ־מערקזאם, ער זאל זיין פארזיכטיג און צו־ווייט נישט פערפאהרען, ווייל ער איז א יוד און א זוהן פון פרומע עלטערן, וועלכע וואלטען עס נישט געקאנט איבערלעבען. פייווקע האט דער מוטער בערוהיגט און געבעטען נישט צו זיין בעזארגט. אין דעם צעהנטען פאל — אזוי האט ער פערענדיגט זיין געשפרעך מיט דער מוטער — אויב ס'זאל עפיס דערפון ארויסקומען, וועט זי גיכער ווערען א יודישקע, איידער איך א קריסט!..

אז ס'איז געקומען דער טאג, ווען דאס מיידעל האט געדארפט אבפאהרען צוריק קיין מינסק, איז פייווקע ארומגעגאנגען, ווי א צומישטער. ס'איז איהם זעהר שווער געווען צו שיידען זיך פון איהר. דאס האט מען געקאנט אראבלייענען פון זיין פערטרויערט פנים. געטרייסט האט ער זיך מיט דער הבטחה, וואס זי האט איהם געגעבען, מיט איהם צו קארעספאנדירען. קומענדיג צוריק קיין דארפאט, האט פייווקע תיכף אנגעקניפט מיט דעם מיידעל א בריף־וועקסעל, וועלכער איז געווארען ביסלעכווייז אלץ מעהר פערטרויט און אינטים, און האט זיך פערענדיגט מיט אנ'איינלאדונג מצד דער מיידעל'ס מוטער צו קומען אויף „ראזשדעסטווא" צו זיי קיין מינסק.

III

ווי מיר האבען שוין דערצעהלט, איז דער פאטער פונ'ם קריסטליכען פריילין, מיט וועלכען פייווקע האט פון דארפאט פערפיהרט אנ'אינטימע קארעספאנדענץ, געזעסען אין פעטערבורג, וואו ער האט פערנומען א הויכען פאסטען אין דער הויפט־פערוואלטונג פון די אייזענבאהנען. זיין קרענקליכע פרוי, וועלכע האט נישט געקאנט אריבערטראגען דעם קלימאט פון דער רוסישער רעזידענץ־שטאדט, איז געבליבען זיצען מיט איהר קליינער פאמיליע, א זוהן מיט א טאכטער, אין מינסק, פונוואנען זי האט געשטאמט. דער מאן פלעגט אראבפאהרען קיין מינסק זעהן זיך מיט דער פאמיליע נור א דריי, פיר מאל אין יאהר, אויף די וויכטיגערע קריסטליכע חגאות. נישט ער און נישט זיין פרוי האבען געוואוסט וועגען דעם בריף־וועקסעל, וואס קומט פאר צווישען זייער טאכטער מיט פייווקען, וועלכער האט זיי א פאר מאל בעזוכט צוזאמען מיט זיינע שוועסטער אין די יאהרען, ווען ער איז נאך געווען א שילער פון מינסקער

גימנאזיע. אבער לויט דעם, וואס די טאכטער פלעגט זיי שטענדיג דערצעהלען מיט גרויס התפעלות וועגען פייווקע׳ס עלטערן, און בעזונדערס וועגען זיין מוטער, האָבען זיי בעקומען דעם איינדרוק, אז דאס איז א העכסט-אינטעליגענט הויז. דעריבער האָבען זיי, אַלס ליבעראַל-געזאָנענע מענשען, נישט געשטערט דער טאָכטער איינצולעבען זיך מיט דערדאָזיגער יודישער פאַמיליע, און די מוטער האט גאָרנישט געהאַט געגען דעם, ווען דאָס מיידעל האט איהר אין אַ שענעם פריהמאָרגען געמאלדען, אז זי האט איינגעלאדען איהר יודישער חבר׳טעס ברודער, דעם דאָרפאטער סטודענט, אראָבצופאָהרען צו זיי אויף „ראָזשדעסטוואָ".

עס דאַרף דאָ בעמערקט ווערען, אז אין יענער צייט האט שוין פייווקע געהאַט בעוויזען זיך קונה שם צו זיין דורך פערשידענע וויסענשאפטליכע אַרטיקלען אויף דעם געביט פון אייזענבאַהן-בויערײ, וועלכע האבען צו זיך צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די העכסטע בעאַמטע אינ׳ם באַהן-מיניסטעריום. פאר איינער אזאַ אַרבייט האט ער זאגאַר בעקומען פון מיניסטעריום א גאלדענע מעדאַל. דער דאָזיגער פאַקט איז דאַן בהייט ארומגערעדט געווארען אין דער פעטערבורגער פרעסע, און כמעט איינשטימיג האבען אלע פאָראויסגעזאגט, אז די מאָדערנע באַהן-טעכניק האט פון איהם פיל צו ערווארטען.

ס׳איז דעריבער קיין וואונדער נישט, ווען דעם מיידעל׳ס פאטער האט בעקומען פון דערהיים די ידיעה, אז זיי ערוואַרטען צו „ראָזשדעסטוואָ" דעם בעזוך פון דעם דאָרפאטער יודישען סטודענט, איז ער דערפון געווען זעהר צופרידען, און זאגאַר גרויס הנאה געהאט, ווייל ער האט שוין געוואוסט, וועגען וואס פאַר א בכבוד׳יגער פערזאן דא האנדעלט זיך. ער האט באלד ביי דער ערשטער בעגעגעניש מיט פייווקע׳ן ארויסגעוויזען צו איהם פיל גאסט-פריינדשאפט, און זיך צו איהם בעצויגען כמעט פאָטערליך. עטליכע טעג האט פייווקע ביי זיי פערבראכט, און כמעט די גאנצע צייט פערבראכט נור מיט׳ן מיידעל, צו וועלכער ער האט זיך געפיהלט צוגעבונדענער פון מינוט צו מינוט, און דעם לעצטען טאג פאר זיין אבפאהרען זענען זיי ביידע, לויט ווי עס איז פריהער צווישען זיי געווארען אָבגערעדט, צוגעגאנגען צו די עלטערן, און האבען זיי אין קורצע ווערטער מודיע געווען, אז היות ווי זיי האבען זיך שוין פון היבשע

עפליפע יאהר שטארק ליב, האבען זיי בעשלאָסען חתונה צו האבען, און פערלאנגען דערויף זייער הסכם מיט זייער ברכה.

דער ליבעראלער פאטער איז אָפילו געבליבען זיצען א ווײלע ווי געפלעפט, דאך האט ער זיך באלד געפאסט, און געענטפערט, אז ער איז מסכים. די מוטער, דאגעגען, האט געזאגט, אז זי וועט דעם יונגען פאָר אנדערש נישט געבען איהר ברכה, סיידען פייווקע וועט פריהער אננעהמען דעם קריסטליכען גלויבען. פייווקע, וועלכער האט געוואוסט, אז זיין געליבטער׳ס מוטער איז א שטרענגע קאטוילין, האט זיך דערויף געריכט און איז געקומען מיט א פארטיגען בעשלוס: צו געבען זיין צושטימונג אויף אלץ, וואס מ׳וועט פון איהם פערלאנגען. נישט קלערענדיג פיל, האט ער, הערענדיג דער מוטער׳ס פערלאנג, צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפּ, ווי איינער זאגט, אז וואס שייך דעם שמד, וועט דערצו פון זיין זייט קיין מניעה נישט זיין, נור מ׳זאל איהם געבען די טאכטער. וועגען דער ווירקונג, וואס זיין איצטיגער טריט וועט האבען אויף זיינע שטרענג-גלויביגע עלטערן, האט ער אפילו נישט אנגעהויבען טראכטען. ער האט זיך פערלאזט אויף דער צייט, אַז זי וועט שוין אַלץ צורעכט מאכען. אזוי פער׳שכור׳ט איז ער דאן געווען פון זיין ליבע צום קריסטליכען מיידעל.

פייווקע האט זיך אבגע׳שמד׳ט, האט חתונה געהאט מיט׳ן באהן-בעאַמטענ׳ס טאכטער און איז באלד אבגעפאהרען צוריק קיין דארפּאַט. פון דארט האט ער זיך איינגיכען אהן שום שוועריגקייטען אריבערגעטראגען קיין פעטערבורג, וואו ער האט אין עטליכע חדשים ארום פערענדיגט זיין שטודיום אלס באהן-אינזשינער.

IV

אין א מינוט פון אויסניכטערונג האט פייווקע׳ן דאך געגומען נאגען דאס הארץ, פארשטעלענדיג זיך דעם איינדרוק, וואס די ידיעה וועגען זיין שמד וועט מאכען אויף זיינע עלטערן, בעזונדערס אויף זיין פאטער, ביי וועמען ער איז תמיד געווען די איינציגע טרייסט און „דאס אויג אין קאפּ״. אין א געוויסען טאג — ער האט שוין דאַן געוואוינט אין פעטערבורג — האט ער אוועקגעשיקט דעם פאטער קיין קעניגסבערג א העברעאישען בריף, אין וועלבען ער האט איהם, צווישען אַנדערן, געשריבען כהאי לישנא:

„איך האב נישט געהאט קיין אנדער ברירה. וואלט איך עס

נישט געטון און נישט געקאָנט פערבינדען זיך מיט מיין האַרצענס-געליבטער, וואָלט איך מיך פון גרויס פערצווייפלונג גענומען דאס לעבען. וואָלט דען פאר דיר בעסער געווען צו זעהן מיך אין מיינע בליהענדע יאהרען אנ׳אויפגעהאנגענעם, אדער אפּער׳סמ׳טען? איצט איז ביי דיר געבליבען, צום וועניגסטען, די טרייסט צו הערען פון מיר, אויף וואס איך שווער דיר ביי מיין לעבען, אז נאך דער גרויסער פעלשונג, וואס איך בין בעגאנגען בנוגע מיין פאלק, בין איך דאך אין הארצען אַלץ דערזעלבער הייסער יוד, וואס דו האסט מיך תמיד געלערנט צו זיין".

דערמיט האט פּייוקע געגלויבט צו בערוהיגען זיין געוויסען און זיך מיט זיין יוגענד-פייער אריינגעוואָרפען אין זיין טעגליכער ארבייט. כדי צו פערפולקאָמען זיך אין די פערשידענע פּראקטישע ידיעות, וועלכע זענען נוגע דעם באהן-וועזען, האט איהם דאס מיניסטעריום געגעבען די מעגליכקייט צו פערפולקומען זיך ביים אויספיהרען אַלערליי פונקציעס. אגעוויסע צייט האט ער געארבייט אין דער מאשינען-אָבטיילונג פון דער ניקאָלאיעווער באהן, און שפּעטער האט מען איהם פון מיניסטעריום בעשטימט אויף דער שטעל פון א „נאטשאַלניק סטאנציע" אין טווער.

אזוי זענען אוועק אפּאר יאָהר. פּייוקע האט זיך געפיהלט גליקליך מיט זיין פאַמיליען-לעבען און מיט זיין גלענצענדער קאר-יערע. צייטענוויז פלעגט איהם אשטאך טון אין האַרצען, ווען ער פלעגט זיך דערמאָהנען, אז ער האט נישט בעקומען פון פאטער קיין שום תשובה, און אז ער ווייסט בכלל נישט, וואס עס טוט זיך מיט זיינע עלטערן. ער פלעגט אבער פיל וועגען דעם נישט טראכ-טען און זיך באַלד בערוהיגען. ס׳האט אבער געדארפט פּאַסירען, אז פּייוקע — אדער ווי ער האט דעמאָלט געהייסען: פּאַדיי זאַכאַרין — האט אמאל בעמערקט אויפ׳ן טווערער וואקזאל אנ׳עלטערן קריסט, וועלכער איז איהם אויסגעקומען זעהר בעקאַנט און האט זיך אבער נישט געקאנט דערמאָהנען, ווער ער איז. בעטראכטענדיג איהם אקליינע ווילע פון דערווייטען, האט ער זיך פלוצלונג דערמאהנט, אז דאס איז איינער פון וויטענשטיינ׳ס אנגעשטעלטע, מיט וועמען זיין פאטער האט אלאנגע צייט געפיהרט געשעפטען און וועלכער פלעגט צו זיי אָפט אריינקומען. פּאַדיי איז גלייך צוגעגאנגען צום קריסט און, נישט געבענדיג זיך איהם צו דערקענען, האט ער זיך

מיט איהם פונאנדערגערעדט וועגן וויטענשטיינ׳ען און זיינע וואלד-עסקים, און הינטען-ארום האט ער זיך ביי איהם נאכגעפרעגט אויף פערשידענע מענשען פון יענער געגענד, קריסטען און יודען, ביז ער האט ביסלעכווייז ארויסבעקומען פון איהם, אז זיין פאטער איז געשטארבען פון א האַרץ-שלאַג, דערהערענדיג, אז זיין איינציגער זוהן האט זיך געטויפט, און אז נאך זיין טויט איז די מוטער קראַנק געווארען פון גרויס עגמת-נפש, און מען האט זי געמוזט אבפיהרען קיין מינסק. דער דאזיגער טרויעריגער גרוס האט פאַדיי׳ען אינגאנצען ערשיטערט. עטליכע טעג כסדר איז ער ארומגעגאנגען א צעדולטער, האט זיך אריינגעלעגט אין בעט, ביטערליך געוויינט און האט זיך פון זיין יונגער פרוי בשום אופן נישט געלאזט טרייס-טען. אויפגעשטאנען איז ער מיט דעם פעסטען בעשלוס, צו לויפען קיין מינסק · זעהן זיך מיט דער מוטער און בעטען ביי איהר מחילה. ער האט שוין בעשטימט דעם טאג פון זיין נסיעה. דער גורל האט אבער אנדערש בעוואלט...

אין יענעם טאָג האָט פאַדיי דערהאַלטען אַ ידיעה פון מאָסקווע, אַז מאָרגען וועט פון דאָרט אראָבקומען קיין טווער אַ קאָנטראָל-קאָמיסיע צו בעטראכטען די ליניע. אין דער בעשטימטער שעה האט פאַדיי בעגעגענט דעם עקסטראַ-צוג מיט דער באַהן-קאָמיסיע, וועלכע איז בעשטאַנען פון עטליכע מיטגלידער. פאַדיי האט זיי בעגלייט אויף א דרעזינע די גאנצע צייט פון דער רעוויזיע, און נאָכדעם האט ער זיי איינגעלאַדען צו זיך אויף מיטאָג. נאָכדעם, ווי ס׳האט זיך פער-ענדיגט דער מיטאָג און עס איז שוין געווארען פאַרנאכטליך, האט איינער פון די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע אבגערופען פאַדיי׳ען אָן אַ זייט און איהם א פרעג געטון אין יודיש:

— אפשר קאָנט איהר מיר דאָ אָנווייזען א קלויז, וואו צו זאגען „קדיש"?..

פאַדיי איז מיט א פאָר משונה׳דיג-אויסגעגלאצטע אויגען אבגע-שפרונגען פון אָרט.

— וואס איז מיט אייך? — האט דער גאָסט אויסגערופען. — איך האב היינט יאָהרצייט נאך מיין פאטער... איהר פערשטעהט דען נישט, אז איך בין א יוד?

— יאָ, איך פערשטעה שוין, — האט פאַדיי געענטפערט שטארק

אויפגערעגט, — אָבער פון וואנעט ווייס איהר, אז איך בין... אז איך בין געוועז...

— ווייל איך קען אייך.

— איהר קענט מיך? ווי אזוי? פון וואנען?

— איהר געדענקט נאך די קלויזניקעס, וואס פלעגען זיך אמאָל אין די ווינטער-נעכט צונויפקליבען ביים מינסקער העבראישען לעהרער, וואו איהר זייט יונגעלווייז געוועזען אויף פענסיאָן? איך בין איינער פון זיי... א סך וואסערען זענען אריבער פון יענער צייט... געשפרונגען בין איך פון בלומקעס קלויז אין פינפטען קלאס גימנאזיע, פון דארט אין אוניווערזיטעט. געקעמפט די גאנצע צייט מיט כל׳ערליי שווערע נסיונות, אַלץ בייגעקומען און דערגרייכט איינע פון די גרעסטע מדרגות אין דער אייזענבאהן-וועלט, און דאך געבליבען א יוד. איהר, ווי איך ווייס, זענט אויף דעם צו-שוואך און — זענט דורכגעפאלען...

*  *
*

נאך אין דערזעלבער נאכט האט זיך פייוועקע געווארפען אונטער א שנעל-לויפענדען צוג...

# שמשון ראבינאוויטש

## I

אין די פערציגער יאָהרען פונ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט האט די קרייז-שטאדט קאָזשעליץ, טשערניגאָווער גובערניע, גע׳שמ׳ט מיט איהר רב — ר׳ אַהר׳עלע האט ער געהייסען — אַ זקן העכער שבעים פון גרעסטען יחוס: א נאָהענטער קרוב פונ׳ם לובאַוויטשער גוטען יוד ר׳ מענדעלע, דער מחבר פון „צמח צדק“. דער דאָזיגער ר׳ אַהר׳עלע איז געוועזען נישט בלויז א למדן מופלג, נור אויך א גרויסער בקי אין וועלטליכע ענינים. דערצו האט ער נאך געהאט א שען אויסזעהן. ממש א פאטריאכאַליש פנים, הויכגעוויקסיג, מיט א פּאָר שווארצע, קלוגע, דורכדרינגענדע אויגען, און מיט א לאנגער שניי-ווייסער באָרד. איז ווער מיט וועמען געגאנגען צו א דין-תורה, האט ווער געדאַרפט האָבען אַן׳עצה וועגען געשעפטליכע אָנגעלעגענהייטען, אדער וועגען פריוואטע פאמיליען-אינטערעסען, האט זיך ווער גענויטיגט אין א טרייסט-ווארט, — אלע האבען זיך געווענדעט צום רב און יעדער איז פון איהם אוועק העכסט צופרידען. א דאנק זיין שארפען שכל און געזונטער לאָגיק, האט זיך ר׳ אַהר׳עלע לייכט פונאַנדערגעקליבען אין דעם פערפּלאָנטערטען ענין, און זענענדיג פון דער נאטור איידעל און געפּיהלפול, איז ער ענטקעגענגעקומען עלענדע און שווערמוטיגע מיט „ראַט און טאַט“. דעריבער איז קיין וואונדער נישט, וואס זיין שטוב איז תמיד געוועזען פול מענשען פון פערשידענע שיכטען און צוליב אלערליי צוועקען, און נישט יודען אליין, נור אויך קריסטען פין קאָזשעלעץ און פון דער גאנצער געגענד ארום פלעגען זיך קו-מען צו איהם לאָדען, אדער מיישב זיין זיך מכּח זייערע עסקים און

אונטערנעהמונגען. און אלע האבען זיך צו איהם בעצויגען מיט ליב-שאפט און יראת-הכבוד.

נור איין חודש אין יאהר, ת ש ר י, פלעגט דער קאָזשעליצער רב פערברענגען נישט ביי זיך אין דערהיים. ער פלעגט זיך דאַן אויפהאלטען מיט זיין גאנצער פאמיליע אין לובאוויטש, ביי ר' מענדעלי'ן, און אבזיין דארט די ימים-נוראים ביז אַכט-טאג נאך סוכות. אינ'ם משך פון די דאזיגע עטליכע וואכען פלעגט ר' אַהר'עלע זיצען פערשפאַרט מיט ר'מענדעלי'ן „חדר בחדר" און מפלפל זיין זיך מיט איהם אין חסידות און אויך ארומרעדען פערשידענע כלל-ענינים. ר' מענדעלי, וועלכער האט געוואוסט צו שעצען דעם קאָזשעליצער'ס טיפען פארשטאנד און זיין בעהאָוועגטקייט אין הוית העולם, פלעגט זיך מיט איהם גאַנץ אָפט בעראטען וועגען וויכטיגע זאכען, וואס ער האט פון זיינע איבעריגע מקורבים געהאלטען בסוד. אויך דער קאָזשעליצער פון זיין זייט פלעגט יעדעס מאָל אויסגיסען פאר ר' מענדעלי'ן זיינע „נגעי לבבו", ווייל דערזעלבער אַהר'עלע, וועלכער האט פערשטאנען געבען לייטען די בעסטע עצות, האט צייטענווייז זיך אליין נישט געקאנט ארויסהעלפען. בעזונדערס שוואך און אהנמעכטיג האט ער זיך געפיהלט אין דער ערציהונג פון זיין עלטערן זוהן ש מ ש ו ן, וועלכער האט זיך בשום אופן נישט געלאזט מדריך זיין לויט ווי ער, ר' אַהר'עלע, האט געוואלט. געוואלט האט ער, אז פון זיין שמשונ'ען זאל אויסוואקסען א גדול בישראל, און שמשון האט עס ווירקליך געקאנט ווערען, ווייל ער האט געהאַט אנ'עלוי'שען קאפ, און די מלמדים, ביי וועלכע ער האט געלערנט, האבען זיך פון איהם נישט געקאנט אבוואונדערן. ער איז אבער פון קינדווייז אָן שוין געוועזן א קנאַפער מתמיד. מיט אַלערליי קונצען פלעגט ער זיך ארויסדרעהען פון דעם מלמד מיט דער גמרא און זוכען בעסער ארומצושפאַצירען מיט חברים איבער די גאסען. ווען ער איז פונדעסטוועגען צו פופצעהן יאהר שוין געוועזן קלאר אין דריי סדרים גמרא, איז מען דאס געלאפען אָנקוקען אויף חדושים. דער פאָטער האט איהם כסדר גע'מוסר'ט, ער האט איהם וויפיל מאל גע-בראכט קיין ליובאַוויטש צו ר' מענדעלי'ן, וועלכער האט איהם אויך געשטראפט מיט הארבע ווערטער, אבער — אָהן ערפאלג. שמשון פלעגט אַפילו מבטיח זיין דעם צדיק צו זיין להבא גוט און פרום,

אָבער קומענדיג צוריק אהיים, האט ער תיכף אין אלץ פערגעסען און זיך ווייטער אויפגעפיה־ט אויפ'ן אַלטען שטייגער.

ווען שמשון איז געווארען אלט אַכצעהן יאָהר, האט ער זיך שוין אינגאַנצען אויסגעטון פון לערנען. דער פאטער האט אלץ געהאפט, אז ער וועט ווערען עלטער, וועט ער זיך ארומזעהן און אַוועק אויפ'ן רעכטען וועג. איצט, אַז זיין בטחון איז געווארען צוּבראָכען, איז ער אריינגעקומען אין גרויס פערצווייפלונג. קומענדיג אויף ימים־נוראים קיין ליובאַוויטש, האט ר' אהר'עלע אויסגעגאסען זיין ביטער האַרץ פאַר ר' מענדעליי'ן, און האט ביי איהם געבעטען אַנ'עצה, וואס צו טון מיט זיין שמשונ'ען.

אויף דעם זאל איהם ר' מענדעלי האבען געענטפערט:

— בן שמונה עשרה לחופה! נעם און מאך איהם חתונה. פון שטופען איהם לערנען מיט געוואלד וועט גאָרנישט ארויסקומען. דער עיקר איז, ער זאל פערבלייבען א יוד, א חסיד, און דאס, אם ירצה השם, וועט ער זיין. אויף דעם איז ער דאַך דעם קאָזשעליצער רב'ס א זוהן.

אינגיכען האט זיך אבגעזוכט אין קאָזשעליץ גופא א רייכער מאנופאַקטור־סוחר, אויך א ליובאוויטשער חסיד, וועלכער האט זיך געוואָלט איינקויפען אין יחוס, און דערהערענדיג, אז דער רב זוכט א שידוך פאר זיין עלטערן זוהן, האט ער איהם באלד פאָרגעלעגט, דורך א שדכן, אויסצוגעבען שמשונ'ען פאַר זיין בת־יחידה, וועלכער ער גיט צעליכע טויזענד קערבלעך נדן מיט אייביגע קעסט אויף זיינן טיש.

שמשון האט זיך מעהר ווי דאָס נישט געוואונשען. ער האט געגלויבט, אַז אַריינפאלענדיג אין אַזאַ שמאַלץ־גרוב, וועט ער ערשט קאָנען אומגעהן לעדיג און לעבען א גוטען טאָג. דער פאָטער וועט שוין אויף איהם קיין שליטה נישט האבען, און א שווער קאָן מען נישט פאָלגען. אַי, דאָס ווייבעל? הערט מען זי אויך ווי דעם קאָטער.

די ערשטע צעליכע וואָכען נאָך דער חתונה האט זיך אויסגעוויזען, אַז שמשון האט אינ'ם חשבון קיין טעות נישט געהאט. איהם איז געווען גוט „ווי די וועלט". ביים שווער אין שטוב האט מען איהם געקיכעלט פון אַלע זייטען. אין קלויז איז ער געגאַנגען נור איין מאָל אַ טאָג אין דערפריה צום דאַווענען. מנחה און מעריב האט

ער געדאַווענט ביחידות ביי זיך אין צימער, און געטון האט ער גאָרנישט, איז ארומגעגאנגען „שלינג און שלאַנג״ מיט אנדערע יונגעלייט נחותי-דרגא, אָדער געהייסען זיך איינשפאַנען דעם שווער׳ס בריטשקעלע און אַרומגעפאָהרען מיט חברה גאַנצע שעה׳ן שפּאַצירען. דער שווער, וועלכער איז געווען א פּראַקטישער מענש, האט דאס נישט געקאָנט אריבערטראָגען, און אַ מאָל, ביי א געלעגענהייט האט ער אין א שאַרפען טאָן געמאָלדען דעם איידים, אז אויב ער האט קיין חשק נישט צו טון, ווי אַנדערע חסידישע בעל-הבית׳לעך פון זיין גראַד, וואָס זעצען זיך אוועק נאך דער חתונה „על התורה ועל העבודה״, טאָ זאָל ער זיך נעהמען צום געשעפט און מיטאַרביי-טען אין מאַגאַזין, וואָרום פון אומגעהן פוסט און פּאַס וועט קיין גוטס נישט ארויס.

שמשון האט געמאכט א קרומע מינע, האט דעם שווער גאר-נישט געענטפערט און זיך ווייטער געטון זיין זאך. צום סוף האט ביים שווער געפּלאַצט די געדולד און ער איז אוועקגעלאָפען מיט טענות צו ר׳ אַהר׳על׳ען.

— רבי! — האט גע׳טענה׳ט דער מחותן — איך ווייס נישט, וואָס איז דאָס מיט אייער שמשונ׳ען, ער סטאַטקעוועט דאך גאר-נישט, וויל גאָרנישט טון, און פערשאַפט נור הארץ-וועהטאָג מיר און אונז אַלעמען.

— איהר דאַרפט מיר נישט דערצעהלען קיין מעשיות, — האט איהם דער רב געענטפערט און דערביי א זיפץ געטון, — וואס, איך זעה נישט און הער נישט? איך טראכט שוין וועגען דעם לאַנג. ס׳איז דאָך שוין סוף אלול, באַלד פאהרען מיר אַרויס קיין לובאַ-וויטש. דו פאָהרסט דאָך מן הסתם היינטיגס יאָהר אויך, ווי תמיד? מיר וועלען שמשונ׳ען אויך מיטנעהמען, און דאָרט וועט אונז שוין דער השם יתברך אריינגעבען אַן עצה, וואָס צו טון.

עטליכע טעג פאַר ראש-השנה האט מען ביי דעם מאַנופאַקטור-סוחר אָנגעהויבען מאכען די נויטיגע הכנות צו דער נסיעה קיין לובאַוויטש. מ׳האט געגומען סערפאַקען שמשונ׳ס זאכען, ערשט יענער לאזט נישט און טענה׳ט: „געפאהרען בין איך קיין לובאַוויטש נור בחור-ווייז מיט׳ן טאַטען, היינט בין איך שוין א מענש פאר זיך און בלייב ימים נוראים אין קאָזשעליץ״. וואס דער שווער און שוויגער און דאס יונגע ווייבעל האבען זיך ביי איהם נישט צובעטען, ער

זאל זיך נישט איינ׳עקשנ׳ען און מיטפאָהרען — ס׳האט גארנישט גע-האלפען. גע׳פּועלט ביי איהם צו פאהרען האט ערשט אויף מאר-גען דער אלטער פאטער, וועלכער איז ממש צוגעפאלען צו איהם מיט תחנונים.

אין איינעם פון די עשרת ימי-תשובה, בעת ר׳ אהר׳על איז, ווי זיין שטייגער, געזעסען מיט ר׳ מענדעלי׳ן אין א חדר מיוחד, האט ער זיך מיטאמאָל פונאנדערגעכליפּעט או פ׳ן קול.

— וואס וויינסטו? — האט איהם ר׳ מענדעלי געפרעגט. — האסט שוין, ווי איך זעה, נייע צרות פון דיין שמשונ׳ען?

— יאָ, רבי! — האט געענטפערט דער רב, און איהם דערביי דערצעהלט וועגען שמשונ׳ס שלעכטער אויפפיהרונג ביים שווער אין שטוב.

ר׳ מענדעלי האט זיך אוף א וויילע פערטראכט און נאכדעם האט ער געהייסען דעם שמש אויפזוכען אין „הויף" דעם קאָזשעלי-צער רב׳ס מחותן און ברענגען איהם אהער.

ס׳האט לאנג נישט געדויערט און דער מחותן איז געקומען. אָהן שום הקדמות האט זיך דער רבי צו איהם אבגערופען:

— גלייך נאך יום-טובים, ווי דו וועסט נור קומען אַהיים קיין קיין קאזשעליץ, זאלסטו באלד נעהמען און אָב׳גט׳ן שמשונ׳ען...

דער מחותן איז געבליבען זיצען, ווי צודולט. דערנאך האט ער אויסגעשריען, ווי נישט מיט זיין קול:

— אב׳גט׳ן שמשונ׳ען? פארוואס? ער איז דאך מיר אזוי ליב און טייער? ער איז דאָך מיין גאנצער שטאָלץ? א זוהן פון ר׳ אַהר׳על׳ען, דורך וועלכען איך האב זוכה געווען צו ווערען ממילא א מקורב אויך צו אייך, רבי??!

— ס׳איז נישט געווען קיין זיווג מן השמים! — האט ר׳ מענדעלי שטיל אויסגערופען. — ער איז נישט דיין טאכטער׳ס בעשערטער...

עטליכע מינוט האט געהערשט אין צימער א טויטע שטילקייט. אלע דריי האבען געשוויגען ביז דער רבי האט א זאג געטון צום מחותן:

— קאנסט געהן און טון, למען השם, וואס איך הייס דיך.

נאכדעם, ווי דער מחותן איז ארויס, האט זיך ר׳ מענדעלי אנגערופען צום קאָזשעליצער רב:

— עס טרעפט, עס זאָל נישט אַזוי טרעפען, אַז אַ זיווג איז נישט עולה ליפה. דיין שמשון דאַרפסטו זעהן אויסגעבעבן נישט ביי דיר אין קאָזשעליק, נור אין דער פרעמד, און גלייך וואָלט געווען, ווען דו געפינסט פאַר איהם אַ שידוך אין אַ שטיל אָרט, ווי אין אַ ישוב, למשל, וואו ער זאָל, זיין ווייט פון מענשען, און זאָל ווילענדיג, נישט ווילענדיג, זיך מתבודדז יין. די התבודדות וועט איהם מוזען ברענגען צו חשבון הנפש, און דאָס וועט איהם אינגאַנצען איבעראַנדערשען. דו וועסט נאָך אַמאָלפון איהם האָבען נחת.

H

שמשון אַליין האָט נישט אָנגעהויבען וויסען דאָס, וואָס עס איז וועגען איהם בעשלאָסען געוואָרען אונטער די אויגען. דעם גאַנצען חודש תשרי האָט ער פערבראַכט אין הויף-בית-מדרש, וואו ער האָט כסדר געשמועסט מיט די חסיד׳ישע יונגעלייטלעך. ס׳האָט געטראָפען, אַז אַנדערע פון זיי האָבען איהם אָבגעשטויסען פון זיך מיט גרויס צאָרן, פאָרוואָס ער איז זיי מבטל פון לערנען. אין אַזעלכע פאַלען האָט זיי שמשון געענטפערט מיט אַ ביטול-שמייכעל: ווי איך לערן נישט און איהר לערנט יאָ, וועט איהר מיר אפילו אין צעהנ־דליגער יאָהרען נישט אַריבעריאָגען הן אין נגלה, הן אין נסתר. אָט קומט, לאָמיר זיך פערהערען! די בעלי־הבית׳לעך פלעגען אַריין אין אַמביציע, און עס פלעגט זיך אָנהויבען אַ געגענזייטיגע פערהערעניש, אַ מלחמה אויפ׳ן באָדען פון תלמוד־בבלי און ירושלמי, פון „יורה־דעה״ און פוסקים, און יעדעס מאָל איז דער זיגער געווען נישט קיין אַנדערער, ווי נור שמשון. אַז מען פלעגט וועגען דעם דערצעהלען ר׳ אַהר׳עלען, האָט ער געהאַט דערפון פון איין זייט גרויס הנאה, און פון דער אַנדער זייט, האָט עס איהם שטאַרק וועה געטון, זעהענדיג, ווי אַזאַ „כלי נפלא״ געהט לאיבוד. ער האָט זיך נור געטרייסט דער־מיט, אַז ר׳ מענדעליס עצה וועט דאָ עפּיס אויפטון, און זיין קאַליע געוואָרענער זוהן וועט נאָך געפינען דעם געהעריגען תקון.

אויף מאָרגען נאָך יום-טוב האָט ר׳ אַהר׳עלע אַריינגעפיהרט שמשונ׳ען צום רבי׳ן, ער זאָל איהם געבען אַ ברכה אויפ׳ן וועג, און אַליין איז ער אַרויס.

וואָס דער רבי האָט מיט שמשונ׳ען גערעדט, איז פערבליבען

אומבעמאוסט. חסידים פלעגען נור דערצעהלען, אז בעת שמשון האט פערלאזט דאס צימער, האט זיין פנים ממש געלויכטען.

פון לובאוויטש צוריק קיין קאזשעליץ איז שוין שמשון נישט געפאהרען מיט'ן שווער, מיט וועלכען ער איז אהינגעקומען, נור מיט די עלטערן. פאָהרענדיג, האט ער שוין געוואוסט, אז באלד ווערט ער מיט זיין שווער „אויס מחותן". אין איהם האט אבער געטליעט א הייס געפיהל צו זיין יונג ווייבעל און צו זיין קינד, וואס זי טראגט אונטער איהר ברוסט. גלאט נעהמען פון דער העלער הויט און צושיידען זיך מיט'ן ווייבעל, צו וועלכער ער האט אייגענטליך גארנישט, נור מעהר נישט, ווייל אזוי הייסט דער רבי, און אלע זענען דערצו מסכים ? — דער דאזיגער געדאנק האט איהם דעם גאנ-צען וועג גענאגט. ער האט אבער נישט גערעדט און געווארט אויף דעם, וואס דארף קומען.

דערווייל איז ער ארומגעגאנגען א פערטראכטער און קאָנצענ-טרירט אין זיך. בלייבענדיג זיצען ביים טאַטען, האט ער מיט קיינעם פון די שטוביגע נישט גערעדט. שעה'ן-לאנג איז ער אבגעשטאנען ביים פענסטער, מיט דעם שטערען אָנגעשפאַרט אָן שויב און האט ארויסגעקוקט אין דרויסען. פלוצלונג פלעגט ער זיך אָברייסען פון פענ-סטער, פלעגט צולויפען צום טאַטענס ספרים-אַלמער, אַרויסכאַפּען פון דאָרט א ספר און נעהמען קוקען אין איהם. עס זענען אַריבער נאָך עטליכע טעג, און שמשון האט אָנגעהויבען פערבלייבען נאָכ'ן דאַווענען אין בית-מדרש ביי א גמרא, און אָבזיצען אַזוי אַ לאנגע צייט. נאָכ-מיטאָג איז ער ווייטער געקומען און ווייטער געלערנט ביז א שטיק אין דער נאַכט. אין שטאָדט איז אַרויס א קלאַנג, אַז שמשון איז גע-וואָרען אַ מתמיד. ר' אַהר'עלע האָט אַזש אָנגעקוואָלען פון נחת, און דער שווער, דער מאַנופאַקטור-סוחר איז אַרומגעגאַנגען פער'דאגה'ט און פערצאָגט: סטייטש, ווי נעהמט מען עס און מ'גט אָב אַזאַ איידעלעם יונגענמאַנטשיק ? ער האָט בשום אופן נישט פערשטאנען, צו וואס האט עס איהם דער רבי געהייסען אזוינס טון. ער האט זיך אַליין בעשולדיגט, פארוואס ער האט פערקאָכט די גאנצע קאַשע, פארוואָס ער האט זיך געאיילט פער'מסר'ן שמשונ'ען פאר'ן רבי'ן אין נישט אבגעוואַרט ביז ער וועט זיך אליין אַרומזעהן און ווערען אַ חוזר בתשובה, ווי ער איז איצט באמת געווארען. איצט געה און גט אָב אַזא גאלדענעם איידים, וועלכער קאן נאך אפשר ווערען

אַ גרויסער רב ביי יודען! און אַרומקלערענדיג אַזוי די געשאַפענע לאַגע, האט ער זיך אָבגעשטעלט אויפ'ן געדאַנק, צו לאָזען טאַקע שמשונ'ען זיצען ביי זיינע עלטערן, אָבער זיך נישט צו איילען מיט'ן גט. אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר וועט מען נאך אין לובאַוויטש מבטל מאַכען דעם גזר?!

ס'איז אָבער אַוועק אַ קורצע צייט, און פון לובאַוויטש האָט מען גענומען טרייבען דעם מאַנופאַקטור-סוחר, צוערשט דורך בריף און דערנאָך דורך שליחים מיוחדים, ער זאָל זעהן מאַכען אַ סוף מיט'ן גט. דער מחותן האָט דאַן געפרובט אַריינ'טענה'ן מיט ר' אהר'עלען, מ'זאָל זוכען אַנ'אויסוועג פונ'ם מצב, באופן, אַז דאָס לעבען פונ'ם יונגען פאָר-פאָלק זאָל נישט צושטערט ווערען. ר' אַהר'על'ע האָט אָבער געקוועטשט מיט די פלייצעס און געזאָגט: „אַז לובאַוויטש וויל און לובאַוויטש איז גוזר, וואס קאָן אי ך, מיש־טיינס געזאָגט, מאַכען?" דער בעל-דבר אַליין, שמשון, האָט זיך גע־שאָקעלט איבער אַ ספר, און געשוויגען, עפיס ווי איהם וואלט די גאַנצע מעשה גאָרנישט אָנגעגאַנגען.

ביים קאָזשעליצער דיין, וואו ס'איז פאָרגעקומען דער גט, האָט זיך שמשון, געפינענדיג זיך אויג אויף אויג מיט זיין יונג ווייבעל, היסטעריש פונאַנדערגעוויינט. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך. און ווי ס'האָט זיך נור פערענדיגט די צערעמאָניע, איז ער, ווי אַ ווילדער אַרויס פון שטוב און זיך געלאָזט לויפען אין בית-המדרש. דאָרט האָט ער זיך מיט אַנ'אומגעוועהנליכער התלהבות פונאַנדערגע־שאָקעלט איבער אַ חסיד'ישען מוסר-ספר און איז אַזוי אָבגעשטאַנען ביים שטענדער ביז מ'איז צו איהם געקומען פון דערהיים דער־מאָהנען, אַז ער האט נאָך אַ גאַנצען טאָג גאָרנישט אין מויל געהאט...

III

שמשון איז געוואָרען אַן אַנדער מענש, ממש גאָרנישט צו דערקענען. ער האט נור געוואוסט דאַוונען און לערנען, לערנען און דאַוונען. אויסערדעם, איז איהם קיין זאַך נישט געלעגן אין זינען. ס'איז געקומען אַזוי ווייט, אַז די שטאָדט-חיצלער האָבען געזאָגט, אַז שמשון איז שוין באַלד פרומער פאַר'ן טאַטען... ר' אַהר'על'ע האָט דידאָזיגע איבערקעהרעניש, וועלכע איז גאַנץ אומגעריכט פאָרגעקומען אין שמשונ'ען, בעטראַכט אַלס רעזולטאַט פון ר' מענדעלע'ס ברכה,

כאָטש זיין שכל האָט נישט געקאָנט תּופס זיין, צו וואס עס איז נויטיג געווען דאָס אָפּ׳גט׳ן זיך. ער האט אָבער נישט געצווייפעלט, אַז דער רבי האָט אין דעם געהאַט אַ בעזונדער כּוונה, וועלכע דאַרף נאָך ערשט אויפגעקלערט ווערען. דערביי האָט ער זיך דערמאָהנט, אַז חוצ׳ן גט האט דער לובאַוויטשער נאָך עפּיס געהייסען טון: אויס-זוכען פּאַר שמשונ׳ען א נייעם שידוך, דאָס מאָל דוקא פון דער פרעמד. אפשר וועט זיך גראָד אין דעם ארויסווייזען דאָס, וואָס דער רבי האט געמיינט.

ר׳ אַהר׳על׳ע האט פּערטרויט די קאָזשעליצער שדכנים, אַז ער זוכט א שידוך פאַר זיין שמשונ׳ען, און אויף קיין פאַל נישט פון הי, נור פון ערגיץ וואו אַנדערש. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, און ר׳ אַהר׳על׳ע האָט אָנגעהויבען בעקומען פאָרשלאַגען וועגען פערשידענע שידוכים פון נאָהענטע און ווייטע ערטער. צום סוף האט זיך ר׳ אַהר׳על׳ע אָבגעשטעלט אויף א שידוך מיט דער טאכטער פון א ריי-כען גוט-בעזיצער, אַ טשערנאָבילער חסיד און א בר-אורין פון אַרום וואַסילקאָוו, קיעווער גובערניע. אין א בעשטימטען טאָג זענען זיך צונויפגעפאָהרען די מחותּנים פון ביידע צדדים אין א קרעטשמע אויפ׳ן מיטען וועג, און נאכדעם, ווי זיי זענען מושווה געווארען צווישען זיך וועגען נדן און קעסט, האט מען געשריבען „תּנאים". אין יענער צייט האט זיך נאך געפיהרט, און בעזונדערס ביי חסידים, אַז חתן-כּלה האבען זיך נישט געזעהן ביז דעם טאָג פון דער חופּה, און ביידע האבען זיך פערלאָזט אויף מבינות פון די עלטערן. די חתונה האט מען בעשטימט אויפ׳ן צווייטען חודש.

שמשון אַליין האָט זיך הייגטיגס מאָל פערהאלטען צום שידוך גאנץ קאַלט. ביי איהם איז רעכט געווען י אָ חתונה האבען און נ י ש ט חתונה האבען, אַבי נור מ׳זאָל איהם נישט שטערען פון לערנען. נאכדעם, ווי דער פאָטער האט מיט איהם פיל אַריינגעצ׳טענה׳ט און ביי איהם סוף-כּל-סוף אַרויסבעקומען א הסכּם אויפ׳ן שידוך, איז דאס נור געווען בתנאַי, מ׳זאל איהם לאָזען צו-רוה נאך א דריי חדשים, ביז ער וועט קלאָר ווערען אין גאַנץ ש״ס און פּוסקים און בעקומען סמיכות אויף הוראה. דערצו האט שוין ר׳ אַהר׳על׳ע געמוזט איינ-שטימען און וועגען דעם מודיע געווען דעם מחותּן, וועלכער האט כּסדר געטריבען, אַז די חתונה זאל פארקומען אין בעשטימטען טערמין.

דער מחותן איז געוואָרען אונגעדולדיג און האט פּערוואָרפען די אַהר׳צלען מיט בריף, אז מ׳קאָן די חתונה מעהר נישט אָפּלעגען, אַז ער האט שוין געמאכט אַלע הכנות, אז אין אַ פּאָר וואכען ארום דאַרף ער אוועק מיט אַ פּאַרטיע האָלץ אויפ׳ן דניעפּער, ווען נישט, וועט ער דורכדעם האבען אַ גרויסען געלד-שאָדען און אַז דער חתן וועט קאנען פערענדיגען ש״ס און פּוסקים אויך נאָך דער חתונה ביי איהם אין גוט, וואו ער גיט איהם אָב אַ דירה ממש אַ פּאַלאַץ, וואס קיין בעסערן און שטילערן אָרט אויף צו לערנען רוהיג קאָן מען שוין ערגיץ נישט האָבען.

באמת האט דער כלה׳ס פאָטער אזוי געאיילט מיט דער חתונה נישט צוליב די אלע, דאָ אנגעגעבענע טעמים, נור צוליב אַ גאנץ אנדער סיבה. דאס מיידעל איז געווען אַ בלענדענדע שענהייט, און פאר יענער צייט אויך העכסט געבילדעט. קינדווייז און אויך שפּעטער פלעגט זי זיך תמיד שפּילען מיט די קינדער פון דעם נאָהענטען פּריצישען הויף און האט זיך פון זיי אויסגעלערנט רעדען אַ פיינ׳ם פּויליש, מיט שענע אַריסטאָקראַטישע מאַנירען. אז זי איז עלטער געוואָרען, האָט איהר דער פאטער נאך אלץ נישט געשטערט צו בעזוכען אָפּט דעם הויף, מיט וועלכען ער האט פון פיל יאָהרען געפיהרט גרויסע געשעפטען, און יעדעס מאָל האט מען זיך דארט צו איהר בעצויגען, ווי צו אַ זעהר אָנגעלעגטען גאַסט. דעם פּריצ׳ס יונגער זוהן מיט אַ יונגערער שוועסטער פלעגען איהר אבגעבען געגען-בעזוכען, און אזוי-אַרום האט זיך אין פערלויף פון דער צייט פערקניפּט צווישען זיי אנ׳ענגע פריינדשאפט. אז דאס מיידעל איז געווארען אלט אַ יאהר זיבעצעהן, האט איהר דער פאטער געמאלדען, אז — עד כאן, זי איז שוין מעהר נישט קיין קינד און עס פּאַסט שוין פאר איהר נישט צו געהן אין הויף און צו האבען מחזקות מיט דעם יונגען פּריץ בכלל. די טאכטער האט געשוויגען, און דער פאטער האט גערעכענט, אַז אזוי וועט עס שוין זיין. באמת פלעגט זיך אָבער דאָ מיידעל ארויס׳גנב׳ענען טעגליך פון שטוב און אוועקלויפען אין הויף און פערברענגען דאָרט גאנצע שעה׳ן אין דער געזעלשאפט פון דעם יונגען פּריץ. דער פאָטער, וועלכער איז שטענדיג געווען פערנומען מיט זיינע געשעפטען און איז דאס-רוב געווען פערדייזט, האט דערפון נישט געוואוסט. נור אַמאָל, אַ שבת, בעת ער האט זיך גראד געפונען אין דערהיים, האט ער

בייטאג נאכ׳ן שלאף דערזעהן, אַז דבורה׳טשע איז נישטאָ און, פער־פיהרענדיג וועגען דעם אשמועס מיט זיין פרוי, אקרענקליכע, תמ׳עוואַטע יודענע, האט ער זיך פון איהר דערוואוסט, אז דאס מיידעל ווערט אָפּט אזוי פערפאַלען אויף גאנצע שעה׳ן פון שטוב, און אז זי קומט און מען פרעגט איהר, וואו זי איז געווען, האט זי שוין פערשידענע תירוצים. דעם פאטער איז דאס שטארק נישט גע־פעלען געווארען. ער האט באַלד פערשטאנען, אז דבורה׳טשע לויפט כסדר אין הויף, און איהם איז בעפאַלען אמורא, אז דאס זאל, חלילה, נישט האבען פאר איהר קיין שלעכטע פאלגען, און נישט פיל טראכ־טענדיג, האט ער בעשלאסען איהר אַמשנעלסטען חתונה צו מאכען. נאך דער חתונה — אַזוי האט ער געגלויבט — וועט זי זיך שוין ארויס־שלאגען פון קאָפּ אלע נארישקייטען. גראָד האט ער זיך קורץ נאכדעם אנגעטראפען אין וועג מיט אקאָזשעליצער שדכן, וועמען ער האט געפרעגט, צי קאָן ער איהם פארלעגען עפּיס ארעכטען שידוך פאר זיין טאכטער. דער שדכן האט איהם גלייך פארגעשלא־גען זיך משדך צו זיין מיט דעם קאָזשעליצער רב׳ס זוהן, און, קומענדיג אהיים, האט ער פון דארט דערפיהרט דעם ענין, ביז דער שידוך איז געווארען.

IV

סוף כל סוף האט זיך שמשון געלאזט איבעררעדען פון אַלטען טאטען — נישט צו ווארטען מיט דער חתונה ביז ער וועט פערענדיגען דעם ש״ס. מ׳האָט באַלד וועגען דעם מודיע געווען דעם מחותן, וועלכער האָט זיך זעהר דערפרעהט, און איז תיכף צוגעטרעטען מאַכען די נויטיגע הכנות. מצד דבורה׳טשען האט דער פאָטער נישט געהאַט קיין שום געגנערשאַפט. זינט ער האָט איהר געבערענגט די ידיעה, אַז ער האָט זי פער׳קנס׳ט מיט אַקאָזשעליצער בחור, האָט זי עס אָנגענומען פאַר גוט און געשוויגען. זי האט אַפילו נישט גע־פרעגט, ווער דער חתן איז און ווי ער זעהט אויס. און אַז דער פאָטער האָט איהר דערצעהלט, אַז ער איז זעהר אגעראָטענער, אוואוייל־לערנער, וועלכער שניידט זיך אויף רבנות, האָט זי זיך גאַנץ קאַלטבלוטיג צוגעהערט און נישט רעאַגירט אויף דעם מיט קיין איינציג וואָרט, עפּיס ווי די זאַך וואָלט געהאַט אשייכות נישט צו איהר, נור צו אַנ׳אַנדער מיידעל. אין דערזעלבער צייט האט זי נישט אויפגעהערט לויפען אין הויף אריין, און יעדעס מאָל האָט

זי עס אָבגעטון גאַנץ גלאַט און קונציג אַזוי, אַז קיינער פון די שטו־ביגע האָט נישט באַמערקט, ווען זי איז אַרויס און ווען זי האָט זיך צוריקגעקעהרט. אָבער איהר אינדיפערענטע בעציהונג האָט אָנ־געהאַלטען אזוי לאַנג, ביז דער פאָטער איז אין אַ געוויסען טאָג געקומען פון קיעוו און מיטגעבראַכט וואָלענס און זיידענס פאַר איהר אויסשטייער און איהר דערביי אַ זאָג געטון, אַז מען דאַרף שוין מאָרגען אַראָבבערענגען פון וואַסילקאָוו אַ שניידער, ווייל די צייט איז קורץ. דבורה׳טשע האָט כלומר׳שט אַרויסגעוויזען אַ בעזונדער אינ־טערעס צו איהר אויסשטייער און געבעטען ביי׳ם פאָטער, ער זאָל איהר ערלויבען אַריבערצוגעהן נור היינטיגס מאָל אין הויף, אום מיישב צו זיין זיך דאָרט מיט דער יונגער פריצ׳טע, ווי אַזוי זי זאָל נייהען איהרע קליידער. וואָס נעהנטער ס׳האָט זיך אָנגערוקט דער טאָג פון דער חתונה, אַלץ מעהר פערהאַוועט איז זי געוועזען. זי האָט בס״ר דיקטירט דעם שניידער מיט זיינע געהילפען, ווי אזוי מען דאַרף נייהען דעם אויסשטייער. זי האָט נאָכאַנאַנד געטון און געמאָס־טען אַ קלייד נאָך אַ קלייד, עטליכע מאָל האָט זי אַראָבגעבראַכט פון הויף די יונגע פאַנע, כדי אויסצוהערען איהרע מבינות. די פאַנע איז גע־בליבען ענטציקט און אויסגעשריען מיט גרויס התלהבות: „אַך, ווי שעהן! ווי פּרעכטיג! ממש אַ קייסערינע! וויפיל צעהנדליגער בחורים, און נישט בלויז יודישע, נור אויך אונזערע וועלען דאָס מקנא זיין דיין חתן!“ און דבורה׳טשע האט זיך צוגעהערט און אין זיך גע־קוואָלען, רויט ווערענדיג איבער די אויערן.

די חתונה איז געפראוועט געווארען מיט גרויס פּאַראַד. דער כלה׳ס פאָטער האָט געשאָטען מיט געלד, אַבי אַלץ זאָל אַרויסקומען וואָס שענער און בכבוד׳יגער. פון ביידע צדדים זענען זיך צונויפ־געפאָהרען אַ סך חסידים, לובאַוויטשער און טשערנאָבילער, די חשוב׳־סטע און די רייכסטע און אלע האבען געבראכט פאר׳ן פּאָר־פאלק די טייערסטע מתנות. בשעת קבלת־פּנים האָט שמשון געזאגט אַ דרשה, וואָס האָט אַרויסגערופען ביים עולם גרויס בעגייסטערונג. אין אַ שענער זומער׳דיגער לבנה־נאַכט איז פאָרגעקומען די חופּה פאר דער שיין פון גרויסע ברענענדיגע פאַקלען, וואס יונגע חסיד׳ישע בחורים׳לעך האבען געהאַלטען אין די הענד. די צערעמאָניע האָבען בייגעוואוינט פון וויטען עטליכע פּוילישע פּריצים פון די ארומיגע הויפען, וועלכע האבען זיך ביי פערשידענע געלעגענהייטען בעגעגענט

מיט דבורה׳טשען און זענען געוועזן פון איהרע בעוואונדערער. איצט האט זיי אָבער געבראַכט די בלויזע נייגעריגקייט צו זעהן אין וועמענס הענד זי איז אריינגעפאַלען. אלע האבען זיי ווי אריינגע־שטאכען זייערע אויגען אין שמשון׳ען, וואס איז געשטאנען ביי דער זייט פון דער פערשלייערטער דבורה׳טשען בלאַס, ווי א טוך, אין א לאנגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע מיט א גאַרטעל און אויפ׳ן קאָפּ א סויבעלנע שטריימעל, אונטער וועלכער עס זענען אראָבגעהאָנגען כמעט ביז איבער די אַקסלען א פּאָר געקרייזעלטע פאות. אז דער אַלגעמיינער איינדרוק, וועלכען די פּריצים האבען ארויסגעטראגען, איז געוועזן נישט לטובת דעם חתן — דאס האט מען גאנץ לייכט געקאָנט דערקענען אָן די פּרעגענדיגע בליקען, וואס זיי האבען געווארפען איינער אויפ׳ן אַנדערן, קוועטשענדיג דערביי מיט די פּלייצעס. דער יונגער פּריץ פּונ׳ם נאָהענטען הויף, וועלכער האט זיך כמעט ווי צוזאמען ערצויגען מיט דבורה׳טשען, איז אוועק ממש א דערשלאָגענער.

דאס ערשטע בעגעגעניש צווישען די בליקען פון חתן־כלה איז פּאָרגעקומען צו דער „גאָלדענער יוך״, בעת דבורה׳טשע האט פון זיך אַראָבגענומען דעם שלייער. שמשון האט פלינק אראבגעלאזט די פּערזשמורעטע אויגען אין שיסעל, און דבורה׳טשע איז געבליבען זי־צען אויף איהר אָרט שטאַר, ווי א קאַלטע מאַרמאָר־סטאַטוּע מיט׳ן פּנים צו דער וואנד.

גאַנצע אכט טעג האבען די חתונה־לייט אבגעהוליעט און מ׳איז זיך צופאהרען. מיט טרעהרען האט זיך ר׳ אהר׳לע צוזעגענט מיט שמשון׳ען, האט געבענשט איהם מיט דבורה׳טשען און אויסגעדריקט זיין וואונש צו זעהן זיך מיט זיי געזונדערהייט די קומענדיגע ימים־נוראים אין לובאוויטש. די גאנצע צייט, וואס דער פאטער האט גע־רעדט, איז שמשון געשטאנען און האָט געוויינט פון גליק, און דאס יונגע ווייבעל מיט׳ן האר־שייטעל האט אויטאָמאַטיש צוגעשאָקעלט מיט דעם קאָפּ, און אנ׳איינדרוק האט עס געמאכט, ווי זי וואלט שטארק געוואלט, אז דאס געזעגעניש זאל שוין נעהמען א סוף.

V

און שוין אויף מארגען איז זיך שמשון געזעסען אין דעם פּרעכטיג אויסמעבלירטען שאַלקע־צימער און האט געקליבען נחת פון

די גרויסע ספרים־אַלמערס מיט די זשיטאָמירער און ווילנער ש"ס'ן, וואס קוקען ארויס פון די גלעזערנע טירען מיט זייערע בעגילטע רימענע רוקענס. גאנץ אומגעריכט האט ער געפונען אויף אַן עטאַ־זשערקע אַ שענעם וואלקע־ציבעק און דערביי אַ קליין זעקעלע מיט טערקישען טיטון. דאס האט איהם דער שווער געמאכט אַ סורפריז. שמשון האט בהרחבה'דיג פעררויכערט און זיך פערטיפט אין אַ חסיד'ישען מוסר־ספר. פלוצלונג האט פאר די אויגען איהם אַ בליץ געטון אַ ווייסע געשטאלט. ער האט זיך ארויסגעבויגען דורכ'ן פענסטער און דערזעהן דבורה'טשען, ארומשפאַצירענדיג אַ פער־טראכטע אין סאַד. זיין פנים האט אויפגעשטראהלט פון גליק. ער האט זיך אבער כהרף־עין האסטיג אַ כאַפּ געטון צריק, ווי אונטער'ן דרוק פון אַ בעפעהלערישען געדאנק, און ווידער ארייגעשטעקט דעם קאָפּ אין ספר.

די צווייטע וואך האט שמשון'ס שווער איינגעלאדען אויף אַ מיטאָג לכבוד זיין טאָכטער'ס חתונה אייניגע פון די ארומיגע פריצים, מיט וועלכע ער איז געשטאנען אין געשעפטליכע פערבינדונגען. דבורה'טשע איז דעם גאנצען פארמיטאָג געווען פערנומען מיט די צוגרייטונגען, און שפעטער, אַז זי איז פארטיג געווארען מיט איהר ארבייט, איז זי ארויף צו שמשונען אויף דער שאַלקע, האט זיך אוועקגעשטעלט נעבען איהם ביים טיש און צו איהם געזאגט:

— שמשון, איך בין געקומען צו דיר מיט אַ בקשה: דער טאטע מאכט היינט אַ מיטאג פאר אונזערע פוילישע שכנים. טאָמער וועט עמיצער אַהער ארויפגעהן בעטען דיך, דו זאלסט לכבוד די געסט אראבגעהן אונטען, זאלסט עס נישט טון... זאלסט זאגען, אז דו פיהלסט דיך עפעס נישט געזונד.

שמשון, ווען עס האט אַ וואָרעם געטון דבורה'טשעס ווייכער טאָן, וואס ער האט נאך פון איהר אזוינס ביז אהער נישט געהערט, האָט איהר געענטפערט:

— געוויס וועל איך עס טון... איך וויל אליין נישט מיך צו־נויפטרעפען מיט די גוים. אבער וואס טו איך, ווען דער טאטע אליין וועט מיך קומען בעטען? ווי וועל איך איהם קאנען אָפּנארען?

— ניש'קשה, — האט זיך דבורה'טשע אבגערופען, — אַז מ'דאַרף, קען מען... איבעריגענס, נעם איך דאס אויף זיך.

ביי די ווערטער איז זי ארויס פון צימער און איז ווי א וויכער אראבגעפלויגען א צופרידענע פון די טרעפ.

צו דער בעשטימטער צייט האָבען זיך צונויפגעקליבען די פריצים מיט זייערע פאַמיליעס, און צווישען זיי אויך דער יונגער פריץ מיט זיין שוועסטער פנ׳ם נאָהנטען הויף. דבורה׳טשע, וועלכע איז דאָס מאָל געווען אויפגעלעגט, ווי אין איהר חתונה-טאָג, האָט מקבל פנים געווען די געסט ביים אַריינגאַנג און זיי איינגעלאַדען צום טיש. דערווייל האָט דער פאָטער אַרויפגעשיקט די דינסט אַראָבּ־בעטען שמשון׳ען.

די דינסט האָט זיך באַלד צוריקגעקעהרט מיט אַ תשובה, אַז שמשון פיהלט זיך נישט מיט אלעמען.

דער שווער, ווען עס האָט זיך זעהר געוואָלט פאָרשטעלען די געסט זיין יונגען איידעם, איז אַליין ארויף צו איהם. ער האָט איהם געפונען ליגענדיג אויף דער סאָפע.

— שמשון, — האט ער צו איהם געזאָגט, — עס פאַסט נישט. מיט די פריצים האַנדעל איך שוין צעהנדליגער יאָהרען, זיי זענען מיינע בעסטע פריינד, און איך האָב פון זיי די גרעסטע טובות. זיי וועלען זיך געוויס וועלען מיט דיר בעקענען. אפשר וועט דיר נאָך אויך אַמאָל אויסקומען צו האָבען מיט זיי צו טון. שטאַרק דיך און קום אַראָב.

שמשון, וועלכער האט זיך געהאַלטען פאר׳ן קאָפּ, האָט איהם געענטפערט:

— געוויס וואָלט איך געוואָלט ממלא זיין אייער רצון, אָבער ס׳רייסט מיך דער מוח, און איך קען נישט. לאָזט עס איבער אויף אַן אַנדערש מאָל. עס וועלען זיך נאָך מאַכען געלעגענהייטען.

מיט אַן אונצופרידענער מינע איז דער שווער אַראָב פון דער שאַלקע.

אונטען איז צוגעגאנגען דער מיטאָג גאַנץ לעבעדיג. די געסט האָבען זיך געלאָזט וואוילבעקומען, און צווישען איין גלעזעל און דעם אַנדערען האָבען זיי בעשאָטען דבורה׳טשען מיט קאָמפּלימענטען, אַז זי זעהט היינט אויס טויזענד מאָל שענער, ווי געוועהנליך, אז זי איז רייצענד! און זי, אַ העכסט גליקליכע, האט געפונען פאר אלעמען פאַסיגע וויציגע תשובות, וועלכע האבען ארויסגערופען ביים עולם פרעהליכע געלעכטערס און אויך הילכיגע אַפּלאָדיסמענטען.

אויף דעם יונגען בעל-הבית'ל האט זיך קיינער פון זיי נישט באַכגעפרעגט. זיי האבען אלע גאנץ גוט געקענט דבורה'טשען און גע-וואוסט, אז זי איז מיט דעם שידוך נישט צופרידען, און האבען איהר נישט געוואָלט אָנטון קיין עגמת-נפש.

די גאנצע צייט איז שמשון געלעגען ביי זיך אין שאַלקע אויף דער סאָפע. דער רעש און דאס געפילדער פון אונטען, וואס האבען דערגרייכט צו איהם אויבען, האָבען איהם דענערווירט. עס האט איהם ווי געהויבען פון אָרט די פראגע: צו וואס האט דער שווער, א יוד א חסיד, געדאַרפט אַראָפּברענגען אהער די חברה שכורים? און דבורה'טשע? היתכן, אז זי זיצט מיט זיי אויף ביים טיש?

עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען אין איהם האט אויפגעבליצט דער געדאנק, אַראָבצוגעהן און זעהן מיט די אויגען, וואס דארט קומט פאָר. פלוצלונג האט ער דערהערט, ווי די קאָמפּאַניע איז אַרויס אין סאָד. ער איז שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון סאָפע, האט זיך פערדרוקט אין א ווינקעל, און פון דארט אַרויסגעקוקט אין דרויסען. ער האט דערזעהן, ווי דער עולם האט זיך פּאָרלעך-ווייז צושאָטען איבער די אַלעען, שמועסענדיג הילכיג צווישען זיך. נאך אַנ'אויגענבליק — אין שמשון איז אָבגעשפּרונגען הינטערווייל'עכס פון פענסטער, ווי אַ שלאַנג וואלט איהם אַ ביס געטון. אין איין פּאָרעל, וואס האט זיך ווי או-מישנע אבגעזונדערט פון די אנדערע געסט, האט ער דערזעהן דבורה'טשען און דערהערט, ווי זי האט חוצפה'דיג געלאכט אויפ'ן קול. ער האט זיך מיט אימפעט אַ ריס געטון צו דער טיר, און זיך אָנגעשטויסען מיט זיין קרענקליכער שוויגער.

VI

שמשון האט אָנגעקוקט די שוויגער פערוואונדערט, ווייל זי איז תמיד מעהר געלעגען, ווי אַרומגעגאַנגען. נאָך איידער ער האט בעוויזען אויסרעדען צו איהר אַ וואָרט, האט זי איהם אַ פרעגגעטון:

— דו קלויבסט דיך, ווז איך זעה, אַרונטערגעהן אונטען?

— יאָ.

— געה נאָך נישט, איך בעט דיך! — האט די שוויגער שטיל אַרויסגערעדט.

— פאַרוואָס?

— ווייל דו וועסט האָבען גרויס צער פון דעם, וואָס דו וועסט

דאָרט זעהן. ווייסט דאָך, ווי גויים פיהרען זיך אויף ביי יודען.

— און דאָ זיצענדיג, מיינט איהר, זעה איך גאָרנישט און הער גאָרנישט, און האב קיין פערדרוס נישט? זאָגט מיר אָבער, שוויגער, ווי קומט עס אין אַ יודיש, אין אַ חסיד׳יש־יודיש הויז? זי דערלאָזט עס גאָר דער שווער? צו וואס האט ער זיי גאָר אַהער געדאַרפט פעררופען?

— זאָג דאס נישט, מיין קינד. דאס זענען אונזערע שכנים פון עטליכע צעהנדליג יאָהר. מיר פיהרען מיט זיי געשעפטען און האָבען פון זיי גרויסע רווחים. אַזוי פיהרט זיך שוין די וועלט. אָבער אַליך האט דאָך אַ שיעור, און דבורה׳טשע האט עס געדאַרפט פערשטעהן, און אז זי פערשטעהט עס נישט, ביזט דו איהר מאַן און קאָנסט זי אויס׳מוסר׳ן.

— וואס עפּיס א י ך? — האט שמשון געפרעגט אין אַנ׳אויפגערעגטען טאָן. — און וואו איז דער שווער? און וואו זענט א י ה ר? ווי פּאַסט עס גאָר פאר אייך? א י י ע ר ע אַ טאָכטער, און שוין אַנ׳אשת־איש, זאל פערברענגען מיט פּריצים?

— וועגען מ י ר, — האט איהם די שוויגער געענטפערט, ווי דורך טרעהרען, — איז שוין אָבגערעדט. וואס קאן, מישטיינס געזאָגט, אויפטון אַזא אַלטע און קראַנקע יודענע, ווי איך? און דער שוועד? דו זעהסט דאָך, דוכט זיך, אַליין, ווי ער איז בסדר פעריאָגט, ווי ער איז תמיד פערהאַוועט, ווייסט נישט פון קיין טאָג און קיין נאַכט, און איז גאָר קיינמאָל אין דער היים נישטאָ. ווייטער וויל איך דיר זאָגען, אז איצט, נאָך דער חתונה, האָבען מיר שוין אויף אונזער דבורה׳טשען גאָר קיין דעה נישט. נור ד ו ביזט אויף איהר דער איינציגער בעל־דעה, ד י ר וועט זי מוזען פאָלגען, וואס דו וועסט איהר נור הייסען, און דאס בין איך דיך טאַקע אַרויסגעגאנגען בעטען, אז נאך היינט, נאָכדעם, ווי די געסט וועלען זיך צופאָהרען, זאָלסטו אַרונטערקומען און מיט איהר אַריינ׳טענה׳ן און אויפקלערען איהר, אז מיט איהר אויפפיהרונג, וואס פּאַסט נישט פאר אַ יודיש ווייבעל, פערשאַפט זי דיר פיל עגמת־נפש. געוועהנליך, דאַרפסטו מיט איהר אין אָנהויבּ רעדען מיט גוטען און בעטען ביי איהר אַ וואָרט, אז אויף ווייטער זאל זיך עס, חלילה, נישט איבער׳חזר׳ן... טאָמער נישט, קאָנסטו איהר דראָהען...

— דראָהען ? מיט וואס ? — האט שמשון נישט פערשטאַנען, וואס זי מיינט.

— מיט וואס קאן אַ מאַן דראָהען אַ ווייב ? אז ער וועט זי אָבּ׳גט׳ן !..

— ערשט חתונה געהאט און שוין רעדען וועגן גט ?! — האט שמשון אויסגעשריען, ווי צו זיך אַליין. ער האט זיך אין יענער מינוט דערמאָהנט, אז אין אַזא קורצער צייט רעדט זיך שוין ביי איהם דאס צווייטע מאָל וועגען גט׳ן זיך. ער האט אבער צוגעזאגט דער שוויגער צו טון, וואס זי האט איהם געבעטען ; אויב נישט היינט, איז מאָרגען.

אַ גאַנצע נאַכט האט שמשון מיט אנ׳אויג נישט צוגעמאַכט. ער האט זיך געוואָרפען פון איין זייט אויף דער אַנדערער און בשום אופן נישט געקאָנט איינשלאָפען. פאר זיינע אויגען האט נישט אויפ־געהערט שוועבען דאס בילד, ווי דבורה׳טשע האט אַרומשפּאַצירט מיט דעם יונגען פריץ אין דער פינסטערער אַלעע און אין זיינע אויערן האט נישט אויפגעהערט קלינגען איהר הילכיג געלעכטער... פערשידענע, איינס אין אנ׳אַנדער פערפלאָכטענע ביטערע געפיהלען האבען איהם בעהערשט : גאַטספאָרכטיגקייט, צוזאַמענגעמישט מיט אייפערזוכט. דאס לעצטע געפיהל האט ער נאָך ביז־אַהער נישט גע־קענט, און איצט האט עס אין איהם גענאָגט און געעקבערט... און דערצו איז נאָך דער „בעל־דבר" גאר אַ גוי ! ביי דעם געדאַנק האט אין איהם אויפגעקאָכט דאס בלוט און עס האט איהם געהויבען פון געלעגער. בעזונדערס אויפגעבראכט איז ער געוואָרען אויפ׳ן שוועד. ס׳טייטש, אַ יוד אַ חסיד, אַ גרויסער מקורב פונ׳ם טשערנאָ־בילער, ביי איהם זאל אַזוינס פּאַסירען ? און ווי עס ווייזט־אויס, איז דאך דאס אַ געשיכטע נישט פון היינט און פון נעכטען, נור אַנ׳־אַלטע בעקאַנטשאפט, טאָ ווי איז מען דאס אויף אזוי פיל פערבלענדט, נישט צו זעהן, וואס עס טהוט זיך ביי זיך אונטער דער נאָז ? אויב אזוי, מוז ער טאַקע הערען די שוויגער און זיך אליין נעהמען צו דער זאך. מאָרגען וועט ער מיט איהר, מיט דבורה׳טשען, רעדען קורצע דבורים, צי אַהער, צי אַהין... ביי דעם דאָזיגען געדאנק איז ער שוין אַ שטיק אויף טאָג איינגעשלאָפען.

VII

מאָרגען אין דערפריה, בעת שמשון איז אראָב אונטען צו טיי,

האט ער זיך דערוואוסט, אז דער שווער איז גלייך מיט בעגינען אָבגעפּאָה־ען קיין קיעוו וו׳גען אַנ׳עסק. אין שטוב זענען געבליבען נור די אַלטע שוויגער מיט דבורה׳טשען, וועלכע איז נאך אַרומגעגאנגען נישט קיין אויסגעשלאָפענע און אַ צודולטע פון דעם נעכטיגען באַל. שמשון איז שוין דאָסמאל נישט אַרויף צוריק באַלד נאך טיי צו זיך אויפ׳ן אויבערשטיבעל, און זיך אָבגעשטעלט אונטען, זוכענדיג אַ פּאסיגען מאָמענט צו פערפיהרען אַ געשפּרעך מיט דבורה׳טשען וועגען דעם ענין, וואס האט איהם אזוי געפּרעסט דאס האַרץ. זינט זיי האבען חתונה געהאַט, האט זיך נאך נישט געטראָפען, ער זאל מיט איהר אָנהויבען רעדען, און ווען ער האט שוין מיט איהר יאָ גערעדט, איז דאס נור געווען, ווען זי האט געמאַכט די התחלה. צי פון גרויס רעכפּעקט, צי אויס מורא, צי גאָר אויס עקסטער חסיד׳ישער פרומקייט האט שמשון ביז־אַהער ווי נישט געוואַגט דורכצורעדען זיך מיט דבורה׳טשען, ווי אַ מאַן מיט אַ ווייב, און זיי האָבען זיך איינער דעם אַנדערן אָבגע׳פּטר׳ט מיט קורצע פראַגען און ענטפערס. דאסמאָל האט אָבער שמשון ביי זיך פעסט בעשלאָסען אָנטון זיך אַ כח און אַרויס צו איהר מיט דעם געהעריגען האַרבען וואָרט. ער האט נור, ווי געזאָגט, געזוכט דערצו אַ פּאַסענדע געלעגענהייט, און אַזאַ געלעגענהייט איז איהם גאָר אומגעריכט געקומען צו דער האַנד נאך דעם זעלבען טאָג.

דאס איז געווען אין אָוועגד. שמשון האט גאָר־וואס ביי זיך אויף דער שאַלקע אָבגעדאַווענט מעריב און איז אַראָב אונטען צו וועטשערע. די אַלטע שוויגער איז, ווי איהר שטייגער, געלעגען אויף דער סאָפע און געקרעכצט. פּלוצלונג האט זי זיך אָנגעכאַפּט פאַר׳ן האַרצען און אָנגעהויבען שרייען: „אוי, מיר איז נישט גוט!" אַזעלכע האַרץ־אַטאַקען פלעגט זי האבען נישט זעלטען, און יעדעס מאָל האט מען שוין געוואוסט, מיט וואס זי אָבצוראַטעווען. אזוי איז אויך געווען דאסמאָל. ווי די אַלטע האט נור גענומען שרייען, איז דבורה׳טשע גלייך צו איהר צוגעלאָפען, האט איהר עפּיס אַריינגעשפּריצט, און איהר איז באַלד געוואָרען בעסער. נאָכ׳ן עסען, או שמשון האט פערענדיגט בענשען, האט ער זיך אויפגעהויבען פון טיש, האט זיך געמאַכט האַרץ און איז צוגעגאַנגען צו דבורה׳טשען, וועלכע איז נאך געזעסען נעבען דער קראַנקער מוטער, און צו איהר שטיל אוו סאַמעט־ווייך אַ זאָגגעטון:

— די שוויגער, נעביך... אפשר איז דאס, דבורה׳לע, צוליב דיינע זינד ?..

דבורה׳טשע האט, דערהערענדיג די ווערטער, זיך אַ כאַפּגעטון פון אָרט, האט אויסגעגלאָצט אויף שמשון׳ן אַ פּאָר פייערדיגע, דורכ־דרינגענדע אויגען און, אינגאַנצען אנ׳אויפגעבראַכטע, האט זי איהם געפרעגט :

— פאַר מ ײ נ ע זינד ? מיט וואָס האב איך מיך דאס אזוי פערזינדיגט ?

— אָט נעכטען...מיט די פּריצים... — האט שמשון קוים אויסגערעדט.

— וואס איז, מ׳טאָר נישט ? — האט דבורה׳טשע אויסגעשריען, ווי נישט מיט איהר קול. — וואו שטעהט עס געשריבען ?

— אין אונזער תּורה הקדושה. אַ בת־ישראל, אַ טאָכטער פון אַזא פ־ומען יוד, אַ טשערנאָבילער חסיד׳קע, וואו איז דאס גאָר גע־הערט געוואָרען ?

— א י ך בין נישט קיין חסיד׳קע, — האט איהם דבורה׳טשע אָבגעהאַקט. — דאס זענט א י ה ר, מאַנסביל, חסידים, בטלנים !

— און דער טאַטע דיינער ? — האט שמשון, זיך אינגאַנצען טרייס־לענדיג, זי אַ פרעגגעטון.

— דער טאַטע ? דער טאַטע איז אויך אַ בטלן ! — האט איהם דבורה׳טשע שאַרף אָבגעענטפערט.

— הייסט עס, — האט שמשון שוין עטוואס בייזליך אויסגעע־רופען, — אז עס דארף אַזוי זיין, און דו האסט גאָר אויף דעם קיין חרטה נישט ?

— יאָ, יאָ ! עס דארף אזוי זיין, און איך האב אויף דעם נישט קיין חרטה, — האט איהם דבורה׳טשע איראָניש נאָכגעזאָגט, און תּיכף האט זי אויף דעם מוסיף געווען :

— און אויב ד אָ ס איז דיר נאך ווייניג, טאָ זיי וויסען, אז מאָרגען ווארף איך פון זיך אראָב דעם שייטעל !..

שמשון איז געוואָרען אויפגעציטערט. אַזוינס האט ער פון איהר נישט ערווארט. צוזאַמענגעהמענדיג די לעצטע כּחות, האט ער מיט אַ ציטעריגער שטים אַ געשריי געטון :

— אויב אַזוי, ביזטו דאך באמת אַ חצופה ! שוין מאָרגען גט איך דיך אָב !..

אויף דעם האט איהם דבורה׳טשע געענטפערט מיט אַ שטאַרקען,

שטורמישען געלעכטער, וואס האט זיך צוזאַמענגעמישט מיט די קראַמפּפהאַפטע אויסגעשרייען פון דער שוויגער, וואס האט זיך אויפ־מערקזאַם צוגעהערט צו דעם געשפּרעך פון מאַן און ווייב.

— דו ביזט גערעכט, שמשון, זי איז טאַקע אַ חצופה, גט זי אָב! גט זי אָב!

ביי די ווערטער האט די אלטע געוואָלט אויפשפּרינגען פון אָרט, זי איז אָבער צוריקגעפאַלען אויף דער סאָפקע, ווי אַ סנאָפּ; זי האט זיך שטאַרק פונאַנדערגעוויינט און פערענדיגט מיט אַ נייעם אַטאַק...

ווי אַ שכור׳ער, האט זיך שמשון קויב אַרויסגעשלעפּט צו זיך אויף דער שאַלקע. די ערשטע מינוטען איז ער געווען אַזוי צו־טומעלט, אז ער האט נישט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז. דער מוח איז איהם געוואָרען שווער, ווי אַ בליי, און ער איז נישט געווען ביכולת עפּיס צו קלערען. ער האט געוואוסט, אז שלאָפען וועט ער שוין נישט קאָנען, און האט גענומען נעהמען אין האַנד אַ ספר. די אותיות האבען איהם אָבער געפינטעלט פאר די אויגען, און געזעהן האט ער פאר זיך נישט דאס, וואס עס שטעהט געשריבען אין ספר, נור — ד ב ו ר ה ׳ ט ש ע ן, ווי זי שטעהט פאר איהם מיט אַ בלויזען קאָפּ, אָהן אַ שייטעל... אין יענער מינוט האט אין איהם אויפגעבליצט דער געדאַנק, אז גט׳ן וועט ער זי אויף קיין פאַל נישט, עס דער־לאָזט איהם נישט דערצו דאס האַרץ, וואו זי, דבורה׳טשע, זיצט אזוי טיף... אַי, וואס זי איז צולאָזען, איז זי דאָך אויף דעם אַזוי יונג, נאָך כמעט אַ קינד. זי קאָן נאָך בעסער ווערען און ווע ט געוויס בעסער ווערען. אַ שאָד, וואס ער האט מיט איהר אזוי שאַרף גע־רעדט און אָנגעטון איהר אזוי פיל צער. זאל נור קומען דער שווער, זיי וועלען שוין ביידע געפינען אַ מיטעל, ווי צו ווירקען אויף דבורה׳טשען, זי זאל זיין אנ׳אמת׳ע הסידישע טאָכטער.

דער שווער איז שוין אָבער נ י ש ט געקומען. אין מיטען וועג איז ער פלוצלונג קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען.

VIII

דעם שווער׳ס פלוצלונגער טויט האט אַרויסגערופען אין גוט אַ גרויס צוטומלעניש. בעזונדערס שלעכט האט עס געווירקט אויף זיין אלטער קרענקליכער פרוי און אויף שמשונ׳ען. די אלטע האט זיך שטאַרק מצער געווען, וואס די שטוב איז געבליבען, ווי אַ שיף

אָהן אַ רוגדער, וואס עס איז איצט נישטאָ, ווער עס זאָל פיהרען די פיל געשעפטען און ווער עס זאל איבערנעהמען די ווירטשאפט בכלל. זי אליין איז שוואך און קראנק און האט קיין כח נישט, און, אויסער- דעם, איז זי גלאַט ווייניג-וואס בעקאנט מיט דעם מאַנ׳ס עסקים, אין וועלכע זי האט זיך קיינמאל נישט געמישט. קיין פרעמדע מענשען האט איהר מאן נישט געהאלטען, כסדר אלץ אליין. דבורה׳טשע האט אפילו תמיד געהאט אַ ידיעה אין אלץ, זי ווייסט מיט וועמען דער פאָטער האט געהאַנדעלט, זי קען די אַרומיגע פריצים, אבער דאס איז דאָך אַ ווינד, אָבער נישט קיין מענש, אויף וועלכען מ׳קאן זיך פערלאָזען.

שמשון האט זיך נאך דעם שווער׳ס טויט דערפיהלט זעהר עלענד. נור אַ קורצע צייט איז ער געווען מיט איהם צוזאמען, און דאָך דוכט זיך איהם אויס, אז איהם איז אָבגעשטאָרבען ווי אנ׳איי- גענער פאטער. אזוי ווי דאס הארץ וואלט איהם געזאגט, אז אָהן איהם איז ער דאָ אַ פרעמדער און קיינער דארף איהם שוין מעהר נישט. ער האט אלץ געהאָפט, אז ווען דער שווער וועט זיך צוריק- קעהרען פון וועג, וועט ער די ערשטע זאך זעהן פערבעסערן זיין מערכה און פערפעסטיגען זיין שלום-בית מיט דבורה׳טשען, ווארום ווער קאן נאך אזוי ווירקען אויף אַ טאכטער, מיט גוטען, צי מיט בייזען, ווי אַ פאָטער ? נעהמט אָבער דער שווער, ווי אויף צו להכעיס, און שטארבט מיט אמאָל אב און לאָזט איהם איבער, ווי אנ׳- עלענדען יתום.

דבורה׳טשע איז ארומגעגאנגען די ערשטע פאָר טעג ווי אַ צו- בראָכענע, האט געהאלפען דער מוטער וויינען און קלאָגען. אבער אויפ׳ן דריטען טאג איז זי שוין געווען נישט צו דערקענען. לא-די, וואס מ׳האט שוין אָן איהר נישט בעמערקט אפילו קיין צייכען פון טרויער, האט נאך אויסגעוויזען, ווי זי וואלט עפיס איינגאנצען אויפ- געלעבט. עס איז נאך נישט אַריבער קיין „שבעה״, די מוטער איז נאך נישט אויפגעשטאנען פון דער ערד, און דבורה׳טשע האט שוין נישט ארויסגעלאָזט פון האנד דאס קליינע שפיגעלע, און זיך אלץ כסדר געפוצט. לויט איהר לעבעדיגקייט און פרעהליכער מינע האט אויסגעוויזען, ווי אַ נייע הויט וואלט זיך אויף איהר אַרויפגעצויגען. שמשון האט עס בעמערקט און געקוועטשט מיט די פלייצעס : ער האט בשום אופן נישט געקאנט פערשטעהן, וואס דאס בעדייט, צי זי

איז חסר־דעה, צי שכּור ? אַ טאַטע שטאַרבט פּלוצלונג, גאַנץ אומער־וואַרט, און זי, די טאָכטער, איז גאָר פריילעך ! ער האָט זי איינציג מאָל געוואָלט פרעגן, וואָס דאָס הייסט ? און האָט זיך יעדעס מאָל אָבגעהאַלטען. ער האָט זיך פּשוט געשראָקען צו פערפיהרען מיט איהר וועגען דעם אַ געשפּרעך, ער האָט מורא געהאַט, זי זאָל איהם נישט „געבען קיין פּאַרציע״, ווי מיט עטליכע טעג צוריק. ער האָט אָבער בעשלאָסען, איבערצורעדען מכּח דעם מיט דער שוויגער, אפשר וועט זי איהם דאָס קאָנען ערקלערען.

שוין אויף מאָרגען אין דערפריה, בעת דבורה'טשע האָט נאָך געשלאָפען און שמשון איז אַראָב פון שאַלקע צו טיי, איז ער צו־געגאַנגען צו דער שוויגער, וועלכע איז געזעסען אויף דער סאָפע איבער'ן „קרבן־מנחה״־סידור און געדאַווענט, און דערביי אַ ביסעל אונטערגעוויינט, און האָט זי זאַכט געפרעגט:

— זאָגט מיר, שוויגער, איך בעט אייך, וואָס איז דער מעהר מיט דבורה'טשען ?

— וואָס, חלילה ? ! — האָט זיך די אַלטע אַ כאַפּ געטון.

— גאַרנישט. וואָס האָט איהר אייך אַזוי איבערגעשראָקען ? כ'האָב נור געוואָלט זאָגען, אַז ווי איך זעה, נעהמט זיך גאַרנישט דבורה'טשע צום האַרצען, וואָס דער טאַטע איז געשטאָרבען.

איך זעה דאָס אויך, — האָט איהם די אַלטע געענטפערט מיט אַ קרעכץ, — וואָס איז, כ'בין אַ בלינדע ? אָבער אַז איך האָב מיט איהר גאַרנישט געקאָנט מאַכען פאַר'ן פאָטער'ס לעבען, טאָ ווי שוין איצט ? איצט דאַרפסטו צו איהר זיין אי אַ מאַן, אי אַ פאָטער, און טאַקע אַ שטרענגער פאָטער. דו פערשטעהסט ?

שמשון'ען האָט פערקלעמט פאַר'ן האַרצען און ער האָט שוין מעהר מיט דער שוויגער וועגען דעם נישט גערעדט. ער האָט געזעהן, אַז קיינער קאָן איהם דאָ נישט העלפען, אַז ער איז איבערגעגעבען צו זיינע אייגענע כּחות און מוז אַליין זוכען און געפינען אַנ'עצה, וואָס צו טון.

## IX

פאַר שמשון'ען זענען אָנגעשטאַנען שווערע צייטען, נאָך פיל שווערער, ווי ער האָט זיך ווען־עס־איז געקאָנט ריכטען. אָנגעהויבען האָט זיך עס מיט דעם, וואָס אין אַ „שענעם פריהמאָרגען״ האָט

דבורה׳טשע געהאלטען ווערט: זי האט אראבגעווארפען פון זיך דאס שייטעל און גענומען געהן אין די אייגענע האָהר. שמשון איז תחילת געוואָרען אָנגעצונדען, ער האט אבער פערביסען די ליפען און געשוויגען. ביסלעכווייז האט דבורה׳טשע אנגעהויבען פערפאלען ווע־רען צעה׳ן־לאנג פון שטוב און אמאל נישט קומען אפילו צו מיטאג. די אלטע האט ממש פערמאטערט די דינסט, ארומשיקענדיג זי זוכען דבורה׳טשען ביי די נאָהנטע שכנים, אבער מ׳האט זי ערגיץ נישט געקאנט געפינען. נישט איינמאל איז שמשון אליין ארומגעלאפען איבער דעם שכנ׳ישען דארף, האט זיך אין אלע הייזער נאָכגעפרעגט אויף איהר און איז קיין זאך נישט דערגאנגגען. אז מ׳האט זי אליין גע־פרעגט, וואו זי איז דאס געווען, פלעגט זי זיך פונאנדערלאכען אויפ׳ן קול, און גארנישט ענטפערן, אדער זי פלעגט געבען נישט קיין קלאָרע תשובה. די מוטער האט פערשטאנען, אז דבורה׳טשען האט גאר אויפ׳ס־ניי אנגעהויבען ציהען אין הויף צום יונגען פריץ און ויסענדיג פאָראויס, אז קיין מוסר וועט דאָ נישט העלפען, האט זי דערפון שרעקליך געליטען. די מאָס פון איהרע ליידען איז געוואָרען איבערפולט, בעת די דינסט האט איהר אמאל איינגערוימט אין אוי־ער, אז פאָריגע נאכט איז דבורה׳טשע געקומען אהיים מיט׳ן בעגינען און, ווי איהר האט זיך אויסגעדאכט, איז זי געווען אביסעל שכור׳־לעך... זי האט באלד געשיקט אראָברופען שמשונ׳ען, כדי צו ענט־פלעקען איהם דעם סוד, — ערשט ביי א׳הם איז שוין דאס גאר קיין סוד נישט געווען. ער האט שוין עס נישט איינמאָל בעמערקט, און נישט איין שטיק הארץ האט עס שוין ביי איהם אָרויסגעריסען. ער ברעכט זיך אבער דעם מוח און ווייסט נישט, וואס צו טון. ער האט מורא מיט איהר צו רעדען, ער ציטערט פאר איהר בליק, ער פיהלט, אז דאס איז נאך נישט אינגאנצען און שרעקט זיך עס אָרויסצו־ברענגען פון מויל פאר דער שוויגער. אזוי זענען זיי ביידע, די מוטער מיט׳ן איידים, אָבגעזעסען שטום איינע געגען אנדערן, ביידע מיט זייערע פעקלעך צרות און מיט זייערע טיפע וואונדען, א היבשע ווײלע, און האבען זיך צו קיין זאך נישט דערערדט. פון דעמאָלט־אָן האט די אלטע גענומען ניכווען, ביז זי איז אויסגעגאנגען ווי א ליכט.

ווערענדיג א קיילע־דיגע יתומה, האט שוין דבורה׳טשע גאר פערריסען דעם קאָפּ. זי האט זיך שוין נישט בענוגענט מיט ליופען

אלע טאָג אין הויף און גענומען איינלאָדען די פריצים צו זיך, און מאכען פאר זיי אָפּטע בעלער. צוקוקענדיג זיך צו דעם, האט שוין ביי שמשונ׳ען שיער נישט געפּלאַצט די גאל, און אמאָל, פאַרטאָג, בעת די געסט זענען זיך צופאהרען, איז ער אויף איהר אָנגעפאלען מיט קולות: ס׳טייטש, ווי ערלויבט זי זיך עס צו זיין אזוי אויסגע־לאסען? א מופקרת וואלט דאך אזוינס נישט געטון. זי האט איהם אבער אויסגעהערט גאנץ קאלטבלוטיג, און געענטפערט, אז ער דארף נאך דאנקען גאָט, וואס זי האלט איהם דאָ און טרייבט איהם פון דאנען נישט ארויס... שמשון האט פערדעקט מיט די הענד דאס גע־זיכט און זיך פונאנדערגעוויינט אויפ׳ן קול, ווי א קליין קינד. דבורה׳טשע איז געבליבען שטעהן אויף איהר אָרט און, אָנשטעלענ־דיג א מינע, ווי זי וואלט שוין אבגעגאנגען פון כעס, האט זי אַרויפגעלעגט איהר האנד אויף זיין פלייצע, און האט צו איהם ווייך אַ זאָגגעטון:

— אָט זיי נישט קיין נאַר, קוק און שווייג, וועט אונז ביידען זיין גוט...

און האט באלד אויף דעם מוסיף געווען:

— מיר קאָנען דאך נישט לעבען, ווי אונזערע פאַרצייטיגע מאטעס און מאמעס. די וועלט ווערט דאך עפּיס קליגער...

אונטער דעם איינדרוק פון איהר ווייכען טאָן האט שמשונ׳ען אין יענער מינוט אַ בליץ געטון אַ פונק האפנונג, אז זי וועט זיך נאך אפשר ארומזעהן און חוזר בתשובה־זיין. און צו וואס זאל ער עס טראכטען וועגען גט? דער מזבח האט שוין איינמאָל צוליב איהם פערגאסען טרעהרען, הייגט צו וואס דארף ער עס ברענגען דערצו, אז דער מזבח זאל צוליב איהם אַ צווייטען מאל וויינען? אפשר וועט נאך דער זכות פון איהרע עלטערן אזוי גרויס זיין? אַ קשיא אויף אַ מעשה!

עס זענען אבער אַריבער טעג און וואכען, און דבורה׳טשע האָט נאָך גאר אפילו נישט אָנגעהויבען קלערען וועגען תשובה. די בעלער מיט די פריצים האבען נישט אויפגעהערט, און איהר פערשייטקייט איז געוואַקסען און געוואַקסען. אזוי האט זיך שמשון אָבגעפיינגט אַ גאַנצען זומער. ער האט ביי זיך אויסגערעכענט, אז כמעט פון אויף מאָרגען אָן נאָך זיין חתונה האט ער נאך קיין איין רוהיגען טאג נישט געהאט, נגר לויטער צרות און יסורים, אין ביי איהם

איז געבליבען, אז ווען נישט אָב׳גט׳ן זי, מוז ער זי אויף א צייט אװעקװארפען, דעמאלט װעט ער זעהן, װאס דערפון װעט ארויסקומען. דרויסען איז שוין געשטאנען סליחות-צייט, און ער האט באשלאסען צו פאָהרען אויף ימים-נוראים קיין לובאוויטש. דארט וועט ער זיך בעגעגענען מיט׳ן טאטען, און וועט פאר איהם אויסגיסען דאס האַרץ און אויף פאַר׳ן רבי׳ן. טראַכטענדיג אַזוי וועגען זיין נסיעה, האט ער זיך מיט אמאל כאפ געטון: ניין! קיין לובאוויטש וועט ער נישט פאהרען! פון דארט וואקסט זיין גאנץ אומגליק. ווען נישט לובאַוויטש, וואָלט ער נישט מגולגל געווארען אהער אויפ׳ן גוט, וואו מ׳זעהט נישט קיין יודען אויף א רפואה, נור לויטער פריצים און פריצים, און אלע הולטייעס... ער וועט בעסער פאָהרען אויף ראש-השנה צו זיין שווער׳ס רבי׳ן קיין טשערנאביל. צו איהם, צום טשערנאָבילער, וועט ער נאָך קאנען האבען טענות, פאַרוואָס נישט אַלע פון זיינע חסידים ווייסען, ווי מדריך צו זיין זייערע קינדער, והראיה, זיין שווער, אַזאַ פערברענטער טשערנאבילער חסיד, און וואס פאר א דור ער האט ערצויגען! אפשר וועט זיין טענה מאכען אַ רושם אויפ׳ן טשערנאָבילער, און ער וועט זיך אין דער זאך אריינמישען און אז ער וועט נור ווילען, וועט ער ארויסרופען דבורה׳טשען צו איהם קיין טשרנאָביל, און וועט זיך אויף איהר שטארק אָנבייזערן, און א בייזער פון א גוטען יודען איז נישט קיין קלייניגקייט... ביי איהם איז גאר קיין ספק נישט, אז דבורה׳טשע וועט זיך שוין דעמאלט מוזען אונטערגעבען, און ער קאן נאך אמאל פון איהר נחת האבען...

שמשון האט אבער נישט געוואלט אבפאהרען אהן דבורה׳טשעס ידיעה. ער האט געוואלט הערען, וואס זי וועט איהם זאגען, און ער האט איהר מודיע געווען וועגען זיין נסיעה צום טשערנאבילער רבי׳ן אויף ימים-נוראים.

דבורה׳טשע האט גאנץ קאלט אראבגעשלונגען זיין בשורה און געזאגט:

— פאהר געזונטערהייט!..

זי האט אבער גלייך צוגעגעבען:

זוים דיך אבער נישט...

שמשון, וועלכער האט נישט דערווארט צו הערען אזוינס פון איהר מויל, האט זיך שטארק פערוואונדערט אבגערופען:

— אזוי גאר? צו וואס דארפסטו עס מיך, צום ביישפיל?
— וואס הייסט: צו וואס? — האט זי געענטפערט. — דו זעהסט, אפנים, נישט, ווי דאָס גאנצע גוט איז אבגעלאזט, ווי עס איז נישטא קיין בעל-הבית און אלץ געהט מיט׳ן קאָפּ אראב?
הערענדיג אזוינע ווערטער, האט זיך שמשון א ביסעל צעחע-רימט, און האט נאך א קלייגער ווײלע ארויסגערעדט, ווי צו זיך אליין:
— אפשר וואלט ווירקליך געווען א סברה, אז איך זאל דעריבער טאקע דאָ בלייבען? עס איז באמת א שאד די בעל-הבית׳ישקייט. כ׳וועל אנ׳אַנדערש מאל פאהרען צום רבי׳ן...
דבורה׳טשע האט דערשפירט, אז זי איז דא א ביסעל דורכגע-פאלען און האט עס גלייך געכאפט פערריכטען, זאגענדיג:
— ניין, ניין! הייגטיגס מאל מוזטו שוין פאהרען, דאס ערשטע יאהר נאך דער חתונה. זיך אבער דארט נישט אב ביז נאך חנוכה, ווי מיין פאטער פלעגט זיך אמאל נוהג זיין, און די מאמע פלעגט דערפון קייען די ערד...
נאך דעמזעלבען טאג איז שמשון אבגעפאהרען קיין טשערנאביל.

## X

גאַנץ טרויעריג געשטימט איז שמשון אָבגעפאָהרען קיין טשער-נאָביל. ער האָט די גאַנצע צייט פון זיין נסיעה נישט אויפגעהערט קלערען וועגען דבורה׳טשעס צוויי-דייטיגע ווערטער, און געזוכט אויף זיי פשט. זי, וואָס האָט איהם בסדר פון זיך אָבגעשטויסען, וועלכע האָט איהם נישט איינמאָל געגעבען אָנצוהערעניש, אַז זי דאַרף איהם נישט און אַז ער איז איהר אַ לאַסט, נעהמט און בעט איהם גאָר, למען השם, באַלד נאָך ימים-נוראים צוריקצוקומען. איינציגע מאָל איז שוין ביי שמשונ׳ען געווען אַ פּלאַן, איבערצורייסען די רייזע און זיך צוריקקעהרען אַהיים. ער האָט געפיהלט, ווי עפּיס אַ מאַגנעטישע קראַפט ציהט איהם צוריק צו דבורה׳טשען. ער האָט זיך אָבער גובר געווען, און איז געפאָהרען ווייטער.
אין אַ קרעטשמע, עוין נישט ווייט פון טשערנאָביל, האט זיך שמשון צופעליג צוזאַמענגעטראָפען מיט זיינעם אַ בעקאַנטען יוד, וועלכער האָט געהאַלטען דעם פּאַכט אין נאָהנטען הויף, וואוהין

דבורה׳טשע האָט עס אַזוי ליב געהאַט צו לױפען. דער דאָזיגער פאַכטער איז געווען אויף שמשונ׳ס חתונה אַלס גוטער פריינד פון זיין פערשטאָרבענעם שווער, און פון דעמאָלט־אָן האָט ער זיך מיט איהם געקענט, אָבער נור פון ווייטען. שמשון, אַ זוהן פונ׳ם קאָזשעפּליצער רב, און אַליין אויך אַ למדן מופלג, אַ בקי בש״ס, האָט זיך געהאַלטען שטאָלץ, און זיך מיט אַבי־וועמען, בעזונדערס מיט פּראָסטאַקעס, נישט גע׳חבר׳ט. טאָמער פלעגט ווען ווער־עס־איז קומען צום שווער אין גוט, און שמשון האָט זיך מיט איהם נישט געקאָנט אונטערהאַלטען אין דברי־תּורה, צי אין חסידות, האט ער זיך פון איהם מרחיק געווען. אַזוי האָט ער זיך בעצויגען אויך צום פאַכטער, וועלכער האָט אויף איהם דערפאַר געטראָגען אין האַרצען גרויס פערדרוס. אַנ׳אַמאָליגער קלויזניק, וואָס האָט שוין איצט אַפילו פערגעסען דאָס ביסעל לערנען, האט ער דאָך געגאַרט די בעקאַנטשאַפט מיט אַ בן־תּורה, און בפרט נאָך, אז ער איז אַ חסיד, ווי שמשונ׳ס שווער, און פאָהרט אויך דריי מאָל אַ יאָהר צום רבי׳ן קיין טשערנאָביל. ער האָט אָבער וועגען זיין פאַראיבעל אויף שמשונ׳ען קיינעם נישט דערצעהלט און ביי זיך געקלערט, אַז ס׳וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען ער וועט איהם ווייזען, אַז מיט שטאָלץ קאָן מען ווייט נישט פערפאָהרען. ער איז גראָד אויפמערקזאַם געוואָרען אויף דבורה׳טשעס צו־אָפטע בעזוכען אין הויף, שוין נאָך דער חתונה, און האָט זיך מיט דעם שטאַרק פעראינטערעסירט. ער האט זי גענומען נאָכשפּיאָנירען, ביז ער האָט זיך אין אַ געוויסען טאָג איבערצייגט, אַז זי פערראַט דעם מאַן... איהם האט עס געברענט ווי אַ פייער, ער האָט געפיהלט, אַז ער טאָר עס נישט פערשווייגען און אַז ער מוז זעהן עפּיס טון. וואָלט ער זיך דערפון דערוואוסט פריהער, וואָלט ער געוויס בּאַלד געלאָפען צו איהר פאָטער, אָבער איצט איז ער שוין געווען געשטאָרבען, און צו שמשונ׳ען האָט איהם דאָס האַרץ נישט געלאָזט געהן, און ער האט עס אָבגעלעגט פון טאָג צו טאָג. איצט, אַז ער האָט זיך מיט איהם בעגעגענט אין וועג, האט ער געוואָלט אַ רעד טון וועגען יענעם ענין. ער האָט אָבער בעמערקט, אַז שמשון דרעהט זיך פון איהם ארויס, עפּיס ווי ער וואָלט זיך נאָך אַלץ געהאַלטען ביי זיין אַלטען שטאָלץ. דעם פאַכטער האט עס זעהר פערדראָסען, און איז דוקא צו איהם צוגעגאַנגען,

געגעבען איהם א ברייטען „שלום-עליכם", און מיט אַ נקמה-פייערל אין די אויגען איהם א פרעג געטון, ווי ערשטוינט:

— איהר, ר' שמשון, פאָהרט דאס אויך קיין טשערנאָביל? אַיאָ?

— מילא בכן? — האט איהם שמשון געענטפערט, ווי מיט אומווילען, — וואס וואונדערט דאָס אייך אַזוי?

— געוויס איז עס א װאונדער, און א גרויס וואונדער.

— לאָמיך-זשע הערען, פאַרוואָס? — האט איהם שמשון געפרעגט.

— ווייל ימים-נוראים פאַר'ן רבי'ן, — האט געזאגט דער פאַכטער, ציהענדיג יעדעס וואָרט, ווי פון פעך, — דאַרפען זיך שטעלען נור קדושים וטהורים, אבער נישט...

דער פאַכטער איז געבליבען שטעהן אין מיטען זאַץ און האט איהם נישט פערענדיגט.

— אָבער נישט ווער? — האט שמשון אויסגערופען מיט גרויס אומגעדולד.

— אבער נישט איהר! — האט איהם געגעבען דער פאַכטאָר א קורצע תשובה.

— פאַרוואָס? ווי אַזוי? — איז שמשון אויפגעשפרונגען פון אָרט. ווייל אייער ווייב איז א פרוצה!..

שמשון איז געוואָרען בלאס, ווי אַ טוך, האט אבער גארנישט געענטפערט. אין הארצען האט ער מודה געווען, אז דער פאַכטער איז גערעכט. אין איהם האט זיך ווידער דערקוועקט דער געדאנק, צו-ריקצוקעהרען זיך אַהיים; ער האט זיך אבער אויך דאסמאָל גובר גע-ווען און פאַרטגעזעצט זיין רייזע קיין טשערנאָביל אין דער האָפ-נונג, אז אויך ווען ער איז צו דעם אפילו נישט ראוי, וועט זיך איהם דאָך איינגעבען צו שטעלען זיך פאַר'ן רבי'ן, און אויסבעטען ביי איהם אַל-דאס-גוטס...

## IX

אַ טאָג פאר ראש-השנה איז שמשון אָנגעקומען קיין טשערנאָביל. אין „הויף" האט שוין גערוישט, ווי אין אַ ביהנשטאָק פון טויזענדער חסידים, מאַנסביל, ווייבער און קינדער. שמשון איז באלד פון אַכסניא אַוועק אין רבי'נס בית-מדרש, וואס איז געווען פול מיט יונגעלייט און מיט עלטערע. צווישען דעם גאנצען המון חסידים האט ער דאָ געפונען נור אַ פּאָר בעקאנטע וואָסילקאָווער חסיד'ישע

בעלי-בית׳לעך, וועלכע זענען בײַ אים געווען אויף דער חתונה. אויסער זיי האָט ער, אַלס לובאַוויטשער חסיד, דאָ קיינעם נישט געקענט. די וואַסילקאָווער יונגעלייט האָבן אים באַלד פאַרגע־שטעלט פאַר אַנדערע חברים, און איהם דערבײַ פּערלויבט ביז צום הימעל. אין אַ קליינער ווײַלע אַרום האָט מען שוין גערעדט צווישען דעם גאַנצען עולם, אַז דאָ געפינט זיך אַנ׳אויסטערלישער חסיד׳ישער יונגערמאַן, אַ בן-הרב, וועלכער איז נישט בלויז אַ למדן מופלג, נור אויך זעהר בעהאַוונט אין „זוהר״ און אין אַ סך קבלה-ספרים. דער־צו איז ער נאָך אַליין אַ גרויסער מחדש אין חסידות. פון אַלע זײַ־טען האָבן זיך אַרום איהם געקליבען רעדלעך מענשען, וועלכע האָבן איהם געוואָלט אָנקוקען. שמשון האָט זיך מיט דעם שטאַרק איבערגענומען, און כדי צו בעשטעטיגען, אַז דאָס, וואָס מען דער־צעהלט וועגען איהם, איז נישט איבערטריבען און שטימט מיט דעם ריינעם אמת, האָט ער אָנגעהויבען אַרויסווײַזען זײַנע חסיד׳ישע קענ־טעניש. ער האָט אָבגעזאָגט אויף אויסווענדיג שטיקער חסידות פון בע־וואוסטע גוטע יודען, האָט ציטירט פיל מאמרים אויך פון דעם טשערנאָבילער רבי׳ן, און דער גאַנצער עולם אַרום איהם איז גע־שטאַנען, ווי פערגאַפט. אייניגע טשערנאָבילער גביר׳ישע חסידים האָבן איהם פערבעטען צו זיך, און איינער פון זיי האָט איהם אָבּ־געגעבען בײַ זיך אין שטוב אַ בעזונדער צימער, און איהם אײַנגע־לאַדען צו זײַן טיש ביז איבער אַלע ימים-טובים. שמשון האָט דער־פון אין הארצען שטאַרק אַנגעקוואַלען און פון מינוט צו מינוט ער־וואַרט, אַז דער רבי, וועלכער האָט שוין געוויס געהערט וועגען איהם, וועט איהם שיקען רופען צו זיך. און באמת האָט זיך שוין דער רבי וועגען איהם דערוואוסט און איהם געשיקט זאָגען דורך זײַן גבאי-ראשון, אַז אויף מאָרגען נאָך ראש-השנה זאָל ער צו איהם קומען.

## XII

די צווייי טעג ראש-השנה האָט שמשון בעדאַווענט אין דעם רבי׳נס קלויז. די גאַנצע צײַט האָט ער זיך נישט צוגעזעצט אפילו אויף איין מינוט, נור כסדר געשטאַנען אויף די פיס, דעם קאָפּ אײַנגעוויקעלט אין טלית, און זיך ווי געבאָדען אין ים׳ען טרעהרען. עס זענען געווען מינוטען, ווען פון אונטער׳ן טלית האָט איהם

אַ בליץ געטון פאַר די אויגען דבורה׳טשעס געשטאַלט, און ער איז אַ פערטרייסעלטער געוואָרען. וויפיל ער האָט זיך צומאַטערט צו פער־טרייבען איהר געשטאַלט פון זיינע אויגען און צו פערטיפען זיך אין די תפילה־ווערטער, וועלכע ער ברענגט בשעת־מעשה אַרויס פון זיין מויל, האָט זיך עס איהם נישט איינגעגעבען. נאָך אַ ווייַלע, און דבורה׳טשע האָט שוין פערנומען אַלע זיינע געדאַנקען. ער האָט גע־פיהלט, אַז דאָס זענען זינדיגע געדאַנקען, וואָס אַ חסיד דאַרף זיי אַרויסוואַרפען פון מוֹח אפילו אין די וואָכעדיגע טעג, און אַ פשיטא שוין אין אַזעלכע הייליגע טעג, ווי די ימים־נוראים, און נאָך שטעהענ־דיג אָנגעטהון אין טלית און קיטעל אין אַ מקום־קדוש. ער האָט דער־שפירט, ווי עס ציטערן זיינע קנעכלעך, און שיער וואָס ער פאַלט נישט אום. ער האָט אָבער אָנגעשטרענגט זיינע לעצטע קרעפטען, און איז געבליבען שטעהן אויף די פיס, געפעסטיגט דורך דער האָפנונג, אַז די אמת׳ע בערוהיגונג וועט ער ערשט געפינען ביי׳ם רבי׳ן.

די גאַנצע נאַכט פון מוצאי ראש־השנה האָט שמשון מסדר גע־ווען אויף זיין געלעגער דאָס געשפרעך, וואָס ער וועט מאָרגען פיה־רען מיט׳ן רבי׳ן. ער האָט בעשלאָסען אויסצוגיסען פאַר איהם זיין גאַנץ האַרץ, צו דערצעהלען איהם אויספיהרליך אַלע זיינע איבער־לעבענישען פון דער ערשטער מינוט אָן נאָך זיין חתונה, און נישט אוועקצוגעהן אהן אַ ריכטיגער קלאָרער עצה, וואָס צו טהון, אַז דבורה׳טשע זאָל זיך אויפפיהרען, ווי אַנ׳אמת׳ע יודישע טאָכטער און אַז זיין פאַמיליען־לעבען זאָל שוין אויפגעריכט ווערען צום גוטען.

אויף מאָרגען, „צום־גדליה״ נאָכ׳ן דאַווענען, איז שמשון געבלי־בען זיצען אין רבי׳נס בית־מדרש, און האָט מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ אויסגעקוקט די מינוט, ווען מ׳וועט איהם קומען זאָגען, אַז דער רבי רופט איהם. אָבער ס׳איז אוועק אַ שעה און צוויי, און דריי, און קיינער פון רבי׳ן איז צו איהם נישט געקומען. ער האָט אָבגעוואַרט נאָך אַ שעה דריי, עס איז שוין געווען נאָך האַלבען טאָג, און קיין שליח פון רבי׳ן זעהט ער נאָך אַלץ נישט. צום סוף האָט ער זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען און בעשלאָסען, נישט צו וואַרטען אויף קיין שליחים, נור אַליין אַריבערגעהן צום רבי׳ן. אַז ער איז שוין גע־ווען ביי דער טיר, האָט ער זיך אָנגעשטויסען מיט דעם גביר, ביי וועלכען ער איז איינגעשטאַנען. דער גביר האָט שמשונ׳ען אָבגעשטעלט און צו איהם אַ זאָג געטון:

— איך געה דא טאקע צו אייך.

לויט׳ן טאן פ׳ן זיינע רעד האט שמשון פערשטאנען, אז דא איז עפּיס נישט גלאט און איז געבליבען שטעהן, נישט ארויסרעדענ־דיג קיין ווארט.

— דער רבי האט אייך דורך מיר געשיקט זאגען, — האט אנגעהויבען דער גביר, — אז ער ווייסט שוין וועגען אייך אלץ און בעפעהלט אייך תיכף ומיד אבצופאהרען פון טשערנאָביל.

שמשון איז געווארען טויט־בלאַס. אז ס׳וואלט זיך אין יענער מינוט פאר איהם געעפענט א גרוב, וואלט ער אהין גלייך אריינגעשפּרונגען פאר חרפּה. איהם האט ווי אבגענומען דאס לשון. דער גביר האט זיך דערווייל גאנץ קאלטבלוטיג מוסיף געווען:

— פּטר׳ט נישט קיין צייט און כוח, וואס דער רבי הייסט!

— מה פשעי ומה חטאתי? מיט וואס האב איך זיך דאס אזוי פערזינדיגט? — האט שמשון אויסגעבראכען אין א גרויס געוויין, ווי א קליין קינד.

XIII

דער גביר האט נישט געקאנט צוזעהן שמשונ׳ם צער און איהם גענומען טרייסטען.

— זייט אייך נישט מצער, יונגערמאן, — האט ער זיך צו איהם אבגערופען. — דער רבי ווייסט, און מיר אלע ווייסען, אז איהר אליין זייט ריין פון זינד, אבער אייער ווייב איז שוין איינגעטונקט אין טומאה ביז איבער׳ן האלז...

— אבער וואס האט מען צו מיר? וואס בין איך שולדיג? — האט שמשון אויסגעשריען. — וואס האב איך געקאנט מאכען? אדרבה, זאגט איהר אליין.

— איהר האט פיל געקאנט מאכען, — האט איהם דער גביר געענטפערט. — איהר האט זי בעדארפט מחזיר למוטב זיין. איהר האט איהר געדארפט אויפקלערען, אז פאר איהרע זינד זענט איהר פעראנטווארטליך פאר גאט און פאר לייט.

— און צוליב דעם לאזט מיך דער רבי צו זיך נישט צו? — האט איהם שמשון געפרעגט.

— יא, צוליב דעם. דער רבי קאן צו זיך נישט צולאזען

אַ מענשען, װאָס געפינט זיך אין אײן מחיצה מיט אַנ׳אױס־געלאָסענער...

שמשון האָט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס װאַקסט אַלץ פון פאַקטער, אַז נאָר ער האָט דערצײלט דעם רבי׳נס מקורבים, און פון זײ איז דאָס אָנגעקומען צום רבי׳ן אַלײן. אַ װײלע איז ער אַזױ געזעסן, װי פאַרגליװערט. פּלוצלינג האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון מיט אַנ׳אױסגעשרײ:

— נײן! איך װעל מיך נישט ריהרען פון טשערנאָביל, װאו איך װעל נישט זעהן דעם רבי׳ן. איך מוז מיך מיט איהם אױיס׳טענה׳ן. אױף דעם בין איך דאָך אַהער געקומען.

— טוט אײך, װי איהר פאַרשטעהט, — האָט דער גביר געזאָגט, — אָבער איך קאָן אײך שױן מעהר בײ זיך אין שטוב נישט האַלטען, און קײנער װעט אײך דאָ נישט האַלטען, װײל עס רעדט שױן װעגען אײך דער גאַנצער „הױף“.

שמשון האָט זיך אָבער אײנגעעקשנ׳ט און איז געבליבען. ער האָט אָבגעשלאָגען די שװעלען בײ אַלע גבאים און בײ אַלע בכבוֹדיג׳סטע חסידים. ער האָט געװײנט און געקלאָגט פאַר די צװײ װאַסילקאָװער יונגעלײטלעך. צװײ נעכט נאָך דער רײהע איז ער אָבגעלעגען בײם רבי׳נס גאַניק. ער האָט אָבער מיט דעם אַלץ גאָר־נישט גע׳פּועל׳ט. צום רבי׳ן האָט מען איהם אױף קײן פאַל נישט געװאָלט אַרײנלאָזען.

שמשון איז אַרײנגעפאַלען אין גרױס פאַרפּלײצונג, נישט װיסענ־דיג װאָס ער האָט איצט צו טון. עס האָט פאַר איהם װידער אױפ־געבליצט דער געדאַנק, צוריקצוקעהרען זיך אַ היים. דאָרט װעט ער דערצעהלען דבורה׳טשען אַלץ, װאָס ער האָט צוליב איהר איבער־געלעבט אין טשערנאָביל, די בזיונות מיט די שפיכות־דמים, װאָס ער האָט צוליב איהר געהאַט. אפשר װעט דאָס אױף איהר װירקען און עס װעט זיך אין איהר אָנצינדען כאָטש אַ פונק חסידות... דער דאָזיגער געדאַנק האָט בײ איהם אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטען. ער האָט זיך דערמאָהנט מיט װאָס פאַר אַ ביטערן חוזק זי רעאַגירט תמיד אױף זײן מוסר און מיט װאָס פאַר אַ ביטול־געלעכטער זי בעציהט זיך צו איהר חסידישער אָבשטאַמונג, און עס איז איהם געװאָרען קאַלט אין אַלע גלידער. נײן! ער מוז זיך געפינען װײט פון שטוב װאָס לענגער, ער מוז איהר װײזען, אַז ער בעשטעהט אין איהר נישט,

אַז ער קאָן אויסקומען אָהן איהר. דאס וועט אפשר ארויסרופען ביי-איהר אַ בענקעניש. נאך אַ לאַנגען ישוב-הדעת מיט זיך אליין, האט ער בעשלאָסען צו פאָהרען אויף יום-כפור קיין לובאַוויטש. איהם איז אַפילו זעהר שווער זיך צו בעגעגנען פנים אל פנים מיט יענעם, וואס ווען נישט ער, וואלט ער נאָך צו זיין היינטיגען אומגליק-ליכען מצב נישט געקומען. אבער ער מוז זיך אָנטון א כוח. היינט וויפיל איז עס ווערט דאָס, וואס ער וועט זיך דאָ בודאי טרעפען מיט'ן אַלטען טאַטען? פאַר וועמען קאָן מען זיך נאָך מעהר אויס-וויינען, ווי פאַר א פאָטער, און ווער האט נאָך אזוי רחמנות אויף א זוהן, ווי א פאָטער? אַי, וואָס? דער טאַטע קאָן נאך אפשר הייסען נעהמען און אָב'גט'ן דבורה'טשען? וועט ער איהם ערקלערען, אַז דאָס קאָן גאָרנישט זיין, אז דאס איז אוממעגליך, ווייל ער איז צו איהר צוגעבונדען מיט זיין גאנצען לעבען. און וועלכער פאטער וויל דאָס, אז זיין זוהן זאל האבען א פערשטערטע לעבען? ער וועט איהם גלייך, די ערשטע מינוט זאגען: טאטע! איך פערלאנג נור פון דיר אַנ'עצה, ווי אזוי און מיט וועלכע מיטלען אויפצוריכטען מיין שלום-בית מיט דבורה'טשען...

א פאָר טעג פאַר יום-כפור איז שמשון אנגעקומען קיין לובאַ-וויטש. דארט איז ער תיכף אַוועק אויף דער אכסניה, וואו זיינע עלטערן פלעגען יעהרליך איינשטעהן אין דער האָפנונג, צו טרעפען זיי דאָ אויך דאס מאָל. צו זיין גרויסען בעדויערן האט איהם דער בעל אכסניה איבערגעגעבען אין נאָמען פון קאָזשעליצער חסידים, וועלכע זענען געקומען קיין לובאַוויטש אויף די ימים-נוראים, אז זיין פאָטער ר' אהר'עלע האט היינטיגס יאָהר צוליב זיין שוואַכקייט געמוזט זיין פאָהרען צום רבי'ן פערבויגען און בלייבען ביי זיך אין דערהיים. בעקומענדיג די דאזיגע ידיעה, איז שמשון'ען געוואָרען זעהר קאַלעמוטנע אויפ'ן הארצען, און טרויעריג געשטימט, האט ער זיך געלאָזט אין „הויף" אריין. דארט האט ער זיך דערוואוסט, אז צווישען די אנגעפאָהרענע קאָזשעליצער חסידים געפינט זיך א יונגער-מאַן, זיינס א חבר פון קינדווייז אָן, וועלכער האט חתונה געהאט אין איין צייט מיט איהם און איז אנגעקומען פאַר אַנ'איידעם צו א רייכען סוחר. שמשון האט זיך זעהר דערפרעהט. איהם איז באַלד איינגעפאַלען דער געדאנק, אַז אין דעמדאָזיגען חבר, וועלכער האט נאָך יונגעלווייז גע'שמ'ט אין קאָזשעליץ פאַר אַנ'אויסטערלישען פקח,

וועט ער געפינען דעם ריכטיגען בעל-יועץ, וואס וועט איהם מיט זיין עצה קאָנען בעפרייען פון דעם קאָשמאַר, וואס דריקט איהם אזוי. ער האט זיך גענומען נאכפרעגען אויף איהם, ביז ער איז דערגאנגען וואוהין ער איז פערפאָהרען, און איז צו איהם תיכף אַוועק. דער חבר פון זיין זייט האט זיך אויך מיט שמשון׳ען זעהר דערפרעהט. ער האט אבער באלד דערקענט אָן זיין פנים, אז עס איז עפים מיט איהם נישט פרעהליך, אַז ער געהט ארום מיט א פער-ביטערט הארץ, און איהם גענומען פונאַנדערפרעגען, וואס ער מאַכט און וואס עס הערט זיך ביי איהם בכלל.

שמשון, וועלכער האט נור געוואַרט אויף דעם, האט זיך ארומגעקוקט, צי עס איז אין צימער נישטאָ קיין זייטיגער מענש, און דאַן האט ער, אַראָבוואַרפענדיג פון זיך די בושה, אויסדער-צעהלט זיין חבר אַלץ, וואָס עס האט ביי איהם אויפגעקאָכט און אויפגעזאָדען אויפ׳ן האַרצען פון דער ערשטער מינוט אָן נאָך דער חתונה. דער חבר האט שמשונ׳ען אויסגעהערט אויפמערקזאַם, האט איהם נישט איבערגעריסען אין מיטען די רעד מיט קיין שום פראגע, און געלאָזט איהם פערענדיגען. אָן דעם חבר׳ס ערנסטען פנים האָט מען געקאָנט דערקענען, אז ער האט גרויס מיטלייד מיט שמשונ׳ען. ער האט זיך א ווײַלע פערטראכט, צוזויפקנייטשענדיג דעם שטערן, און נאכהער זיך אָבגערופען:

— ווי איך זעה, ביזטו מיאוס אריינגעפאלען, און איך האב פאר דיר קיין אנדער עצה נישט, ווי נור, דו זאלסט זעהן וואס גי-כער זיך אַרויסראַטעווען.

— אָבער ווי אַזוי? — האט שמשון אויסגעשריען.

— וואס הייסט, ווי אזוי? דו ווייסט נישט, ווי מען איז זיך נוהג ביי יודען? — האט איהם דער חבר געפרעגט. — אז מען ווערט נכשל מיט א ווייב אַן אַרורה, נעהמט מען און מ׳גט זי אָב, און מען ווערט פון איהר פטור.

— אָב׳גט׳ן זי? איך האב דאך זי אבער ליב, מיין לעבען הענגט אָן איהר!

— דו האסט זי ליב? פאר וועלכע מעשים-טובים? דערפאַר, וואס זי האט דיך פיינט און ברענט דיינע טריט? דערפאר, וואס זי טוט דיר אָן די געבערענטסטע ליידען? דערפאר, וואס זי איז דיר אומטריי? דערפאר, וואס...

— אַז זי וואָלט מיר געווען אומטריי, — האָט שמשון איבערגע־ריסען דעם חבר, — וואָלט זי מיר נישט געבעטען, איך זאָל מיך אין װעג נישט פערזוימען.

— שוטה דו איינער! — האָט זיך דער חבר פונאַנדערגעלאַכט. — דו ווייסט, צו וואָס זי דאַרף דיך? איך וועל דיר זאָגען, צו וואָס: זי וויל זיין אויסגעלאַסען אויף דיין חשבון...

און דער חבר האָט צוגעגעבען:

— אַז מיר וואָלט אַזוינס פּאַסירט, וואָלט איך מיט איהר באַלד בענומען און געשלאָגען כפּרות. אחוץ דעם וואָלט איך מיך נאָך אָן איהר אַזוי נוקם געווען, אַז זי וואָלט מיך געהאַט צו געדענקען לעולם ועד. אָט פאָלג מיך און גאָה שוין גאָרנישט אַריין צום רבי׳ן. ער וועט דיר גאָרנישט העלפען און קאָן דיר נישט העלפען, נור נעהם גלייך אויף מאָרגען נאָך יום־כּפּור און פאָהר אָב קיין וואַסיל־קאָוו, דאָרט גאָה אַריין צום רב, דערצעהל איהם אַזוי און אַזוי, און בעט איהם מסדר־זיין דעם גט. און אויב דיר אַליין וועט אפשר שווער זיין אבצוגעבען איהר דעם גט, טאָ שיק איהם איהר אריין דורך א שליח, און אראָב פון מאַרק. דו ביזט נאָך אַ יונגערמאַן, קאָנסט נאָך אַמאָל זיין גליקליך און פערגעסען אָן דיינע צרות.

דעם חבר׳ס רעד האָבען אויף שמשונ׳ען געמאַכט א שטאַרקען איינדרוק, און ער האָט בעשלאָסען, איהם צו פאָלגען. נאָך מוצאי יום־כּפּור איז ער אבגעפאָהרען קיין וואַסילקאָוו, וואו ער האָט צוליב׳ן גט געמוזט פערברענגען איבער די ערשטע טעג סוכּות. אַז ער האָט שוין געהאַט דעם גט אין האַנד, האָט ער אָבער ביי זיך בשום־אופן נישט געקאָנט פּועל׳ן אָבצושיקען איהם דבורה׳טשען דורך א שליח. אין איהם האָט אויפגעטליעט א פונק האָפנונג, אַז אין דער לעצטער מינוט וועט זי זיך פאָרט אַרומזעהן, ווי זי האָט פערגרייזט מיט איהר הנהגה, און וועט איהם מבטיח־זיין זיך צו בעסערן און זיין אַ יודישע טאָכטער מיט לייטען גלייך.

דעם דריטען טאָג חול־המועד סוכּות, שפּעט אין אָווענד, איז שמשון געקומען צו זיך אהיים. דבורה׳טשען האָט ער אין שטוב נישט געפונען. דערפאַר האָט איהם אָבער מקבל־פּנים געווען די אַלטע גוי׳אישע פּאַראָבקע, וועלכע איז איהם נאַכגעגאַנגען ביז ארויף אויף דער שאַלקע, וואו זי האָט איהם כּמעט וויינענדיג געגומען מוסר׳ן: סטייטש, ווי ווערט דאָס ביי איהם רעכט אָבצופאָהרען אויף אַזוי

לאנג פון דער היים און לאזען די יונגע „גאָספּאָדיני" ארומטרייבען זיך מיט אנדערע...

דערביי האט זי איהם איינגערוימט א סוד אין אויער, אז די גאנצע צייט, וואס ער איז נישט געווען, האט זי, דבורה'טשע, נישט אויפגעהערט נאכט אין נאכט צו הוליען מיט די שכנ'ישע יונגע פריצים און אפילו אין די „יודישע הייליגע טעג"...

XIV

שמשון איז געבליבען זיצען מיט א פערקלעמט האַרץ. ווי פערמאטערט ער איז געווען פון וועג, האט ער זיך דאך נישט געלעגט אָברוהען. ער האט אַפילו פון זיך נישט אראבגעוואָרפען דעם וועגמאַנטעל. ער האט בעשלאסען אָבצעוואַרטען דבורה'טשען און איבערגעבען איהר דעם גט, תיכף די מינוט פערלאזען דעם גוט און אוועק, וואוהין די אויגען וועלען איהם טראגען. ער איז אראָב פון דער שאַלקע און אריין אין סאד, וואו ער האט זיך אוועקגעזעצט אויף א באנק הינטער א געדיכטער אַלעע. דרויסען איז געשטאנען א קאלטע, פינסטערע הערבסט-נאַכט. ער האט זיך איינגעטוליעט אין זיין מאנטעל, און דאך האט איהם שטארק דורכגענומען די קעלט. באַלד האט איהם אָנגעהויבען שוידערן. אַרויפגעהן צוריק צו זיך אויף דער שאַלקע האט ער נישט געוואלט, ווייל פון דאָרט וואלט ער נישט געקאָנט אָבסערווירען דבורה'טשען, דעריבער איז ביי איהם געבליבען אַריינגעהן אָנוואַרימען זיך אין דעם דערבייאיגען בעהייצטען הילצערנעם בנין, וואו עס האט זיך תמיד געטריקענט דער האָפּען פאַר דעם ביר-ברויז, וועלכער האט זיך געפונען אין גוט. ער האט אָבער ביי זיך נישט געהאט דעם שליסעל פון דאזיגען בנין, און דאס האָט איהם געצוואונגען אַריינצוגנב'ענען זיך, אז קיינער זאל נישט בעמערקען, צוריק אין שטוב אַריין. דערמאָהנענדיג זיך, אַז אין יענעם בנין איז שטאָק-פינסטער, האט ער פערכאַפּט מיט זיך אויך א קליין לעמפּעל מיט'ן נאַפט-קענדעל. א פּאר שעה אַנ'ערך איז ער אָבגעזעסען ביי די האפען, ביז ער איז איינגעשלאָפען. פלוצלונג האט ער זיך אויפגעכאפּט. צו זיינע אויערען האבען זיך דערטראגען קלאנגען פון א גלעקעל, און תיכף האט ער דערקענט, אז דאס איז דאס גלעקעל פון דער שכנ'ישער הויפישער קאַרעטע. ער האט פערשטאנען, אז דאס איז געקומען דבורה'טשע, און נישט

אַליין... ער איז געוואָרען, ווי פערשטיינערט, נישט קאָנענדיג זיך ריהרען פון אָרט. אין דער מינוט האָט ביי איהם אויפגעבליצט דער געדאַנק, אַז היינט מוז נעהמען אַנ׳עק׳ ער האָט נאָך אָבער דערווייל נישט געוואוסט, ווי אַזוי. מיט אַמאָל האָט ער דערזעהן פון ווייטען, ווי ביי איהם אויף דער שאַלקע איז געוואָרען ליכטיג, און פיל ליכטיגער, ווי געוועהנליך. ער האָט זיך געכאַפּט מיט די הענד פאַר׳ן קאָפּ, אויסשרייענדיג צו זיך אַליין: ביי מיר אויף דער שאַלקע, צווישען די פיר ווענט מיט די הייליגע ספרים?!... צודולט און צוטומעלט און אינגאַנצען פערלוירען, האָט ער ווי אויטאָמאַטיש געכאַפּט דאָס קענדעל און צוגאָסען דעם נאַפט איבער דעם בנין מיט די האָפען און עס אונטערגעצונדען, אַרויספליהענדיג, ווי אַ ווייכער אויפ׳ן הויף, און פון דאָרט דורכ׳ן סאָד ווייטער און ווייטער פון גוט אַרויס.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין דער גאַנצער בנין געשטאַנען אין פלאַמען און דער ווינט האָט געוואָרפען דאָס פייער אויך אויף די איבעריגע, דערבייאיגע הייזער.

אין משך פון אַ פּאָר שעה האָבען אָבגעבּרענט אַלע בנינים פון גוט. דבורה׳טשע האָט זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט מיט׳ן לעבען אויף אויף אַ שטריק, וואָס מ׳האָט איהר דערלאַנגט דורכ׳ן פענסטער בשעת׳ן טומעל. ווען עס זענען אַנגעלאָפען די פּויערים פון די נאָהנטע דערפער, און אַלע האָבען זיך גענומען לעשען דאָס פייער, איז גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלען, אַז דאָס האָט עמיצער אונטערגעצונדען. מ׳האָט גערעכענט, אַז דאָס איז אַ נאַטירליכע שרפה. אָבער אויף מאָרגען אין דערפריה איז אַראָבגעקומען פון „סטאַן" אַנ׳אויספאָרשונג-קאָמיסיע, וועלכע האָט אַלע מענשען פון גוט, און אויך דבורה׳טשען בתוכם, חוקר ודורש געווען, און אַזוי-אַרום האָט מען זיך דערוואוסט פון דער אַלטער פּאַראַבקע, אַז נעכטען אין אָוועגד איז געקומען צופאָהרען שמשון, וועלכער האָט זיך דאָ אַרומגעדרעהט עטליכע שעה, ביז אַ שטיק אין דער נאַכט, און איז דערנאָך נעלם געוואָרען. ס׳האָט זיך אַפילו קיינעם נישט געלעגט אויפ׳ן שכל, אַז שמשון, אַ יוד אַ חסיד, זאָל האָבען אונטערגעצונדען דעם גוט. דאָך האָט דער פּריסטאַוו אויסגעריכט דעם „וואָיט" מיט אַ פּאָר געהילפען אויף פערד, אַרומצוזוכען אין דער אַרומיגער געגענד. נאָך דעם זעלבען טאָג האָט מען איהם געכאַפּט שלאָפענדיג אין אַ קרעטשמע

ביים וואסילקאווער טראקט. נאך איידער דער „וואָיט" האט בעוויזען צו שטעלען איהם די ערשטע פראגע, האט ער זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס און א זאג געטון גאנץ דרייסט:

— איהר זענט געוויס געקומען נאָך מיר. יאָ, איך האב עס אונטערגעצונדען, נעמט מיך!

געבונדען מיט שטריק, האט מען שמשון'ען געבראַכט אין „סטאַן", וואו ער איז אָבגעזעסען עטליכע טעג אין תפיסה, און פון דאָרט איז ער מיט'ן „עטאַפ" אָבגעשיקט געווארען, געשמידט אין קייטען, קיין וואַסילקאָוו.

אין דער חסיד'ישער וועלט, בעזונדערס אויפ'ן דרום, האָט די פרויעריגע געשיכטע מיט שמשונ'ען אַרויסגערופען אַ גרויסע צורודע-רונג. אין די טשערנאָבילער קרייזען זענען ענטשטאַנען חלוקי-דעות וועגען דער פראַגע, צי מ'זאָל זעהן אָנווענדען די נויטיגע קרעפטען, אַרויסצוראַטעווען שמשונ'ען פון „גוי'אישע הענד". עס האבען זיך שוין געהאַט געפונען אַ פּאָר חסיד'ישע מיליאָנערען, וועלכע האבען געוואלט מנדב-זיין אויף דעם צוועק א היבשע געלד-סומע. צום סוף איז אָבער געבליבען, אז מ'דארף לאָזען שמשונ'ען זיך אויסלייטערן אין צרות און יסורים, ביז זיין נשמה וועט ארויס ריין און וועט בעקומען תקון. מ'האָט זיך וועגען דעם דערוואוסט אויך אין קאָזשע-ליק, אבער ר' אהר'על איז שוין דאַן געלעגען אויפ'ן בעט האַלב-פּאַראַליזירט, און זיינע מקורבים האבען איהם נישט געוואלט מצער-זיין, און פון איהם דאָס אומליק פערשוויגען.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום איז פאָרגעקומען שמשונ'ס פּראָצעס. ער האָט מיט קיין זאַך נישט געזוכט לייכטער צו מאַכען זיין שולד, און אויף אַלע פראגען, וואס מ'האָט איהם געפרעגט, האט ער געהאט נור איין תשובה: „איך מיט מיינע הענד האב אונטערגעצונדען דעם גוט אַלס נקמה". דערביי האט ער אויספיהרליך דערצעהלט פאַר'ן גע-ריכט זיין לעבענס-געשיכטע, וועלכע האט געמאכט אויף די ריכטער א טערקען איינדרוק מיט דער נאַאיוויטעט, וואס האט זיך געלאזט הע...ען אין זיינע ווערטער, און, נישט אָנגעהמענדיג דעם פּראָקוראָר'ס פאָדערונג, צו פער'משפט'ן איהם אויף צעהן יאָהר קאַטאָרזשנע אַרבייט, האָבען זיי זיין שטראָף פערקלענערט ביז פיר יאָהר.

XV

די פיר יאָהר איז שמשון אָבגעזעסען אין דער טאָבאָלסקער

טורמע. די ערשטע צייט האט ער שטאַרק געליטען, נישט אַזוי פון דער שווערער אַרבייט, ווי פון דער סביבה, אין וועלכער איהם איז אויסגעקומען צו פערברענגען, אַ סביבה פון כל המיני פערברעכער, גנבים, גזלנים און מערדער. גראַד איז ער געווען איין יוד אין דער דאזיגער קאָמפּאַניע, פון וועלכער ער איז אויסגעשטאנען די געבּרענטסטע ליידען. מ'האט פון איהם אָבּגעלאכט און אָבּגעחוזק'ט, אָפט צוגע'גנב'עט ביי איהם זיין „פּאַיאָק" און געלאָזט איהם הונגערן, און אַמאָל, בשעת חדוה, מכבד געווען איהם אויך מיט אַ קלאַפּ. קלאָגען זיך פאַר „נאַטשאַלסטוואָ" האט דאָ נישט געהאָלפען, דאס האט נאָך געמאכט ערגער. אין אַ געוויסער צייט ארום האט זיך זיין מצב אָנגעהויבען בעסערן. צווישען די ארעסטאַנטען פון זיין קאַמער האט זיך געפונען אַן עלטערער גלח, וועלכער איז פעראורטיילט געווארען אויף קאַטאָרגע פאַר אַ שווערען סעקסועלען פערברעכען, וואס האט זיך פערענדיגט מיט'ן מאָרד פון אַ 12-יעהריג מיידעל. דער דאזיגער גלח האט זיך זעהר געפייניגט פון געוויסענביסע, האט כסדר געקרעכצט און גאַנץ אָפט געוויינט אַפילו פון שלאָף. שטענדיג האט איהם געפּוּישט אויסגיסען פאַר וועמען-עס-איז דאָס האַרץ, זיך מתודה זיין פאַר עמיצען, זיך לייכטער צו מאכען. ער האט אבער נישט געפונען דעם פּאַסיגען מענש, וועלכער זאל איהם פערשטעהן. אלע זענען זיי געווען פערגרעבטע, מגושמ'דיגע נפשות מיט שטיינערנע הערצער. אָט האט ער זיך אין אַ געוויסען טאָג געווענדט צו שמשונ'ען, און באַלד אין איהם דערזעהן דעם מענשען, וועמען ער זוכט. פון יענער מינוט אָן איז ער שוין פון איהם נישט אָבּגעטראָטען, און אַזוי זענען זיי ביידע חברים געווארען. שטענדיג זענען זיי געווען צוזאַמען, און איינער אָהן דעם צווייטען האט זיך נישט געגעבען קיין ריהר. דער גלח איז געווען זעהר אַ בעריידווּדיגער, און שמשון איז באַלד ארונטערגעפאַלען אונטער זיין השפעה. ער האָט מיט איהם פערפיהרט לאַנגע שמועסען אויף רעליגיעזע און פילאָזאָפישע טעמעס, ער האט איהם בעקאַנט געמאכט מיט אַלערליי בעגריפען פון וועלטליכקייט. אליין זעהר געבילדעט, און אַ גרויסער שפּראַכען-קענער, האט ער שמשונ'ען געלערנט רוסיש און אַנדערע וועלטליכע ידיעות. שמשון האט זיך גענומען פאַר'ן לערנען מיט שטאַרקער התמדה און געמאַכט גרויסע פאָרטשריט. ביסלעכווייז האָט דער גלח אַריינגענומען שמשונ'ען אין זיינע הענד אויף אַזוי ווייט,

אַז ער האָט שוין מיט איהם גאַנץ אָפּענהערציג אָנגעהויבען אריינ־טענה׳ן וועגען דעם, אז פאַר איהם וואָלט זיך בעסער געלוינט אָבצוזאגען זיך פון דער יודישער אמונה און צו ווערען א קריסט, כדי פטור צו ווערען דורכדעם מיט איין קלאַפּ פון די שרעקליכע צרות, וואס א יוד האט אויסצושטעהן אין לעבען אויף יעדען שריט און טריט. שמשון האט זיך צוגעהערט און — געשוויגען. ער האט זיך סיי־ווי געהאַלטען פאר אַ געקאַליעטשעטען מענשען, פאַר אַ „גברא קטילא״, וועמענס לעבען ס׳איז שוין אויסגעשפּילט, באופן, אַז ס׳איז שוין פאַר איהם אַלץ איינס, היינט צו וואס טראַכטען וועגען א זאך, וואס איז פאר איהם נישט מעלה, נישט מוריד? אבער וואס נעהנטער ס׳האט זיך אונטערגערוקט די צייט פון זיין בעפרייאונג, אַלץ מעהר זענען אריינגעדרונגען אין זיינע אויערן דעם גלח׳ס טרייסט־רעד, אז דאס לעבען קאן נאָך איהם פערגעלטען פאַר אלע זיינע ביז־אַהער אויסגעשטאנענע צרות, אז א דאַנק זיינע פעהיגקייטען האט ער נאך די מעגליכקייט צו דערשלאגען זיך צו א גלענצענדער קאַריערע, אָבער נישט אַלס יוד...

איג׳ם משך צייט, וואָס שמשון האט פערבראַכט אין דער טאָבאָלסקער קאַטאָרזשנער טורמע, האט ער מיט זיין שטילען, רוהיגען כאַראַקטער און מיט זיין אויסגעצייכענטער אויפפיהרונג נושא־חן געווען ביי דער העכערער „נאַטשאַלסטוואָ״. נאך שפּעטער, בעת מען האט דערזעהן מיט גרויס פערוואונדערונג, ווי דער אומוויסענ־דער יונגערמאַנטשיק האט בעוויזען זיך אזוי אויסצובילדען, צו ער־ווערבען אזעלכע ידיעות אין שפּראַכען, אַזוי אין אנדערע קענטעניש, האט מען איהם אָנגעהויבען זעהר צו אַכטען. מ׳האָט בעקומען פאר איהם גרויס רעספּעקט. דער פועל־יוצא דערפון איז געווען, אז בעת ס׳האט זיך פערענדיגט דער טערמין פון זיין קאַטאָרגע, און מ׳האָט איהם לויט׳ן געזעץ געדאַרפט ערלויבען אויסצוקלויבען זיך א וואוינ־אָרט אין אַ וועלכען ס׳איז סיבירער דאָרף, אָדער קליין שטעדטיל, האט מיט איהם די העכערע מאַכט געמאַכט אַנ׳אויסנאַם, און איהם געגעבען די מעגליכקייט צו בעזעצען זיך אין דער גרויסער שטאָדט אירקוטסק. דער גלח, וועלכער האט געהאַט אָבצוזיצען אין קאַ־טאָרגע נאָך עטליכע יאָהר, האט גראד געהאַט אין אירקוטסק אנ׳־אַלטען בעקאַנטען, צו וועלכען ער האט געגעבען שמשונ׳ען זעהר א הייסען רעקאָמענדאַציע־בריף. דער דאָזיגער בעקאַנטער, דער דירעק־

טאָ־ פונ'ם אָרטיגען גלח'ישען סעמינאַר, האט פון דער ערשטער מינוט אָן אַרויסגעוויזען צו שמשונ'ען גרויס גאסט־פריינדשאפט, האט איהם אריינגענומען צו זיך, און מבטיח־געווען איהם צו דינען מיט וואָס ער וועט נור קאנען. ס'זענען אריבער עטליכע חדשים, און שמשון האט זיך דערפיהלט פערשפונען אין א נעץ, פון וועלכער ער האט זיך נישט געקאנט ארויספלאָנטערן. צו קומען אין קאָנטאַקט מיט יודען איז איהם געווען אוממעגליך: מ'האט פאר איהם צו זיי פערצוימט אלע וועגען. ער איז שוין פערבליבען אין דירעקטאָר'ס הויז, אין אָנהויב אלס פרעמדער, און אין עטליכע חדשים אַרום — אלס אייגענער. ער האט זיך פערליבט אין דעם דירעקטאָר'ס טאָכטער, האט זיך אבגע'שמד'ט און מיט איהר חתונה געהאט. ער האט שוין איצט געהייסען פילאַרעט אַרקאַדיעוויטש קאָזשעלצין.

פאַר דער צייט האָט זיך שמשון ארויפגעאַרבייט מיט גרויס חשק אויף דער פראַוואָסלאַווער טעאָלאָגישער ליטעראַטור, אין וועלכער ער איז באַלד געוואָרען שטאַרק בעהאַווענט. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און ער האָט שוין אָנגעהויבען שרייבען איינצעלנע מאָנאָגראַפיעס און אויך גאַנצע ביכער אויף דעם דאָזיגען געביט. ער האָט בעקומען א נאָמען אַלס גלענצענדער טעאָלאָג, און מ'האָט שוין וועגען איהם גענומען רעדען אין די העכסטע ספערען פון דער פראַוואָסלאַוונער יעפאַרכיע. מ'האָט איהם מוחל געווען זיין יודישע אָבשטאַמונג. מ'האָט פערגעסען, אַז ער איז א געוועזענער קאַטאָרזשניק, און מ'האָט מיט איהם שטאָלצירט, ווי מיט אַנ'אויסטערלישען רוסישען געלעהרטען. אין די מיטעלע פופציגער יאהרען — דאָס איז נאָך געווען אונטער דער רעגירונג פון ניקאָלאַי דעם ערשטען — האָט מען איהם געגעבען איינע פון די בכבוד'יגסטע קאַטעדרעס אין דער מאָסקווער פראַוואָסלאַווער אַקאַדעמיע.

שמשון איז זיינע גוטס־טוער נישט געבליבען שולדיג קיין דאַנק. זיין דאנק איז בעשטאנען אין דעם, וואָס ער האָט ביי יעדער געלעגענהייט אַרויסגעוויזען אַ גרויסע שנאה צו יודען און צו יודישקייט. ער האָט אויך פערפאַסט אייניגע אַנטיסעמיטישע ווערק, אין וועלכע ער האָט אונטערשטיצט אַלע בלבולים, עלילת־דם נישט אויסבעשלאָסען, וואָס ווערען געמאַכט אויף יודען פון דורות־לאַנג. בעזונדערס האט ער געזוכט צו בעשמוצען דעם חסיד'יזם. צווישען

אַנדערע, האָט ער אָנגעשריבען אַ בראָשור אונטער'ן נאָמען: „דער חסיד'יזם אין צפון-מערב און אין דרום-מערב-קאַנט אַלס אונטער-גראָבונג אונטער די זיילען פון דער רוסישער מלוכה". אויף דעם שער פון דער בראָשור האָט ער זיך אָנגערופען „סאַמסאָנאָוו א." מ'האָט אָבער פערשטאַנען אין טאָן, ווער עס בעהאַלט זיך אונטער דעם דאזיגען פסעודאָנים. די דערמאָנטע בראָשור האט געמאַכט אין די רעגירונגס-ספערען אזא שטאַרקען איינדרוק, אַז אַ קורצע צייט נאך איהר ערשינען זענען געמאכט געווארען רעוויזיעס אין די רוסישע און דרום-רוסישע חסיד'ישע הויפען. בעזונדערס שטרענג זענען דורכגעפיהרט געוואָרען די רעוויזיעס אין לובאוויטש און אין טשערנאָביל.

אין די חסיד'ישע קרייזען האט מען גאנץ גוט פערשטאנען, פון וועמען די דאָזיגע צרות שטאַמען. מ'האָט געוואוסט, אַז דאָס איז שמשונ'ס אַ שטיקעל אַרבייט. און מ'האט שטארק מורא געהאט, דאָס זאל נישט ברענגען צו טרויעריגע רעזולטאטען, ווי אַרעסטען וכדומה. ס'איז אָבער דערצו נישט געקומען. ס'איז באלד אויסגעבראכען דער קרימער קריג, און די רוסישע מלוכה האט שוין בעקומען גרע-סערע דאגות, ווי צו בעקעמפען דעם חסיד'יזם. אין קאָזשעליץ און אין טשערנאָביל איז נאך לאנגע, לאנגע יאָהרען נאכדעם נישט אראָב פון סדר-היום די „געשיכטע מיט שמשון ר' אהר'עלעס" און דער מוסר-השכל דערפון, אַז גערעכט איז געווען שלמה המלך, וועלכער האט געזאגט, אז „אַ פערדאָרבענע פרוי איז ערגער פון טויט"...

---

# איל‌אריאָז לעווידאָוו.

## 1

מיט גרויס אויפרעגונג האָבן יודען אין דער גאַנצער וועלט אויפגענומען די ידיעה, אַז אין וואַרשע האָט זיך אָבגעפונען אַנ׳אַד־וואָקאַט אַ משומד, אַ געוויסער פּאָזנאַנסקי, וועלכער האָט אויף זיך גענומען די איידעלע מיסיע צו פערטיידיגען אין פּאַריז דעם אָנדענקען פון פּעטלוראַ׳ן. אַזעלכע פאַקטען זענען אין דער יודישער געשיכטע נישט קיין זעלטענהייט. גראָד דאָ נישט לאַנג האָב איך, קלויבענדיג מאַטעריאַל פאַר מיין סעריע „אַבטריניגע״, מיך אָנגעשטויסען אָן אַנ׳אַנאַלאָגיש אויסטערליש געשעהעניש, וואָס האָט אין איהר צייט גע־דראָהט אונטערצוברענגען אַ גאַנצען יודישען ישוב אין ווייס־רוסלאַנד, און נור דורך אַ בלויזען צופאַל איז דאָס אומגליק געוואָרען אויסגעמיטען.

דאָס האָט פּאַסירט די לעצטע זעכציגער יאָהרען פונ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט ביי דעם שטעדטיל קרופּקע, אָרשער געגענד. אין יענעם אָרט האָט זיך דעמאָלט געבויט די מאָסקווע־בריסקער אייזענ־באַהן־ליניע. די בויער, ביי אַ פּאָר הונדערט פּאָניעס פון די טיף־רוסישע גובערניעס, האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין הילצערנע באַראַקען נישט ווייט פון שטעדטיל. אַ וויאָרסט דריי, פיר פון דאָרט האָט זיך געפונען אַ גרויס גוט, וואָס האָט אָנגעהערט גאָר אַמאָל צו אַ פּוילישען גראַף, און שפּעטער איז עס איבערגעגאַנגען צו אַ רייכען „סטאַ־ראָוויער״, וועלכער האָט אַליין געוואוינט אין סמאָלענסק. אינ׳ם גוט האָט דער „סטאַראָוויער״ אויסגעבויט אַ בראָנפען־בראָוז, און לויט אַ רעקאָמענדאַציע פון זיינעם אַ בעקאַנטען, האָט ער צוגענומען צו

דער ארבייט צוויי וויטעבסקער יודען, איינעם אלס מאַשיניסט און דעם צווייטען אלס נאמן און בוכפיהרער. אלע איבריגע ארבייטער פון ברויז, אַ צעהנדליג אנ׳ערך, זענען געווען פון די אָרטיגע פויערים. דער ברויז איז באלד אוועק גוט און האט ארייגעטראָגען אַ סך פרנסה. דער „סטאַראָוויער״, אנערקענענדיג דעם גרויסען פער-דינסט פון זיינעביידע יודישע אָנגעשטעלטע, האט זיך בעצויגען צו זיי זעהר גוט, האט זיי פון צייט צו צייט געהעכערט דאס געהאלט, און דער נאמן, שוין אנ׳עלטערער יוד, איז ביי איהם געווען אזוי תקיף, אז יעדעס מאָל, ווען ער האט נור גענדארפט חתונה מאכען אַ קינד, האט ער איהם ארויסגעהאָלפען מיט דעם נויטיגען נדן. אזוי זענען אריבער שענע עטליכע יאהר.

האט זיך אמאל גענדארפט מאכען, אז איינער פון די קריסטליכע ברויז-ארבייטער, אַ יונגער שגץ, אַ זוהן פון אַ קרופקער בעל-הגוף, האט זיך מיט עפיס פערזינדיגט, און בעקומען דערפאר פונ׳ם נאמן אַ שטארקען אויסרייד. דערביי האט איהם דער נאמן געדראָהט, אז ווען דאס וועט זיך טרעפען אַ צווייט מאָל, וועט ער איהם אראב-רעכענען פון זיינע שכירות. דער שגץ, א פוילער פון דער נאַטור, האט אָנגעהויבען מאַנקירען מיט דער ארבייט, פלעגט אָפט פער-פאלען ווערען אויף גאנצע טעג, און דאס האט, ענדליך, בעוואויגען דעם נאמן צו פערווירקליכען זיין דראָהונג. און בעת ס׳איז שבת-צו-נאַכטס געקומען צום אויסצאָהלען די שכירות, האט ער איהם אראב-גע׳חשבונ׳ט עטליכע רובל פאר דער צייט, וואס ער האט נישט גע-ארבייט. דער שגץ איז געוואָרען אנ׳אויפגעקאָכטער, און האט פון דאן אָן גענומען טראכטען, ווי אזוי און מיט וואס זיך נוקם צו זיין אָן דעם נאמן. ער האט עטליכע מאָל געפרובט, דורך זיין פאטער, פערמסר׳ן דעם נאמן פאר׳ן בעל-הבית פון ברויז, אז ער איז איהם נישט טריי, אז ער בע׳גנב׳עט איהם און לאָזט אראב דאס געלד צו זיך אין קעשענע. אבער דער „סטאַראָוויער״ איז אזוי געווען איינ-געליבט אָן דעם נאמן, אז ער האט אבגעוואָרפען מיט פעראַכטונג יעדע מסירה. האט זיך אַמאל מישב געווען דער שגץ, און שפעט אין דער נאכט, בעת קיינער האט נישט בעמערקט, האט ער זיך פער-גנב׳עט צו איינער פון די גרויסע טשאנען, אין וועלכען מ׳האט ביי-טאג אַריינגעפאָמפעט אַ דרייסיג עמער בראָנפען בערך, און אַהין אַריינגעוואָרפען אַ רעכט ביסעל נאפט. אויף מארגען אין דערפריה,

בעת עס זענען זיך צוזאמענגעפאהרען די שענקארעס פון די נאהנטע שטעדטליך און דערפער נאך בראנפען, איז די זאך געווארען ענט־פלעקט. אין ברויז איז ענטשטאנען אַ טומעל, מ׳האט גענומען חוקר ודורש זיין ביי די נאכט-ארבייטער, אבער מ׳איז גארנישט דערגאנ־גען. דעם בראָנפען האט מען געמוזט אויסגיסען, און דער מאַשיניסט מיט׳ן נאמן זענען צוליב דעם גרויסען שאָדען ארומגעגאנגען ממש אָהן קעפ. ווי ערשיטערט זענען אבער בײדע געווארען, נאכדעם, ווי די זעלבע געשיכטע האט זיך איבערגעחזר׳ט עטליכע נעכט נאך דער רייהע. דאס איז פארגעקומען אויף אַ גאנץ פשוט׳ן אופן: דער שגץ האט זיך צונויפגערעדט מיט די איבריגע חברים, און אלע האבען זיי, איטליכער אין דער נאכט פון זיין דעזשורסטווע, אבגעטון דאס אייגענע שפיצעל, אזוי ארום, אז דער היזק פון דעם ארויסגעגא־סענעם איבערגעפיהרטען בראנפען האט אנגעטראפען אַ היבשע געלד-סומע.

מ׳האט באלד וועגען דעם מודיע געווען דעם אינהאַבער פון ברויז, און נאך איידער ער האט בעוויזען אראָבצופאהרען פון סמאָ־לענסק, האבען זיך דערוויי̈ל צוזאמענגעקליבען כמעט אלע קרופקער פויערים מיט די ווייבער און קינדער אין גוט אריין, און זענען ארויפגעפאלען אויף די ביידע יודען מיט גוואַלדען, אז זיי האבען געמאכט יד-אחת צו שטעלען בדלות זייער קריסטליכען בעל-הבית, און צו לאזען איהם אהן אַ העמד. גלייך נאכדעם זענען אָנגעלאפען אין ברויז אויך די קרופקער יודען, און ס׳האט שוין געהאלטען ביי אַ געגענזייטיגען געשלעג. אין מיטען טומעל איז אנגעפאהרען דער „סטאַראָוויער" מיט זיין פרוי, וועלכע איז גראָד געווען אַ משומדת׳טע און האט גע׳שמ׳ט פאר אַ גרויסע יודען-פיינדין. הערענדיג וועגען וואס דאָ האַנדעלט זיך, האט דער „סטאַראָוויער", בטבע נישט קיין שלעכטער און אויך נישט קיין נאַרישער מענש, געהייסען דעם עולם קריסטען און יודען זיך פונאנדערגעהן און אַליין איז ער מיט דעם נאמן און מיט׳ן מאַשיניסט אַריין אין קאנטאָר, און זיי אויספיהרליך פונאנדערגעפרעגט וועגען דעם געשעהעניש. ביידע יודען האבען גע־שוואוירען מיט טרעהרען, אז זיי טראגען נישט אין דעם געשעהע־נעם אומגליק קיין שום שולד, און אז דאס איז נור אַ נקמה-אקט מצד די קריסטליכע ארבייטער, וועלכע זענען אונצופרידען פון דעם ברויז-רעזשים. דער סטאראָוויער האט באלד פערשטאנען, אז די

יודען האבען איהם געזאגט דעם ריינעם אמת, און ס'איז ווירקליך נישטאָ קיין שום גרונד זיי צו בעשולדיגען, און ער האט שוין גע-האט בדעה לאזען זיי צורוהה און נעהמען זיך שטרענג צו די אר-בייטער. אבער דא האט זיך אריינגעמישט די משומדת'טע, האט געמאכט קולות אויפ'ן מאן, אז מ'קאן אזוי די זאך נישט לאזען, אז אַ קריסט וועט ביי זיך נישט פועל'ן אנצוטון שאָדען אנ'אנדערן קריסט און אז דעם פערברעכען האבען אויסגעפיהרט נור די יודען, וועלכע האלטען פאר א מצוה צו רודפ'ן און צו פעראָרימען אנדערש גלויביגע. זייערע טרעהרען — האט זי גע'טענה'ט — זענען פאלשע, און צו זייערע שבועות דארף מען נישט האבען קיין שום צוטרוי, און כדי צו דערגעהן דעם ריכטיגען אמת, מוז מען זיי פריהער ארייג-זעצען אלס פערדעכטיגע אין תפיסה, און נור „נאַטשאַלסטוואָ" וועט ערשט קאנען מאכען די געהעריגע חקירה ודרישה. דער מאן האט זיך געלאזט איבעררעדען, האט געשיקט מעלדען די זאך אין קרופ-קער „סטאַן" און נאך דעמזעלבען טאג איז ארויבגעקומען דער „פריס-טאַוו" און האט ביידע יודען אַרעסטירט.

## II

דאס גאנצע שטעדטיל איז געווארען אויפגערודערט. אלע האבען געוואוסט, אז די יודען זענען אונשולדיג, און זיצען נור פאר אַ בלבול. אַ דעלעגאציע פון די שענסטע בעלי-בתים איז אַוועק אין ברויז צום „סטאַראָוויער" משתדל זיין זיך פאר איהם לטובת די אַרעסטירטע, און יענער האט זיי גלייך געזאָגט, אז ער ווייסט אַליין, אז זיי זענען נישט שולדיג און אז זיי וועלען אינגיכען בעפרייט ווערען. און ס'האט שוין באמת דערביי געהאַלטען, מ'זאל זיי אַרויס-לאָזען, וויילּ דער „סטאַראָוויער" האט אין געהיים פון זיין פרוי מגלה געווען דעם „פריסטאַוו" אויפ'ן אויער, אז ער איז די יודען נישט חושד אין פערברעכען און האט צו זיי גאָרנישט. אבער דאָ איז גאַנץ אומגעריכט געוואָרען אָבגעטון אַ זאך, וואס האט נישט בלויז געמאכט צו-נישט יעדע האָפנונג אויף זייער בעפרייאונג, נאר אויך געדראהט זיי מיט אייביגער תפיסה.

די קריסטליכע ברויז-אַרבייטער, וועלכע האבען מורא געהאט, אז סוף-כל-סוף וועט אַרויפשווימען דער ריינער אמת, און דאן וועט זיך דער בעל-הבית נעמען צו זיי, האבען נישט אויפגעהערט צו זוכען

מיטלען, ווי דיביידע יודען אינגאנצען צו פערשווארצען, אז זיי
זאלען שוין „קיין תחית־המתים נישט אויפשטעהן", און זיי זענען
ענדליך געפאַלען אויף פאָלגענדען טייוועלשען פלאַן: ביי'ם מאַשי-
ניסט פון ברויז, וועלכער האט געוואוינט מיט דער פאַמיליע אין
שטעדטיל, האט געדינט אַ שוועסטער פון איינעם פון די ארבייטער,
אַ שיקסע פון אַ יאהר פופצעהן-זעכצעהן. איז אַמאָל אין אָוונד גע-
קומען צו איהר איהר ברודער, און האט זי, פון קיינעם אומבע-
מערקט, פערנאַרט פון שטוב און אַוועקגעפיהרט זי אין אַ ווייטען
דאָרף, צו זייערע אַ נאָהנטע קרובה, און זי דאָרט איבערגעלאָזט.
אויף מאָרגען — דאס איז גראָד געווען סוף חודש מערץ, אַ פּאָר
וואָכען פאר פסח — האט ער מיט זיינע חברים אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג
אין שטעדטיל, אז דער מאַשיניסט מיט'ן נאמן און מיט נאך אנ-
דערע פון זייערע בעקאַנטע יודען האבען ערמאָרדעט דאס קריסט-
ליכע דינסט-מיידעל, כדי צו בענוצען זיך מיט איהר בלוט צו די
מצות לויט'ן יודישען דין. דער דאזיגער קלאַנג איז באַלד געוואָרען
אויפגעכאַפּט כמעט פון דער גאַנצער שטעדטילדיגער קריסטליכער
בעפעלקערונג, וועלכע האט זיך גענומען קלויבען אין רעדליך אַרום
דעם מאַשיניסטס שטוב און געוואָלט אַליין מאכען אַ משפט איבער דער
ווייב מיט די קינדער אין זיי זיין דורס פאר דאס פערגאָסענע
קריסטליכע בלוט. און זיי וואָלטען עס געוויס געטון, ווען יודען
וואָלטען דערפון נישט געגעבען בעצייטענס צו וויסען דעם „פּריס-
טאַוו", וועלכער איז באַלד אַראָבגעקומען מיט עטליכע פּאָליציאַנטען
און האט גענומען די יודישע פאַמיליע אונטער זיין שוץ ביז די זאַך
וועט אויפגעקלערט ווערען דורכ'ן געריכט. די אַגיטאַטאָרען האבען
זיך אָבער נישט בערוהיגט און נישט אויפגעהערט צו העצען די
פּויערים, און דערפיהרט דערצו, אז אויפ'ן דריטען טאג, ווען עס איז
גראָד אויסגעפאַלען אַ קריסטליכע חגא, זענען זיך צונויפגעלאָפען אין
שטעדטיל פיל פון די פּאָניעס, וועלכע האבען געבויט די דער-
בייאיגע אייזענבאַהן-ליניע, און זיך גלייך געוואָרפען אויף די יודישע
הייזער, נישט איבערקלויבענדיג ווער און וועמענס, און וואו זיי
זענען אַריין, האבען זיי געשטאָכען און געבראָכען, און אומעטום אָנ-
געטון גרויסע שאָדענס. זיי וואָלטען אַזוי חרוב געמאכט דאס גאנצע
יודישע האָב און גוטס, ווען עס וואלט נישט אַרויס צו זיי דער
פּראַוואָסלאַווער גלח מיט זיין צלם אין דער האנד און וואלט זיי

נישט שטארק אויסגעמיסר׳ט, פארוואס זיי בעפאלען אונשולדיגע מענשען. ווארום אויב דאָ איז שוין יאָ געווען אַ פערברעכען, האבען דאך עס געטון נור עטליכע, אבער נישט אלע שטעדטעלדיגע יודען, און אזוי ארום האט ער ביי זיי גע׳פועל׳ט, זיי זאלען זיך רוהיג פונאנדערגעהן און אבווארטען ביז׳ן משפט.

דער ענין איז איבערגעגעבען געווארען אין אָרשער קרייז-געריכט. אלס בעשולדיגטע האבען פיגורירט דער מאשיניסט מיט׳ן נאמן, וועלכער האט געוואוינט נישט ווייט פון איהם, מיט נאך אַ דריי, פיר יודען שכנים. מיט אַ בעזונדער ענערגיע איז די בעשולדיגונג געווארען אונטערשטיצט פון דער משומדת׳טע, דעם סטאַראָוויערס ווייב. זי האט געדעקט פון איהר טאש אלע נויטיגע הוצאות, און האט אויך בעשטעלט אויף איהרע קאָסטען דעם טוען מצד דער שיקסעס עלטערן.

און דאָ שווימט אַרויף אַ גע׳שמד׳טער אַדוואָקאַט אלס אויסטערלישער יודען-פרעסער.

III

אין סמאָלענסק האבען יודען אַ לאנגע צייט נישט געוואוסט, ווער אילאַריאָן לעווידאָוו איז און פון וואַנען ער שטאַמט. ס׳איז אפילו נישט געווען בעקאַנט, אז ער איז אַ משומד, און מ׳האט איהם געהאלטען פאר אַ געבוירענעם קריסט. מיט יודען האט ער כמעט ווי נישט פערקעהרט, און תמיד האט ער געהאט צו טון נור מיט קריסטען. דאס איינציגע, וואס מ׳האט יאָ וועגען איהם געוואוסט, איז נור דאס, אז ער איז אַ גוטער אַדוואָקאַט און געצווינט וואס נור פאר אַ פראָצעס ער פיהרט. דעריבער האט ער געהאט אַ גרויסע קליענטעלע. אָנפאַנגס האבען זיך צווישען זיינע קליענטען געפונען אויך יודען, אבער אין זיין בעהאַנדלונג און אין זיין גאַנצער בעציהונג האט ער זיך אַרויסגעוויזען פאר נישט קיין קליינעם שונא-ישראל. ערשטענס, פלעגט ער זיך פון יודען לאָזען אַ סך מעהר בעצאָהלען פאר דער קלענסטער טרחה, און אז ער פלעגט שוין ביי זיי אַרויסבעקומען אַ פיינע אַפּותיקי, האט ער זייערע פראָצעסען געפיהרט גאַנץ נאַכלעסיג און זיי דאס רוב פערשפּילט. דאס האט געבראכט דערצו, אז יודען האבען זיך פון איהם ביסלעכווייז גענומען אָבטרייסלען, נישט קוקענדיג דערויף, וואס ער האט זיך גערעכענט

פאַר דעם איינציגען גוטען אַדוואָקאַט אין דער גאַנצער געגענד אַרום. פערבלייבענדיג אינגאַנצען אָהן יודישע קונדען, האט עס איהם געגען יודען נאך מעהר פערביטערט. שפּעטער האט איינער פון די שטאָדטישע גבירים אַראָבגעבראכט צו זיך זיינעם אנ׳איידים, אַ נאָר־וואס געענדיגטען יוריסט, וועלכער האט אין סמאָלענסקער געריכט דורכגעפיהרט עטליכע פּראָצעסען מיט אַ בעזונדער ערפאָלג, און איז אין אַ קורצער צייט בערך געוואָרען פּאָפּולער אלס אויסגעצייכענטער אַדוואָקאַט, און אזוי האט ער בּיסלעכווייז אַריבערגעצויגען צו זיך דעם גאנצען יודישען עולם. פון דעמאָלט אָן האט איל׳אַריאָן לעווידאָוו געשאָטען אויף יודען ביי יעדער געלעגענהייט פעך און שוועבעל און זיי פערפאָלגט אויף יעדען שריט און טריט.

מאַכט זיך אַמאָל, אז אין אַ „שענעם פריהמאָרגען" איז גאַנץ סמאָלענסק זיך איבערגעדרעהט געוואָרען דורך דעם פאָלגענדען צופאַל: מיטאָג־צייט, בעת איל׳אַריאָן לעווידאָוו איז אַרויס פון געריכטס־הויז מיט זיין טעקע אונטער׳ן אָרעם, האט זיך פּלוצלונג אַרויפגעוואָרפען אויף איהם אנ׳אָרים־געקליידעטע דאַמע, אַ פרוי אין די מיטעלע יאָהרען מיט אַ יודישען אויסזעהן, האט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדען, היסטערישען געשריי אין רוסיש: „מיין מאַן! „מיין מאַן!" און איז געפאַלען חלשות. איל׳אַריאָן האט די פרוי געפּרובט פון זיך אָבשטויסען און געוואָלט געהן זיין וועג ווייטער. זי איז באלד געקומען צו זיך און האט זיך אזוי אין איהם איינגעשטשעמעט, אז ער האט זיך בשום אופן נישט געקאָנט ריהרען פון אָרט. ס׳איז געוואָרען אַ גרויס אויפגעלויף פון יודען מיט קריסטען, עמיצער האט געגעבען אַ פייף, און עס זענען תיכף אָנגעקומען אויך עטליכע פּאָליציאַנטען, וועלכע האבען בעפרייט דעם אַדוואָקאַט און די פרוי אָבגעפיהרט אין „אויטשאַסטאָק". קיינער פון דעם געזעמעל האט נישט פערשטאַנען, וואס דאָ איז פאָרגעקומען. די זאַך איז אויפגעקלערט געוואָרען ערשט אין עטליכע טעג אַרום מיט דער הילף פונ׳ם סמאָלענסקער ראַבינאט, וועלכען די פרוי האט איבערגעגעבען די פאָלגענדע פרטים:

זי איז אַליין פון מ אָ ז י ר, מינסקער גובערניע, וואו איהר, מיט עטליכע יאָהר צוריק פערשטאָרבענער פאָטער, אַ שטרענג אָרטאָדקסישער יוד, האט געהאַלטען די גרעסטע מאַנופאַקטור־קראָם און גע׳שמ׳ט פאר אנ׳עושר. בעת זי איז נאך געווען אַ מיידעל פון אַ יאָהר פופצעהן, האבען איהרע עלטערן צריינגענומען צו זיך אין

שטוב אויף צו ערציהען אַ קליין בחור׳ל, אַ זוהן פון זייער אַן׳אָרימער ווייטען קרוב, וועלכער איז איהם פריה אָבגעשטאָרבען און איהם געלאָזט אַ יתום, דאס בחור׳ל האט זיך אַרויסגעוויזען פאר זעהר אַ פעהיגען צום לערנען, און דעריבער האט איהם איהר פאָטער פריהער אָבגעגעבען צו די בעסטע מלמדים פון שטאָדט, און שפּעטער געשיקט איהם אין פערשידענע ישיבות. בעת ער איז אלט געוואָרען אכטצעהן יאָהר, האט ער געלערנט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, וואו מען האט איהם געקרוינט אלס „עלוי". דאן איז זיך איהר פאָטער מיישב און נעהמט איהם פאר אנ׳איידים, בתנאי, ער זאל נאך דער חתונה פערבלייבען אויף עטליכע יאָהר אין וואָלאָזשין ביז ער וועט בעקומען סמיכות אויף רבנות, וואָרום קיינער האט גאר אנ־דערש נישט גערעכענט, אז ס׳וועט פון איהם אַרויסוואַקסען אַ רב. אויסגעלאָזט האט זיך אָבער נישט אַזוי. זיצענדיג אַלס פּרוש אין וואָלאָזשין, איז ער מיט אַמאל פון דאָרט פערשוואונדען, און קיינער פון דער משפּחה האט לאנג נישט געוואוסט, וואו ער איז אַהינגע־קומען. ס׳האט איהרע עלטערן אָבגעקאָסט פיל געלד און כחות ביז מ׳האט איהם ענדליך אויפגעזוכט אין דער ווילנער ראַבינער־שול. דער פאָטער, וועלכער האט נישט געוואָלט האבען אַן׳אפּיקורס פאר אנ׳איידים, האָט דורכאויס פון איהם געפאָדערט, ער זאל די טאָכטער אָב׳גט׳ן, אבער זי, נישט וועלענדיג צושטערען איהר יונג לעבען, האט זיך איינגעשפּאַרט און קאַטעגאָריש ערקלערט, אז זי בלייבט וואוינען מיט איהם אין ווילנא און וועט ביי איהם קיין גט נישט נעמען. „עס שטעהט גאָרנישט געשריבען אין מיינע תנאים — אזוי האט זי דאַן גע׳טענה׳ט פאַר׳ן פאָטער — אז מיין מאן זאל זיין דוקא אַ רב, עס איז ביי מיר רעכט צו זיין אַ ווייב פון אַ היינט־וועלטיגען." אזוי האט זי זיך ווייטער געלעבט מיט איהר מאן, און געהאט פון איהם אַ פּאָר קינדערלעך. ער האט דערווייל געענדיגט די ראַבינער־שול און איז אַוועק קיין פּעטערבורג, וואו ער איז אריין אין אוניווערזיטעט אויף דעם יורידישען פאַקולטעט. זי מיט די קינדער זענען איבערגעבליבען וואוינען אין ווילנא און האט אויסגעקוקט די צייט, ווען דער מאן וועט ענדיגען זיין שטודיום, און זיי וועלען ווידער קאָנען לעבען צוזאמען. ווען ס׳איז אָנגע־שטאנען דער פון איהר לאנג ערוואַרטעטער טאג און ער האט גע־ענדיגט, בעקומט זי פון איהם מיט אמאָל א דעפּעשע, אין וועלכער

ער בעט איהר, אויסצו׳פועל׳ן פאר איהם ביי איהר פאָטער א געוויסע געלד-סומע, וואס וועט איהם געבען די מעגליכקייט צו פאָהרען קיין אויסלאַנד צו פערפולקאָמען זיך דארט אין זיין פאך. ווי שווער דאס איז איהר געווען, האט זי זיך געמאַכט הארץ, איז אַליין אַראָבגע- פאָהרען צום פאָטער קיין מאָזיר און ביי איהם אויסגעוויינט די נויטיגע סומע. דער מאן האט דאן פערלאָזט פעטערבורג און איז פון יענעם טאָג אָן אריין, ווי אין וואסער...

זי איז דאן מיט איהרע ביידע קינדער אַראָבגעקומען וואוינען צו די עלטערן. וואָלט זי נישט געווען קיין עגונה, וואלט זי נאך אויך איצט געקאָנט טון דעם בעסטען שידוך אלס איינציגע יורש׳טע פון א היבשען פערמעגען. דער פאטער האט נישט געקאנט צוזעהן איהרע ליידען, און איז פון גרויס קלעמעניש קראנק געווארען אויפ׳ן הארץ און איז אין אַ פאָר יאהר אַרום געשטאָרבען. נישט לאנג נאך איהם האט דאסזעלבע פאַסירט אויך מיט דער מוטער. בלייבענ- דיג אליין, האט זי אויספערקויפט די גאנצע קראָם סחורה און פאר דאס בעקומענע געלד האט זי זיך מיט די קינדער געלאָזט וואַנדערן, וואו די וועלט האט אַנ׳עק. אומעטום האט זי געזוכט איהר מאַן און האט איהם ערגעץ נישט געפונען. אזוי איז אַוועק אַ יאהר נאך א יאָהר, און זי האט אלץ געהאלטען אין איין אַרומפאהרען פון לאַנד צו לאנד, פון שטאָדט צו שטאָדט, ביז זי האט זיך אזוי-אַרום, שוין כמעט אָהן אַ גראָשען געלד אין דער טאַש, פערשלעפט קיין סמאָלענסק, וואו איהר איז געווען בעשערט צו בעגעגענען זיך גאנץ אומגעריכט מיט איהר מאַן, נישט וויסענדיג נאך אין דער ערשטער מינוט פון איהר בעגעגעניש, אז ער איז געוואָרען אומטריי נישט בלויז איהר, נאר אויך דעם גלויבען פון זיינע עלטערן.

נאָכדעם, ווי דער סמאָלענסקער ראַבינאַט האט זיך איבערצייגט, אויף דעם סמך פון די פערשידענע דאָקומענטען, וועלכע די פרוי האט ביי זיך געהאט, אז איל׳אַריאָן לעווידאָוו איז ווירקליך איהר געוועזענער מאן, האבען זיי זי געראַטען צו פערפיהרען געגען איהם א פראָצעס. אלס טוען פון איהר זייט איז אַרויסגעטראָטען דעם סמאָלענסקער גביר׳ס איידים. דערווייל, ביז-וואס-ווען, האט דער משומד בצפרובט אָבטון א שפיצעל, וואס איז איהם אָבער נישט געלונגען. ער האט אונטערגעטראָגען וועמען מען דאַרף, אז היות ווי די פרוי, וואס משפט זיך מיט איהם, איז א יודישקע, האט זי נישט דעריבער

קײן װאױנרעכט אין סמאָלענסק. אין דרזועלבער נאכט איז געקומען פאָל־צײ צו איהר אויף דער אכסניא און געמאָלדען איהר, אז זי מוז באלד מאָרגען אין דערפריה אָבפאהרען צוריק אין דער „טשערטא". די פרוי איז אָבער באַלד, אין מיטען דער נאכט אַריבער־געלאָפען צו איהר אַדוואָקאַט, און יענער האט אויסגע׳פועל׳ט, מ׳זאל זי לאָזען בלײבען אין סמאָלענסק ביז איבער׳ן פראָצעס. אײניגע רײכע סמאָלענסקער יודען האבען זיך געלאָזט קאסטען געלד, אז דער פראצעס זאל נישט אבגעלעגט װערען, און זאל פארקומען חאס צום גיכסטען. דער משומד האט אין געריכט אויסגענוצט זײן גאנצען טאַלענט, כדי זיך אַרויסצודרעהען פון דעם פאר איהם זעהר אומאנגענעהמען ענין, אבער מיט דער פרוי׳ס דאָקומענטען אין די הענד האט איהר אַדוואָקאַט צוקלאַפּט אלע זײנע טענות, און ער האט דעם פראצעס פערלוירען. לויט׳ן פסק־דין פון גע־ריכט, האט ער געמוזט אב׳גט׳ן די פרוי און אויסצאָהלען איהר פאר די קינדער, ביז זײ װעלען װערען זעלבסטשטענדיג, אַ געװיסע מאָנאַטליכע פענסיע. פון דעמאָלט אָן האט זיך דעם משומד׳ס שנאה צו יודען נאך מעהר פונאַנדערגעװאקסען און ער האט אנגענומען פיהרען אַזעלכע פראצעסען, אין װעלכע ער האט געהאט די מעגליכ־קײט צו שעדיגען יודען. און פיל יודען האט ער טאקע אומגליקליך געמאכט, אבגענומען בײ זײ דעם לעצטען ביסען ברויט און פער־שמידט זײ אין קײטען. זײן גיפטיגע שנאה איז אין שטאָדט נישט געװען קײן סוד פאר קײנעם, און װאו נור אַ משפט געגען אַ יוד, איז מען געלאפען נור צו איהם.

IV

אויף צו פיהרען דעם עלילת־דם־פראָצעס געגען די קרופקער יודען האט די משומד׳עסטע, דעם „סטאַראָװיערס" װײב, נישט גע־פונען קײן אַנדערן, װי נור אילאַריאָן לעװידאָװ׳ן. דער משומד האט בעטראכט דעם דאזיגען משפט פאר אַ גרויס געװינס, און נאך מיט עטליכע חדשים פריהער האט ער זיך צו איהם גענומען גרײטען. ער האט נאך אין יענער צײט נישט פערגעסען זײן „גירסא דינקותא", און האט פאר זיך מסדר געװען די געפעלשטע װערטלעך פון תלמוד און פון דער אַלטער רבני׳שער ליטעראַטור, װעלכע ער װעט ארויסלאזען אין געריכט געגען די יודען, װי־

באָמבעס, וואס וועלען זיי טרעפען אין דער צעהנטער ריפּ אַריין. אין סמאָלענסק האבען יודען געוואוסט, אז דער משומד איז פאר דער צייט גאנץ אָפט געפאהרען קיין אָרשע, וואו דער פּראצעס האט גע־דארפט פארקומען, און אז אַ פּאר מאל איז ער אויך אראב אין קרופּקע. מ׳האט אויך געהערט מן-הצד, אז דער משומד בעריהמט זיך פאר לייטען, אז זיין קאפּ וועט אויף איהם נישט זיין, אויב ער וועט נישט געווינען דעם משפט. יודען האבען פערטשטאנען, מיט וואס דאס שמעקט, און מ׳האט שוין גענומען קלערען וועגען אראב־ברענגען פון פּעטערבורג, צי פון מאסקווע, אַ גרויסע יורידישע קראַפט, וואס זאל זיין ביכולת אָבצושוואכען די ווירקונג פון דעם משומד. עס האבען זיך אין דער זאך פּעראינטערעסירט אויך אָרשער יודען, מ׳האט אבגעהאלטען וועגען דעם אין דער שטיל עטליכע אַסיפות, און זיך געגרייט צום משפט, ווי צו אַ יום-הדין פאר׳ן גאנצען כלל-ישראל.

אויסגעלאזט האט זיך אבער, אז די זאך איז גאר צו אַ משפט נישט געקומען. די לעצטע וואך פאר׳ן פּראצעס איז אנגעקומען קיין ארשע אַ ידיעה פון קרופּקע, אז די פערלוירען־געגאנגענע שיקסע, דעם ארבייטערס שוועסטער, האט זיך מיט אמאל אבגעפונען. איהר האט דערעסען צו זיצען ביי איהר ארימער קרובה אינ׳ם וויטען דארף, און זי איז פון דארט אנטלאפען און אריין צוריק גלייך צום מאשיניסט, וואו זי האט פריהער געדינט, און דערצעהלט די גאנצע געשיכטע, ווי איהר ברודער האט זי פערנארט א. אז. וו. די ארעס־טירטע יודען האט מען תיכף ארויסגעלאזט פון תפיסה, און אין קרופּקע איז געווארען „ליהודים״. אין אנהויב האט מען געהאט בדעה אנצוקלאגען די קריסטליכע ארבייטער פאר אַ פאלשען בלבול, מ׳האט זיך אבער ארומגעזעהן, אז דאס זענען אזעלכע נפשות, מיט וועלכע עס לוינט זיך נישט צו לאָדען. דערפאר האבען אבער סמאָלענסקער יודען געזו״הן נקמה אָן דעם משומד, וועלכער האט זיך, קענטיג, די זאך גענומען צום הארצען, ווייל אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער מיט אמאל פערשוואונדען געווארען פון דארטיגען האָריזאָנט און האט זיך בעזעצט אין ר י ב י נ ס ק.

# יוסף־יהודה לערנער.

## (יוסף יואל הערדנער).

### I

העברעאיש־יודיש־רוסישער שריפטשטעלער און זשורנאַליסט, קריטיקער, היסטאָריקער און דראַמאטורג — אלס אַזעלכער האט ער געשמ׳ט אין ברייטע יודישע קרייזען, בעזונדערס אויפ׳ן דרום, וואו ער האט פערבראכט זיינע גאנצע יאהרען. דערצו האט ער זיך נאך תמיד אין זיינע פערשידענע שריפטען ארויסגעגעבען פאר אַ הייסען נאַציאָנאליסט און אלס ליבהאָבער פון אלץ, וואס איז יודיש. דעריבער איז קיין וואונדער נישט, וואס די ידיעה וועגען דעם, אז דער דאזיגער מענש האט זיך, שוין כמעט אויף דער עלטער, מיטאַמאָל גענומען און אבגעשמד׳ט, האט ארויסגערופען אַן אַלגעמיינע ערשיטערונג. פאר די, וועלכע האבען איהם אבער געקענט פון דער נאָהענט, איז זיין שמד נישט געווען קיין איבערראַשונג, ווייל זיי האבען עס ערוואַרט און געוואוסט פון פאָראויס, אז דער וועג, אויף וועלכען ער איז געגאנגען, מוז איהם סוף־כל־סוף פיהרען צום דאָזיגען פאלשען שריט.

לערנער איז געבוירען אין מיטען פון די פערציגער יאהרען אין בערדיטשעוו, ביי אונפערמעגליכע עלטערן, וועלכע האבען איהם ערצויגען אויפ׳ן אָרטאָדאָקסישען שטייגער. אונטער׳ן איינדרוק פון די נייע השכלה־ביכלעך איז ער נאך גאנץ יונג אַנטלאָפען פון דער היים קיין זשיטאָמיר, וואו ער האט געהאט בדעה אַריינצוטרעטען אין ראַבינער־שול. ער האט עס אבער נישט געקאנט בעווייזען, ווייל איהם

האבען געפעהלט די נויטיגע ידיעות אין די יודישע למודים, בעזונדערס אין תלמוד, און דעריבער איז ער אריין אין דער דאָרטיגער גימנאַזיע, וועלכע ער האט אבער צוליב געוויסע סבות נישט געענדיגט. ער איז דאן אָבגעפאָהרען קיין אָדעס, כדי פאָרטצוזעצען זיין בילדונג. ער האט זיך עקזאַמענירט אלס עקסטערן און איז דורכגעפאלען. צום סוף איז ער אָנגעקומען אין דער ניירוסישער אוניווערזיטעט אלס פרייער צוהערער. נישט האבענדיג קיין מיטלען צום לעבען, האט ער אזוי לאנג געזוכט אַ שטיקעל פרנסה, ביז ער האט דורך דער רעקאָמענדאַציע פון אנ׳אָדעסער בעל-הבית בעקומען די שטעל פון אַ קאָרעקטאָר אין דער קריסטליכער דרוקעריי פון איינעם ניטשע. אין דער דאָזיגער דרוקעריי האבען זיך געדרוקט אויך יודישע ספרים, צווישען אנדערע צעדערבוים׳ס העברעאישער „המליץ" און זיין וואָכענבלאט „קול מבשר". דאָ האט לערנער געהאט די געלעגענהייט צו בעקענען זיך מיט צעדערבוים׳ען, ביי וועמען ער האט פון דער ערשטער מינוט אָן שטארק נושא חן געווען און איז געווארען אנ׳אָפטער איינגעהער ביי איהם אין שטוב. צעדערבוים האט לערנער׳ן רעקאָמענדירט עטליכע לעקציעס ביי אדעסער נכבדים, און שפעטער האט ער איהם אויך איבערגעגעבען די הנהגה פונ׳ם „קול מבשר". אזוי ארום איז לערנער געוואָרען פערזאָרגט מיט חיונה און ער האט געהאט די מעגליכקייט אבצוגעבען זיך מיט בילדונג.

אין לערנער׳ן האט זיך דאן דערוועקט אַ נייגונג צו ליטעראַרישער טעטיגקייט. ער האט אנגעהויבען צו ארבייטען אין „קול מבשר", וואו ער האט געדרוקט קלענערע און גרעסערע אַרטיקלען, דערנאך איז ער אַריבער צו רוסיש, און איז ביסלעכווייז געוואָרען אַ מיטארבייטער אין דער אָדעסער, ווי אויך אין דער פראָווינציעלער רוסישער פרעסע. ער האט געשריבען דאס רוב וועגען יודישע ענינים, און זיינע ארטיקלען האבען געהאט ערפאָלג.

אין יענער צייט האט זיך געגרינדעט אין אדעס אַ קרייזעל פון יודישע געלעהרטע יונגע לייט, אליין געוועזענע גע׳רודפ׳טע משכילים, וועלכע האבען אויף זיך גענומען צו פערשפרייטען וויסען צווישען די אָרימע שיכטען פון דער יודישער בעפעלקערונג, וואס קאנען זיך אויף דעם קיין געלט נישט לאזען קאָסטען. מיט אַ בעזונדער פלייס און ענערגיע האט זיך איבערגעגעבען דער זאך אַ געוויסער שוויף. דאס איז געווען אַ יונגערמאן אנ׳אידעאליסט, וועלכער

האט פאר זיין אייגענעם לעצטען גראָשען געעפענט אַ מין חדר, וואו פרייוויליגע לעהרער האבען געלערנט מיט וועמען ס'האט זיך נאר געלאזט, סיי יונג, סיי אלט, העברעאישע און וועלטליכע למודים. דער דאזיגער שוויף האט זיך אויסגעטון פון דער וועלט, האט פערגעסען זיך אליין און פערנאכלעסיגט די אייגענע אינטערעסען און זיך מפקיר געווען בלויז פאר'ן חדר. אויסער דעם, וואס ער איז געווען דער הויפט־מלמד, האט ער נאך אליין צונויפגעקליבען ביי לייטען דאס דירה־געלד פאר'ן חדר און אויך בעזאָרגט די תלמידים מיט די נויטיגע לעהר־ביכער. צווישען די יונגע מענשען, וואס ער האט ארום זיך גרופירט און וועלכע האבען איהם מיטגעהאלפען אין זיין א־בייט, האט זיך געפונען אויך פרץ סמאָלענסקין, דער שפעטערדיגער רעדאקטאר פון דעם אין זיין צייט בעריהמט גע־וואָרענעם העברעאישען חודש־זשורנאַל „השחר". אויך לערנער איז אין אָנהויב צוגעשטאנען צום דאזיגען קרייזעל, און האט עטליכע מאל אין וואך געלערנט די תלמידים רוסיש און רעכענען. אין אַ געוויסער צייט ארום נאך זיין גרינדונג האט זיך אבער דער חדר אנגעשטויסען אָן אַ גרויסער און אָן אַ שטארקער געגנערשאפט מצד אַ טייל פון די אָדעסער לעהרער און מלמדים, וועלכע האבען איהם בעטראכט פאר אַ געפעהרליכען קאָנקורענט. גורם דערצו האט דאס, וואס מ'האט דערזעהן, אז מיט שוויפ'ס חדר בענוצען זיך אויך אזעלכע, וואס זענען אימשטאַנד צו צאהלען שכר־למוד. די פער־אינטערעסירטע האבען דורך פערשידענע מאכינאציעס זיך אנגע־הויבען אונטערצוגראבען דעם חדר, און האבען דורך געדונגענע מענשען פערעפענטליכט וועגען איהם אלערליי פאַשקווילען אין די ארטיגע רוסישע בלעטער. עס זענען אוועק אויך מסירות צו דער מאכט. שוויף מיט זיינע חברים האבען זיך געראנגעלט געגען די אינסינואציעס וויפיל זיי האבען נור געקענט, און האבען ווי־עס־איז אבגעראטעוועט דעם חדר. זיי זענען אבער, צו זייער גרעסטער ערשטוינונג, הינטען ארום דערגאנגען, אז צווישען די, וואס האבען אויף א שענדליכען אופן פערקויפט זייערע פעדערס אונטערצוגראבען דעם חדר, געפינט זיך אויך יוסף־יהודה לערנער, נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער אליין איז איינער פון זיינע לעהרער. דאס האט ארויסגערופען א גרויסען טומעל, מ'האט געשטעלט לערנער'ן פאר א חברים־געריכט. ער האט אבער געלייקענט „שטיין און ביין", נור

די בעווייזען געגען איהם זענען געווען אזעלכע בולט'ע, אז קיינער האט איהם נישט געגלויבט. די חברים אליין האבען זיך בעמיהט צו דערשטיקען דעם ענין אויס בושה פאר דער גאס.

פון שוויפ'ס חדר איז לערנער תיכף געווארען ארויסגעשלאָסען, אדער ער איז פון דארט אליין אוועק. ווי עס ווייזט אויס, האט זיך צוליב דעם דאזיגען געשעהעניש אויך דעמאָלט איבערגעריסען זיין ארבייט אין „המליץ" און אין „קול מבשר". נאך אזא געשיכטע האט איהם שוין צעדערבוים מעהר ביי זיך נישט געקאנט האלטען. זיין ליטעראַרישע טעטיגקייט בכלל האט ער אבער נאך פאָרטגעזעצט. ער האט פערעפענטליכט אין העברעאיש עטליכע היסטאָרישע מאָנאָגראַפיעס און אויך אַ גאנצע רייה קריטישע ארטיקלען. דאס האט איהם נאך אבער אלץ געגעבען וועניג צו לעבען, און ער האט געמוזט זוכען זייטיגע פרנסות. דורך איינער אַזא פרנסה איז ער בכשל געווארען אין אַ קרימינעלען ענין, וואס האט איהם געדראָהט מיט טורמע. ער איז דאן אנטלאָפען קיין אויסלאַנד און געקומען קיין ווין. דארט האט ער זיך בעגעגענט מיט'ן בעוואוסטען העברעאישען שריפטשטעלער און דיכטער אברהם בער גאָטלאָבער, וועמען ער האט געקענט פון אדעס, און האט שוין געהאלטען ארויסצוגעבען מיט איהם צוזאמען אַ העברעאישען זשורנאל אונטער'ן נאמען „הזמן". דערפון איז אבער געווארען סמאָלענסקין, וועלכער האט געוואוסט פון לערנער'ס אַנטייל אין דער מ'מד'ישער וואַקכאַנאַליע געגען שוויפ'ס חדר, און ער האט אבגערעדט גאָטלאָבער'ן פון צו חבר'ן זיך מיט איהם.

אין מיטען די זיבעציגער יאהרען, בעת ס'האט אויסגעבראָכען דער רוסיש-טערקישער קריג, איז לערנער אוועק קיין בוקאַרעשט. דארט האט ער אין משך פון אַ קורצער צייט ארויסגעגעבען אַ רוסישען טאג-בלאט מיט'ן נאָמען „זאַפּיסקי גראַזשדאַנינא", אין וועלכען ער האט טאג-פאר-טאג אזש געלויבט אין הימעל אריין די גבורות פונ'ם רוסישען מיליטער. אין בוקאַרעשט האט זיך לערנער בעקענט מיט'ן יודישען טעאַטער, וואס איז דארט דעמאלט געווארען געגרינדעט דורך אברהם גאָלדפאדען, און האט זיך מיט איהם שטארק פעראינטערעסירט. קומענדיג אין אנהויב פון די אכציגער יאהרען צוריק קיין אדעס, האט ער דארט, קאָנקורירענדיג מיט גאָלדפאַדען'ען, געשאפען אַ פאלקס-טעאַטער, וואו ער האט געשטעלט אַ רייהע

יידישע פיעסען פון׳ם אייראָפּעאישען רעפּערטואַר, וועלכע ער האט אליין איבערגעזעצט אדער פריי בעארבייט צווישען אנדערן האט ער אויפגעפיהרט קארל גוצקאָוו׳ס טראגעדיע „אוריאל אקאָסטא“, סקריב׳ס „זש־דובקא“ און אנדערע. לערנער האט אויך פערפאסט אריגינעלע פיעסען, וועלכע ער האט שפּעטער אבגעדרוקט, ווי „יהודית“ (אַ היס־טאָרישע דראמא אין פיר אַקטען און פינף בילדער), „חנוכה“ „דער פעטער משה מענדעלסאָן“.

לערנער האט דעמאלט פערקעהרט אין די קרייזען, וואו מען האט ליב צו „לעבען אַ גוטען טאג“ און דאס האט איהם שטארק אנגעלאָקט. כּדי צו פערשאפען זיך די מיטלען אויף אזא לעבען, זענען איהם וועניג געווען די פערדינסטען פון ליטעראַטור און טעאטער, און ער האט געפונען פאר נויטיג צו ווענדען ווידער זיינע בליקען אָן דער זייט. ער האט זיך אנגעהויבען בעשעפטיגען מיט ווינקעל־אדוואָקאטור, האט גענומען אומגעהן איבער די געריכטען און זוכען זיך קליענטען. זיין קליענטעלע איז דאס רוב בעשטאנען פון „אונטער־ערדישע“ פארשוינען, וועלכע פלעגען צו איהם קומען מיט נישט קיין „גלאַטע“ אינטערעסען. פון עטליכע אזעלכע אינטערעסען האט ער פערדינט היבשע געלד־סומעס, און דאס האט איהם נאך מעהר אַריינגעצויגען אין דער דאזיגער ספערע. אייניגע מאָל איז ער אויך געשטרויכעלט געווארען און געהאלטען ביי תּפיסה; זיינע קונדען האבען איהם אבער יעדעס מאל אויסגעלייזט דורך פערשידענע מיטלען און געהיימע דרכים. אויף איינעם פון די דאזיגע וועגען איז ער אנגעקומען צו דער הילף פון דער אנטיסעמיטישער פרעסע, מיט וועלכער ער איז געווארען מיט דער צייט אַ גרויסער מחותּן. אין אדעס איז דעמאלט ערשינען אַ טעגליכע יודענפרעסערישע צייטונג „נאָוואָראָססייסקי טעלעגראף“, ארויסגעגעבען פון דעם בעוואוסטען שונא־ישראל אָזי־מידאָוו, אויף וועמען מען האט געזאגט, אז ער שטאמט אליין פון יודען. אט דער אָזמידאוו האט גענומען לערנער׳ן אונטער זיין שוץ, און האט ער זיך אין עפּיס פערזינדיגט — און פערזינדיגט האט ער זיך גאנץ אפט — איז ער געווען גאנץ זיכער, אז דער „נאָוואָראָ־סייסקי טעלעגראף“ וועט איהם שוין דערפון רייניוואשען. אָזמידאוו איז אבער נישט געוועהנט געווען צו טון טובות אומזיסט, און האט ער עמיצען גוטס געטון, האט עס יענער פריהער געמוזט פער־

דינען. אויך לערנער האט אָזמידאווי'ן געמוזט אבצאהלען פאר זיינע טובות, און אבגעצאהלט האט ער איהם נישט מיט מזומן געלד, נור מיט אזוינע ארטיקלען, פון וועלכע עס האט געשמעקט מיט אַ היבש ביסעל אנטיסעמיטיזם. ער האט שארף קריטיקירט די יודישע אינסטיטוציעס, אנגעוויזען דורך פערשידענע לייכטפערשטענדליכע רמזים, אויף געוויסע כלל־טוער, וואס זייער הנהגה שטימט נישט מיט די אין לאנד הערשענדע געזעצען א. אז. וו. געוועהנליך האט ער געשריבען זיינע ארטיקלען אונטער פערשידענע פסעוודאָנימען, אבער וויפיל ער האט זיך געקליגט און בעמיהט זיך צו פערשטעלען און פערבאָרגען, האט מען דאך געוואוסט פון וועמענס פעדער עס שטאמען די גיפטיגע רייד געגען יודען און יודישקייט.

II

בכלל איז לערנער געווען אַ מענש מיט אַן עקסצענטרישער נאטור, פון לויטער קאָנטראסטען. דאס זעלבע האט זיך ארויס־געוויזען אויך אין זיין בעציהונג צו יודען און יודישקייט. פיל פון זיינע צייטונגס-ארטיקלען האבען געאָטעמט מיט אַן אומבעגרעניצטער ליבע צום יודישען פאלק און גאנץ אפט איז ער ארויסגעטראטען אויך אין דער ראָלע פונ'ם גרעסטען שונא־ישראל. אין די ערשטע אכציגער יאהרען, למשל, האט איינער א רוסישער אנטיסעמיט, וועלכער האט זיך בעהאלטען אונטער דעם פסעוודאָנים אָסמאַן־ביי, פערעפענטליכט אין אדעס א גיפטיגען פאמפלעט געגען יודען מיט'ן נאמען: „וועגען פערכאפען די וועלט דורך די יודען". די דאזיגע בראָשור, וואס איז געווארען איבערזעצט אויף פערשידענע שפראכען און איז ארויס אין עטליכע אויפלאגען, האט געמאכט אין דער וועלט א גרויסען רושם. די אנטיסעמיטישע בלעטער אין אלע לענ־דער האבען ביי יעדער געלעגענהייט געבראכט פון איהר גאנצע זייטען. לערנער איז דאן געווען דער איינציגער, וועלכער האט אין אַ בעזונדער קליין ווערקעל, וואס האט געהייסען: „מאַיאָר אָס־מאַן־ביי פאר'ן משפט פונ'ם געזונטען פערשטאנד", געגעבען דעם דערמאהנטען פאַמפלעטיסט אַ געהעריגע תשובה. עטליכע אזוינע יודען-פריינדליכע בראָשורען האט לערנער אנגעשריבען, באופן, אז עס האט גאר קיינעם נישט געקענט איינפאלען, אז די זעלבע פער־זאָן איז אַ פלייסיגער מיטארבייטער פון דעם יודען-פרעסעריש:ן

„נאָוואראסייסקי טעלעגראף״, וועלכער איז געשטאנען אין שטענדיגען קאמף נישט בלויז מיט דער אָדעסער יודישער בעפעלקערונג, נאר אויך מיט'ן גאנצען אלוועלטליכען יודענטום בכלל. אין דער צייט פון דעם רוסיש-טערקישען קריג האט לערנער אַראבגעריסען די מאסקע פון דער אנטיסעמיטישער „נאָוואָיע ווערעמיא״, וועלכע האט געוואלט אויספרעסען דורך דראהונגען ביי די יודישע מיליטער-ליפעראנטען אַ קאָלאסאלע געלד-סומע. און שפעטער — דערצעהלט מען — האט ער אליין דורך אָזמידאָוו'ס בלאט טעראָריזירט יהידים, און זאגאר אינסטיטוציעס, און זיי גענויט אויסצוקויפען זיך פון זיינע אנפאלען פאר געלד.

עטליכע יאהר שפעטער האט זיך לערנער ארומגעזעהן, אין וואס פאר אַ זומפּ ער איז פערקראכען און האט זיך געזוכט פון איהם ארויסצודרעהען. ער האט אוועקגעווארפען אָזמידאוו'ן מיט זיין בלאט און זיך גענומען צוריק צו דער עהרליכער ליטעראַרישער טעטיגקייט. ער האט דאן בעזוכט דייטשלאנד און פראנקרייך אלס קארעספאנדענט פון דער גרויסער מאסקווער צייטונג „רוסקיאַ וויעדאָמאָסטי״. דערנאך איז ער צוגעטראטען צו איבערזעצען גרעצ'ס געשיכטע אין יודיש. ער האט מיטגעארבייט אין ספעקטאָר'ס „הויז-פריינד״, וואו ער האט שטארק בעקעמפט די אסימילאציע, און אנגעפיהרט אַ שטארקע אגיטאציע פאר דער יודישער שפראך. אויף א באנקעט, וואס „גוטע פריינד פון דער יודישער שפראך״ אין אדעס האבען אין יאהר 1881 געמאכט לכבוד ספעקטאר'ן, האט לערנער געהאלטען אַ גרויסע רעדע וועגען דער יודישער שפראך און ליטעראטור, אין וועלכער ער איז דאן געקומען צום פאלגענדען אויספיהר, „אז כל-זמן יודען וועלען זיין, וועלען זיי רעדען יודיש״. ער האט זיך נאך דעמאָלט, אַפנים, נישט גערעכט, אז ווער — ווער, אבער ער וועט שוין קיין יוד נישט בלייבען און דורך איהם וועט יודיש ווייטער נישט פערפלאַנצט ווערען...

פון דאן אן האט לערנער אַ סך געשריבען אונטער'ן פסעודאָנים „יוסף-יואל הערדנער״. צווישען אנדערן האט ער אָפט געפרובט אַראבצורייסען שלום-עליכם'ען, אבער אהן ערפאלג. דערווייל זענען ביי איהם אונטערגעשפרונגען אַ פאמיליע מיט קינדער, און זיין ליטעראַרישע ארבייט האט איהם נישט געגעבען וויפיל ער האט געברויכט. ער האט זיך ווידער צוריקגעקעהרט צו זיין

אלטער פּראָפעסיע, צו דער פּריוואַט-אַדוואָקאַטור, נאָכדעם, ווי ער האָט שוין געהאַט געגלויבט, אַז ער האָט זיך מיט איהר צושיידט אויף שטענדיג. דאָס האָט איהם געפיהרט צו זיינע אַמאָליגע בעקאַנטשאַפטען, און ער האָט זיך גאָר אויף דאָס-ניי אָנגעהויבען חבר'ן מיט אַלערליי פערדעכטיגע פערזענליכקייטען. אין אָדעס האָט מען וועגען איהם גערעדט, אַז ער האָט צו טון מיט מיסיאָנערען און אַרבייט פאַר זיי. די פּרטים וועגען לערנער'ס מיסיאָנערישער טעטיגקייט זענען פערבליבען אומבעקאַנט. נור אַ רמז וועגען דעם געפינט מען אין די מעמואַרען פון דעם יודיש-רוסישען זשורנאַליסט א. ק ו י פ מ א ן*), וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט געוואוינט אין אָדעס און האָט לערנער'ן גאַנץ גוט געקענט.

אין יענער צייט האָט זיך לערנער אַרומגעטראָגען מיט'ן געדאַנק, משתדל צו זיין זיך פאַר דער מאַכט, מ'זאָל איהם בעשטימען אַלס צענזאָר פאַר יודישע ביכער. די ווינקעל-אַדוואָקאַטור האָט איהם נישט בעפרידיגט און ער האָט געוואָלט פון איהר אַרויסקריכען. ביי איהם איז דאַן צייטיג געוואָרען דער געדאַנק וועגען דער צענזאָר-שטעל. מיט רעקאָמענדאַציעס פון עטליכע בעקאַנטע אָדעסער רוסישע שריפטשטעלער האָט ער זיך געלאָזט פאָהרען קיין פּעטערבורג. פון יודען האָט ער קיינעם די זאַך נישט פערטרויט, אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט איהם געזאָגט, אַז דאָס וועט זיי נישט זיין לרצון.

וועגען לערנער'ס דעמאָלדיגע השתדלות אין פּעטערבורג, פון וועלכער ס'האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט, האָט דעם שרייבער פון די דאָזיגע שורות איבערגעגעבען אַמאָל ביי אַ געלעגענהייט דער בעוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער א. ש. פ ר י ד ב ע ר ג (הר-שלום), וועלכער איז די לעצטע אַכציגער יאָהרען אליין געוועזען אַ צענזאָר פאַר יודישע ספרים אין וואַרשאַ, פאָלגענדע אינטערעסאַנטע פּרטים:

אין פּעטערבורג האָט מען לערנער'ן געזאָגט, אַז אין דער זאַך, וועגען וועלכער ער איז זיך געקומען משתדל זיין, קאָן איהם טון אַ טובה דער בעוואוסטער הויף-פאָטאָגראַף ק אָ נ ס ט אַ נ ט י ן ש אַ פ י ר אָ, וועלכער איז אויסגעמישט מיט די העכסטע ביוראָ-

*) „עווריייסקאיא סטארינא“ 3:59.

קראטען, שפּילט מיט זיי גאנץ אָפט אין פּראָפעראנס און פּועל'ט ביי זיי אלץ, וואס ער פערלאנגט. לערנער האט זיך געלאָזט אָנרעדען און איז אוועק בעזוכען שאַפּיראַ'ן. לערנער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז שאַפּירא איז אַ העברעאישער דיכטער, און דערצו אַ משומד. דעריבער האט ער די ערשטע זאך ארויסגעוויזען פאר איהם זיינע גרויסע העברעאישע קענטעניסען, האט איהם דערצעהלט וועגען זיין ווערק איבער די כוזרים, וועגען זיין פּאָלעמיק מיט גאָטלאָבער'ן, פארוואס ער איז אנגעפאלען אויף אורי קאָוונער'ן צוליב זיין אויסלאכען די העברעאישע ליטעראטור מיט איהרע שריפטשטעלער. צולעצט האט לערנער געפּרובט נעמען שפּילען אויף די סטרונעס פון שאַפּירא'ס שמד און איהם געגעבען אָנצוהערעניש, אז ווען מען וואלט איהם געוואלט געבען דעם צענזאָר-אַמט מיט'ן תנאַי, ער זאל זיך פריהער טויפען, וואלט ער עס גערן אנגענומען. שאַפּירא'ן, וואס האט ביז אהער לערנער'ן נישט געקענט, און האט זאָגאר וועגען איהם גארנישט געהערט, האבען זיינע לעצטע ווערטער זעהר אויפגערעגט. ער, וואס זיין אייגענער שמד האט איהם תמיד גענאָגט און געעקבערט, האט נישט געקאנט פערטראגען, וואס אַ יוד ווארפט זיך אזוי ארום מיט זיין גלויבען צוליב מאַטעריעלע צוועקען. אין אנ'אנדער'ן מאָמענט וואלט שאַפּירא טעמפּעראַמענטפול, ווי ער איז געווען, געוויזען לערנער'ן פאר אזעלכע דבורים די טיר, ווי ער האט גאנץ אפט געטון מיט אנדערע משומדים, וואס זענען צו איהם געקומען בעטען טובות. איצט האט זיך אבער שאַפּירא נישט געפונען אין זיין געוועהנליכער לוינע, און האט אבגע'פטר'ט לערנער'ן מיט דעם, אז ער קאן פאר איהם גארנישט אויפטון, ווייל ער איז נישט בעקאנט אין יענע ספערען, פון וועלכע עס הענגט אב דער ענין; בכלל ראַט ער איהם אבער, נישט צו פערנעהמען זיך מיט אזא פעראנטווארטליכער בעשעפטיגונג, וועלכע איז פערבונדען מיט פערשידענע אונאנגענעהמליכקייטען פאר'ן צווייטען, און אמאל אויך פאר זיך אליין. שאַפּירא, ווען ס'האט זיך זעהר און זעהר נישט געוואלט, אז אזא פארשוין זאל האבען צו ענטשיידען דעם גורל פון'ם יודישען געדרוקטען ווארט, האט, מורא-האבענדיג, טאמער גיט זיך איהם ענדליך פארט איין צו בעקימען די שטעל, נאך דעם זעלבען טאג א בערגערעדט וועגען דעם מיט צעדערבוים'ען, דעם

רעדאקטאר פון „המליץ״, און געבעטען איהם, ער זאל זעהן אני־ ווענדען אלע זיינע קרעפטען, אז פון דער זאך זאל גארנישט ווערען. צעדערבוים׳ען האט שאפירא לאנג נישט געדארפט בעטען, ווייל ער האט גאנץ גוט געקענט לערנער׳ן נאך פון אדעס, און אלס צייטונגס־ מענש האט ער אויך געוואוסט וועגען זיינע בעציהונגען צו אָזי־ מידאָוו׳ן און צום „נאָוואָראָסייסקי טעלעגראף״. אזוי־ארום האט זיך פון דעם ענין אויסגעלאָזט אַ טייך, און לערנער האט זיך צוריק־ געקעהרט קיין אדעס מיט צוקראכענע האָפנונגען. אין אַ קורצער צייט ארום, בעת דער זעלבער שאפירא האט אויסגעפועל׳ט פאר פרידבערג׳ן, וועלכער איז געווען זיינער אַ יוגענד־פריינד, די צענזאָר־ שטעל אין ווארשא, האט ער איהם אין אַ בריף איבערגעגעבען די געשיכטע מיט לערנער׳ן, און איהם דערביי, צווישען אנדער׳ן, איראָ־ ניש געשריבען (העברעאיש) : „וואלט איך נישט געווען זיכער מיט דיר, אז דו וועסט פאָניען נישט טון צוליב און זיך קיינמאָל נישט שמד׳ן, וואָלסטו פון מיר אויך אַוועק מיט אַ נאָז״...

קומענדיג צוריק קיין אדעס מיט ליידיגען, האט לערנער ווידער־ אמאל אנגעהויבען פערקעהרען מיט שפל׳ע נפשות, גע׳חבר׳ט זיך צו־ פיל מיט פאָליציי און געווארען דארט אני אָפטער איינגעהער. דורך דער דאָזיגער בעקאַנטשאפט איז ער געווארען צוגעלאָזט צו די שטאָדט־ארכיוועז, און האט עס פערשטאנען זשורנאַליסטיש אויסצו־ נוצען לטובת דער יודישער בעפעלקערונג. אויפ׳ן סמך פון אַרכיוו־ מאטעריאַלען האט ער אין יאהר 1901 פערעפענטליכט זעהר אני־ אינטערעסאַנטע בראָשור אונטער׳ן נאמען „יעווערעאי וו׳ נאָוואָראָ־ סייסקאָם קראַיע״ (די יודען אין ניי־רוסישען קאַנט), אין וועלכער ער ווייזט אויף, אז דעם עקאָנאמישען און קולטורעלען אויפבליה פון דרום־רוסלאַנד, מיט אָדעס בראש, האט מען צו פערדאנקען נור די יודען. פון דער אנדער זייט האט אבער זיין צו גרויסע נאָהענטקייט צו דער אדמיניסטראציע נישט געבראכט קיין בעזונדערע טובות, גיכער פערקעהרט...

אין די ערשטע יאהרען פונ׳ם איצטיגען יאָהרהונדערט האט לערנער געפעלשט די חתימה פון זיינעם אַ קליענט מיט׳ן צוועק ארויסצובעקומען פון איהם זיין גרויס הויז. דורכדעם האט ער זיך פערפלאָנטערט אין אַ קרימינעלען פראצעס, פון וועלכען ער וואלט

נעוויס זעהר שלעכט אָבגעשניטען. ער האט זיך דאַן געכאַפּט און אָבגעשמד׳ט.

לערנער איז געשטאָרבען אין יאהר 1907 אין אדעס, פון קיינעם נישט בעדויערט און נישט בעוויינט. די גאנצע העברעאישע, יודישע און רוסיש-יודישע פּרעססע איז אריבער זיין טויט מיט שטיל-שווייגען, און עס איז אויך קיין וואונדער נישט, נעהמענדיג אין אכט, אז פון׳ם דאזיגען בעגאַבטען העברעאיש-יודישען שריפטשטעלער האבען יודען, בעזונדערס אין זיינע לעצטע יאהרען, געהאט פיל „צו זינגען און צו זאָגען".

לערנער׳ס זוהן ניקאָלאַי, אַקריסט, איז בעוואוסט אלס רוסישער ליטעראַטור-היסטאָריקער, בעזונדערס אלס פושקין-פאָרשער. אויף דעם דאזיגען געביט האט ער ביז אהער ארויסגעגעבען פיל גרעסערע און קלענערע ווערק.

לערנער׳ס פרוי, ראָזע, איז געבליבען אַ יודישקע. זי איז אויך בעקאנט אלס שריפטשטעלערין דורך איהר ערצעהלונג „אַהיים!" אין וועלכער זי האט בעזונגען דעם חבת-ציון-געדאנק (געדרוקט אין זאַמעלבוך „דער וועקער").

# אדמיראל דמיטרי ביעליצקי.

I

ביי אַ גוט נישט ווייט פון ה אָ מ ע ל, אויפ'ן טשערניגאָווער שליאך, האט אין די ערשטע דרייסיגער יאהרען פונ'ם פאריגען יאהר-הונדערט געוואוינט אַ יודישער שמיד, וועלכער איז געווען בעקאנט אין די ארומיגע דערפער אלס זעהר עהרליכער און קלוגער מענש, און בעזונדערס אלס קינסטלער אין זיין פאך. אַרום זיין קוזשניע פלעגט מען תמיד זעהען צעהנדליגער פוהרלעך און וועגענער, וואס נאהנטע פויערים האבען געבראכט שמידען די רעדער, אדער בע-שלאָגען די פערד מיט פאָדקאָוועס. בעת-מעשה פלעגען די פויערים פרעגען ביי איהם עצות וועגען פערשידענע ענינים, און וואס ער האט זיי געזאגט, איז ביי זיי געווען הייליג, ווייל תמיד האט ער פערשטאנען צו פונאַנדערפלאָנטערן די שווערסטע זאך און געבען די ריכטיגסטע עצה. קיין געלד פאר זיינע עצות פלעגט ער ביי קיינעם נישט נעהמען, און דאס האט איהם ביי די פויערים נאך פיל תקיפ'ער געמאכט. דערפאר האבען איהם די פויערים אבגעצאהלט דערמיט, וואס זיי האבען איהם זעהר געליבט פאר דעם פערוואלטער פונ'ם גראף פאַסקעוויטש'עס גיטער, וועלכע האבען זיך געפונען אין האָמלער געגענד, און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אז ווען עס האט זיך נור ביי איהם געמאכט שמידעריי-ארבייט, האט ער עס אבגעגעבען נישט קיין אנדערן, נור דעם יודישען שמיד, — פ נ ח ס ב י ע ל י ט ש ע ר האט ער געהייסען. די בעקאנטשאפט צווישען דעם פערוואַלטער פון פאַסקעוויטש'עס גיטער מיט פנחס ביעליטשער איז מיט דער צייט אזוי אויסגעוואקסען, אז אמאל זומער, בעת דער גראַף האט זיך דארט געפונען אויף יאַגד, און ביי איהם איז

אומגעריכט געוואָרען קאַליע זיין ביקס, האט מען ־תיכף אוועקגע־שיקט אַ שטאַפעט נאך פנחסן. דערווייל האט דער פערוואלטער בעוויזען צו דערצעהלען דעם גראַף, אז דער, נאך וועמען ער האט געשיקט, איז אפילו מעהר נישט ווי אַ שמיד, אבער נישט קיין פראָסטער, נור אויך זעהר אַ געניטער אין אַלערליי שלאָסעריי־ארבייט. אז פנחס איז געקומען, האט דער גראַף געהייסען, מ׳זאל דעם יוד אַריינפיהרען צו איהם. דער שמיד, וועלכער האט גע־וואוסט, אז פאַסקעוויטש איז איינער פון ניקאָלאַי׳ס בעריהמטע גע־נעראַלען און האט אנגעפיהרט מיט גרויסע מלחמות, און איצט איז ער דער „נאַמיעסטניק״ פון פוילען, האט זיך אין אנהויב זעהר גע־שראָקען, אבער דער פערוואַלטער האט איהם אנגענומען פאר דער האנד און איהם אַריינגעפיהרט גלייך צום גראף אין קאַבינעט.

פאַסקעוויטש האט בעטראכט דעם שמיד, וועלכער איז שוין דאן געווען העכער זעכציג, פון קאָפּ ביז די פיס, און זיך צו איהם אבגערופען:

— ביזט אַ שמיד?

— יאָ, — האט פנחס געענטפערט, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ

— אין וואס בעשטעהט דיין אַרבייט?

— איך בעשמיר וועגענער, איך בעשלאָג פערד מיט פּאָדקאָ־ווען, איך ברען אויס אייזערנע רייפען צו אַלערליי פעסער. איך...

— און יאַגד־ביקסען פערריכטען האט זיך דיר ווען־עס־איז גע־מאכט? — האט איהם איבערגעהאקט דער גראַף.

— קיינמאָל נישט, — האט איהם געענטפערט דער שמיד.

דער גראַף האט אויסגעגלאָצט אויפ׳ן פערוואַלטער אַ פּאָר אויגען, ווי איינער פרעגט: צו וואס האסטו עס איהם, דעם קאַליקע, אַהער אַראָבגעבראכט?

דער פערוואַלטער האָט עס פערשטאַנען און געוואָלט עפּיס ענטפערן, אבער איידער ער האט נאך בעוויזען צו עפענען דאס מויל, האט דער שמיד געכאפט און אַ זאָג געטון:

— האט דער גראַף צו פעררריכטען אַ ביקס?

— יאָ, און נאך וואס פאר אַ ביקס! אַ פּאַריזער!

— איך האב עס געוואלט זעהן, — האט פנחס קוים אַרויסגערעדט.

דער גראַף האט איהם דערלאַנגט די ביקס, זאָגענדיג דערביי:

— דאָ האט זיך עפּיס פּערהאקט; געפּין דעם חסרון, וועסטו זיין אַ „מאַלאָדיעץ".

דער שמיד האט, נישט רעדענדיג קיין ווארט, פונאַנדערגע־נומען די ביקס גליד פאר גליד, און נאכדעם אויסגערופען מיט פרייד: איך ווייס שוין דעם חסרון!

— און וועסטו עס קאָנען ווידער צורעכט מאַכען? — האט איהם געפרעגט דער גראף?

— מיט גאָט׳ס הילף! — האט אויף דעם געענטפערט דער שמיד, און זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט.

— ווי? האָסט גאר קיין געצייג נישט? — האט זיך דער גראף שטאַרק פערוואונדערט.

— אט ד א ס איז מיין געצייג! — האט דער שמיד אָנגעוויזען אויף זיינע הענד, און באלד האט ער מוסיף געווען: — איך וואלט נור געוואלט, מ׳זאל מיר געבען אַ בעזונדער אָרט פאר מיין אַרבייט.

דער פערוואַלטער האט אַריינגעפיהרט דעם שמיד אין אַנ׳אנדער צימער, וואו ער האט איהם געלאָזט אַליין, און איז אַרויס. עס האט נישט געדויערט קיין גאנצע שעה, ווי די ביקס איז שוין געווען פאַרטיג, און אז דער גראף האט זי גענומען אין דער האנד און בע־טראכט, איז ער געווען ממש ערשטוינט. ער האט דעם שמיד אַ קלאַפּ געטון איבער דער פּלייצע און מיט אַ זיסען שמייכעל געזאגט:

— דו ביזט דאָך עפּיס אַ קינסטלער! וואס זאל איך דיר געבען פאר דיין אַרבייט?

— איך פערלאנג גארנישט, — האט דער שמיד געענטפערט. — פאר מיר איז גענוג דאס, וואס איך האב געהאט די זכיה צו זעהן אייך, גראַף, און רעדען מיט אייך.

— פון דער זכיה וועסטו נאך אבער קיין ברויט נישט האבען, — האט געשמייכעלט דער גראף. — נו, איך וועל מיך שוין מיט דיר פו־נאנדערצאָהלען דורך מיין פערוואַלטער.

די דאָזיגע פּאַסירונג איז באַלד געוואָרען בעקאַנט אין גאַנצען קאַנט אַרום און פון פערשידענע שטעדטליך און דערפער איז מען געקומען אָנקוקען דעם יודישען שמיד, וואס האט אזוי נושא חן גע־ווען ביי פּאַסקעוויטש׳ן.

II

דער דאָזיגער פּנחס בעליטשער האט געהאט אַ פרוי מיט צוויי

זיהן. דער עלטערער זוהן, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג. האט איהם געהאָלפען אין דער ארבייט, און דעם יונגערן, אַ יונגעל פון אַ יאָהר צוועלף, האט ער אָבגעגעבען צו אַ מלמד אין האָמעל, און ביי איהם האט ער זיך אויך בעקעסטיגט. האט געדאַרפט פּאַסירען, אז אמאָל, אין אַ ווינטערדיגען פארנאַכט, איז דאס יונגעל אַרויס, ווי געוועהנליך, פון חדר אין דער דערבייאיגער קלויז דאַווענען מנחה און מעריב, און איז שוין צוריק מעהר נישט געקומען: צוזאמען מיט נאך עטליכע קינדער איז ער אַריינגעפאַלען אין די הענד פון די „כאַפּערס", און זיי זענען נאך דעמזעלבען אָוועקגעפיהרט געוואָרען קיין מאָהילעוו, די דעמאָלסטיגע גובערניאַל-שטאָדט פון האָמעל. דעם מלמד איז דאס ערשט קלאָר געוואָרען אויף מאָרגען אין דערפריה, און ער האט באלד אַוועקגעשיקט אַ שליח מיוחד מודיע צו זיין עס דעם פאָטער. דעם שמיד האט די ידיעה דערשיטערט; ער האט די ערשטע צייט געוויינט און געקלאָגט, און נישט געוואוסט וואס צו טון. שפּעטער האט ער זיך דערמאָהנט אָן פּאַסקעוויטש'ן, און בעשלאָסען ווענדען זיך צו איהם נאך הילף. ער איז תיכף אַוועקגעלאָפען צו זיין פּערוואַלטער, און, דערצעהלענדיג איהם וועגען זיין אומגליק, האט ער ביי איהם געבעטען אן עצה וואס צו טון, און צי קאָן ער, לויט זיין מיינונג, געהאָלפען ווערן דורך פּאַסקעוויטש'ן.

דער פערוואַלטער האט געהאט מיט'ן שמיד גרויס מיטלייד, און ער האט איהם מבטיח געווען צו דינען מיט וואס ער וועט נור קאָנען. ער האט זיך דערמאָהנט אָן דעם, וואס פּאַסקעוויטש האט איהם אָנגעזאָגט בשעת דער מעשה מיט דער ביקס, אז ווען פּנחס בעליטשער וועט נור פערלאנגען פון איהם אַ טובה, זאל ער עס איהם טון. בעטראכטענדיג די לאגע, האט דער פערוואַלטער פאָרגעשלאָגען דעם שמיד, צו פאָהרען מיט זיינס אַ בריף צו פּאַסקעוויטש'ן קיין וואַרשא, און האָט איהם דערביי געגעבען גוטע האָפנונגען, אז דער גראף וועט געוויס ממלא זיין זיין בקשה און זעהן, אז זיין קינד זאל תיכף בעפרייט ווערען.

קיין אייזענבאַהן איז נאָך דעמאָלט נישט געווען, און דער שמיד האט זיך אָבגעוואלגערט אין וועג וואָכענלאַנג ביז ער איז אין אַ געוויסען פרייטאָג פאר ליכט-בענשען אָנגעקומען קיין וואַרשא. ער איז פערפאָהרען אויף אַ יודישער אכסניא, וואו מ'האט איהם אָנ-

געוויזען. ער האט קוים איבערגעלעבט דעם שבת׳דיגען טאָג, און אויף מאָרגען, זונטאָג, האט ער געפרעגט דעם בעל-אכסניא, ווי אזוי מען נעהט צו פאסקעוויטש׳ן. הערענדיג אזא מין פראגע, האט דער בעל-אכסניא אָנגעקוקט דעם שמיד, ווי אַ משוגענעם. און פון זיין זייט איז עס געווען גאנץ נאטירליך. א יוד, וואס געהט קרוע בלוע, איז געקומען אזש פון מרחקים, און פערלאנגט גאר א קלייניגקייט: זעהן זיך מיט׳ן פּוילישען נאמיעסטניק, וואס אפילו א ווארשאָווער יודישער נכבד קאָן גאָר קיינמאָל אפילו נישט א קלער טון וועגען צוקומען צו איהם! ערשט נאָכדעם, ווי דער שמיד האט איהם דערצעהלט אויספיהרליך ווער ער איז און פון וואַנען ער איז און זיין שייכות צו פאַסקעוויטש׳ן און צוליב וואס ער איז געקומען קיין ווארשא, בעווייזענדיג איהם דערביי דעם פער-וואַלטער׳ס בריף מיט דעם גראַפּישען הערב אויפ׳ן קאָנווערט,—האט זיך דער בעל-אכסניא אַרומגעזעהן, אז דאָ איז גאָרנישט וואס צו וואונדערן זיך און פון וואס צו לאַכען; ער האט איהם אַליין אוועק-געפיהרט צום נאַמיעסטניק׳ס פּאַלאץ, און איהם אָנגעוויזען, וואוהין אריינצוגעהן. אָבער באלד ביים טויער האט דער שמיד בעקומען דעם גרעסטען אָבשניט: מ׳האט איהם מיט גרויס בזיונות אַוועקגע-טריבען, און אז ער האט געפּרובט עפּיס ענטפערן אין אַ צעבראָכענעם רוסיש, האט מען איהם געוואָלט אַרעסטירען. ער האט אַרויסגענומען פון קעשענע דעם פערוואַלטער׳ס בריף, אָבער קיינער האט אפילו אויף איהם נישט געוואָלט אַ קוק טון. אז ער איז שפעטער גע-קומען צוריק אויף דער אכסניא און האט דערצעהלט דעם בעל-הבית דאס, וואס איהם האָט פּאַסירט, האט יענער אַרויסגעזאָגט זיין מיי-נונג, אז מ׳האט איהם, קאן זיין, נישט אַריינגעלאָזט אין שלאָס צו-ליב זונטאָג. אָבער ער האט זיך אזוי אַרומגעדרעהט פאַרביי דעם שלאָס מאָנטאג, און דינסטאָג, און מיטוואָך האט ער זיך שוין צופיל געוואָרפען אין די אויגען פון דעם „קאַראַאול״, און מ׳האט איהם ארעסטירט און אָבגעפיהרט אין פּאָליציי. דאָרט האט מען ביי איהם געמאַכט אַ שטרענגע רעוויזיע, און, געפינעדיג צווישען אַנדערן דעם פערוואַלטער׳ס בריף, האט מען איהם אָבגעשיקט אין דעם נאַמיעסט-ניק׳ס קאַנצעלאַריע, און דעם שמיד אַליין האט מען דערווייל פער-האַלטען. נאך דעם זעלבען טאָג האט פּאָליציי בעקומען צוגעשיקט אַ פּאַפּיר פון נאַמיעסטניק׳ס הויף מיט׳ן בעפעהל תיכף צו בעפרייען

דעם שמיד און מעלדען איהם, אז דער גראַף געפינט זיך איצט אין פעטערבורג און אז נישט אַזוי גיך וועט ער זיך צוריקקעהרען. דע־ריבער וועט מען איהם אַ תשובה אויף זיין בקשה צושיקען קיין האָמעל. דער שמיד האט אָבער בעשלאָסען נישט אָבצופאָהרען פון וואַרשא ביז ער וועט זיך נישט זעהן מיט'ן גראַף און וועט נישט בעקומען פון איהם פערזענליך קיין ריכטיגען בעשייד. ער האט זיך נאָכגעפרעגט און זיך דערשלאָגען צו אַ יודישען שלאָסער, ביי וועמען ער האט בעקומען צייטווייליגע אַרבייט, און איז פערבליבען אין וואַרשא.

## III

דריי חדשים האט דער שמיד פערבראכט אין ווארשא און האט זיך אַלץ נישט געקאָנט דערוואַרטען אויף פאַסקעוויטש'ן, וועל־כער האט זיך גראָד דאָסמאָל פערהאלטען אין פעטערבורג מעהר ווי געוועהנליך, ווייל מ'האט שוין דאן גענומען מאכען הכנות צום רוסישען אַריינמאַרש קיין אונגאַרן. זעהר שווער איז געוועזען דעם דאָרפישען שמיד צו צוגעוועהנען זיך צום וואַרשאָווער טומעלדיגען לעבען, און נישט איינמאָל האט ער זיך פערבענקט אַהיים צו דער פאמיליע; ער האט זיך אבער יעדעס מאָל דערמאָהנט אָן זיין קינד, ביז ער האט זיך אין איין טאָג דערוואוסט, אז פאַסקעוויטש איז געקומען קיין וואַרשא, כדי צו שטעלען זיך דאָרט בראש פון דער אַרמעע, וואס געהט אב קיין אונגאַרן. ביי'ם שמיד איז אָבגעפאלען דער מוט; ער האט פערשטאנען, אז אין אזא הייסער צייט וועט ער זיך צו פאסקעוויטש'ן אויף קיין פאל נישט דערשלאָגען, און מיט אַ צובראכען הארץ האט ער זיך גענומען קלויבען אין וועג אריין. אָבער איידער ער פערלאָזט ווארשא, האט ער נאך געפרובט אוועקגעהן אין פאָליציי, וואו מ'האט איהם שוין גוט געקענט, און פרעגען אַנ'עצה, וואס צו טון, כדי צו זעהן זיך מיט'ן גראַף, און צי ס'איז דאָ פאר איהם בכלל אַ פונק האָפנונג אריינצוקריגען זיך אין שלאָס. דערביי האט ער דאָרט דערקלערט, אז ער קאָן בשום אופן ביי זיך נישט פועל'ן, צו לאָזען דעם ענין הענגען אין דער לופט און אָבצופאָהרען אהיים מיט גאָרנישט. אין פאָליציי האט מען זיך דעם שמיד געלאָזט אויסרעדען, מ'האט פון איהם גאַנץ אויפמערקזאם אויסגעהערט די געשיכטע מיט פאַסקעוויטש'עס קאַליע־

גּעוואָרענער ביקס, וועלכע ער האָט פּעררייכט, און ווי דער גראַף האָט איהם געוואָלט דערפאַר בעצאָהלען און ער האָט נישט געוואָלט נעהמען, מיט אַלע איבריגע פּרטים. נאָכדעם, ווי ער האָט פּערענדיגט זיין ערצעהלונג, האָט ער בעקומען אַ תשובה, אַז כאָטש ס׳איז שווער צו גלויבען, אַז אין אַזאַ מאָמענט זאָל מען איהם צולאָזען צום „נאַמיעסטניק״, דאָך וועט מען פון פּאָליציי מודיע זיין וועגען איהם אין דער קאַנצעלאַריע פון שלאָס, און אויך פּערוואַרפען פאַר איהם אַ גוט וואָרט, אַז ווען ס׳איז נור מעגליך, וואָלט געווען כדאי געבען דערפון צו וויסען דעם גראַף.

אוים׳ן דריטען טאָג אין דערפריה איז דער שמיד דורך אַ שליח מיוחד — דאָס איז געווען אַנ׳אָפיציר — אַרויסגערופען געוואָרען אין שלאָס. ער איז דאַן געשטאַנען ביי דער אַרבעט אין דער שלאָסעריי, דורכאויס שוואַרץ פון סאַזשע און פון קויהלען. בעקומענדיג די ידיעה, האָט ער זיך געוואָלט לויפען אַרומוואַשען און אַרויפציהען אויף זיך דעם שבת׳דיגען בגד; דער אָפיציר האָט איהם אָבער נישט אָבגעלאָזט, זאָגענדיג, אַז ער מוז איהם תיכף ובּיד צושטעלען אין שלאָס, „ווי ער שטעהט און געהט״. אָנגעקומען אין שלאָס, האָט מען איהם געלאָזט וואַרטען אַ קליינע ווײַלע אין אַ שפּנעם זאַל. דער שמיד האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ ווייכען שטוהל, וואָס מ׳האָט איהם אָנגעוויזען, און אין גרויס פּחד האָט ער געגומען פּרעפּלען פאַר זיך „אשרי תמימי דרך״. מיט אַמאָל האָט זיך געעפענט אַ טהיר פון אַ זייטיגען צימער און ס׳איז אַריין דער גראַף. דער שמיד האָט זיך אַ כאַפּ געטהון פון אָרט, נישט טויט, נישט לעבעדיג, און האָט זיך טיף פערנויגט פאַר׳ן גראַף, נישט קאָנענדיג אַרויסברענגען פון מויל קיין וואָרט.

— דו פּערשפּאָרסט רעדען, — האָט זיך צו איהם אָבגערופען דער גראַף, בעמערקענדיג זיין גרויסע פּערלעגענהייט, — איך ווייס אַלץ פון׳ם פּערוואַלטער׳ס בריף. דו מיינסט, אַז דיר האָט פּאַסירט אַנ׳אומגליק, א י ך אָבער האַלט עס נישט פאַר קיין אומגליק.

דער שמיד האָט דערפיהלט, אַז ביי איהם ברעכען זיך די קנעכלעך, און, נישט קאָנענדיג זיך בעהערשען, האָט ער אויסגעשריען, ווי מיט זיינע לעצטע כחות:

— מ׳האָט ביי מיר אַוועקגע׳גזל׳ט מיין קינד, מיין טרייסט פון

קאָפּ' ווער ווייסט, וואס מ'האט פון איהם געמאכט און צי לעבט ער גאָר?

— בערוהיג זיך! — האט דער גראַף גערעדט צו איהם אין אַ בעזונדערס ווייכען טאָן, ווי מיט רחמנות. — דיין קינד לעבט, ווי אלע אַנדערע זיינע חברים; מ'האט איהם נישט צוגענומען אויף צו טון איהם שלעכטס; דאס מיליטערדינסט איז נישט קיין אומגליק, עס מאַכט, פערקעהרט, די יוגענד שטארק און מעכטיג, בעזונדערס, אייער יודישע יוגענד. פאָהר דיך געזונט אַהיים, און זיי זיכער, אז דיין קינד געפינט זיך אין גוטע הענד; דאס, וואס איך קאן טון פאר איהם, צוליב דיר, איז נור, צו בעטען, מ'זאל זיך צו איהם בע־ציהען בעזונדערס מילד און ליב.

די גאַנצע צייט, וואס דער גראַף האט גערעדט, האט זיך ביי'ם שמיד געצאַפּעלט דאס הארץ, אזוי ווי אָט־אָט פאלט עס ארויס. ער האט זיך דערפיהלט ענטטוישט פון אלע זיינע האָפנונגען. מיט אַמאָל האט ער אַ געשריי געטון:

— ווער וועט מיר אבער פערזיכערן, אז מיין קינד וועט בלייבען אַ יוד? איך הער מיך דאָך אָן, וואס עס ווערט פון אונזערע יונגע קינדער אין מיליטער... מען שמד'ט זיי אָב...

דער גראַף האט זיך אַ ווײַלע פערטראכט און נאָכדעם געענטפערט:

— איך גיב דיר מיין וואָרט, אז נ י ט ע ן צו פערלאָזען זיין יודישע אמונה וועט מען דיין קינד נישט. טוט ער עס אבער מיט זיין גוטען ווילען, קאן מען דערצו גארנישט העלפען. איבעריגענס, וועל איך זעהן, אז מ'זאל איהם אינגיכען איבערשיקען אַהער קיין וואַרשא. דאָ, נעבען מיר, וועט איהם גארנישט פעהלען.

פאר'ן שמיד האט אויפגעבליהט אַ פונק האָפנונג. ער האט זיך געוואָרפען דעם גראַף צו די פיס און געזאגט:

— אויב עס איז אונמעגליך מיין קינד 'אינגאנצען צו בעפרייען, בין איך העכסט גליקליך פון דעם, וואס איהר וועט איהם אַראָב־ברענגען אַהער קיין ווארשא. דאָ, צווישען יודען, און אונטער דער השגחה פון אייער דורכלויכט, וועט ער, אפשר פון מיר נישט פער־פרעמדט ווערען.

ביי'ם סוף פון דער אודיענץ האט פאַסקעוויטש אַרויסגענומען

פון טאש אַ קליין פּעקעל אַסיגנאַציעס און האָט עס דערלאַנגט דעם שמיד, זאָגענדיג דערביי:

— איך בין דיר נאָך שולדיג אַ חוב פון אַמאָל, גיב איך דאָס איצט אָב צוזאַמען מיט דיינע רייזע־הוצאות קיין וואַרשאַ. קווענקעל דיך נישט און נעהם דאָס געלד, און טאָמער וועסטו עפּיס ווייטער דאַרפען צו מיר, קאָנסטו קומען.

אַז דער שמיד איז געקומען אויף זיין סטאַנציע, האָט ער זי געפונען בעלאַגערט פון יודען, וועלכע זענען געווען נייגיריג צו וויסען די רעזולטאַטען פון זיין אוידיענץ ביי פּאַסקעוויטש׳ן. נאָכ־דעם, ווי דער שמיד האָט זיי איבערגעגעבען די פּרטים פון דער אוידיענץ, האָבען אַנדערע פון זיי שווער אָבגעזיפצט. אויב גראַף פּאַסקעוויטש אַליין, וועלכער איז בעוואוסט פאַר אַ גרויסען אַדעל־מאַן און בעל־יושר, געפינט, אַז דאָס אוועקרייבען קליינע עופה׳לעך פון זייערע עלטערן און איבערגעבען זיי פאַר זעלנער, איז גאָר קיין אומגליק נישט, נור אַ גליק, טאָ וואָס זאָלען שוין זאָגען די ווייניג עהרליכערע פון איהם? פון דער אַנדערער זייט האָבען זיי געטרייסט דעם שמיד מיט דעם, אַז פּאַסקעוויטש׳עס הבטחה אַראָבצו־ברענגען זיין זוהן קיין וואַרשאַ איז נישט קיין קלייניגקייט. אין וואַרשאַ וועט ער שוין, מיט גאָטעס הילף, בלייבען אַ יוד.

VI

איינגעוויגט אין די דאָזיגע זיסע האָפנונגען, האָט זיך דער שמיד צוריקגעקעהרט צו זיך אין דאָרף און זיך ווידער גענומען פאַר זיין טעגליכער אַרבייט, וועלכע איז פאַר דער צייט פון זיין אַבוועזענהייט געוואָרען שטאַרק פערנאַכלעסיגט און אָבגעלאָזט. זיין עלטערער זוהן איז אפילו אויך געווען אַ גוטער בעל־מלאכה, אָבער נישט אַזוי געאיבט אין דעם פאַך, ווי ער אַליין. דעריבער האָבען זיך די אַרומיגע פּויערים נאָך איהם שטאַרק פערבענקט, און אין דעם טאָג, וואָס זיי זענען געוואָרען געוואָהר, אַז ער איז שוין דאָ, איז ביי זיי געווען ששון ושמחה. אויך פּאַסקעוויטש׳עס פּערוואַלטער איז איהם געקומען בעגריסען. דערביי האָט ער איהם געמאַכט אַ סיור־פּריז, איבערגעבענדיג איהם די ידיעה, אַז ער איז בעפולמעכטיגט פון גראַף איהם מודיע צו זיין, אַז פון זיין קאַנצעלאַריע איז שוין אָבגעגאַנגען אַ בעפעהל קיין קאַזאַן, וואו מ׳האָט אָבגעשיקט די

רעקרוטען פון מאָהילעווער גובערניע, מ׳זאל דעם קאַנטאָניסט בעליצקי תיכף ומיד איבערטראַנספּאָרטירען קיין ווארשא, וואו ער וועט צוגערעכענט ווערען צו איינעם פון די דאָרטיגע מיליטערישע רעגימענטער.

ס׳איז אָבער אַריבער אַ היבשע צייט און דער שמיד האט וועגען זיין זוהן נישט ערהאלטען קיין שום ידיעה, און וואוהין צו ווענדען זיך כּכח דעם האט ער נישט געהאט, ווייל פּאַסקעוויטש איז דערווייל אַוועק מיט דער אַרמעע העלפען דעם עסטרייכישען קייזער, פראַנץ יאָזעף דעם צווייטען, צו אונטערדריקען דעם אונגאַרישען אויפשטאַנד. אויך נאָכדעם, ווי דער אויפשטאַנד האט זיך געענדיגט, איז דער גראף נישט געקומען גלייך קיין וואַרשא; ער האט נאך דאן געהאט פיל צו טון אין קייזערליכען הויף, וואו עס זענען אונטער ניקאָלאַי׳ס פאָרזיץ אָבגעהאלטען געוואָרען פיל בעראַטונגען וועגען די ענינים פון פוילען. דאס האט זיך דער שמיד דערוואוסט פון פּאַסקעוויטש׳עס פערוואַלטער און ער האט זיך שוין אָנגעהויבען מיאש זיין פון דעם גראַפ׳ס הבטחה.

אונטער אָט דער צייט — אַ משך פון אַ יאָהר צוויי — האט דערווייל מיט זיין זוהן, וועלכער איז אַריינגעפאלען צו די „כאַפּערס", פּאַסירט פאָלגענדעס: אָנקומענדיג פון מאָהילעוו קיין קאַזאַן, האט מען איהם דאָרט אָבגעגעבען האָדעווען ביי אַ פויער אין איינעם פון די נאָהנטע דערפער. דער דאָזיגער פויער, וועלכער איז גראָד געווען אַ שמיד, האט גלייך איינגעשפּאַנט דעם יונגען בעליצקי׳ן צו זיין הויז-ארבייט, און איהם געצוואונגען צו טון „כל עבודת פרך". דאס יונגעל, וואס האט נישט געקאָנט שלעפּען דעם שווערען יאָך, האט איינמאָל ביי אַ געלעגענהייט דערצעהלט דעם פויער, אז זיין פאָטער איז אויך אַ שמיד און אז ער אליין קען אויך גוט די מלאכה און וואָלט איהם געקענט בייהילפיג זיין אין קוזשניע. און באמת האט דאס יונגעל, ווי יונג ער איז געווען, געהאט אַ געוויסע ידיעה אין שמידעריי, ווייל ער איז געוועהנט געוואָרען צוצוקוקען זיך תמיד צו דעם פאָטער׳ס ארבייט, און זענענדיג פון דער נאַטור בעגאַבט, האט ער לייכט איבערגענומען דערפון דעם שניט. דער פויער האט זיך גלייך אָן דעם אָנגעכאפּט, האט איהם געפּרובט געבען אַ שטיקעל אַרבייט, און איז פון זיין טעכניק געבליבען ערשטוינט. פון דעמאָלט אָן האט ער דאס יונגעל אינגאַנצען בעפרייט פון דער-

הויז־אַרבייט, און איהם געהאלטען נור נעבען זיך אין קוזשניע. דאס יונגעל האט זיך דערפיהלט אַ סך פרייער און מיט אלע זיינע פעהיג־קייטען זיך איבערגעגעבען דער שמידעריי. פון טאג צו טאג האט ער אַלץ ביי זיין ערציהער מעהר נושא חן געווען, דאס זעלבע אויך ביי אלע שטוביגע, צווישען זיי אויך ביי זיין יונגער און בילד־שענער בת־יחיד׳קע. עס איז געקומען אזוי ווייט, אז ביעליצקי האט זיך שוין מעהר נישט געפיהלט אלס קאַנטאָניסט, נור אלס פרייער מענש. ער האט נאר געהאט צער פון דעם, וואס דער פויער שיקט איהם מיט אָפטע שליחות׳ן צום דאָרף־גלח, און יענער לאָזט איהם יעדעס מאָל נישט אָב פון זיך, נישט האַלטענדיג פאר איהם גרויסע רעדעס וועגען דער וויכטיגקייט פון דער פראַוואָסלאַווער אמונה. איינמאָל איז ביעליצקי געקומען פון גלח אַ צוקאָכטער. דער גלח האט איהם געגעבען אָנצוהערעניש, אז אויב ער וועט זיך נישט אָבזאָגען פון דער יודישער אמונה מיט גוטען, וועט מען איהם דערצו צווינ־גען. דערביי האט ער איהם אָנגעוויזען אויף עטליכע פון זיינע חברים, וועלכע האבען אָנגענומען דעם קריסטליכען גלויבען, נאָכדעם, ווי זיי האבען נישט געקאָנט אויסהאַלטען די יסורים, וואס מען האט זיי אָנגעטון. „איז דאָך בעסער — האט דער גלח פערענדיגט דעם שמועס -- אז דו זאָלסט גאָר לכתחילה דערצו נישט ברענגען, און דאן איז, אויסער וואס דו וועסט נישט וויסען פון קיין פיין, וועסטו נאך נתעלה ווערען אין דינסט, וועסט זיך דערדינען צו אַ הויכען ראַנג". ער האט דעמאָלט אַ גאנצע נאכט נישט געשלאָפען. ערשט פארטאָג האט ער איינגעדרימעלט, און דאן איז איהם געקומען צו חלום דער טאַטע מיט זיין לאַנגער, ווייסער באָרד, און דערנאך די מאַמע; און ביידע האבען איהם בעשוואוירען אויסצושטעהן די גרעסטע צרות, צו געהן אין פייער און אין וואסער און נור נישט צו הערען דעם גלח. מיט דעם פעסטען בעשלוס צו פאָלגען טאַטע־מאַמען האט ער זיך, אַ בעגאָסענער פון אַ קאַלטען שווייס, אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

## IV

עס איז אַריבער אַ געוויסע צייט, און דערווייל האט זיך ביע־ליצקי אזוי איינגעלעבט מיט׳ן פויער׳ס פאַמיליע, אז ער איז אינ־גאנצען אַרונטערגעפאַלען אונטער זייער השפעה, און אז זיי האבען איהם גענומען איינרעדען, ער זאל הערען דעם גלח און זיך שמד׳ן,

האט ער זיך געלאָזט איבעררעדען. ער האט ווי מיט גוואַלד אָבּ־געטריבען פון זיך אלע זיינע געדאנקען און עראינערונגען וועגען דעם עלטערן־הויז, און ביים ערשטען געשפרעך, וואס דער גלח האט מיט איהם נאָכדעם געהאט, האט ער זיך שוין מיט איהם מעהר נישט געאַמפּערט און איהם נאָכגעגעבען. אין קורצען איז פאָרגע־קומען זיין טויף־אַקט ביי דער פייערליכער בעטייליגונג פון דעם גאַנגען דאָרף. דער הויפּט־מחותּן פון דער פייערונג איז געווען זיין בעל־הבית, דער פויער, אין וועמענס הענט עס איז פון דער מילי־טערישער מאַכט אָנגעטרויט געוואָרען זיין ערציהונג. דער דאָזיגער פויער האט זיך אזוי פיל נישט געפרעהט מיט זיין שמד, ווי מיט דעם געדאנק, וואס איז איהם איינגעפאַלען, צו בעפרייען ביעליצקי׳ן ווייל עס איז פון מיליטער־דינסט און נעהמען איהם פאר אנ׳איידעם פאר זיין יונג טעכטער׳ל, וועלכע איז נאך איהם ממש אויסגעגאנגען. דערווייל, ביז וואס־ווען האט ביעליצקי ביי׳ם פויער געלעבט אַ גוטען טאָג, מען האט איהם בעטראכט אלס מיטגליד פון דער פאמיליע און מ׳איז זיך מיט איהם בעגאנגען ברידערליך.

דער פויער האט שוין אָנגעהויבען הינטען־אַרום צו זוכען מיטלען, ווי אזוי אויסצולייזען ביעליצקי׳ן פון מיליטער, ערשט גאנץ אומגעריכט האט דער גלח בעקומען צוגעשיקט אַ פּאַפּיר פון פּאָוו־יאַט מיט׳ן בעפעהל, אָבצושיקען ביעליצקי׳ן תּיכּף ומיד קיין קאַזאַן. דער פויער, וועמען די זאך האט זעהר נישט געשמעקט, האט גע־וואָלט וויסען, וואס דאס בעדייט, און האט אויף זיין פוהר אליין אָבגעפיהרט ביעליצקי׳ן קיין קאַזאַן. דאָרטען האט זיך צו זיין גרויס פערוואונדערונג ארויסגעוויזען, אז ביעליצקי איז געוואָרען אַרויס־געפאָדערט פון דעם וואַרשאָווער מיליטער־בעצירק. אויך ביי די קאַ־זאַנער מיליטער־מאַכט, וועלכע האט געהאט צו טון מיט די יונגע רעקרוטען, וואס זענען געוואָרען צוגעטיילט צו איהר ראַיאָן, איז די זאך אויסגעקומען זעהר אויסטערליש. ס׳האָט נאך ביז אַהער קיינ־מאָל נישט פּאַסירט, אז פון קאַזאַן זאל מען איבערשיקען קאַנטאָ־ניסטען קיין וואַרשא. בכלל איז מען נישט געווען געוואוינט — מ׳זאל די זעלנער אויסריכטען אין זייערע פּולקען איינציגווייז. די וואַר־שאָווער פאָדערונג האט אבער געמוזט דערפילט ווערען, און אָבהאל־טענדיג ביעליצקי׳ן נאך אַ פּאָר טעג אין קאַזאַן, האט מען איהם מיט אנ׳עלטערן זעלנער אלס בעגלייטער אָבגעשיקט קיין ווארשא.

אין וואַרשא האט מען ביעליצקי'ן איבערגעפיהרט אין דעם פּוֹלק, וועלכער ווערט געוואָרפען אויפ'ן נאָמען פון פירשט פּאַסקעוויטש. ביעליצקי איז נאך דאַן אלט געווען מעהר נישט ווי זעכצעהן יאָהר, אָבער הויכגעוויקסיג און שטאַרק געבויט, וואס עס האָט איהם צוגעגעבען אנ'עלטערן אויסזעהן. אין פּוֹלק האָבען די אָפיציערען איינגערוימט איינער דעם אנדערן אין אויער, אז דאס האט מען איהם אַהער אראָבגעבראַכט לויט'ן בעפעהל פון פּאַסקעוויטש'ן, און דעריבער האבען זיי זיך צו איהם פון דער ערשטער מינוט אָן בעזונדערס גוט בעצויגען. ער, ביעליצקי אַליין, האט דערפון נישט געוואוסט, ביז ער איז אין אַ „שענעם פריהמאָרגען" אַרויסגערופען געוואָרען פאָרצושטעלען זיך פאר פּאַסקעוויטש'ן אין זיין שלאָס.

יונג און שען, ווי ביעליצקי איז געווען, איז ער פּאַסקעוויטש'ן געפעלען געוואָרען באַלד ביי'ם ערשטען אויגענבליק. מיט אַ זיסען שמייכעל האט ער איהם געפרעגט:

— ביזט פנחס ביעליצקי'ס אַ זוהן?

— יאָ, אייער דורכלויכט!

— ביזט היינט אַ פּראַוואָסלאַוונער? — האט איהם דער פירשט אַ פרעג געטון מיט אַ שטארק דורכדרינגענדען בליק.

— יאָ.

— מ'האט דיך געוויס דערצו נישט געצוואונגען? דו האָסט עס געטון מיט דיין אייגענעם גוטען ווילען?

— יאָ! — האָט ביעליצקי קוים אַרויסגערעדט.

— דו וואָלסט דיך געוויס געוואָלט זעהן מיט דיינע עלטערן?

ביי דער פראגע איז ביעליצקי געוואָרען אַ ביסעל צוטומעלט. נאָכהער האט ער זיך געגעבען מיה און געענטפערט:

— וואָלטען מיינע עלטערן אזוי מיך געוואָלט זעהן; איך האב אבער מורא, אז זיי וועלען מיך איצט אין שטוב נישט אַריינלאָזען.

— דיינע עלטערן דאַרפען נאך דערווייל נישט וויסען, אז דו ביזט אונזערער, — האט איהם דער פירשט אַרויסגעפיהרט פון זיין פערלעגענהייט. — איך גיב דיר אנ'אורלויב אויף פינף חדשים צו פאָהרען אַהיים. אז ס'וועט זיך ענדיגען דער טערמין, וועסטו דאַרפען דיך צושטעלען אַהער צוריק אין דיין פּוֹלק.

ביעליצקי האט זיך נישט איבעריגס געפרעהט מיט דער פערספעקטיווע צו זעהן זיך מיט די עלטערן. פאר דער צייט, וואס ער

איז פון זיי נישט ווילענדיג אַוועק, איז ער צו זיי אָבגעקיהלט גע־וואָרען. פון דער אַנדער זייט האט ער עפּיס ביי זיך אין הארצען געפיהלט אַ שרעק, אז זיי קאָנען נאך געוואויר ווערען מן הצד ווע־גען זיין שמד, און דאן ווער ווייסט, וואס עס וועט מיט זיי פּאַסירען. ער וועט זיך אפילו פערענטפערן, ער וועט דערצעהלען וועגען די יסורים, וואס מ'האט איהם אָנגעטון און ווי שטארק מען האט איהם געפייניגט. צי וועט מען איהם אָבער גלויבען? דער אורלויב אָבער אַן און פאר זיך האט איהם אָנגעלאָקט, מינוטענווייז האט אין איהם אַנ'עקבער געטון אַ מין בענקעניש און ער איז אָבגעפּאָהרען קיין האָמעל.

V

ביעליצקי'ס גאנץ אונערוואַרטעטער קומען אַהיים האט אַרויס־גערופען ביי זיינע עלטערן אַ שטראָם פון פרייד־געפיהלען, און ביי די זייטיגע — גרויס וואונדער. דאס גאנצע דאָרף איז זיך צונויפ־געלאָפען אויף חידושים. עס זענען אויך געקומען פיל יודען פון דער דערבייאיגער ביעליצע און זאָגאר פון האָמעל. עס איז נאך ביז אַהער נישט געהערט געוואָרען, אז עמיץ פון די קאַנטאָניסטען זאל בעקומען די מעגליכקייט צו קומען אַהיים איידער ער האט גע־ענדיגט צו דינען אין מיליטער. און געדינט האט מען דאן פינף און צוואַנציג יאָהר נאך דער רייהע. מ'האט אפילו געוואוסט וועגען דעם שמיד'ס נכיעה קיין ווארשא, אבער קיינער האט זיך נישט געריכט, אז ער זאל אַזוי פיל האבען גע'פּועל'ט ביי פּאַסקעוויטש'ן, און בע־זונדערס האט מען נישט געוואָלט גלויבען, אז דער יונגער ביעליצקי האט זיך, אין געגענזאַץ צו די איבריגע קאַנטאָניסטען, נישט גע־לאָזט פערפיהרען צום שמד און איז געבליבען אַ יוד. אין פאָלק זענען דעמאָלט אומגעגאנגען קלאנגען, אז אלע קינדער, וואס זענען אריינגעפאלען אין די הענט פון די „כאַפּערס" און זענען אָבגע־געבען געוואָרען פאר רעקרוטען, זענען געווען געצוואונגען אָנצו־נעהמען די פּראַוואָסלאַווניע אמונה, ווייל אַזוי האט פערלאנגט ני־קאָלאי אליין. טאָ ווי קומט עס — אַזוי האבען זיך אלע געפרעגט — אז פנחס ביעליצער'ס זוהן זאל זיין אַ יוצא מן הכלל? מן הסתם האט אויך אין דעם געשטעקט פּאַסקעוויטש'עס האנט...

אין עטליכע טעג ארום נאָך ביעליצקי׳ס קומען איז צו איהם אמאָל צוגעגאנגען דער פּאָטער און צו איהם געזאָגט:

— מיין זוהן! א צוועלף־יעהריג יונגעל ביזטו פון מיר געוואָרען אָבגעריסען. דאס ביסעל יוּדישקייט, וואס איך האב דיר געלערנט, האָסטו שוין געוויס פערגעסען. דו ביזט דאָך אבער א יוד, מוזטו דאך כאטש עפּיס קענען; אָט אמאל דארף מען וויסען אַ דין, איך רעד שוין נישט וועגען אַ פּרשה חומש און אַ פּסוק תנ״ך... דאס דארף דאך אַ יוד געוויס פערשטעהן. בכן וואָלט איך פערלאַנגט, אז די צייט, וואס דו האסט נאך דאָ צו זיין, זאָלסטו דיך אַ ביסעל צו לערנען יודישקייט.

VI

ביעליצקי האט מסכּים געווען און שוין אויף מאָרגען האט דער פּאָטער אראָבגעבראכט פון ביעליצע אַ יונגענמאן, וועלכער האט מיט איהם געלערנט חומש מיט רש״י, אַ ביסעל תּנ״ך און אויך „חיי־אָדם״. דער יונגער זעלנער, וועלענדיג צוליב טון די עלטערן, האט ארויסגעוויזען ביי׳ם לערנען גרויס התמדה, און איינמאָל, אין אַ געשפּרעך מיט׳ן פאטער, האט ער איהם מבטיח געווען, אז אויך קומענדיג קייןווארשא וועט ער נישט פערפּעהלען אַמאל אַ שבת, צי אַ יום־טוב אריין אין אַ בית־מדרש און צוהערען זיך ווי יודען לערנען.

ביעליצקי׳ס אורלויב האט שוין געהאלטען ביי׳ם סוף, און ער האט זיך שוין גענומען גרייטען אין וועג אריין. כמעט יעדען טאג נאָך דער ארבייט האט מיט איהם דעם פּאָטער איינגעטענה׳ט, ער זאל, למען השם, אין דינסט נישט פערנאכלעסיגען זיין יודישקייט, אז ער זאל זעהן ביישטעהן אלע נסיונות, וואס וועלען זיך איהם אפשר מאכען, און זאל בלייבען אַ טרייער יוד. און איינמאָל, ביי אזא געשפּרעך — דאס איז געווען דער לעצטער טאָג פאר זיין אָברייזען — האט ער ביי איהם אויף דעם גענומען אַ תּקיעת כף, און ערשט נאכ־דעם האט ער זיך בערוהיגט. די פאמיליע האט זיך גאנץ פרעהליך אוועקגעזעצט עסען די לעצטע וועטשערע. קיינער פון זיי האט אין יענער מינוט נישט געפיהלט, וואס דער מאָרגענדיגער טאָג וועט זיי ברענגען...

און דער מאָרגענדיגער טאג איז געקומען און האט צושטערט

די רוה פון דער דאָזיגער פאַמיליע. צוגעהענדיג צופעליג פאַרטאָג צום בעט, אין וועלכען ס'איז געשלאָפען איהר זוהן, וואס האט אין עטליכע שעה אַרום געדאַרפט אָבפאָהרען צוריק קיין ווארשא, איז די מוטער פלוצלונג אָבגעשפרונגען מיט שרעק א הינטער. זי האט דערזעהן הענגענדיג אויף זיין אָבגעבלייזטען האלז א קליינעם צלם!.. זי האט דערשטיקט אין זיך דעם אויסגעשריי, וואס האט זיך געהאלטען ביי'ם אויסברעכען פון איהר מויל, און איז אריינגעלאָפען צום מאן, וועלכער איז שוין דאן געשטאנען אין קוזשניע ביי דער ארבייט, און איהם דערצעהלט וועגען דער שרעקליכער ענטפלעקונג, וועלכע זי האט נאר-וואס געמאכט. דער שמיד האט איהר נישט געגלויבט און זיך אליין געוואָלט אין דעם איבערצייגען. מיט איין שפרונג איז ער שוין געווען אין שטוב, ווי א קאץ איז ער בא-מעליך צו צום בעט, און האט מיט גוואלד א ריס געטון דעם צלם פון זיין שלאָפעדיגען זוהנס האלז. יענער האט זיך מיט שרעק אויפ-געכאפט, און אין שטוב איז געוואָרען א תוכחה...

דער פאטער האט זיך געריסען די האָר פון קאָפ, און די מוטער האט אויסגעבראָכען אין א היסטערישען געוויין. דער זוהן איז די ערשטע מינוטען געווארען אזוי צודולט, אז ער האט נישט געוואוסט אויף וואָסער וועלט ער איז, און איז געבליבען ליגען שטיל, ווי דאס לשון וואלט איהם אָבגענומען. אז ער איז געקומען צו זיך, איז ער געוואָרען אין הארצען שרעקליך אויפגעבראכט אויף זיך אליין, פארוואס ער איז אויף אזוי פיל נישט געווען פאָר-זיכטיג, אז ער האט פערגעסען איבערצולאָזען דעם צלם אין ווארשא, איהם גענומען מיט זיך אין וועג אריין און געלאָזט איהם הענגען ביי זיך אויפ'ן האלז. ווען ער וואָלט געקאָנט, וואָלט ער זיך אין יענער מינוט צוריסען, ווי א הערינג... באלד האט איהם אבער פערקיועטשט פאר'ן הארצען, און ער האט זיך פונאנדערגעוויינט אויפ'ן קול, ווי א קליין קינד. באָדענדיג זיך אין טרעהרען, האט ער אויסדערצעהלט זיינע עלטערן די צרות און די געברענטע ליידען, וואס ער איז אויסגעשטאנען אין דאָרף ביי'ם פויער, און האט פערענדיגט, אז נישט ער אליין איז נישט בייגעשטאנען דעם נסיון, און אז אזוי האבען געטון אויך פיל אנדערע. דאס האט אבער דעם שמיד נישט בערוהיגט. א היבשע וויילע איז ער גע-זעסען פערטראכט. נאכדעם האט ער זיך א כאפ געטון פון אָרט

און ווי מיט די לעצטע קרעפטען האט ער אויסגעשריִען צום זוהן:
— די נעהם און פאָהר די מינוט אוועק, און איך מיט דער מאַמען וועלען זיך אַוועקזעצען „ש ב ע ה"!..

קומענדיג צוריק קיין ווארשא, איז ביעליצקי ווידער אריין אין דעם זעלבען פולק, וואוהין מ'האט איהם בעשטימט. פון טאג צו טאג האט ער זיך אַלץ מעהר אויסגעצייכענט אין מיליטער-דינסט און איז אזוי-ארום געוואָרען דער ליבלינג פון זיין „נאַטשאַלסטוואָ. פאַס-קעוויטש האט דערפון געוואוסט, און עטליכע מאָל האט ביעליצקי בעקומען צוגעשיקט פון איהם פערשידענע מתנות. אַמאָל, בשעת אַ מאַנעוור, וואס איז פארגעקומען אין דער געגענוואַרט פון פאַס-קעוויטש'ן, האט ביעליצקי ביי איהם אזוי אויסגענומען, אז ער האט איהם אַ פרעג געטון, אפשר האט ער צו איהם אַ וועלכע-עס-איז בקשה, וועט ער זי גלייך ערפילען. נישט פיל קלערענדיג, האט איהם ביעליצקי געענטפערט, אז אין דעם איצטיגען מאָמענט האט ער נור איין וואונש: מ'זאָל איהם איבערפיהרען דינען אין פלאָט. פאַסקעוויטש האט איהם נישט געפרעגט, וואס ס'האט איהם בעוואויגען צו דעם דאָזיגען פערלאנג, און האט עס גלייך פערצייכענט ביי זיך אין נאָטיץ-ביכעל. אין עטליכע וואָכען אַרום איז אין פולק דער-האַלטען געוואָרען אַ פאפיר, מ'זאָל ביעליצקי'ן איבערשיקען קיין קראָנשטאַדט. דאס האט ביעליצקי'ן זעהר דערפרעהט, ווייל אונטער'ן איינדרוק פון חברים-מאַטראָסען, מיט וועלכע ער האט זיך בעקענט אין ווארשא, האט זיך ביי איהם דערוועקט אַ שטארקע תשוקה צום ים-לעבען.

אויך אין דעם פלאָט-דינסט האט ביעליצקי באלד ארויסגע-וויזען זיינע זעלטענע פעהיגקייטען, און פאַסקעוויטש'עס רעקאָמענ-דאַציע האט געבראכט דערצו, אז אלע, פון דעם קלענסטען אָפיציר ביז דעם העכסטען גענעראַל, האבען זיך צו איהם פערהאלטען נישט ווי צו אנ'איינפאכען מאַטראָס, נור ווי צו איינעם, וואס מ'האט פון איהם פיל צו דערוואַרטען. ביעליצקי האט דאס געפיהלט, און זיך איבערגעגעבען דעם פלאָט-דינסט מיט גרויס התמדה. עס האט לאנג נישט געדויערט, און מ'האט איהם אריינגענומען אין דער מאַטראָסען-שול, וועלכע ער האט אינ'ם משך פון עטליכע יאהר פערענדיגט מיט פיל אויסצייכנונגען. אין משך פון דער דאָזיגער צייט איז ער אַ פאר מאָל ארומגעפאהרען ארום דער וועלט, איז אראָפּ אין פער-

שידענע לענדער און זיך בעקענט מיט אַלערליי מענשען. ער האט אויפ׳ן געביט פונ׳ם ים-קריג געמאכט אויסטערלישע פּאָרטשריט, האט אָפט בעקומען מעדאַלען, און אין פלאָט-מיניסטעריום האט מען אויף איהם געלעגט גרויסע האָפנונגען. מ׳האט איהם כסדר געגעבען העכערע ראַנגען, ביז ער איז צום סוף נתעלה געוואָרען אלס אַד-מיראַל. דאס האט פּאַסירט אין מיטען פון די זיבציגער יאָהרען, אַ קורצע צייט פאר דער רוסיש-טערקישער מלחמה. ביעליצקי איז נאך דאן נישט אלט געווען קיין גאנצע דרייסיג יאָהר. אַ דאנק זיין הויכען ראַנג האט ער אָנגעהויבען שפּילען אַ ראָלע אין דער רוסישער געזעלשאפט. זענענדיג שען און געבילדעט און מיט אַריסטאָקראטישע מאַנירען, זענען פאר איהם געווען אָפען די טירען פון די העכסטע „הויף״-ביוראָקראטען. אַ בעזונדער התקרבות האט צו איהם ארויס-געוויזען די פאמיליע פונ׳ם גראף דימיטרי אַלעקסייעוויטש מיליו-טין, — דער דעמאָלט׳דיגער רוסישער קריגס-מיניסטער. ער איז ביי דער דאָזיגער פאַמיליע געוואָרען אַנ׳אָפּטער איינגעהער, און צום סוף אויך א גאנצער בן-בית, ביז מיליוטינ׳ס טאָכטער האט זיך אין איהם פערליבט און ער האט מיט איהר חתונה געהאט.

געפינענדיג זיך אויפ׳ן העכסטען שפּיץ פון גליק און כבוד, האט ביעליצקי פערגעסען אינגאנצען זיינע עלטערן. די ערשטע צייט פלעגט ער נאך אמאָל ווערען א פערציטערטער, בעת עס פלעגט זיך איהם אוועקשטעלען פאר די אויגען דאס בילד, ווי זיין פאטער האט „קריעה״ געריסען און זיך געזעצט „שבעה״. ביסלעכוויז איז אבער דאס בילד געוואָרען פערטושט און פערשוואומען, און ביעליצקי האט זיין רוה צוריק בעקומען. זיין יודישע אָבשטאמונג האט ער ביי יעדער געלעגענהייט פערלייקענט, תמיד האט ער געזוכט זיך ארויס-צוגעבען אלס עכטער רוס, און דאס האט זיך איהם איינגעגעבען. קיינער האט אין איהם בשום אופן נישט געקאָנט דערקענען, אז ער איז א יוד.

נור איינער אין פעטערבורג האט זיך געפונען, וואס האט גע-וואוסט פון ביעליצקי׳ס סוד. דאס איז געווען א זוהן פון דעם פער-וואלטער איבער פאסקעוויטשעס גיטער אין האָמליער געגענד, וואס האט זיך אזוי גוט איינגעלעבט מיט ביעליצקי׳ס פאָטער. דער דאזיגער קריסט האט קינדווייז גאנץ גוט געקענט פנחס ביעליצער׳ן, ווען ער האט כמה מאָל געזעהן אין דעם הויז פון זיינע עלטערן, און איהם איז געווען בעקאנט די גאנצע געשיכטע מיט׳ן יונגען

ביעליצקי׳ן. אליין איז ער אויך מיט איאהר פופצעהן צוריק געקומען מיט פאסקעוויטש׳עס רעקאָמענדאציעס קיין פעטערבורג. דאָרט האט ער געדינט אין פערשידענע רעגירונגס-אינסטיטוציעס, ביז ער האט זיך דערדינט צום ראנג פון געשעפט-פיהרער אין דער קאנצעלאריע פונ׳ם קריגס-מיניסטער. צוליב דינסט-אנגעלעגענהייטען פלעגט איהם אמאל אויסקומען צו בעזוכען זיין העכסטען „נאטשאלניק״, מיליוטינ׳ען, און בעגעגענענדיג זיך דארט איינמאל מיט׳ן יונגען ביעליצקי׳ן, האט ער איהם תיכף דערקענט. די ערשטע מינוט איז איהם איינגעפאלען פאָרצושטעלען זיך ביעליצקי׳ן אלס אלטער בעקאנטער פון די קינדער-יאהרען. ער האט זיך אבער באלד געכאפט, אז דאס וועט אפשר ביעליצקי׳ן פערשאפען פערדרוס, און האט זיך אָבגעהאלטען, אָבלעגענדיג עס אויף אנ׳אנדער גינסטיגערער צייט.

## VII

שרייבענדיג אמאל א בריף צו זיינע עלטערן, האט דער קריסט, צופעליג אדער אומישנע, ביי זיי, דרך אגב, אנגעפרעגט, וואס עס מאכט פנחס דער שמיד מיט זיין פאמיליע, ווייל ער האט זיי מודיע צו זיין זעהר א וויכטיגע זאך. דער פערוואלטער איז באלד אוועק און האט אויפגעזוכט פנחס׳ן, וועלכער איז שוין דאן געווען אַ זקן פון א בן-שמונים, און איז נאך אלץ געשטאנען אין קוזשניע און געארבייט צו ערנעהרען זיך און די פאמיליע פון זיין עלטערן זוהן, וואס איז איהם מיט עטליכע יאהר צוריק אבגעשטארבען. נאכדעם, ווי דער פערוואלטער האט איהם דערצעהלט וועגען זיין זוהנ׳ס בריף, האט זיך פנחס אנגערופען:

— וואס, מישטיינס געזאגט, קאן מען דאס מיר מודיע זיין פון פעטערבורג? אפשר וועגען מיין געוועזענעם זוהן? וויל איך דעם משומד נישט קענען!..

ביי דער נעכסטער געלעגענהייט האט דער פערוואלטער צוגעשריבען א פאָר שורות אין אַ בריף צו זיין זוהן, אז פנחס דער שמיד לעבט, נור זיין ווייב מיט זיין עלטסטען זוהן זענען שוין אויפ׳ן עולם האמת. אויף דעם האט ער מוסיף געווען, אז אויב עס האנדעלט זיך ווירקליך וועגען דעם שמיד׳ס זוהן, און אויב יענער איז א פערמעגליכער, זאל ער איהם זאגען, אז עס וואלט געווען

א יושר, ער זאל דעם אלטען פאטער נישט לאָזען אויסגעהן ביי דער ארבייט...

דעם פערוואלטער׳ס זוהן, וועלכער איז געווען ליבעראל גע־זאנען, איידעל און גוטהארציג פון דער נאַטור, האט בעקומען שטארק רחמנות אויפ׳ן אלטען שמיד, און בעשלאסען זוכען און געפינען א געלעגענהייט ווי ארייננצוגעהן מיט ביעליצקי׳ן אין אנ׳אינטימען שמועס וועגען זיינע עלטערן. ער האט אבער פריהער געוואלט זאָנ־דירען דעם באָדען און דערגעהן, ווי אזוי ביעליצקי בעציהט זיך ביי היינטיגען טאג צו יודען בכלל, ווארום אויב ער זאל זיך ארויס־ווייזען פאר אַ שונא ישראל, ווי עס זענען ס׳רוב משומדים, לוינט זיך שוין נישט צו רעדען מיט איהם וועגען זיין פאַמיליע א לאנגע צייט האט דעם פערוואלטער׳ס זוהן געזוכט אזא געלעגענהייט, און נישט געפונען. ביעליצקי האט געהאט אַ וואוינונג ביי דער אדמי־ראַליטעט, און ביי מיליוטינ׳ען האט ער זיך מיט איהם נישט בע־געגענט. ס׳האט אבער גראד אמאל פאַסירט, אז אין קריגס־מיניסטעריום איז פארגעקומען אַ בשותפותידיגע זיצונג מיט די פארשטעהר פונ׳ם פלאָט־מיניסטעריום, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען ביעליצקי. צווישען די פראגען, וועלכע זענען געוואָרען בעהאנדעלט אויף יענער זיצונג, האט זיך אויך געפונען די פראגע וועגען די יודישע מילי־טער־ליפעראנטען. ביעליצקי, וועלכער האט אנטייל גענומען אין דער דיסקוסיע, האט געשאָטען אויף די יודישע פּאָדריאַדטשיקעס און אויף יודען בכלל פעך און שוועבעל. ער האט גערעדט וועגען זיי מיט א בעזונדער׳ן כעס און מיט שום אויף די ליפען. דעם פער־וואלטער׳ס זוהן, וועלכער האט, אלס „דיעלאָפּראָאיזוואָדיטעל״, געפיהרט די פּראָטאָקאָלען פון יענער זיצונג, זענען ביעליצקי׳ס ווערטער „ארייין אין נאָז״, און ער האט פערשטאנען, אז מיט זיין שמועס וועט ער איהם נור רייצען, און פועל׳ן וועט ער ביי איהם גארנישט. זיין הארץ האט איהם אבער נישט געשטילט. ער האט זיך דער־מאהנט אָן די גוטע, פריינדליכע בעציהונגען פון זיין פאטער צום שמיד, און אָן דער ראָלע, וואס פירשט פאסקעוויטש האט, אויס דאנק־בארקייט צו איהם, געשפּילט אין ביעליצקי׳ס לעבען, און די דאזיגע עראינערונגען האבען אין איהם ווידער ארויסגערופען דעם בעשלוס, דורכצורעדען זיך מיט ביעליצקי׳ן, ביי וועלכע אומשטענדען עס זאל נישט זיין. ענדליך האט ער זיך אבגעשטעלט אויף דעם געדאנק, צו־

נויפצוזעדען זיך מיט ביעליצקי'ן דורך א בריף. קודם כל האט ער זיך ענטשולדיגט פאר ביעליצקי'ן, פארוואס ער נעהמט זיך די דרייסטקייט צו ווענדען זיך צו איהם וועגען א פערזענליכען אינטימען ענין. דערנאך האט ער איהם דערמאָהנט זייערע קינדערישע יאהרען, בעת זיי פלעגען אפט צוזאמען מיט זייערע טאטעס קומען איינער צום אנדערן און זיך שפּילען אינאיינעם. צום סוף האט ער אראב-געפיהרט דעם שמועס אויף ביעליצקי'ס אלטע טאטען,ביילעגענדיג דערצו דעם פאטער'ס פאר שורות...

דער בריף האט געמאכט אויף ביעליצקי'ן אַנ'ערשיטערנדען איינדרוק. קוים האט ער איבערגעלייענט די ערשטע שורות, האט פאר זיינע אויגען פלוצלונג אויפגעלעבט דאס פינסטערע בילד, ווי זיין פאטער טרייבט איהם פון שטוב, און אליין זעצט ער זיך אוועק אויף דער ערד... דערביי האט ער זיך דערמאָהנט אָן זיין פער-שטאָרבענער מוטער, וועלכע ער האט אזוי ליב געהאט. נאך דעם זעלבען טאג האט ער ארויסגערופען צו זיך דעם פערוואלטער'ס זוהן, און אז יענער איז צו דער בעשטימטער שעה געקומען, האט ער זיך מיט איהם פערשפארט אין א בעזונדער חדר. דארט איז ער איהם ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז, און האט אויסגערופען מיט אין זיך דער-שטיקטע טרעהרען:

— איהר, א געבוירענער קריסט, קומט צו מיר, א געבוירענעם יוד, בעטען פאר מיין אלטען טאטען, און איך?!..

מעהר האט ביעליצקי נישט געקאנט ארויסרעדען פון מויל.

— מיין פאטער, — האט איהם געענטפערט דעם פערוואלטער'ס זוהן, — האט מיך נאך אין מיין פריהסטער יוגענד געלערנט, נישט צו מאכען קיין אונטערשיד צווישען א קריסט און א יוד. אזוי האט זיך אויך געפיהרט פירשט פאסקעוויטש. ווען נישט דאס, וואלט איהר היינט נישט געקומען צו אייער הויכער מדרגה.

שוין אויף מאָרגען האט ביעליצקי אבגעשיקט דעם פאטער קיין ביעליצע א פאקעט מיט עטליכע הונדערט רובל, מיט אנ'הבטחה צו שיקען איהם להבא אַ מאָנאַטליכע פענסיע, ער זאל נישט דארפען אר-בייטען אויף דער עלטער.

ווי גרויס איז אָבער געווען ביעליצקי'ס ערשטוינען, בעת ער האט אין עטליכע וואכען ארום בעקומען צוריקגעשיקט דעם פאַקעט

מיט'ן געלט, מיט דעם פּאָטער'ס צושריפט: „איך וויל נישט האבען קיין שטיצע פון אַ זוהן, אַ משומד“.

דאס צוריקגעשיקטע געלד מיט דעם פּאָטער'ס צושריפט האבען ביעליצקי'ן, אפשר נישט ווילענדיג, אינגאנצען צובראָכען. ער האט נישט ערווארט, אז זיין פּאָטער'ס שנאה צו איהם זאל אזוי לאנג אנהאלטען, און בעזונדערס האט ער זיך נישט גערעכט צו זעהן פון זיין זייט אזא שטארקע עקשנות, אז זענענדיג געצוואונגען שווער צו ארבייטען אויף דער עלטער צוליב זיין טעגליכען שטיקעל ברויט, וועט ער פונדעסטוועגען נישט וועלען אָננעהמען די צו איהם אויסגעשטרעקטע האנד פון זיין זוהן, וועלכער איז זיך מתחייב נישט בלויז צו בעפרייען איהם פון זיין איצטיגער נויט, נור אויך צו פערזיכערן איהם זיינע לעצטע יאָהרען. די ערשטע עטליכע טעג איז ביעליצקי אַרומגעגאנגען ווי אַ צומישטער. שפּעטער האט ער זיך אַ ביסעל בערוהיגט און, ארויסשלאָגענדיג דעם גאנצען ענין פון קאָפּ, האט ער זיך צוריקגעקעהרט צו זיין טעגליכער ארבייט. עס איז אָבער אַריבער אַ קורצע צייט, און ער האט אָנגעהויבען פיהלען, אז אזוי ווי אַ פערבאָרגענע האנד לאָזט איהם נישט ארבייטען. תמיד, אויפ'ן וואָהר און אין שלאָף, האט געשוועבט פאר זיינע אויגען די געשטאלט פון זיין אַכציג-יעהריגען פאטער, ווי ער שטעהט אנגעבויגענער אין קוזשניע און האַקט מיט די לעצטע כחות מיט'ן האַמער אַ שטיק אין פייער אויסגעברענטען אייזען, בעת פון זיין צוקנייטשטען שטערן רינט דער שווייס אויף דער קאָוואַדלע. דאס דאָזיגע בילד האט איהם כסדר פערפאָלגט, ביז ער איז אין אַ שענעם פריהמאָרגען אַראָבגעשפּרונגען פון בעט און האט געשיקט רופען צו זיך דעם פערוואַלטער'ס זוהן. אז יענער איז געקומען, האט ער איהם אוועקגעזעצט נעבען זיך און זיין קאַבינעט און זיך צו איהם אָנגערופען:

— מיט אייער בריף צו מיר וועגען מיינע עלטערן האט איהר מיך אומגליקליך געמאכט. איך ווייס, אז אייער כונה איז געוויס נישט געוועזען צום שלעכטען, דערווייל איז אין מיין הארץ געוואָרען אַ טיפע וואונד, וועלכע וועט, ווי עס שיינט, קיינמאָל נישט אויסגעהיילט ווערען.

דערביי האט איהם ביעליצקי אויספיהרליך דערצעהלט, ווי ער האט דעם פאטער געשיקט עטליכע הונדערט רובל און איהם מבטיח

געווען אַ שטענדיגע געלד-שטיצע, וועלכע וועט איהם געבען די מעגליכקייט צו לעבען בכבוד, און יענער האט מיט פעראכטונג אבגע-וואָרפען זיין מתנה, און געשריבען איהם אייגענהעדיג. אז ער וויל פון איהם נישט וויסען.

און ביעליצקי האט פערענדיגט:

– וואָלט מיר ווער-עס-איז אנגעשפיגען אין פנים, וואלט איך דערפון אזוי פיל נישט געליטען, אבער אנ'אייגענער פאָטער – דאס קאן איך שוין נישט אַריבערטראָגען!

און ביי די לעצטע ווערטער האט ער זיך פונאנדערגעוויינט. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אויפגעשטאנען פון אָרט, האט אוועקגע-לעגט זיינעביידע הענד אויף דעם קריסט'ס אקסלען, און אַריינ-קוקענדיג איהם טיף אין פנים, האט ער איהם געפרעגט:

– זאגט מיר, איך בעט אייך, ווי אזוי קאָן איך מיך בע-רוהיגען? אייגענטליך, איז דאך דאס אַ קלייניגקייט, מיט וועלכער אנ'אנדערער אנשטאט מיר וואלט זיך אפשר גארנישט אינטערעסירט. כמעט פון קינדוויז אָן בין איך אבגעריסען פון פאטער; די עטליכע חדשים, וואס איך האב שפעטער ביי איהם פערבראכט, האבען מיך צו איהם נישט דערנעהנטערט. אינ'ם משך פון די לעצטע יאהרען האב איך איהם שוין געהאט אינגאנצען פערגעסען, ביז איהר זייט געקומען, און האט מיר אָן איהם דערמאָהנט. אייערע רייד האבען אויף מיר געווירקט און איך האב ערפילט מיין חוב צו מיין פאָטער, בלייבענדיג דערביי גאנץ גלייכגילטיג. איצט, אז ער האַסט מיינע טריט, קאן איך בשום אופן גלייכגילטיג מעהר נישט פער-בלייבען, איצט שטעה איך אינגאנצען אַ צושרויפטער און ווייס נישט, וואס צו טון, כדי צוריק צו בעקומען מיין פריהערדיגע גלייכגעוויכט.

דעם פערוואלטער'ס זוהן האט זיך אַ ווײַלע פערטראכט. אין הארצען האט איהם שוין געגומען פערדריסען, וואס ער האט „פער-קאָכט די גאנצע קאַשע". און ער האט בעקומען רחמנות אויף ביע-ליצקי'ן, וועלכער איז געשטאנען פאר איהם אַ דערשלאָגענער. דער-נאך האט ער געזאגט:

– שרייבענדיג צו אייך מיין בריף, איז מיין איינציגער צוועק געווען נור אַ טובה צו טון אייער אַלטען פאָטער, מיט וועמען מיר זענען פריינד פון לאנגע צייטען. די היינטיגע רעזולטאטען,

האָב איך אויף קיין פאַל נישט ערוואַרט. דאָס פֿערשטעהט איהר אליין אויך גאַנץ גוט. אָבער אַז ס'האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, האָב איך פאַר אייך אַן עצה ווי אַרויסצוגעהן פון דער קלעם: איהר דאַרפט אַראָבפאָהרען קיין ביעליצע און איבערבעטען זיך מיט'ן פאָטער. אונטער די אויגען מעג ער אייך טויזענד מאָל האַסען און נישט וועלען קענען, אָבער דערזעהענדיג אייך פאַר זיינע אויגען, אָט ווי איהר קוקט אויס ביי היינטיגען טאָג, וועט זיך די לאַגע אינגאַנצען בייטען. איך קאַוויר אייך, אַז אַזוי וועט זיין, און אויב איהר ווילט, טאָ נעהמט מיך מיט, און איך וועל אייך דורכפיהרען דעם שלום מיט'ן פאָטער, און איהר בעקומט אייער גלייכגעוויכט תיכף ומיד צוריק.

נאָך אַ ישוב־הדעת מיט זיך אַליין, וואָס האָט געדויערט דריי טעג, האָט ביעליצקי מסכים געווען אַראָבצופאָהרען צוזאַמען מיט'ן פּערוואַלטער'ס זוהן קיין ביעליצע. אין וועג איז ביי זיי געבליבען, אַז ביעליצקי זאָל אָבשטייגען אין האָטעל, און דעם פּערוואַלטער'ס זוהן זאָל פאָהרען צו זיך אַהיים, און זיך מיישב זיין מיט זיינע עלטערן, ווי אַזוי אין מיט וועלכע מיטלען צוצוגרייטען פנחס דעם שמיד צו דער בעגעגעניש מיט זיין זוהן.

VIII

מיט עטליכע טעג פריהער האָט מען געגעבען צו וויסען פון פּעטערבורג קיין האָטעל, אַז אין די נאָהענטסטע טעג וועט אַהין אַראָבפאָהרען דער גענעראַל־אַדמיראַל דימיטרי ביעליצקי. געהייסען האָט עס, אַז ער מאַכט אַ נסיעה אויפ'ן דרום, כדי צו בעטראַכטען די באַסיינען און די אויסגוסען פון דניעפּר. מיט אַ טאָג פריהער, איידער ביעליצקי האָט געדאַרפט קומען קיין האָטעל, איז אַהין אַראָבגעפאָהרען דער מאָהילעווער גובערנאַטאָר, איהם מקבל פנים זיין. אינ'ם טאָג פון ביעליצקי'ס אָנפאָהרען איז גאַנץ האָמליער „נאַטשאַלסטוואָ" געווען אויף די פיס. אין שטאָדט האָט מען געוואוסט, אַז ס'ווערט ערוואַרט אַ גאַנץ גרויסע מיליטערישע בערוהמטליכקייט, מ'האָט אויך וועגען דעם געשמועסט אין די קלויזען און בתי־מדרשים, אָבער קיינעם פון די האָמליער יודען האָט גאַרנישט געקאָנט איינפאַלען, אַז דער הויכער גאַסט איז נישט קיין אַנדערער ווי פנחס

ביעליצער׳ס יונגסטער זוהן, וועלכער איז קינדווייז ארייגעפאלען אין די הענט פון די כאפערס אין געווארען א קאנטאָניסט.

אין דעמזעלבן טאג איז צוגעפאהרען אויף א קליין בריטשקעלע צו דער וואוינונג פונ׳ם האָמליער ראש-הקהל א גרייז-גראָהער קריסט. דאס איז געווען דער פערוואלטער פונ׳ם פירשט פאסקעוויטשעס גיטער. ביידע, דער האָמליער פרנס מיט דעם פערוואלטער, וועלכע האבען זיך געקענט פון לאנג אָן, זענען אריין אין א חדר מיוחד. דארט האט איהם דער פערוואלטער דערצעהלט אויספיהרליך די גאנצע געשיכטע מיט דעם נאך קינדווייז אבגע׳שמד׳טען ביעליצקי׳ן, ווי ער האט דערגרייכט צו זעהר א הויכער מיליטערישער שטופע און שפילט איצט א גרויסע ראָלע אין די רעגירונגס-ספערען, ווי אזוי ס׳האט זיך אין איהם מיט אמאל דערוועקט א שטארקע בענקשאפט צו זיין אלטען פאטער און ער האט איהם געוואלט בעזאָרגען מיט א גליקליכער עלטער, אבער ער, דער פאטער, האט איהם פון זיך אָבגעשטויסען מיט האס, און ווי אזוי דאס האט שלעכט געווירקט אויפ׳ן זוהן און איהם אזוי דענערווירט, אז ער געפינט זיך קיין רוה נישט.

דעם דאָזיגען שמועס האט דער פערוואלטער פערענדיגט מיט די פאָלגענדע ווערטער: איך בין אייך געקומען פערטרויען דעם סוד, אז איצט איז דער אדמיראל אהער אראָבגעפאהרען נור כדי איבערצובעטען זיך מיט זיין פאטער. איך האב אבער מורא, אז דער פאטער וועט בלייבען ביי זיין עקשנות און זיך מיט איהם נישט וועלען זעהן. בכן דארף מען זוכען אנ׳עצה, נישט צו דערלאזען דערצו, און ווער קאן נאך אזוי ווירקען אויף פנחס׳ן דעם שמיד, ווי איהר, דער אָנגעזעהענסטער מאן אין דער האָמליער קהלה? ביי מיר איז גאר קיין ספק נישט, אז אייך וועט ער פאלגען, און איך ווייס פאָראויס, אז דער אדמיראל וועט אייך דערפאר געבען טויזענד דאנקען. איך האלט, אז איהר דארפט תיכף רופען צו זיך פנחס׳ן, און אז איהר וועט ביי איהם פועל׳ן צו זעהן זיך מיט׳ן זוהן, זאלט איהר מיר באלד וועגען דעם מודיע זיין, און איך וועל זיי שוין ביידען צונויפפיהרען.

דער פרנס האט די זאך גענומען זעהר ערנסט, און ווי נור דער פערוואלטער איז פון איהם אוועק, איז ער גלייך אוועק צום רב און האט איהם פערטרויט די גאנצע געשיכטע. באלד האט דער רב צו זיך פערבעטען עטליכע פון די חשוב׳סטע שטאָדט-בעלי-בתים

און מיט זיי אבגעהאלטען אַ לענגערע בעראטונג, וואו עס איז גע-
ווארען אָנגענומען אנ׳איינשטימיגער בעשלוס, אז היות ווי עס קאן
נאך אפשר דערפון ארויסקומען אַ טובה פאר׳ן כלל ישראל, זאל
מען גוזר זיין אויף פנחס דעם שמיד, אז ער מוז זיך צונויפקומען
מיט זיין זוהן און אננעהמען די טובות, וואס ער וויל מיט איהם
טון. דער רב האט גלייך אוועקגעשיקט צום שמיד אַ שליח מיוחד,
דורך וועלכען ער האט איהם בעפוילען אלץ אוועקצווארפען און
תיכף צו איהם קומען, ווייל דער ענין, צוליב וועלכען ער דארף
איהם האבען, איז זעהר אַ נויטיגער. דערווייל זענען זיך־דער פרנס
מיט די בעלי-בתים צוגאנגען, אָבמאכענדיג צווישען זיך צונויפקלויבען
זיך אין אָווענד ביי׳ם רב אַ צווייט מאל. ערשט שפעט אין אווענד
איז פנחס געקומען צום רב, וואו די קהל׳ס לייט האבען איהם
דערווארט מיט דער גרעסטער אומגעדולד. נאכדעם, ווי דער רב
האט דערקלערט דעם אלטען פנחס׳ן דעם ענין, און יעדערער פון
די בעלי-בתים האט פון זיין זייט אריינגעווארפען אַ ווערטעל וועגען
דעם, אז זיי זעהען אין דער זאך אַ מין השגחת הבורא, האט דער
שמיד אין גרויס אויפרעגונג קוים ארויסגערעדט: דאס, וואס איהר,
רבותי, וועט מיך הייסען, וועל איך טון.

נאך אין דעם זעלבען אָווענד האט זיך דער פרנס פערשטענ-
דיגט מיט׳ן פערוואלטער, און יענער האט אַ שטיק נאך האלבער נאכט
אָראבגעבראכט צו זיך דעם שמיד, און בעת די גאַנצע שטאדט
איז שוין לאנג געשלאפען, האט איהם זיין זוהן, דער „דיעלאָפראָ-
איזוואדיטעל״ אוועקגעפיהרט צו ביעליצקי׳ן, וועלכער איז שוין גע-
זעסען און געווארט...

די פרטים פון דעם שמיד׳ס בעגעגעניש מיט זיין זוהן זענען
פערבליבען אומבעקאנט. מ׳האט נור שפעטער דערצעהלט, אז דער-
זעהענדיג דעם אַדמיראַל אנגעטון אין זיין אוניפארם מיט די מע-
דאלען אויף זיין הארצען, האט זיך דער אלטער פאטער א ווארף
געטון פון שרעק איהם צו די פיס. דער זוהן האט איהם אבער באלד
אויפגעהויבען, און געפאלען אויף זיין האַלז, אויסברעכענדיג אין
אַ היסטערישען געוויין.

פערענדיגט האט זיך עס מיט דעם, אז ביעליצקי האט אָבגע-
קויפט פאר זיין פאָטער דעם גוט, אין וועלכען ער האט געוואוינט,
און איינגעלעגט פאר איהם אַ היבשען קאַפּיטאַל, וואס האט געדארפט

נאך זיין טויט אריבערגעהן אין רשות פון קהל לטובת יודישע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס.

מ׳האט אויך דערצעהלט, אז ביעליצקי האט, צוריקקעהרענדיג זיך קיין פעטערבורג, געזוכט טון יודען טובות ביי יעדער געלעגענ-הייט. בעזונדערס זאל ער האבען געווירקט פאר יודען בעת איהם איז אויסגעקומען צו זיין א מיטגליד פון דער קאָמיסיע, וועלכע האט אונטער׳ן פאָרזיץ פון זיין שווער, דעם קריגס-מיניסטער מיליוטין, אויסגעאַרבייט דאס געזעץ וועגען דער אַלגעמיינער מיליטער-פליכט אין רוסלאַנד. אין יענער קאָמיסיע זאלען זיך דאַן האבען געפונען אייניגע מיטגלידער שונאי-ישראל, וועלכע האָבען פאָרגעלעגט איינצו-פיהרען ספעציעל פאר יודען אייניגע דראַקאָנישע אויסנאַהם-פאַראַ-גראַפען, און נור אַדאנק דעם שאַרפען אַרויסטריט פון ביעליצקי׳ן, וועגען זיי אָבגעוואָרפען געוואָרען.

---

# די גלגולים פון זיסעל דעם פּרוש.

## (איבערלעבענישען פון אַ משומד).

איוועניק, אַ קליין שטעדטיל אין דער געוועזענער מינסקער גובערניע, האט פון מיטען אַכצעהנטען יאָרהונדערט אָן ווייט און ברייט גע׳שמ׳ט מיט די עליאַשבערג׳ס, וואס האבען דאָרט געוואוינט. די עליאַשבערג׳ס זענען געוועזען בעוואוסטע געהילץ-סוחרים, וועלכע האבען געפיהרט גרויסע עסקים מיט אויסלאַנד, בעזונדערס מיט דייטש-לאַנד, און האבען דערפון ערוואָרבען בעדייטענדע עשירות. אלע זענען זיי געוועזען שטרענגע אָרטאָדאָקסען, וואויל-לערנער, און נישט אָהן געוויסע וועלטליכע קענטעניסען, האבען געגעבען פיל צדקה ביי זיך אין דער היים און אויך אין דער פרעמד, וואוהין זיי פלעגען פאָהרען צוליב זייערע געשעפטען. אַ בעזונדערס בעריהמטען נאָמען האט געהאט ר׳ שמואל עליאַשבערג, וועלכער האט אין דער יוגענד געלערנט ביי דעם וועלט-בעקאַנטען גאון ר׳ מנשה איל-יער, און איז אונטער זיין השפּעה אויסגעוואַקסען אלס למדן מופלג און אייראָפּעאיש געבילדעט. ער האט געקאָנט אייניגע שפּראַך, איז געווען בעהאַוונט אין די דייטשע און פראַנצויזישע קלאַסיקער און אין די פערשידענע פילאָזאָפישע שיטות, אָנהויבענדיג פון די אלטע גריכישע ביז די נייסטע פון זיין צייט. אין זיין פרייער צייט איז ער געזעסען אין זיין ביבליאָטעק איבער אַ גמרא, צי איבער אי־נעם פון די ספרי-פּוסקים און אמאָל אויך שטודירט ־עם, צי יענעם פילאָזאָף. אָפט פלעגען זיך צו איהם צונויפפאָהרען פון די אַרומיגע שטעדט און שטעדליך רבנים, אָדער סתם לומדים, וואס

פלעגען זיך מיט איהם מפלפל זיין אין לערנען און זיך קוויקען מיט די ווערטלעך פון אַריסטאָטעלעס׳ן, צי פון פלאַטאָנ׳ען, מיט וועלכע ער האט זיי תּמיד מכבד געווען אַלס פערבייסען נאך די שווערע סוגיות פון דער גמרא און די פערפלאָנטערטע שטעלען פון מאַנכע מפרשים צייטענווייז האט מען ביי איהם אין שטוב געקאָנט זעהן אויך פּריצים פון די נאָהנטע הויפען און פאָלוואַרקעס, וועלכע פלעגען זיך קומען מיט איהם מיישב זיין וועגען זייערע געשעפטען, אדער אונטער־האלטען זיך מיט איהם אין ענינים פון חכמה און פון וועלט-פּאָליטיק, ווייל ר׳ שמואל עליאַשבערג איז נאך דערצו געווען אַ גרויסער פקח און הויות־העולם. איז ווער פון „נאַטשאַלסטווא״, אַזש צום סאַמע מינסקער גובערנאַטאָר אַליין, אראָבגעפאהרען קיין איוועניץ, איז ער איינגעשטאַנען אין ר׳ שמואל׳ס רייכער וואוינונג.

כדי צו געבען אַ בעגריף וועגען דער פערזענליכקייט פון ר׳ שמואל עליאַשבערג, איז גענוג צו דערצעהלען, אז דער בעוואוסטער יודישער געלעהרטער און געוועזענער לעהרער פון ווילנער ראַבינער-שול, ר׳ מרדכי פ ל ו נ ג י א ן, איז אלס יונגערמאַן באלד נאך דער חתונה געווען ביי איהם אַ געוויסע צייט אַ הויז־לעהרער. דער זעלבער מרדכי פלונגיאן האט שפּעטער תּמיד דערמאָהנט ר׳ שמואל עליאַש־בערג׳ן, ביי וועלכען ער האט בעקומען ס׳גאנצע מאַטעריאַל צו דער לעבענס-בעשרייבונג פון ר׳ מנשה איליער *), מיט דעם גרעסטען רעס־פּעקט און יראת־הכבוד. נאכדעם איז שוין קיין וואונדער נישט, אז ר׳ שמואל׳ס דעה איז געווען אין שטאָדט די ערשטע, און אז אָהן איהם האט זיך קהל נישט געוואַגט צו טון דאס מינדעסטע.

## II

נור איינמאָל — דאס איז געווען אין די דרייסיגער יאָהרען פונ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט — האט פּאַסירט אָט וואס: אַרום חנוכה-צייט האט זיך ר׳ שמואל, ווי יעדעס יאָהר, צוריקגעקעהרט אַהיים קיין איוועניץ פון גינשפּריק — אזוי האט דעמאָלט געהייסען ביי יודען ק ע נ י ג ס ב ע ר ג — וואו ער האט פערבראכט פון נאך סוכות און זיך אָבגערעכענט מיט זיינע דייטשע קליענטען. דעם ערשטען פריי־

---

*) זייז העברעאיש גוערק „בן פורת״.

טאָג צו נאכט׳ס, בעת ר׳ שמואל איז געקומען פון בית־מדרש און האט זיך מכין געווען צו מאַכען „קידוש״, האט ער זיך, וואַרפענדיג זיינע בליקען אין אַלע זייטען, געווענדעט צו זיין פרוי, און זי אַ פרעג געטון פערוואונדערט:

— וואו איז דאס עפעס זיסעל?

זיסעל האט געהייסען דער סלאָנימער פרוש, וועלכער האט גע־געסען ביי ר׳ שמואל׳ן שבתים און יום־טובים.

אנשטאט דער פרוי האט געענטפערט ר׳ שמואל׳ן אויף דער פראַגע איינער פון זיינע זיהן, אַ יונג בחור׳ל, וואס איז געווען דעם פרוש׳ס אַ תלמיד, און איז געגאַנגען צו איהם טעגליך לערנען אין בית־מדרש.

— אוי, פאָטער! — האט איהם דאס בחור׳ל געענטפערט. — מ׳האט נאך דיר גאָרנישט דערצעהלט. מיט ר׳ זיסלען האט זיך דאָ פער־קאָכט אַ גאנצע קאַשע; מ׳האט איהם אַרויסגעטריבען פון בית־מדרש.

— אַרויסגעטריבען?! — האט ר׳ שמואל אויסגעשריגען נישט מיט זיין קול. — פאַרוואָס? און ווער האט עס געהאט די העזה?

— די גבאים! — האט דאס בחור׳ל געענטפערט. — און אָט ווי די מעשה איז געווען:

מיט עטליכע טעג צוריק האט דאָ אַ דורכפאָהרענדיגער מגיד, — ר׳ לייב רובינשטיינ׳ס, דעם גבאי׳ס, אַ קרוב — געהאַלטען אַ מוסר־דרשה אין בית־מדרש. אז ער האט געענדיגט רעדען און איז אַראָב פון בימה, איז צו איהם צוגעגאַנגען ר׳ זיסעל און האט זיך מיט איהם גענומען אַמפערן וועגען אַ פסוק אין דער וואָך־סדרה. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, ביז דער מגיד האט אויסגערופען ר׳ זיסלען אין פנים אריין בפני קהל ועדה: „אַפיקורס!״ „עוכר ישראל״! און נאָכ׳ן מגיד האבען זיך אַרויפגעוואָרפען אויף ר׳ זיסלען ר׳ לייב רובינשטיין מיט נאך אַ צוויי, דריי גבאים, און אַלע האבען איהם געמאכט „כאחד הריקים״. און שוין אויף מאָרגען אין דערפריה צום דאַווענען האט מען איהם מודיע געווען, אז מהיום והלאה האט ער אין בית־מדרש גאָרנישט צו טון, און טאָמער וועט ער נישט געהען מיט גוטען, וועט מען איהם אַרויסשליידערן מיט בזיונות. זיסעל האט זיך דערשראָקען און איז שוין מעהר אין בית־מדרש נישט געקומען.

אויף ר׳ שמואל׳ן האט דער פאָרפאַל געמאַכט זעהר אַ שווערען איינדרוק. גראָד האט ער צו דעם זיסלען געהאַט אַ בעזונדער סימ־

פּאַטיע, ווייל ער איז געווען כּמעט דער איינציגער, מיט וועלכען ער האט תּמיד געקאָנט שמועסען פּערטרוילליך וועגען יענע רעליגיעזע און פילאָזאָפישע פראַגען, וואס האבען איהם אַם מייסטען אינטערעסירט. פאר ר׳ שמואל׳ן איז גענוג געווען דער ערשטער קורצער און גאנץ צופעליגער שמועס, וואס ער האט געהאט מיט זיסלען אין בית-מדרש, כּדי צו פערשטעהן, אז ער האט צו טון מיט אַ יונגען-מאַן, אַ גרויסען בר-אורין, וועלכער פערמאָגט נאָך דערצו אַ שאַרפען, לאָגישען פערשטאַנד מיט אַן׳אויסערגעווערהנליכער דענקונגסקראַפט. פון דעמאָלט אָן האט ער איהם צו זיך מקרב געווען, האט איהם איינגעלאַדען צו עסען ביי איהם שבּתים און ווען ער איז נור געווען אין דער היים, פלעגט ער איהם נאך מעריב פעררופען פון בית-מדרש צו זיך און ביי אַ גלעזעל טיי אָבשמועסען מיט איהם שעה׳ן-לאַנג אין דברי תּורה. פון דעם פלעגען זיי אַריבער צו אנדערע ענינים, וואס טראָגען שוין אַ וועלטליכען כאַראקטער. אַני-איבערראַשונג איז געווען פאר ר׳ שמואל׳ן, ווען ער האט דערזעהן, אז זיסעל האט ממש ווי איבערגענומען דעם גאנצען דענקונגס-אַרט פון זיין גרויסען רבּי׳ן ר׳ מנשה איליער, און איז אויך אזוי ווי יענער בעריהמטער גאון, געניינט צו רעפאָרמירען דאס יודישע לעבען און איבערבויען עס אויף נייע יסודות. ר׳ שמואל האט זיך, וואס ווייטער ער האט פערבראכט מיט זיסלען, אלץ מעהר איבערציינט, אז ס׳קאָן פון איהם אַרויסוואקסען מיט דער צייט אַ „כּלי נפלא״, מיט וועלכען ס׳וועט רעש׳ן די וועלט. און ר׳ שמואל האט גענומען בויען ביי זיך אין הארצען גאנצע פלענער וועגען דער ווייטערדיגער נאָרמאלער ענטוויקלונג פון דעם יונגען פּרוש, און פון טאָג צו טאָג האט ער זיך געקליבען צו פערפיהרען וועגען דעם אַן׳אויספיהרליכען שמועס מיט זיסלען. כּדי צו האָבען די געלעגענהייט צו זעהן איהם אָפטער ביי זיך, האט ער איהם געדונגען צו לערנען מיט זיינעם אַ בּחור׳ל. אין שטעדטיל האט עס אַרויסגערופען גרויס פערוואונדערונג, ווייל מ׳איז דאָרט תּמיד געוועהנט געווען צו זעהן, אז ר׳ שמואל עליאַשבערג ברענגט אראָב מלמדים פאר זיינע קינדער פון מינסק, צי פון ווילנא און קיינמאָל האט ער זיי נישט געגעבען לערנען צו אַן׳איוועניצער רבּי׳ן, בּפרט נאך צו אַ קליין-שטעדטילדיגען פּרוש. מ׳האט אָבער דערפון אַרויסגעדרונגען, אז דער פּרוש, וואס ר׳ שמואל עליאַשבערג גיט איהם אָב זיינעם אַ זוהן פאר

אַ תּלמיד, איז מסתמא אַ יונגערמאַן אַ צאַצקע, אפשר גאר אַן׳עילוי, פון וועלכען עס וואַקסט אַ גאון בישראל. די דאָזיגע מיינונג וועגען זיסלען האט אבער נישט אָבגעהאַלטען דערפון, אז בעת ס׳האט אויסגעבראכען די מחלוקת צווישען איהם מיט׳ן מגיד, און ער, זיסעל, האט נישט קענענדיג זיך בעהערשען, אַרויסגעבראכט פון מויל עטליכע, פאר די איוועניצער יודען פון יענער צייט, צו פרייע ווערטער, האט עס ענדליך געפיהרט צו דעם, אז מ׳האט פערגעסען ווער ער איז און איהם אַרויסגעטריבען פון בית-מדרש.

עטליכע מינוט איז ר׳ שמואל געבליבען שטעהן פערטראכט. נאָכדעם האט ער געמאכט „קידוש". ביי׳ם טיש איז ער געזעסען אַנ׳אויפגערעגטער. ער האט אָבער וועגען דעם אינצידענט מיט זיסלען מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. מ׳האט נור אָן איהם געקענט בעמערקען, אז די געשיכטע מיט׳ן פרוש האט איהם אינגאנצען ערשיטערט. ערשט נאך וועטשערע האט ער זיך אויפגעהויבען פון טיש און געשיקט איינעם פון זיינע הויז-דינער רופען צו זיך דעם שמש פון בית-מדרש.

אז דער שמש איז געקומען, האט איהם ר׳ שמואל געבעטען, ער זאל איהם דערצעהלען באריכות, ווי אזוי ס׳איז פאָרגעקומען די געשיכטע מיט׳ן פרוש.

דער שמש האט נור געוואוסט צו דערצעהלען, אז דער מגיד, אַ גרויסער עהרליכער יוד, האט אין אַ מיטען שמועס מיט דעם סלאָנימער פרוש, אָנגעהויבען פלוצלונג שרייען אויף איהם איבער׳ן גאַנצען בית-מדרש, אז ער איז מבזה דעם כבוד התורה און רעדט „על ה׳ ועל משיחו", און מ׳טאָר איהם אין אַ יודיש הויז נישט האַלטען. וואס זיסעל האט גערעדט — דאס האט קיינער, אויסער דעם מגיד, נישט געהערט. די מענשען, וואס זענען בעת מעשה געווען אין בית-מדרש, האבען אָבער פערשטאַנען, אז זיכעל האט באמת געזינדיגט אַרויסברענגען פאַר׳ן מויל דאס, וואס מ׳טאָר נישט, והראיה, אז ער איז געבליבען שטעהן ווייס, ווי קאַלך, און די ליפען האבען ביי איהם געציטערט. ר׳ ליב רובינשטיין איז באלד געוואָרען אויפגעציטערט און האט זיך געוואָלט וואַרפען אויף זיסלען איהם קורע כדג זיין. די אַנדערע, וואס זענען געשטאַנען דערביי, האבען איהם אבער אָבגעהאַלטען. פון אלע זייטען האט מען אבער געשריגען צו צו זיסלען: געה! און ער האט געהערט און איז אַוועקגעגאַנגען.

ר׳ שמואל, וועלכער האט זיך דערוויייל בערוהיגט, האט זיך אָנ־געררופען צום שמש:

— געה צו זיסלען אויף דער סטאַנציע, און זאָג, אז איך האב איהם גערופען.

זיסעל איז שוין נישט געווען אין שטעדטיל, ער האט תּיכּף עוֹקר געווען...

III

נאָכדעם, ווי דער שמש איז אַוועק, איז ר׳ שמואל געבליבען זיצען אויף זיין אָרט ווי פערקלעמט. זיסעל׳ס עוקר־זיין פון איוועניץ האט איהם אויסגעריסען אַ שטיק האַרץ. ער האט אויף זיסלען פיל האָפנונגען געלעגט, און איצט זענען זיינע האָפנונגען מיט אַמאָל צורונען געוואָרען. ער האט זיסלען גאַנץ גוט געקענט און געוואוסט, אז דער דאָזיגער יונגערמאַן מיט׳ן גאונישען כּוֹח איז פון דער נאַטור ווייך, ווי אַ טייג, און איז עלול בעאיינפלוסט צו ווערען פון יעדען און פון אַלץ, און ווער ווייסט אונטער וועמענס השפעה ער קאָן נאָך אַרונטערפאַלען. דער דאָזיגער געדאַנק האט ר׳ שמואל׳ן געשראָקען, און ער האט נישט אויפגעהערט ביי יעדער געלעגענהייט נאָכצופרעגען זיך אויף זיסלען, און הוקר ודורש זיין ביי אורחים פון פרעמדע שטעדט און שטעדטליך, אפשר ווייסען זיי עפּיס וועגען איהם. ער איז אָבער ביי קיינעם וועגען זיסלען גאָרנישט דערגאַנגען, און אזוי זעגען אַוועק אַ וואָך נאָך אַ וואָך, און אַ חודש נאָך אַ חודש, ביז ער איז איהם אינגאַנצען אַרויס פון זין.

און זיסעל איז זיך די גאַנצע צייט, זינט ער האט פערלאָזט איוועניץ, געזעסען אין ווֹאַזין, אַ קליין שטעדטיל אין ווילנער גובערניע, וואו ער איז געוואָרען אַ גרויסער מקורב צו דעם דאָרטיגען גביר און למדן־מופלג ר׳ יוסף מזל, וועלכער האט ווייט און ברייט גע׳שמ׳ט אויך מיט זיין רייכער ביבליאָטעק, וואָס האט איהם אָבגעקאָסט פיל טויזענדער רובל׳ס. צוליב דער דאָזיגער ביבליאָטעק, פלעגען זיך צו ר׳ יאָסעלע וואַזינער תּמיד צונויפפאָהרען יודישע געלעהרטע, צווישען זיי אויך גאונים און רבנים, פון דער גאַנצער אַרומיגער געגענד, און אַמאָל אויך פון ווייטערע ערטער, צו קאָנען געניסען פון זיינע פיל ספרים, אונטער וועלכע עס האבען זיך גע־פונען אויך זעלטענע עקזעמפּלאַרען, יקרי־המציאות׳ן. זיסעל, וועלכער

האט זיך פון ר׳ שמואל עליאַשבערג׳ן פיל אָנגעהערט וועגן דעם דאָזיגען ר׳ יאָסעלען מיט זיין ביבליאָטעק, און וואס האט זיך גע־פיהלט צווישען ספרים, ווי אַ פיש אין וואסער, איז גלייך פון איוועניץ אַוועק קיין וויאַזין, וואו ער האט זיך אַוועקגעזעצט אין בית־מדרש לערנען. אין וויאַזין האט ער זיך שוין אָבער אָנגעגעבען נישט אלס „זיסעל סלאָנימער” און נישט אלס פרוש, נור אלס חאַצקעל זשעטלער און אַ בחור, וואס שטעהט אין שדוכים...

באלד אויף מארגען נאכ׳ן דאוונען איז זיסעל צוגעגאנגען צו ר׳ יאָסעלען מיט דעם אויסרייד: צי עס געפינט זיך נישט אין זיין ביבליאָטעק יענער און יענער ספר? גראד איז עס געוועזן אַ ווערק פון דער מיטעלאלטערליכער פילאָזאפיע, וועגן וועלכען עס ווייסען און פרעגען זיך אמאל אויף איהם בלויז יחידי־סגולה. איז דאס דע־ריבער ר׳ יאסעלען געווארען זעהר אויפפאַלענד, און ער האט גע־בעטען זיסלען, ער זאל אַריינקומען צו איהם אַהיים, וועט ער איהם געבען דעם ספר. פון דעמאָלט אָן האט זיסעל אָנגעהויבען ווערען אַנ׳אָפטער איינגעהער ביי ר׳ יאָסעלען. כמעט טעגליך פלעגט ער זיך אויף עטליכע שעה פעררוקען אין אַ ווינקעל פון דער ביבליאָטעק און נישטערן כסדר אין די ספרים. ער האט פיל געלייענט, אָבער אהן אַנ׳אָרדנונג און אהן אַ סיסטעם; נישט האָבענדיג פאַר זיך מיט וועמען דורכצושמועסען זיך פון צייט צו צייט וועגען דעם גע־לייענטען, האט עס זיך ביי איהם אין מוח נישט אָבגעזעצט, נור נאָכאַנאַנד געיוורט, ביז עס האט זיך דאָרט אויסגעבילדעט אַ מין מישמאַש פון געדאנקען, וועלכען ער האט ביי זיך נישט געקאָנט איינהאַלטען, און ס׳האט זיך ביי איהם אַלץ אונאויפהערליך גע־שטופט און געשטויסען צום מויל און אַראָב פון דער צונג... צום סוף איז געקומען אזוי ווייט, אז ער האט זיך נישט געקאנט בע־הערשען, און עס פלעגט טרעפען צייטען, ווען ער האט גענומען רעדען צו זיך אַליין. די רבנים און אנדערע בעריהמטע פערזענליכ־קייטען, וועלכע פלעגען פערברענגען ביי ר׳ יאָסעלען אין ביבליאָ־טעק, פלעגען אָפט מיט אַמאָל אויפשפרונגען פון זייערע ערטער מיט גרויס פערוואונדערונג, אונטער׳ן איינדרוק פון די שמועסען, וואס ער פלעגט פלוצלונג, פון העלער הויט, נעהמען פיהרען מיט זיך אַליין. צייטענווייז האט ער דערביי אזוי פיל געליאַרימט און געפילדערט, אז מ׳האט געקאָנט מיינען, אז ער איז נישט ביי׳ם זינען. אָנפאנגס

האט מען איהם איינגעשטילט, און אַ געוויסע צייט איז ער געזעסע אַריינגעטון אין די ספרים און האט געלייענט מיט אַ בעזונדער ערנסט. מ׳האט געמיינט, אז ער האט זיך שוין בערוהיגט. אבער עס זענען אַוועק נישט מעהר ווי אַ וואָכען צוויי, און זיסעל האט ווידער אָנגעהויבען מאַכען דיזעלבע סצענעס, צו רעדען צו זיך אויפ׳ן קול און שטערען דערביי אַנדערע פון לייענען, ביז איינער אַנ׳אלטער רב איז אמאָל צוגעגאַנגען צו איהם נעהנטער, האט זיך איינגעהערט, וואס ער רעדט און איז פון שרעק באַלד אָבגעשפרונגען צוריק. ער איז אַריינגעלאָפען אין אַלגעמיינעם זאַל, וואו אלע זענען געזעסען, און האט זיך פונאַנדערגעשריען אויפ׳ן קול:

ס׳טייטש, וואו איז דאס גאר געהערט געוואָרען? דער יונגערמאַן איז דאך עפּיס גאר אַ מסית ומדיח! אָט געהט אויף טשעקאַוועס און הערט זיך-צו צו זיינע רעד.

עטליכע פון די אָנוועזענדע זענען צוגעגאַנגען צו זיסלען — מיר וועלען איהם דאָ כסדר רופען מיט זיין אַלטען איוועניצער נאָמען — און זענען אויך באַלד ווי מבוהל געוואָרען. זיי האָבען אויך געהערט, ווי זיסעל רעדט לויטער אַפּיקורסות...

מ׳האָט וועגען דעם באַלד דערצעהלט ר׳ יאָסעלען, און ווי זעהר איהם האט וועה-געטון דאס האַרץ אויף זיסלען, פון וועלכען ער האט פיל געהאלטען, האט ער איהם דאָך נאך דעם זעלבען טאָג אין אָווענד אַריינגערופען צו זיך אין קאַבינעט, און איהם מודיע געווען, אז כדי נישט צו שטערען לייטען אַרבייטען אין זיין ביבּליאָטעק, קאָן ער איהם שוין מהיום והלאה מעהר צו זיך נישט אַריינלאָזען, און זיין עצה טובה איז, ער זאל אינגאַנצען אַוועק פון וויאַזין, ביז גאָט וועט איהם צושיקען אַ רפואה שלמה. דערביי האט ער איהם אַריינגערוקט אין האַנד עטליכע גילדען אויף דער הוצאה.

זיסעל האט צוגענומען דאס געלד און איז, נישט רעדענדיג קייןווארט, אַרויס פון צימער, און שוין אויף מאָרגען איז ער אַוועק פון וויאזין. פון דעמאָלט אָן איז ער נישט איינגעזעסען אויף אנ׳אָרט, איז כסדר אַרומגעפאָהרען און גאנץ אָפט אויך צו-פוס, פון שטאָדט צו שטאָדט. אין יעדען שטעדטיל האט ער פערבראַכט עטליכע טעג, און באַלד זיך ווידער אַוועקגעלאָזט אין וועג.

IV

אין גיכען האבען זיך גענומען טראָגען קלאַנגען, אז אין ליטא

פאָהרס אַרום איבער שטעדט און שטעדטלעך אַנ׳אויסטערלישער יונגער בעל-דרשן, וועלכער מאכט אַ משוגנה׳דיג-ווילדען רושם מיט זיין הנהגה. אין יעדען שטעדטיל קומט ער אָן עטליכע שעה נאך האַלבען טאָג, און צו מנחה-צייט געהט ער אַריין אין בית-מדרש מיט׳ן טלית-זאַק אין דער האַנד, און נישט אויסרעדענדיג מיט קיינעם קיין וואָרט, וואַרפט ער אַרויף אויף זיך דעם טלית ביז איבער׳ן קאָפּ, פליהט אַרויף צום אַלמעמער, עפענט פונאַנדער די טירלעך פון אָרון-קודש, און הויבט אָן אין אַ האַלב וויינענדיגען טאָן צו האַלטען אַ מוסר-דרשה; מיט פלאַמענדיגע ווערטער איז ער מעורר דעם עולם צו תשובה טון אויף די זינד, אין וועלכע זיי טרינקען זיך איבער׳ן האַלז; אין „לעבעדיגע" פאַרבען שילדערט ער די שרעקעניסען פון פינסטערען גיהנום, און פון די ענויים, וואס עס ערוואַרט די רשעים אויף יענער וועלט. זיין מוסר מאַכט אַ שטאַרקען רושם און רופט אַרויס ביי׳ם עולם, בעזונדערס ביי׳ם המון-עם און ביי די ווייבער, ימע׳ן טרעהרען. אָבער פלוצלונג פער-ריי.ט ער דעם טלית, הויבט אויף שטאָלץ דעם קאָפּ, שטעכט דורך דעם עולם מיט זיינע פּאָר שוואַרצע ברענענדיגע אויגען, און לאַכט זיך פונאַנדער אויפ׳ן קול... אַלע בלייבען שטעהן, ווי געפּלעפט, קיינער ווייסט נישט, וואָס דאס זאל בעדייטען און מען וואַרט. מ׳וואַרט אין שטיל-שווייגעניש אַ פּאָר סעקונדען ביז דער מגיד עפענט ווידער דאס מויל. אָבער צו אַלעמענס ערשטוינונג פערקירעוועט ער דאס מאָל דעם דישעל אויף צוריק. מיט דעם זעלבען אימפעט הויבט ער אָן שיטען פעך און שוועבעל אויף די בעלי-המוסר, וועלכע שרע-קען אָן דעם עולם מיט זייערע נאַרישע אויסגעטראַכטע רעד, כדי אַריינצוואַרפען איהם אין גרויס יאוש; דערביי שאַנעוועט ער אויך נישט די חכמי-התלמוד און די גדולי-התורה, און רעדט אויף זיי אויס, וואס אין דער קאָרט, בעזונדערס מאכט ער חוזק פון די „אמוראים", וועלכע האבען, לויט ווי ער זאגט, נישט פערשטאַנען דעם פשט פון דער „משנה". אין בית-מדרש ברעכט אויס אַ גרויסער טומעל, מען שליידערט איהם אַראָפּ פון בימה, אין אַנדערע ערטער קריגט ער נאך אויך גוט אָנגעבראָכען די ביינער און שוין תיכף נאך מעריב איז זיין פוס אין שטעדטעל נישטאָ.

דער דאָזיגער „ווילדער מגיד", וועמען פיל האבען געהאלטען פאר אַ פשוט׳ען מטורף, וואס מעו דארף איהם אריינלעגען אין

אַ שפּיטאָל", איז נישט געווען קיין אַנדערער, ווי זיסעל. פון דעם טאג אָן, וואס מ׳האט איהם משלח געווען פון וויאַזין, איז ער באמת אַרומגעגאַנגען אַ צומישטער. זינט ער האט זיך בעקענט אין איוועניץ מיט ר׳ שמואל עליאשבערג, האט ער געגאַרט צו געפינען זיך תמיד צווישען ווענד מיט ספרים, וואו ער זאָל האָבען די מעגליכקייט אַריינצוקוקען אין דעם ספר, פון וועלכען ער האט ערוואַרט צו בעקומען תשובות אויף זיינע ספיקות, און ספיקות האט ער געהאט גאר אַ סך, און אַלע האבען איהם געמאַטערט. אין ר׳ יאָסעל׳ס ביבליאָטעק האט זיין אונרוהיגע פלאַטערענדיגע נשמה געפרובט זוכען איהר תקון; זי וואָלט איהם אפשר אויך געפונען. איז ער אבער געוואָרען געשטרויבעלט דורך זיין אימפולסיווער נאַטור, ער האט נישט געקאָנט איינהאַלטען זיינע געדאַנקען, און אפשר נישט געוואונשען פאר זיך אַליין, האָבען זיי ביי איהם אַרויסגעפּלאַצט, ווי אַ באָמבע וואָלט זיך ביי איהם אין מויל אויפגעריסען...

V

מען האט איהם געצוואונגען צו פערלאָזען זיינע בעסטע, איינזיכסטע פריינד, ר׳ יאָסעל׳ס ספרים־אַלמערס, און אוועק, וואוהין די אויגען וועלען איהם טראָגען. און דאס האט אין איהם דערוועקט אַ גרויסע פערביטערונג, וועלכע האט זיך באלד פערוואַנדעלט אין אַ גיפטיגען צאָרן געגען די „כלי־קדש", געגען אלע מגידים און רבנים און בכלל געגען דער אָרטאָדאָקסיע, וואס פערצוימט די וועגען צום ריינעם אמת, וואס האט זיך ענטפלעקט נור צו איהם אַליין.

דער דאָזיגער צאָרן מיט דער פאַנטאַסטישער איינגלויבעניש אין זיך אַליין, האָבען געטריבען זיסלען עטליכע יאָהר כסדר איבער פערשידענע שטעדט און שטעדטלעך, וואו ער האט לויט איין שטענדיגען נוסח און מיט איינע און די זעלבע לעכערליכע דרשות, געבראכט צו מיאוסע סקאַנדאלען, וועלכע האָבען זיך פאר איהם יעדעס מאָל פערענדיגט מיט די זעלבע טרויעריגע רעזולטאַטען.

בעת זיסעל איז געקומען קיין איוועניץ און האט זיך אַוועקגעזעצט לערנען אין דעם דאָרטיגען בית־מדרש אלס פרוש, איז ביי איהם געווען ערשט אַ יאָהר נאך דער חתונה. ער האט זיך דאן פער׳ברוגז׳ט אויף זיין שווער, אַ סלאָנימער גאנץ פערמעגליכער בעל־הבית, וועלכער האט איהם תחילת צוגעזאָגט צו געבען פינף יאָהר

קעסט, אָבער קוים איז אַריבער דאָס ערשטע יאָהר, האָט ער איהם שוין געמאָלדען, אַז ער קאָן איהם מעהר ביי זיין טיש נישט האַלטען, ווייל זיינע געשעפטען זענען אַוועק שלעכט, און ער האָט נאָך חתונה צו מאַכען עטליכע קינדער. זיסלען איז די מעשה זעהר נישט אָנגעשטאַנען. ער האָט דעם שווער גוט אויסגעזידעלט, און נישט זעגענענדיג זיך מיט קיינעם, האָט ער ביי איהם איבער־געלאָזט ווייב און קינד, און איז אָבגעפאָהרען פון סלאָנים, נישט וויסענדיג אַליין וואוהין. אין וועג האָט ער זיך נאָכגעפרעגט ביי לייט, אפשר ווייסען זיי פון אַ שטיל רוהיג שטעדטיל, וואו ער וועט קאָנען זיצען און לערנען און נישט דאַרפען זאָרגען וועגען חיונה. גראָד האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף אַנ׳איוועניצער בעל־הבית, וועלכער האָט איהם געראַטען פאָהרען צו זיי אין שטעדטיל. דערביי האָט ער איהם דערצעהלט וועגען די עליאַשבערג׳ס און וועגען זייער התקרבות צו וואָויל־לערנער. אויף זיסלען האָט עס געמאַכט אַ רושם, און ער איז געקומען קיין איוועניץ.

אינ׳ם משך פון דער גאַנצער צייט, וואָס זיסעל האָט פערבראַכט פריהער אין איוועניץ, און דערנאָך אין וויאַזין, און אויך שפּעטער, בעת ער האָט אַרומגעוואַנדערט איבער שטעדט אַלס מגיד, האָט ער וועגען זיך נישט געגעבען וויסען אַהיים אפילו די קלענסטע ידיעה, עפּיס אַזוי ווי ער וואָלט לגמרי פערגעסען, אַז ער האָט איבערגע־לאָזען אַ ווייב מיט אַ יונגעלע. ער האָט עס נישט געטון פון שלעכטס־קייט, נור צוליב דעם, וואָס דאָס נייע לעבען, וואָס האָט זיך פאַר איהם ענטפּלעקט דורך דער בעקאַנטשאַפט מיט ר׳ שמואל עליאַש־בערג׳ן און מיט זיין פאַמיליע, האָט איהם אינגאַנצען פערשלונגען. אַזוי זענען אַריבער אַ יאָהר דריי, פיר.

זיסעל׳ס פּלוצלונגער פערשוואונדען וועהרען האָט אויף זיין יונג ווייבעל און אויף איהרע עלטערען נישט געמאַכט קיין איבריגען איינדרוק. ס׳איז דאַמאָלס געווען אין דער מאָדע, דאָס לומדישע יונגע לייטלעך, וועלכע גרייטען זיך צו צו רבנות, זאָלען אַוועק־פאָהרען לערנען אין דער פרעמד אַלס פרושים, און דעריבער האָט גאָר קיינער נישט געצווייפעלט, אַז דאָס זעלבע האָט געטון אויך זיסעל. אויך זיין שטיל־שווייגען האָט ביי קיינעם פונ׳ם שווער׳ס פאַ־מיליע נישט אַרויסגערופען קיין וועלכע־עס־איז חשדים. מ׳האָט גע־רעכענט, אַז ער שרייבט נישט קיין בריף, נור ווייל ער איז נאָך

אלץ נישט אָבגעגאַנגען פון פּעס. נאָכדעם, ווי עס זענען אָבער אַריבער עטליכע יאָהר, און זיסעל האט וועגען זיך די גאַנצע צייט נישט מודיע געווען דאס מינדסטע, איז שוין דאס ווייבעל געוואָרען אומרוהיג פון שרעק, אז זי וועט שוין בלייבען אויף איהר גאַנצען לעבען אַ וויסטע עגונה מיט אַ קינד אויף דער האַנד. זי האט זיך גענומען נאך איהם נאָכפרעגען אין דער גאַנצער געגענד אַרום, זי האט געשריבען בריף צו רבנים מיט דער בקשה, אז טאָמער קומט איהר זיסעל אָן אין זייער שטעדטיל, זאל מען איהם פעסט נעהמען אין איהם צווינגען איהר אָבצוגט'ן. ס'איז אָבער אַוועק אַ היבשע צייט, און זי האט פון ערגיץ קיין ידיעה נישט בעקומען. דאַן האט זי נישט געפונען פאר זיך קיין אַנדערע ברירה, ווי נור צו לאָזען זיך אַליין אין דער וועלט אַריין אויפצוזוכען איהר מאַן. אָנפאַנגס האבען איהרע עלטערן דערצו נישט מסכים געווען; זיי האבען איהר געטרייסט און געזאָגט, אז מ'דארף נאך אַ ביסעל וואַרטען, ווייד ס'קאָן גרייליך זיין, אז זיסעל וויל אַראָבפאָהרען שוין אַ פאַר-טיגער רב. גראָד האט זיך אָבער געדאַרפט מאכען, אז אין בית-מדרש, וואו עס דאַווענט דעם ווייבעל'ס פאָטער, האט עמיצער דער-צעהלט וועגען דעם „משוגענעם" מגיד, וואס פאָהרט אַרום איבער ליטאָ און רופט מיט זיינע דרשות אַרויס גרויסע סקאַנדאַלען. דערביי האט ער אָבגעמאָלט דעם מגיד'ס אויסזעהן, און לויט די סמנים, וואס ער האט געגעבען, האט זיסעל'ס שווער באַלד פערשטאַנען, אז דאָ רעדט זיך נישט פון קיין אַנדערן, ווי נור פון זיין פערשוואונ-דענעם איידים. דאס האט איהם בעוואויגען שוין אַליין צוצורעדען דער טאָכטער, אז זי זאל נעהמען דאס קינד און אַרומפאָהרען מיט איהם איבער די ליטווישע שטעדטליך צו זוכען איהר מאַן. וואָרום טאָמער איז ער טאַקע באמת אַ משוגענער און נאך אַ סקאַנדאַליסט דערצו, קאָן ער נאך איהר וויירקליך נישט וועלען געבען קיין גט, און ביי אזא מצב איז יעדע מינוט טייער. עטליכע וואָכען נאָך דער רייזע איז דאס ווייבעל מיט'ן יונגעל אַרומגעפאָהרען איבער די שטעדטליך; לויט לייטישע ערצעהלונגען האט זי זיך פעסט איבער-צייגט, אז דער „ווילדער" מגיד, וואס עס קאָכט מיט איהם כמעט גאנץ ליטאָ, איז איהר מאן; אָבער זי האט איהם ערגיץ נישט געפונען. אין וועלכען שטעדטיל זי איז געקומען, איז שוין זיסעל דאָרט לאַנג געווען, און וואוהין ער איז פון דאָרט אַוועק, — דאס

האט איהר קיינער נישט געמוזט צו זאָגען. דאס חייבעל איז שוין געהאט אַריינגעפאלען אין גרויס יאוש, אבער ענדליך האט זי איהם דאָך געפאַקט.

VI

פאַסירט האט עס אין יאַנאָווע, קאָוונער גובערניע, און ביי גאַנץ אויסטערלישע אומשטענדען. קיין יאַנאָווע איז זיסעל געקומען, לויט זיין שטייגער, שפעט נאָכמיטאג, און אין אַ פאר שעה ארום, נאָך מנחה, איז ער שוין געשטאנען אין טלית אויפ׳ן בעלעמער, און געפילדערט אויף די בעלי־עבירה׳ניקעס, וואס צוליב זייערע זינד שטארבען קליינע קינדער. פלוצלונג האט ער זיך, ווי זיין מנהג, שטארק פונאנדערגעלאכט, אויף אַ ווײַלע אנטשוויגען געוואָרען און האט זיך מכין געווען איבערצוגעהן צו דעם צווייטען, אפיקורסישען טייל פון זיין דרשה. ער האט נאָך אָבער נישט בעוויזען צו עפענען דאס מויל, ערשט צוויי גרויסע און שטארקע בחורים, ווי די ריזען, זענען ארויפגעשפרונגען,ביידע פאר אַ מאָל, צום אָרון־קודש, און אָנדרעהענדיג איהם גוט די אויערן, האבען זיי איהם אראָבגעשליידערט אויף דער ערד. דאָרטען האבען זיך צו זיסלען אַ כאַפּ געטון מענשען פון עולם, וועלכע האבען איהם געוואָלט ממש דורס זיין. ער איז אָבער אָבגעקומען נור מיט אַ פּאָר פייערדיגע פעטש און מיט עטליכע סטוסאַקעס אין די זייטען, באופן, אז ער האט זיך קוים געקאָנט אויפהויבען פון אָרט און אָבטראָגען זיך פון בית־מדרש. ווי עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזען, האט מען שוין אין יאנאָווע פון לאנג געוואוסט וועגען זיסלען מיט זיינע ווילדע שטיק, און די שטעדטילדיגע בעלי־בתים האבען געהאט צווישען זיך אָבגערעדט פון פריהער, אז באלד נור ווי ער וועט ענדיגען זיינע מוסר, זאל מען שוין דאס ווייטערדיגע פון איהם נישט הערען, נור גלייך אויפ׳ן אָרט איהם מקיים פסק זיין, ער זאל שוין „פערזאָגען אַ צעהנטען" ארויסצוברענגען פאר זיין מויל אזוינע אפיקורסישע געדאנקען, און נאָך אין אַ מקום קדוש.

מיט גרויס מאטערניש האט זיך זיסעל אוועקגעשלעפט פון בית־מדרש אין דער קרעטשמע, וואו ער האט זיך געהאט אָבגעשטעלט, און איבערגעלאָזט זיין פעקעל. ער איז שוין אפילו גע־ווען געווען צו כאַפּען קלעפּ פון פרומע יודען, אבער דאס מאל

האט ער זיך געפּיהלט עפּיס ערגער ווי תּמיד. עס האבען איהם גע־שטאָכען די זייטען און געבראָכען די ביינער, און האט זיך קוים גע־האַלטען אויף די פיס. דעם גאנצען וועג איז ער געגאנגען און גע־קרעכצט, און אַריינקומענדיג אין אכסניא, האט ער זיך דאָרטען אַ וואָרף געטון אין אַ ווינקעל אויף אַ קושעטקע און האט כּסדר געזיפצט.

אין יענעם מאָמענט איז צוגעפאָהרען און אָבגעשטעלט זיך נעבען דער קרעטשמע אַ בויד, פון וועלכער עס זענען אַראָב אַ צוויי, דריי יודישע פּאַסאַזשירען, און גלייך נאך זיי אַ יונגע יודישע פרוי מיט אַ יונגעל פון אַ יאָהר פינף. אלע זענען זיי אַריין אין קרעטשמע. דאָרטען האבען זיך די יודען געשטעלט דאוונען „מעריב" און די פרוי מיט דעם יונגעל האבען זיך אוועקגעזעצט אויף אַ באנק ביי'ם טיש, און האבען עפּיס צוגעביסען. אין שטוב, וואס איז געווען בע־לויכטען פון אַ קליינעם אייל־לעמפּעל, האבען זיך געפּאָרעט די קרעטשמערקע, אַנ'אלטע יודענע, מיט איהר גוי'אישער דינסט. דער מאן איז נאך נישט געקומען פון בית־מדרש. ס'איז שוין אפילו גע־ווען אַ היבשע צייט נאך מעריב, און דאך האט זי זיך נישט גע־וואונדערט, וואס דער מאן האט זיך דאסמאָל אזוי פערשפּעטיגט. זי האט שוין געהערט, אז אין בית־מדרש האט אויסגעבראָכען אַ טומעל, כאָטש זי האט נאך נישט געוואוסט גענוי, צוליב וואס. אין דער דונקעלקייט האט זי אויך נישט בעמערקט דעם מגיד, וועלכער האט בעוויזען אַנטשלאָפען צו ווערען אויף דער קושעטקע. אין אַ ווײַלע ארום איז אַריין דער בעל־אכסניא, אַ מגושמ'דיגער יוד, און נאך שטעהענדיג אויפ'ן שוועל, האט ער אַ זאָג געטון, ווי מיט כּעס צו זיין פרוי: וואס די אכזרים קאָנען? ! האבען גענומען אנ'עהרליכען יודען, אַ בעל־דרשן, און געשלאָגען איהם מכּת־רצח! וואס איז? מ'האט עפּיס געהערט דערצעהלענדיג וועגען איהם. וואס אַרט עס אָבער אונז, אז מען דערצעהלט, אַבי מיר אליין האבען עס נישט געזעהן און נישט געהערט אַ רציחה באמת, איך האב פּשוט זיין צער נישט געקאָנט זעהן. אזוינס קאָנען נור טון רשעים, וואס האבען נישט קיין גאָט אין האַרצען!

זיסעל, וואס זיין שטאַרק אויפגערעגטער געמיט האט איהם געשטערט פון שלאָף, האט זיך ביי'ם ערשטען וואָרט פונ'ם קרעטש־מער באַלד אויפגעכאַפּט. ער האט פערשטאנען, אז דאָ געהט דאס

געשפרעך וועגען איהם, און האט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט. אז דער בעל-אכסניא האט פערענדיגט רעדען, איז זיסעל אראָבגעשפרונגען פון זיין געלעגער, און האט אַ געשריי געטון:

— זיי זענען נאך ערגער פון רשעים! זיי זענען...

מעהר האט ער אָבער נישט געקאָנט רעדען, ווייל אין דער מינוט האט זיך אויף איהם אַרויפגעוואָרפען דאס יונגע ווייבעל — ס'איז געווען זיין פרוי — מיט גוואלדיגע קולות:

— זיסעל! זיסעל!

זיסעל, וועלכער האט וועניגער פון אַלץ דערוואַרט צו בע-געגענען זיך דאָ מיט זיין פון איהם אוועקגעוואָרפענער פרוי, איז געבליבען שטעהן אַ צומישטער. ווי מיט גלעזערנע אויגען האט ער נעקוקט אַרום זיך, און עס האט געהאט אויסגעוויזען, ווי ער וואָלט איהר נישט דערקענט.

— זיסעל! וואס איז מיט דיר? — האט זיך דאס ווייבעל פו-נאַנדערגעשריען, — דו דערקענסט מיך נישט? דו ווייסט שוין נישט, ווער איך בין? האָסט שוין פערגעסען דיין פרוי? זעה, קוק זיך איין, אַט דאס איז דאך אונזער קינד!

דערביי האט זי איהם אָנגעוויזען אויפ'ן יונגעל, וועלכער איז געשטאַנען הינטער איהר, נישט פערשטעהענדיג געגוי, וואס דאָ קומט פאָר.

זיסעל האט זיך נאך אַלץ געפונען אין דערזעלביגער פער-גליווערטער פאָזע, כמעט אָהן אַ שום בעוועגונג. ס'איז שווער גע-ווען אַראָבצולייענען פון זיין פנים, וואס אין איהם קומט פאָר. מ'האט איהם אָבער גקאָנט חושד זיין, דאס ער האט דאָ בדעה צו שפילען די ראָל פון איינעם אַ נעביך, וואס אַ ווילד, פרעמד ווייבעל האט זיך צו איהם צוגעטשעפעט מיט אַ בלבול, אז זי איז זיין פרוי, און ער קלערט נאך, ווי אזוי פטור צו ווערען פון איהר.

דאס ווייבעל האט אויף איהם ווירקליך געוואָרפען אזא חשד, און ווענדענדיג זיך צו די שטוביגע, האט זי אויסגערופען נישט ווי מיט איהרע כחות:

— יודען, איך שווער אייך, ווי מיר האָבען אַ גאָט אין הימעל, אז אט דער איז מיין מאַן, מיט וועלכען כ'בין געשטאַנען אונטער דער חופה, און אז ער איז עס דער פאָטער אָט פון דעם קינד. פון א יאָהר אָן נאך אונזער חתונה האט ער מיך אוועקגעוואָרפען

און געלאָזט אַ פינסטערע עגונה; די גאנצע צייט האב איך איהם ארומגעזוכט, וואו א וועלט האט אנ׳עק, און האב איהם נישט גע-קאָנט געפינען. ערשט היינט, אָט דאָ איצט, האב איך איהם אויפ-געזוכט. יודען, כ׳בעט אייך, האט רחמנות אויף מיר, אנ׳עלענדע פרוי, און אויף דעם לעבעדיגען יתום. לעגט זיך אריין אין דער זאך און זעהט, ער זאל מיר געבען גט. געוויס וואלט איך וועלען, ער זאל פערבלייבען מיין מאן, אבער נויטען קאָן איך איהם נישט. מיין בעגעהר איז נור, נישט צו פערבלייבען קיין עגונה.

דאָ האט זיך ארייגגעמישט דער בעל-אכסניא און האט געזאָגט:

— אויב אזוי, אויב ביי אַ יודען קאן רעכט ווערן, מעגן צו זיין אנ׳אומשולדיגע יודישע טאָכטער, האט איהר דאך טאקע באמת גאנץ עהרליך פע־דינט די קלעפ, וואס מ׳האט אייך דאָ ערשט גע-געבען אין בית-מדרש. יאַנאָווער יודען ווייסען, גואס זיי טוען. יאַנאָווער יודען וועלען אייך אויך נישט אָבלאָזען, ביז איהר וועט אייער פרוי געבען גט. אָט די מינוט פיהר איך אייך אַוועק צום רב, און אויב איך אליין וועל דאס נישט קאָנען, וועלען מיר אין דעם העלפען אָט די אורחים, וואס שטעהען דאָ.

זיסעל, וועלכער איז דערווייל געקומען צו זיך, האט אויף דעם געענטפערט:

— יודען, זייט וויסען, אז איך טראָג מיך נישט ארום וועגען מיין פרוי מיט שלעכטע מחשבות. וואס זי וועט גור פון מיר פערלאנגען, וועל איך תיכף ממלא זיין. זייט אָבער אזוי גוט, און לאָזט מיר איבער אויף עטליכע מינוטען מיט איהר אליין. איך וויל מיך פריהער מיט איהר דורכשמועסען.

אלע זענען אַרויס פון צימער. עס זענען פערבליבען זיסעל מיט דער פרוי און דאס יונגעל.

## VII

דער בעל-אכסניא מיט די אורחים זענען געבליבען שטעהן, ניי-געריג צו זעהן, מיט וואס דער שמועס צווישען מאן און ווייב וועט זיך פערענדיגען. צו זייער גרויסען ערשטוינען האט זיך דאס דאָזיגע געשפרעך פערענדיגט אויף זעהר אַ פרידליכען אופן. זיסעל איז אַרויס פון צימער, טראָגענדיג אויפ׳ן אָרעם זיין קליין יונגעלע, און נאך איהם דאס ווייבעל מיט אַ לייכטענדיגען פנים.

— נו, וואס ? — האט דער בעל־אכסניא אַ פרעג געטון מיט אַ שמייכעל.—מ׳געהט צום רב ?

— ניין ! — האט איהם דאס ווייבעל געענטפערט.—מיר בלייבען ווידער מאן און ווייב, ווי גאָט האט געבאָטען.

— ווער האט עס פריהער נישט פערשטאַנען ? — האט זיך אָפּ־גערופען איינער פון די אורחים. — אזא יוד אַ למדן, ווי אייער ר׳ זיסעל, וועט נישט דערלאָזען, אז דער מזרח זאל צוליב איהם וויינען.

— יאָ, יאָ, אזוי איז דאס, — האט זיסעל צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. — מיר פאָהרען אַהיים.

און שוין אויף מאָרגען זענען זיי אָבגעפאהרען פון יאַנאָווע. אונטערוועגס איז זיי אויסגעקומען אָבצושטעלען זיך אין ווילנא, פון וואַנען זיי האבען געדארפען דינגען אַנ׳אנדער פוהר גלייך קיין סלאָנים. זיסעל איז אַרויס אין גאַס אויפצוזוכען אזא פוהר, איבער־לאָזענדיג די פרוי מיט דעם יונגעל אויף דער אכסניא. צוריק פון גאס איז ער שוין אָבער נישט געקומען. ער איז פערשוואונדען גע־וואָרען פון ווילנא, און איז ווי אין וואַסער אַריין.

ווי ס׳האט זיך שפעטער אַרויסגעוויזען, האט זיסעל, אינ׳ם משך פון זיינע אַרומוואַנדערונגען איבער די שטעדט און שטעדטליך, שוין געהאט אויסגעאַרבייט ביי זיך אַ גאַנץ אויספיהרליכען פּלאַן וועגען זיין קינפטיגער קאַריערע. האַלטענדיג זיך אלס דעם איינציגען אין זיין צייט, וואס אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלען די גרויסע מיסיע צו מאַכען אַנ׳איבערקעהרעניש אין דעם רעליגיעזען לעבען פונ׳ם יודישען פאָלק דורך שאפען אַ ניי־רעפאָרמירטען „שלחן־ערוך“ וכדומה, האט ער איינגעפונען, אז אום דאס צו דערגרייכען, מוז ער פריהער זיין אַ מין צווייטער שלמה מיימון מיט זיין וויסענשאַפטליכער און פילאָזאָפישער ערודיציע ; דאָ, אין ליטא, וועט ער אָבער קיין שלמה מיימון קיינמאָל נישט קענען ווערען. פון די ביבליאָטעקען האט מען איהם פעריאָגט, קיין ביכער פאר זעלבסט־בילדונג האט ער נישט, בכן מוז ער אוועק קיין אויסלאנד. ער האט דאך אבער נישט קיין גראָשען ביי דער נשמה, טאָ וואו נעהמט מען אויף הוצאות ? דא האט ער זיך דערמאָהנט, אז ער האט ערגיץ אַ ווייב מיט זעהר אַ פערמעגליכען שווער. ביי דער דאָזיגער עראינערונג האט אין איהם אויפגעבליצט דער פאָלגענדער געדאנק : קיין פּאַטיליען־

לעבען דארף ער נישט. אַ מענש, ווי ער, וואס טראָגט זיך ארום מיט אַזעלכע פאָלק-ערלייזערישע אידעען, מוז זיך ביז אַ צייט אָבּ-זאָגען פון זיין אייגענעם, פערזענליכען גליק, בפרט נאך, אז די זאָרג פאר דער פאמיליע שטערט זיין אַרבייט פאר׳ן כלל. אין וועג האט ער זיך פון עמיצען דערוואוסט, אז זיין ווייב זוכט איהם ארום, כדי אַרויסצובעקומען ביי איהם אַ גט. תחלת האט די דאזיגע ידיעה איהם געגעבען אַ שטארקען שטאָך אין הארצען. ער האט זיך אבער באַלד בערוהיגט, און זיך אפילו זעהר דערפרעהט. מען פערלאנגט פון איהם אַ גט?

— גוט, ער איז מוכן ומזומן, אָבער נישט אומזיסט. דער שווער איז אַ רייכער יוד און קאָן בעצאָהלען, און מיט דעם געלד וועט ער זיך אַוועקלאָזען קיין אויסלאַנד. אָנכאַפּענדיג זיך אָן דעם געדאנק, האט ער זיך מכין געוועזען פון טאג צו טאג ארייני-צושרייבען דעם שווער אַ בריף, אז ער איז מרוצה צו געבען זיין טאָכטער גט, נור בתנאי, מ׳זאל איהם דערפאר בעצאהלען אזוי פיל און אזוי פיל. אבער איידער ער האט עס בעוויזען צו טון, האט איהם דערווייל זיין ווייבעל געפאקט אין יאַנאָווע. אריינגעזעהן מיט איהר אין אונטערהאנדלונגען וועגען געלד, — דאס האט ער מפני כמה טעמים געפונען פאר נישט צוועקמעסיג, און דעריבער האט ער פאר זיך נישט געהאט קיין אַנדער ברירה, ווי נור צו בערוהיגען איהר מיט גלאטע, זיסע רייד, אז ער האט נאך קיינמאָל נישט געהאט בדעה זי אוועקצוווארפען. ער האט נור געוואלט אַ־אבקומען קיין סלאָנים שוין מיט אַ פארטיגען כתב־רבנות אין קעשענע, כדי צו האבען מיט וואס צו ווייזען זיך פאר לייט. איצטער, אז ער זעהט איהר גרויס צער, איז ער גרייט צו פאהרען מיט איהר אהיים. אזוי האט ער איהר איינגעשמועסט, און זי, אַ גאנץ נאַאיווע ווייבעל, האט איהם גערן געגלויבט. ערשט נאכדעם, ווי זי האט איהם עטליכע טעג נאָכאנאנד אויסגעזוכט אין גאנץ ווילנא, און האט איהם נישט געפונען, האבען זיך איהר געעפענט די אויגען און זי האט פער-שטאנען, אז ער האט איהר אָבגענארט. נור איין זאך האט זי בשום אופן נישט געקאָנט פערשטעהן: וויבאלד, אז לעבען מיט איהר וויל ער נישט, און זיין אַ טאטע צו דעם קינד וויל ער אויך נישט, טאָ וואָרום לאזט ער איהר נישט פריי און גיט איהר נישט קיין גט?

נאך געפינענדיג זיך אונטערוועגס קיין ווילנא, זיצענדיג אין וואָגען ביי דער זייט פון פרוי און קינד, האט שוין זיסעל ביי זיך מסדר געווען דעם נוסח פון דעם בריף, וואס ער וועט אריינשרייבען דעם שווער מכח דעם גט. קודם כל וועט ער מגלה זיין דעם שווער, דאס ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אז די איצטיגע יודישקייט איז נישט די יודישקייט פון משה רבינו; און אז מען דארף אלץ איבעראַנדערשען און איבערלאָזען נור די תורה שבעל-פה, און אז אָט די אַרבייט האט ער גענומען אויף זיך, און ער זיצט און שרייבט איצטער אַ נייעם „שלחון-ערוך", וואס וועט דארפען מאכען אַ תל פון דעם אַלטען... אזוי ווי זיין שווער איז עקסט רעליגיעז געזאָנען, וועט עס געוויס אָנוואַרפען אויף איהם אַ גרויס פחד, און זיין ערשטער געדאנק וועט זיין, אז מ'מוז אָנווענדען אַלע קרעפטען, אום אַרויסצוקריגען פון איהם אַ גט פאר זיין טאָכטער, איידער ער געהט אַוועק צום שמד. נעהמענדיג דאס אין אכט, וועט ער, זיסעל, זיך מקדים זיין, און טאַקי תיכף אין דעמזעלבען בריף איהם מודיע זיין, אז טאָמער פערלאַנגט ער פון איהם, ער זאל אָב'גט'ן זיין טאָכטער, זאל ער וויסען, אז דאס וועט איהם קאָסטען כהנה וכהנה. דערביי וועט ער אויפמערקזאַם מאכען דעם שווער, אז אויב ער איז דערצו מסכים, זאל ער איהם תיכף אריינשיקען דאס געלד, ווייל ער האלט ביי'ם אַריבערגעהן דעם גרעניץ... נור איין זאך האט נאך זיסעל, זיצענדיג אויפ'ן פוהר, נישט געוואוסט: ער האט נישט געוואוסט, וואס פאר אַנ'אדרעס אָנצוגעבען דעם שווער אויף אַ תשובה. אין יענעם מאָמענט האט ער נאך פאר זיך נישט געהאט קיין קלאָרען מאַרשרוט. קלאָר איז פאר איהם געווען נור דאס, אז פון ווילנא וועט ער אנטלויפען. אבער וואוהין? דאס האט ער איבער-געלאזט פאר'ן צופאַל.

## VIII

און דער צופאַל האט געוואלט, אז באלד ווי זיסעל וועט אין ווילנא ארויס פון דער אכסניא, זאל ער גראָד אָנטרעפען אויף אַ פוהר, וואס געהט קיין קאָוונע. בדיעבד איז ער פון דעם דאָזיגען צופאַל געווען זעהר צופרידען, ווייל קאָוונע ליגט אויפ'ן וועג צו דער דייטשישער גרעניץ. אנקומענדיג קיין קאָוונע, האט ער זיך גלייך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבען צום שווער דעם בריף

לויט'ן נוסח, וועלכען ער האט ביי זיך אָבגעסדר'ט אויפ'ן וועג קיין ווילנא, אָנגעבענדיג דערביי זיין אַדרעס אויפ'ן נאָמען פונ'ם בעל־אכסניא, וואוהין דער בעל־עגלה האט איהם געבראכט.

ערוואַרטענדיג פון טאָג צו טאָג אַ תשובה אויף זיין בריף, איז זיסל'ען איינגעפאַלען, אָבצוטון דערווייל אַנ' „אפיקורס'יש שטיקעל", וואס וועט ארויסרופען אין קאָוונע אַ גרויסען טומעל, און פון דאָרטען וועט ער געוויס אוועקגעהען אלץ ווייטער און ווייטער, ביז עס וועט אָנקומען קיין סלאָבָנים, און דאס וועט, אהן שום ספק, ווירקען אויף זיין שווער, וואס גיכער פון איהם פטור צו ווערען... ער האט שוין געהערט פון לאנג וועגען דעם קאָוונער מוסר־שטיבעל, וועלכעס ווערט אָנגעפיהרט פון דעם גרויסען גאון ר' ישראל סאַלאַנטער. אָט איז ביי איהם געבליבען אַריינצוגעהן אין דעם דאָזיגען שטיבעל, בעת ר' ישראל סאַלאנטער זאָגט דאָרטען דעם טעגליכען „שיעור" פאר די מוסר'ניקעס, און אַרויסרופען איהם אויף אַ ויכוח, ביי וועלכען ער וועט עפענטליך אַרויסזאָגען זיינע פרייסטע געדאנקען וועגען יודען און יודישקייט, נישט אָבשרעקענדיג זיך פאר קיינעם.

זיסעל האט זיך נאָכגעפרעגט און איז דערגאנגען, אז ר' ישראל זאגט זיין „שיעור" בין מנחה למעריב. צו דער בעשטימטער צייט איז ער אַהין אַוועק. אריינקומענדיג אין מוסר־שטיבעל, האט ער שוין דאָרטען געפונען דעם גאנצען עולם בחורים און יונגע־לייטלעך, זיצענדיג אַרום גרויסע טישען, און ר' ישראל שטעהט אינדערמיטען אָנגעשפאַרט אויף אַ שטענדער, און לערנט מיט זיי דעם „מסלת־ישרים". כמעט ביי יעדען זאַץ פונ'ם „מסלת־ישרים" שטעלט ער זיך אָב, און לאָזט זיך אריין אין אויספיהרליכע ערקלערונגען וועגען דעם מהות פון דער יודישער עטיק און זיטען־לעהרע. זיסעל האט זיך אוועקגעשטעלט אָן אַ זייט, און האט זיך צוגעהערט. אָנפאַנגס האט זיך אויף זיינע ליפען בעוויזען אַ שמייכעל פון ביטול, און אין הארצען האט ער זיך שוין געפרעהט, פאָר־שטעלענדיג זיך דעם רעש, וואס ער וועט דאָ באלד ארויסרופען מיט זיינע פונקט קאַפּויערדיגע געדאנקען. עס זענען אבער אַריבער נאך א פאר מינוט, און זיסעל האט עפּיס אנגעהויבען צו פיהלען א מין אָבהענטיגקייט, א שוואכקייט, וועלכע האבען זיך ביי איהם אומבעוואוסטזיניג פער'זאנדעלט אין אַ מורא־געפיהל. וואס ווייטער האט ער אלץ מעהר „נגעשטרענגט זיינע אויערען ווי מעגליך אויס-

אויפמערקזאמער איינצוהערען זיך צו ר׳ ישראל׳ס ערקלערונגען, און מיט יעדער מינוט איז אין איהם שטארקער געווארען דער בעשלוס, נישט צו נעהמען קיין ווארט. עפיס ווי אנ׳אינעוועניגסטע שטים וואלט איהם געווארענט: זיסעל, קריך נישט, דיין געוועהר איז טעמפ, דו וועסט נור האבען בזיונות. דו זעהסט נישט, אז ר׳ ישראל איז גערעכט, אז יעדער ווארט זיינער איז גאלד?.. נאך א ווײַלע, און זיסעל איז געבליבען שטעהן, ווי היפנאטיזירט. ר׳ ישראל האט שוין לאנג פערענדיגט זיין „שיעור״, דער עולם האט זיך געשטעלט דאווענען מעריב, און זיסעל איז נאך אלץ נישט גע־קומען צו זיך. אין איהם איז פארגעקומען עפיס אזוינס, וואס ער האט זיך גאר קיינמאל נישט פארגעשטעלט. ער האט זיך גאר אומ־געריכט דערזעהען צוקלאפט אויפ׳ן גאנצען פראנט, און פול־שטענדיג באנקראט... עס האט איהם גענומען נאגען א טיפער חרטה־געפיהל, חרטה אויף זיינע אידעען, חרטה אויף דעם אנטי־רעלי־גיעזען וועג, אין וועלכען ער איז אוועק. דאס איז א קרומער וועג, א זינדיגער וועג. פלוצלונג האט ער זיך א כאפ געטון און דער־זעהן, אז דער עולם שטעהט „שמונה־עשרה״. ער איז גיך צוגע־לאפען צום כיור און געוואשען די הענד, און אין א ווינקעל שטיבעל, וועלכער איז געווען שוואך בעלויכטען, האט ער זיך אוועקגעשטעלט דאווענען מעריב. און באלד האט ער זיך שוין גע־באדען אין א ים פון טרעהרען. צו „שמונה־עשרה״ האט ער זיך כסדר געקלאפט אין הארצען, עפיס ווי ער וואלט דא געזאגט דעם לאנגען „וידוי״, און פערענדיגט האט ער מיט א הילכיגען שלוכצען, וועלכער האט אפגעקלונגען איבער׳ן גאנצען שטיבעל. אויף קיינעם פון די אנוועזענדע מוסר־ניקעס האט עס נישט געמאכט קיין שום רושם, ווייל זיי זענען שוין געווען געוואוינט צו אזעלכע סצענ׳ס.

IX

יענע נאכט איז געווען פאר זיסלען אנ׳אמת׳ע „ליל־שמורים״. ביז פארטאג האט ער זיך געווארפען אויף אלע זייטען און נישט געקאנט צו טון מיט אנ׳אויג. ער האט זיך נישט געקאנט מוחל זיין, וואס זענענדיג אזא גרויסער ירא־שמים, איז ער מיט אמאל אראב פונ׳ם דרך הישר, און טאמער איז נאך דאס פאר איהם ווייניג, האט ער נאך געזוכט אויך אנדערע צו פערפיהרען. און אויף וועלכען סמך

האט ער עס געטון? אויפ׳ן סך פון די פרייע געדאנקען, וועלכע ער האט געלייענט אין די פערשידענע ביכער אין ספרים. וואו איז אבער געווען בשעת מעשה זיין, אין איהם פון תמיד אָן, טיף איינ־געוואָרצעלטער יראת שמים? ווי קומט עס, וואס ער האט זיך אזוי לייכט געלאזט פערפיהרען? די דאזיגע געדאנקען האבען איהם אַרויפגעבראכט אויף אנדערע, פאר איהם נאך פיל שרעקליכערע. ער האט זיך דערמאהנט אָן זיינע בעציהונגען צו ווייב און קינד, ער האט זיך דערמאהנט אן דעם בריף, וואס ער האט אריינגעשריבען דעם שווער, אין וועלכען ער האט אליין אויף זיך אויסגערעדט אלץ, „וואס אין דער קאָרט שטעהט״, און האט זיך געמאכט נאך ערגער פון אַ משומד. ווי דרעהט ער זיך איצט אַרויס פונ׳ם דאזיגען פלאָנטער?

אזוי האט זיך זיסעל געמאטערט און געפלאָגט אַ גאנצע נאכט, און אז ער האט זיך אין דערפריה אראָבגעכאפט פון זיין געלעגער, איז געווען זיין צוקאָפּען־קישעלע אויסגעווייקט פון טרעהרען. ער איז אוועק דאווענען אין מוסר־שטיבעל, און דאָרט האט ער ענדליך געפאסט דעם בעשלוס, אז קיין אנדער אויס־וועג איז פאר איהם נישטאָ, ווי נור אַריינצוגעהן צו ר׳ ישראל סאַלאנטער און זיך מתודה זיין פאר איהם, און בעטען ביי איהם אַ תשובה.

וועגען דעם שמועס, וואס איז פארגעקומען צווישען דעם גרויסען גאון מיט זיסלען, זענען די פרטים אונבעוואוסט. דאס איינ־ציגע, וואס מען ווייסט, איז, אז ווי זיסעל האט נור אנגעהויבען צו רעדען און צו דערצעהלען זיין לעבענס־געשיכטע, האט איהם דער גאון איבערגעריסען און געזאגט: „מ׳דארף נישט, איך האב שוין וועגען דיר און דיין הנהגה לאנג געהערט״. מ׳האט אויך איבערגעגעבען, אז זיסעל איז נאך דעם געשפרעך ארויס אומצופרידען, און האט אינגיכען פערלאָזען קאָווגא.

זיסעל איז ווידער אַרויסגעשוואומען אין דער עפענטליכקייט ערשט אין עטליכע יאהר ארום. צווישען דער צייט האט ער אַ גע־וויסע צייט געלערנט אין דער פּרעסבורגער ישיבה פון ר׳ שמעון סופר, וואו ער האט זיך גערעכענט אלס איינער פון די בעסטע יונגע לייט. דארט האט ער זיך משנה השם געווען, און האט חתונה געהאט מיט אַ טאכטער פון אנ׳אונגארישען רב, אַ זקן מופלג, וועלכער האט איהם געזאלט איבערגעבען זיין שטעלע. מען דערצעהלט

אלס קוריאָז, ער זאָל זיצענדיג ביי׳ם שווער אויף קעסט, האבען פערפאסט אַ רבני׳שען ספר, און דוקא וועגען „הלכות גטין״, אונטערן נאמען „יד יקותיאל״. עס איז נישט בעוואוסט, צי ער האט דאס צווייטע ווייב אבגעג׳גט, אדער אויך איהר געלאזט אנ׳עגונה, און ביי וועלכע אומשטענדען דאס האט פאסירט. עס איז נור בעקאנט, דאס אין יאהר 1849 האט ער זיך אבגעפונען אין ווין, און דאס מאָל שוין אין אַ גאנץ נייעם גלגול. ער האט זיך דאן אלס פער-ברענטער סאָציאל-דעמאָקראט בעטייליגט אין דעם פרייהייטס-קאמף געגען דעם עסטרייכישען מאָנארכיסטישען רעזשים. עטליכע מאָל איז ער געווען ארעסטירט, און צום סוף, אלס פרעמדער אונטערטאן, ארויס-געשיקט פון לאנד. ער איז דאמאָלס אוועק קיין לאָנדאן, וואו ער האט אין די מיטעלע פופציגער יאָהרען געשמ׳ט אלס איינער פון די טעטיגסטע מיסיאָנערען. זיין טעטיגקייט איז בעשטאנען אויסשליסליך נור אין מיסיאָנערישער אגיטאציע. די ערשטע צייט האט ער פערשפרייט זיין נעץ אין די קאוויארניעס און ביר-הייזער, וואס געפינען זיך אינ׳ם יודישען קוואַרטאל ווייטשעפעל. דארט פלעגט ער האלטען זיינע דרשות, וועלכע האבען יעדעס מאָל צו-געצויגען אַ היבשען עולם. שפעטער האט ער אנגעהויבען ארויסצו-טרעטען אויף דיסקוסיע-אָווענדען, וועלכע זענען אויך א דאנק זיין רייכער תלמודיש-רבני׳שער ערודיציע, דורכגעגאנגען פאר איהם יעדעס מאָל מיט גרויס ערפאָלג. מען דערצעהלט, אז ער, זיסעל אליין, זאָל זיך נאך אין יענער צייט נישט האבען געשמד׳ט, און דאס האט געפיהרט צו אָפטע רייבונגען צווישען איהם מיט די לאָנדאנער פארשטעהער פון דער אַנגליקאנישער קירך, וועלכע זענען געווען די גרינדער און אונטערשטיצער פון דער מיסיאָנערישער געזעלשאפט. פיל מאָל האט מען איהם געכאפט גלייך נאך אַ גע-לונגענער מיסיאָנערישער דרשה אריינגעהן אין אַ קלייזעל דאווענען מנחה אדער מעריב... בכלל איז ער געווען עקסצענטריש אין זיין גאנצער הנהגה. פאר א גרויסע שכירות, וואס ער האט בע-קומען פון די מיסיאָנערען, האט ער זיך איינגעשאפט אַ גאנץ היבשע ביבליאָטעק, וועלכע איז בעשטאנען דורכאויס פון אלערליי ש״ס׳ן, פוסקים ראשונים ואחרונים, גאוניש-רבניש׳ע ווערק און מוסר-ספרים. אין דער דאָזיגער ביבליאָטעק פלעגט ער פערברענגען א גאנצען פריהמאָרגען, און נישט איינמאָל האט מען איהם דאָרטען געפונען

זיצענדיג איבער א ספר אין טלית און תפלין. זיינע חברים פלעגט ער זאגען, אז ער איז זיך אזוי נוהג, כדי צו געווינען דעם צוטרוי פון יודען, און זאל זיי קענען כאפען לייכטער און גיכער אויף דער וועגטקע. מען האט אבער נישט געקאנט פערשטעהן, ווי קומט עס, וואס שבת היט ער זיך אב פון צו טון די קלענסטע מלאכה, תשעה-באב זיצט ער אויף דער ערד און וויינט ווי א ביבער; היינט ווער רעדט נאך יום-כפור! דאמאלס פארקלייבט ער זיך פון פאר „כל-נדרי" ביז אויף מארגען אין אוועגד ערגעץ אין א שוהל-כעל, וואו ער שטעהט אב די גאנצע צייט אויף די פיס און דאווענט כסדר אונטער ימ'ען טרעהרען. זיין ווילדע אויפפיהרונג האט געבראכט דערצו, אז מ'האט איהם אין די מיסיאנערישע קרייזען גענומען בעטראכטען פאר א מטורף, און ס'איז שוין ביי זיי געווען בעשלאסען, איהם מרחיק צו זיין פון זיך. מ'האט נאך אבער געמאכט דעם לעצטען פרוב און אין א געוויסען פריהמארגען האט מען איהם קאטעגאריש געמאלדען, אז אויב ער וויל פערבלייבען ביי זיין מיסיאנערישער טעטיגקייט, מוז ער זיך תיכף ומיד אב'שמד'ן. זיסעל האט דאן געבעטען, מ'זאל איהם געבען עטליכע טעג אויף ישוב-הדעת, און זיין בקשה איז געווארען דערפילט.

א גרויסע ערשטוינונג האט ארויגערופען אין די מיסיאנערישע ספערען די תשובה, וואס זיסעל האט זיי געגעבען, אז ער איז גרייט צו טויפען זיך, אבער נור אין קאטוילישען גלויבען, וועלכער איז איהם בעזונדערס נאהנט צום הארצען. מ'האט איהם דאס אויך נאכגעגעבען און זיין שמד איז געווארען געפייערט מיט גרויס פאראד. די מיסיאנערען האבען זיך מיט דעם בענוצט, און האבען אויסגעפויקט אין די לאנדאנער צייטונגען, אז א גרויסער יודישער רב, א געוועזענער תלמיד פון דעם וועלט-בעריהמטען גאון ר' ישראל סאלאנטער, איז איבערגעגאנגען צו דער קריסטליכער אמונה. פון דענסטמאל אן האט זיסעל פערנומען אין דער מיסיאנערישער וועלט זעהר א בכבוד'יג ארט. מ'האט איהם אויסגעריכט אלס ארגאניזאטאר פון מיסיאנערישע קרייזלעך אין פערשידענע לענדער, און אומעטום איז זיין ארבייט געקרוינט געווארען מיט גרויס ערפאלג. אבגעמאכט מיט איהם האט מען, אז נישט נעהמענדיג אין אכט זיינע אייגענע נייגונגען, זאל ער מאכען פראפאגאנדא נישט פאר'ן קאטויליציזם, נוח פאר די אנדערע מעהר רעפארמירטערע אמונות. זיסעל

האט אבער דעם אבמאך נישט געהאלטען, און האט אגיטירט נור פאר'ן קאטוילישען גלויבען. געבראכט האבען איהם דערצו די פערשידענע מעשיות, וואס ער האט זיך אנגעהערט אין לאנדאן וועגען געוויסע יודישע מיסיאָנערען, וועלכע האבען זיך אויסגעצייכענט אין פאנגען נשמות פאר דער קאטוילישער אמונה, און זענען דערפאר שפעטער נתעלה געווארען אזש צו דער מדרגה פון קארדינאלען. און באמת, איז מען באלד וועגען זיסעל'ס פרוכטבארער ארבייט לטובת דעם קאטויליציזם געוואויר געווארען אין די קרייזען פון פויפסט, און אין א שענעם פריהמארגען האט ער, צו זיין גרעסטער פרייד, בעקומען אנ'איינלאדונג צו קומען קיין רוים. אין דער דאזיגער איינלאַדונג האט זיסעל געגלויבט צו זעהן דעם ערשטען טריט צו דער פערווירקליכונג פון זיין חלום. אינגיכען איז ער אראבגעפאהרען קיין רוים, וואו ער איז געווארען אויפגענומען מיט פיל כבוד. שוין אויף מארגען נאך זיין קומען האט ער געהאט אנ'אוידיענץ ביי'ם פויפסט, וועלכען ער האט מיט זיין רייכער טעאָלאָגישער ערודיציע ארייגעבראכט אין גרויס ערשטוינען. א לענגערע צייט איז זיסעל געבליבען זיצען אין רוים, וואו ער האט בעקומען אָנווייזונגען און אינסטרוקציעס פאר זיין וויטערדיגער מיסיאָנערישער טעטיגקייט, וועלכע האט זיך געדארפט קאָנצענטרירען אין די גרעסערע יודישע צענטרען. אונטער'ן אנדערן איז דארטען געווארען אויסגעארבייט דער מארשרוט פון זיינע נסיעות. נאכדעם, ווי די גרעסטע רוימישע קאטוילישע גייסטליכע האבען איהם געגעבען זייער ברכה אויף זיין וועג, איז ער ארויסגעפאהרען קיין רומעניען, וואו ער האט בעזונדערס די שטעדט, אין וועלכע עס געפינען זיך קאמפאקטע יודישע מאסען. אומעטום האט ער אויסגעזוכט און בעשטעלט גרעסערע און קלענערע מיסיאנערישע אגענטען, אלע געוועזענע יודען, וועלכע ער האט געפונען פאר ראוי צו דער דאזיגער מיסיע לויט זייערע ידיעות און רעדנערישען טאלאנט. אלס פעלד פאר זיין אייגענער טעטיגקייט האט ער זיך אויסגעקליבען די שטאָדט אדעס, וואוהין ער איז אבגעפאהרען פון רומעניען.

X

דאס איז געוועזען אינמיטען ווינטער 1871. זיסעל האט שוין געהאט פערשפרייט זיינע נעצען אין דער פארשטאדט מאלדאוואנקא, וועלכע איז פון תמיד אָן געוועזען דאס נעסט פון דער יודישער

אדעסער אָרימקייט. דורך אלערליי הבטחות, דאס רוב פאלשע, האט ער געפאנגען פאר דער קריסטליכער אמונה בלאָנדזשענדיגע יודישע נשמות, און אין זיין פאַנטאסטישער פאָרשטעלונג האט ער שוין גע־זעהען די גרויסע אויסטערלישע בעלוינונג, וואס איהם ערווארט אין דער צוקונפט.

די ווירקליכקייט האט איהם אבער אבגענארט. די צוקונפט האט פאר איהם צוגעגרייט גאר עפּיס אנדערש. אין אדעס האט גראד דעמאָלסט אויסגעבראכען דער ערשטער יודישער פּאָגראם, וועלכער איז געוועזען אינסצעניזירט פון די דאָרטיגע גרעקען און שטארק אונ־טערשטיצט פון די רוסישע מאכט־אָרגאנען. דורך די פענסטער פונ׳ם האָטעל, און וועלכען ער איז איינגעשטאנען, האט ער דערזעהן ווי מען בעפאלט יודען אויף דער גאס און מען שלאגט זיי מערדערליך, ווי מען מאכט אַש פון יודיש גוטס און אַ חורבן פון זייער פער־מעגען. שוין אויף מארגען איז איהם קלאָר געווארען דורך די אָרטיגע צייטונגען דער טרויעריגער סך־הכל פון פּאָגראם. דאס האט איהם איינגאנצען ערשיטערט, ער האט זיך דערפיהלט נישט גוט, און ווי עפּיס וואלט אין איהם געפּלאצט.

דעם זעלבען אָוועגט האט מען איהם געפונען אנ׳אויפגעהאָנגע־נעם אין כּאָליש פון אַ מאָלדאַוואנקער שוהל׳כעל. לויט ווי מ׳האט שפּעטער דערצעהלט, האט מען ביי איהם געפונען אויפ׳ן הארצען אַ גאָלדענעם מעדאַליאָן, אין וועלכען עס איז געוועזען איינגעפאסט אַ קליינינקע מזוזה׳לע...

# אילי̈א ציאָן.

## I

זיין פאטער, פון די געוועזענע קאַנטאָניסטען, האט געשטאמט פון אַ קליין שטעדטיל אין וויטעבסקער גובערניע. געהענדיג אמאל אין אַ ווינטער־אָוועגד פון חדר, איז ער גאר אומגעריכט אַריינגעפאלען אין די הענד פון די „כאַפּערס״, און פון דעמאלט אן האבען איהם שוין זיינע עלטערן מעהר אין די אויגען נישט אָנגעזעהן. מיט אַ פארטיע פון נאך אזעלכע אומגליקליכע יודישע קינדער פון זיין גלייכען איז ער פערשלעפּט געווארען קיין טיף רוסלאנד, וואו מ׳האט איהם איבערגעגעבען אַ דאָרפישען פויער, וועלכער האט איהם געדארפט אונטערהאָדעווען אַ צוויי, דריי יאהר ביז ער וועט פיזיש טויגען צו מיליטער־דינסט. דער פויער האט איהם געמאכט פאר אַ פאסטוך, האט איהם געשיקט אין פעלד פיטערן זיינע חזירים, און צייטענווייז בענוצט זיך מיט איהם אויך צו אנדערע שפל׳ע און שווערע ארבייטען. דאס יונגעל איז געווארען פערגרעבט, האט פערגעסען דאס ביסעל יודישקייט, וואס ער האט געגאָסען אין עלטערן־הויז, אבער ער האט זיך בשום־אופן נישט געלאזט מחנך זיין אין גוי׳אישקייט און האט ענערגיש צוריקגעוויזען אלע פרובען, וואס זענען געמאכט געווארען מצד דעם פויער און אנדערע צוצוציהען איהם צום קריסטליכען גלויבען.

אז ער איז אונטערגעוואקסען, האט מען איהם אריינגענומען אין אַ מיליטער־פולק, וועלכער איז געשטאנען אין ק אַ ז א ן. דארט האבען זיך ערשט פאר דעם יונגען זעלנער אנגעהויבען טעג פון שרעקליכע פיין. צווישען נאך עטליכע יודישע בחורים׳לעך איז ער

אבגעגעבען געווארען אין דעם רשות פון אַ „דיאַדקע״, אַנ׳אכזר׳ישער „קאַצאַפ״ פון וואָלגער געגענד, וועלכער האט זיי, פריהער כּלומר׳שט מיט גוטען און דערנאך מיט בייזען, געצוואונגען אָנצונעהמען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבען. אנדערע פון זיי, די מעהר מאָראַלישׁ שוואכערע, האבען נישט געקאנט לאנג אויסהאַלטען און זיך אונטער־געגעבען. ער איז געווען פון די ווייניגע, וואס האבען ביי זיך פעסט בעשלאָסען אויסצושטעהן, און זענען טאקע באמת אויסגעשטאנען די געברענטסטע ליידען, און אויף קיין פאל נישט פערראטען דעם יודישען גלויבען. ווי ער פלעגט שפּעטער דערצעהלען, זענען ביי איהם פארגעקומען אזעלכע מאָמענטען, ווען כּדי דערלייזט צו ווערען פון זיינע מאוים׳דיגע יסורים, איז שוין בדי איהם רעכט געווארען צו טון דעם לעצטען שריט, אבער יעדעס מאָל פלעגט איהם קומען צו חלום זיין מוטער און בעטען זיך ביי איהם מיט הייסע, זודיגע טרעהרען, ער זאל איהר נישט אנטון די חרפה...

איינברעכען קאן מען אבער אויך דעם שטארקסטען בוים. ס׳איז אנגעשטאנען אַ טאג, ווען ער האט דערפיהלט, אַז ער וועט זיינע יסורים נישט אַריבערטראגען, און אין אַ געוויסען פריהמארגען האט ער זיך אבגע׳שמד׳ט. פון יענעם טאג אָן האט זיך זיין לאגע אין פולק פערבעסערט. אנערקענט פאר אַ בעזונדערס פעהיגען, האט מען איהם אין גיכען איבערגעפיהרט אין דער מיליטער־שול, פון וועלכער ער איז נאכ׳ן משך פון אַ פאר יאהר ארויס אלס אונטער־אָפיציר. פאר זיין אויסצייכענען זיך אין מיליטער־דינסט האט ער בע־קומען ביי פערשידענע געלעגענהייטען עטליכע מעדאלען.

פינף און צוואַנציג יאהר האט ער אבגעדינט אין מיליטער, און איז ארויס אין „זאַפּאַס״ אלס אָפיציר. ער האט זיך דאן בעזעצט אין סאַראטאָוו, וואו ער האט בעקומען דעם פּאָסטען פון אַ סעק־רעטאר אין אַ געריכטס־אינסטיטוציע. וועגען יודען און יודישקייט האט ער שוין לגמרי פערגעסען. ער איז נישט געווארען קיין שונא־ישראל, ווי פיל פון די אנדערע קאַנטאָניסטישע משומדים; ער האט זיך אבער מיט זיינע געוועזענע גלויבענס־גענאָסען לחלוטין נישט אינ־טערעסירט און האט זיך צו זיי בעצויגען גאנץ אינדיפערענט.

אין יענער צייט איז גראָד ענטשטאנען געגען די סאראטאָווער יודען אַ שרעקליכער בלוט־בלבול, וועלכער האט אויפגעטרייסעלט דאס גאנצע רוסישע יודענטום. געגען פיל פון די יודישע נכבדים

אין סאַראַטאָוו איז פערפיהרט געוואָרען אַ פּראָצעס, מיט וועלכען ס'האט זיך פעראינטערעסירט אזש דער קייזער אליין, ניקאָלאַי דער ערשטער. לויט זיין בעפעהל, איז דאן אראבגעפאהרען פון פעטער־בורג קיין סאַראַטאוו אַ בעזונדערע קאָמיסיע, אויסצופארשען די זאך. ארום דעם דאזיגען פּראצעס איז דאן בעשאפען געווארען אין רוס־לאנד אַ שטיקענדיגע אנטיסעמיטישע אטמאָספערע. פון פערשידענע זייטען האבען זיך געהערט בעשולדיגונגען געגען יודען, אז זיי זענען אלע דם־שונאים פון קריסטען. ס'האבען זיך אויך געפונען אזוינע, וואס זענען ארויס מיט דערקלערונגען, אז נישט בלויז רעכטגלויביגע יודען, נור אפילו משומדים ביז אין צעהנטען דור אריין מוזען זיין פערביטערטע פיינד פון יעדען קריסט.

זיצענדיג אין געריכט איינער צווישען די פיל, וועלכע האבען בעטראכט דעם דאזיגען עלילת־דם־פּראצעס פאר א ווילדער מציאה, האט מיטאמאל ביי אונזער משומד פלוצלונג ערגיץ־וואו א ציטער געטא'ן א פערבארגענע סטרונע און אין זיין הארצען האט זיך אבגע־רופען ווי אַן אלטע טיפע וואונד... ער האט זיך דערפיהלט זעהר נישט גוט. איהם האט זיך געגומען דוכטען, אז מען טייטעלט אויף איהם מיט די פינגער און מען שטעכט איהם דורך מיט די בליקען. פון יענער מינוט אן האבען אין איהם אנגעהויבען צו עגבערן און צו נאָגען שרעקליכע געוויסענסביסע, אַ בייסענדיג חרטה־געפיהל, וואס האט איהם כסדר פערפאלגט און געשטערט זיין רוה. איינמאל, אין אַ פריה־מארגען, איז ער אראבגעשפרונגען פון זיין געלעגער און פעסט בעשלאָסען צוריק אַ יוד צו ווערען. ער האָט דערלאנגט אַ בקשה צו דער פּראַוואָסלאַוונער קאָנסיסטאָריע, מען זאל איהם ערלויבען צוריקצוקעהרען זיך צום יודענטום, פון וועלכען מ'האט איהם אבּ־געריסען אלס קינד מיט גוואַלד. די קאָנסיסטאריע האט אבער נישט בלויז אבגעוואָרפען זיין בקשה, נאר אויך געלאזט א־הם ארעסטירען און פערפיהרט געגען איהם אַ פּראצעס. אַ יאהר דריי נאכאנאנד האט זיך געצויגען דער פּראצעס; ס'האט שוין געהאלטען דערביי, מ'זאל איהם פערשיקען קיין סיביר. שפעטער האט אבער די זאך אנגע־נומען אנ'אנדער ווענדונג, און דער סוף איז געווען, אז ער האט בעקומען די ערלויבניש אומצוקעהרען זיך צום יודישען גלויבען. ער האט דאן פערלאזט סאַראַטאָוו און איז אריבער וואוינען קיין סאַמאַרא, וואו ער איז ווידער אַ יוד געווארען, און האט אין

אַ קורצער צייט אַרום חזונה, געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם שטאָדטישען שוחט, וועלכער האָט איהם צוערשט אויסגעלערנט דאַווענען און אַ שטיקעל חומש מיט רש״י.

פון דעם דאָזיגען זווג איז אין אַ יאָהר אַרום אַרויסגעקומען דער שפּעטערדיגער וויט און ברייט בערימטער געוואָרענער מצדיקער און פּראָפעסאָר איליאַ ציאָן.

II

דעם סאַמארער שוחט׳ס איידעם, פּנחס ציאָן, וועלכער האָט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין פאַר דעם פערברעכען, וואָס ער איז בעגאַנגען געגען דעם יודישען פאָלק, האָט געשטרעבט אויסצוקויפען זיין זינד דורך׳ער עקסט־יודישער ערציהונג, וואָס ער האָט בעשלאָסען צו געבען זיין קליינקען. ביז אַכט יאָהר האָט ער איהם געלאָזט לערנען ביי זיין שווער, דעם שוחט, וועלכער איז געווען אַ יוד אַ למדן. דאָס יונגעל האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען פאַר זעהר אַ פעהיגען. און דער זיידע האָט געמוזט מודה זיין, אַז מ׳דאַרף זעהן אויסגעפינען פאַר איהם אַ בעסערען מלמד. אַזאַ מלמד איז אָבער אין סאַמאַרא, וועלכע איז נאָך דאַן געווען אַ גוי׳אישע שטאָדט, נישט אַזוי לייכט געווען צו געפינען. דאָס ביסעל יודען, וואָס האָבען דאָרט געוואוינט, האָבען נ׳שט אַזוי שטאַרק מקפּיד געווען אויף דער יודישער ערציהונג פון זייערע קינדער! פאַר זיי איז גאַנץ גענוג געווען די תורה, וואָס זייערע קינדער האָבען זיך אויסגעלערנט ביי דעם שול־שמש, אַנ׳אויסגעדינטער סאָלדאַט, וועלכער האָט אַ ביסעל צוגעקנעלט. פּנחס האָט זיך אָבער מיט אַזאַ סאָרט מלמד נישט בעגנוגענט, און ער איז אַרומגעגאַנגען ממש אָהן אַ קאָפּ, נישט וויסענדיג וואָס צו טון. ס׳האָט אָבער פּאַסירט, אַז קומענדיג אַמאָל אין דער פריה פון דאַוונען, האָט איהם דער שווער דערצעהלט, אַז מ׳האָט געשמועסט אין „מנין" וועגען אַ יודישען יונגענמאַן פון ווייס־רוסלאַנד, וועלכער זאָל עפּיס האָבען אָבגעטון אין דער היים אַ פערברעכען, און איז דעריבער לויט אַ פּסק־דין פערשיקט געוואָרען אויף עטליכע יאָהר קיין סאַמאַרא. דער דאָזיגער פערמעדער יונגערמאַן זאָל זיין, ווי מ׳זאָגט, אַ גרויסער וואויל־לערנער און אַנ׳אָרענטליכער מענש, און איז פער׳משפּט געוואָרען פאַר אַ בלבול. פּנחס׳ן זענען דעם שווער׳ס ווערטער אַריין אין אויער, ער האָט פערשטאַנען, אַז

ווי באַלד דער יונגערמאַן איז אַ פֿערשיקטער, נויטיגט ער זיך געוויס אין חיזוּק, און ער וועט דעריבער זעהר צופֿרידען זיין פֿון יעדער מעגליכקייט, וואס ס'וועט זיך איהם מאַכען, צו פֿערדינען זיין שטיקעל ברויט. ס'האט לאַנג נישט געדויערט און פּנחס האט זיך צונויפֿגערעדט מיט נאך אַ צוויי, דריי סאַמאַרער בעלי־בתּים, און אַלע צוזאַמען האבען זיי אַנגאַזשירט דעם פֿערשיקטען יונגענמאַן אלס מלמד פֿאר זייערע קינדער. לויט אַ פֿריהערדיגען אָבמאַך מיט די איבעריגע עלטערן, האט פּנחס אַריינגענומען דעם יונגענמאַן צו זיך אין שטוּב אריין.

דער יונגערמאַן, וועלכער האט געשטאַמט פֿון אַרום באָריסאָוו, מינסקער גובערניע, איז געוועזען באמת נישט בלויז אַ גרויסער למדן, נור אויך אַ משׂכּיל מיט אַ סך וועלטליכע ידיעות. לויט זיין פּראָפֿעסיע איז ער געוועזען אַ ווײַנער אין אַ ברויז ביי אַ יודען אַ נ'עושר. דער דאזיגער עושר האט אויף זיך געהאט אַ פּראָצעס פֿאר טרייבען בראָנפֿען אָהן אַקציז, און דורך אַ מיספֿערשטענדניש מצד די עדות האט די אויספֿאָרשונגס־מאַכט צוגעטשעפּעט צום משפּט אויך דעם גאַנץ אוּנשולדיגען ווײַנער, וועלכער איז צוליב דעם פֿערשיקט געוואָרען קיין סאַמאַרא.

פּנחס האט זיך פֿאר זיין קליינקען קיין בעסערן מלמד פֿון דעם פֿערשיקטען יונגענמאַן נישט געוואונשען. דאס יונגעל האט ביי איהם געמאַכט ריזיגע פֿאָרטשריט. אונטער דער השפּעה פֿון דעם יונגענמאַן האט פּנחס מסכּים געוועזען צו זיין פֿאָרשלאַג, אז קליינקע זאל ביי איהם לערנען אויך וועלטליכע למודים. אַלע האבען בעוואונדערט די גרויסע פּעולה, וואס דאס יונגעל מאַכט פֿון טאג צו טאג אין די פֿערשידענע למודים. מ'האט געזעהן בעשיינפּערליך, אז פֿון דעם קינד וועט אַרויסוואַקסען עפּיס גאר אומגעוועהנליכעס. דאן האט דער מלמד געזעהן ווירקען אויף פּנחס'ן, ער זאל אבגעבען דאס יונגעל אין דער אָרטיגער גימנאַזיע. פֿון אָנהויב האט זיך דער פֿאָטער געבערעקעלט, איהם האט זיך בעסער געוואָלט האבען אַ זוהן אַ מופֿלג בתּורה, וועלכער זאל אויף איהם מגין זיין מיט זיין זכוּת. פּנחס האט זיך נאך אַלץ געהאַלטען פֿאר אַ פֿערברעכער, און האט דעריבער געגאַרט צו האבען אין זיין זוהן אַ מליץ פֿאר זיין זינדיגער נשמה. צום סוף האט ער אָבער נישט געקאָנט ביישטעהן דער גרויסער בערעדזאַמקייט פֿון דעם יונגענמאַן, וועלכער האט

איהם אויפגעוויזען מיט ראיות, אז פערבלייבענדיג אין אַזא פּין יודישקייט אָבגעריסענעם אָרט, ווי סאַמאַרא, וועט זיין זוהן אויף קיין פאַל נישט קאָנען דערגרייכען קיין רבנ׳ישע קאַריערע, און ווילענדיג, נישט ווילנדיג, האט ער געגעבען דערצו זיין הסכמה, בתנאי, אז אויך בעזוכענדיג די גימנאַזיע זאל ער פאָרטזעצען לערנען די יודישע למודים אין דעם זעלבען טעמפּאָ, וואס ביזאַהער.

צו זיבעצעהן יאָהר האט עלינקע געענדיגט די סאַמארער גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. אין יענער צייט איז שוין זיין געוועזענער לעהרער, דער פערשיקטער יונגערמאַן, לאַנג אָבגעקומען זיין שטראָף און, אַ בעפרייטער, האט ער זיך צוריקגעקעהרט צו זיך אַהיים, קיין ווייס-רוסלאנד. פאר די עטליכע יאהר, וואס ער האט פערבראכט אין סאַמארא, האט ער זיך צו דער גאַנצער פּנחס׳עס פאַמיליע, און בעזונדערס צו עלינקען, שטאַרק צוגעבונדען. פון דערווייטענס האט ער מיט איהם קאָרעספּאָנדירט און געזוכט אויף איהם משפיע צו זיין, אז נעהמענדיג אין אַכט דעם פאָטער׳ס טרויעריגע פערגאַנגענהייט און זיין הייסען וואונש, אָבצומעקען יעדען זכר פון דער דאָזיגער פערגאַנגענהייט, זאל ער זיך היטען נישט אָנטון איהם קיין צער און זעהן האַלטען זיך פעסט אָן יודען און יודישקייט, נישט צו פערנאַכלעסיגען דעם תנ״ך מיט דער גמרא און אַריינצוקוקען אַמאל אין „שולחן-ערוך״... אַ סך ברייטער און אויספיהרליכער ־ אט ער דאס זעלבע עלינקען אויפגעקלערט נאכדעם, ווי ער האט פון איהם דערהאלטען די ידיעה, אז ער האט געענדיגט גימנאַזיע און קלויבט זיך צו פאהרען קיין פעטערבורג און אריינצוטרעטען אין דער דאָרטיגער אוניווערזיטעט.

III

אין דער פעטערבורגער אוניווערזיטעט האט ציאָן באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן געצויגען אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. מ׳האט תיכף דערקענט זיין עלוי׳אישקייט און געקוקט אויף איהם, ווי אויף אַ גרויסען אויפגעהענדען שטערן. די פּראָפעסאָרען פון דער מעדיצינישער פאַקולטעט, וועלכע ער האט בעזוכט, האבען איהם אַרויסגעוויזען אַ בעזונדערע התקרבות און אויסגעפּועל׳ט פאר איהם ביי דער רעגירונג אַ מאָנאַטליכע סובסידיע. איינער פון די פּראָפעסאָרען, אַ פיזיאָלאָג, שוין אַנ׳עלטערער מענש, וועלכער האט

ליב געהאט צו פערפיהרען מיט ציאָנ׳ען לאַנגע שמועסען אויף היסטאָ-שאָפטליכע טעמעס, האט איהם אַמאל פאָרגעלעגט צו רעפעטירען מיט זיינע אונטערגעוואקסענע קינדער, צווישען זיי אַ טאָכטער פון אַ יאהר פופצעהן. ציאָן האט גערן אָנגענומען די לעקציע, און איז אזוי אַרום געווארען ביי׳ם פראָפעסאָר אין הויז אַ גאנצער „בן-בית". זיינע תלמידים, וועלכע האבען ביי איהם געמאכט אין לערנען גרויסע פאָרטשריט, האבען איהם זעהר ליב בעקומען און בעטראכט איהם ווי אַנ׳אייגענעם. ציאָן איז אויך געווארען שטארק געניינט צום פראָפעסאָר׳ס פאַמיליע, אבער געפינענדיג זיך נאך אונטער דער ווירקונג פון די פערטרויליכע געשפרעכען, וואס זיין פאטער האט מיט איהם געהאט פאר זיין אָבפאהרען פון פעטערבורג, האט ער זיך פון זיי געהאלטען ווייט, ווי מעגליך, האט תמיד געזוכט צו בע-טאָנען, אז ער איז אַ טרייער, איבערגעגעבענער יוד און אזעלכער וועט ער פערבלייבען אויף שטענדיג. דאס זעלבע פלעגט ער גאנץ אָפט אַרויסזאָגען אויך פאר זיינע קריסטליכע חברים.

וועגען ציאָנ׳ען האט מען זיך דערוואוסט אויך אין „די פעטער-בורגער יודישע אינטעליגענטע קרייזען. דער דעמאָלטדיגער פעטער-בורגער ראַבינער ד״ר אברהם ניימאַן איז געוועזן דער ערשטער, וואס האט זיך פון אַ בעקאנטען פראָפעסאָר דערוואוסט וועגען ציאָנ׳ען און האט איהם איינגעלאַדען צו זיך אויף איינעם פון זיינע שבת-צונאַכטיגע זשור-פיקסען, אין וועלכע עס פלעגט זיך בעטייליגען די העכסטע יודישע און אויך קריסטליכע אינטעליגענץ. דארט האט ציאָן געהאט די געלעגענהייט בעקאנט צו ווערען מיט די גרעסטע און שענסטע פעטערבורגער יודישע פערזענליכקייטען, צווישען זיי דעם אַלטען באַראָן יוזיל גינצבורג מיט זיינע קינדער, די ברידער מלכיאל, די פּאָליאַקאָוו׳ס, מאיר בערלין און נאך אנדערע אַזוינע. פון דעמאָלט אָן האט ציאָן אָנגעהויבען פערקעהרען אין איניגע יודישע אַריס-טאָקראַטישע הייזער, וואו ער איז בעטראכט געווארען פאר זעהר אַנ׳אָנגעלעגטען גאַסט.

נאך געפינענדיג זיך אויפ׳ן לעצטען קורס, האט ציאָן אַרויס-געזאָגט אין אַ דייטשען מעדיצינישען זשורנאַל נייע איבערראַשענדע געדאנקען וועגען דער פיזיאָלאָגיע פון האַרץ. די דאזיגע געדאנקען האבען שפעטער אַרויסגערופען אַ געוואַלדיג איבערקעהרעניש אין דער ביזאַהעריגער דיאַגנאָסטיק פון די פערשידענע האַרץ-קראַנקהייטען.

מ׳האט דאַן אָנגעהויבען שטארק רעדען וועגען שיקען ציאָנ׳ען אויפ׳ן חשבון פון דער רעגירונג קיין אויסלאַנד אויסצובילדען זיך דארט אויף זיין געביט. די זאך איז בעקלערט געוואָרען אין פּראָפעסאָרען-ראַט און איז דורכגעגאַנגען כמעט איינשטימיג. די רעגירונג פון אלעקסאַנדער דעם צווייטען, וועלכע האט נאך דאַן אפילו גע׳שמ׳ט פאר אַ העכסט ליבעראַלער, האט זיך אָבער אין אָנהויב געבראָכען; זי האט עפּיס נישט געקאָנט פועל׳ן ביי זיך אָנצוטון אַ יודען אַזא כבוד, אדער צוליב אנ׳אנדער׳ן טעם. אַנדערע ווילען האבען, אז אַ ביסעל האט אין דעם דעמאָלט קאַליע געמאַכט דער בעוואוסטער פּראָפעסאָר כוואָלסאָן, וועלכער האט בטבע קיינמאָל נישט פערגונען, אז די רעגירונג זאל געבען נישט קיין גע׳שמד׳טען יודען אַ וועלכע ס׳איז אויסצייכנונג. דאָ האט זיך אבער אַריינגעמישט דער אַלטער פּראָפעסאָר, ביי וועמען ציאָן האט אַמאל רעפּעטירט, און זיך אַזוי לאַנג משתדל געוועזען פאר איהם ביי׳ם בילדונגס-מיניסטער, ביז זיין קאַנדידאַטור אויף דער נסיעה קיין אויסלאַנד איז פון דער רעגירונג בעשטעטיגט געוואָרען.

איידער ציאָן איז אבגעפאהרען קיין אויסלאַנד, האט ער גע-פונען פאר נויטיג צו בעזוכען זיינע עלטערן אין סאַמאַרא. דאס האט אויסגענוצט זיין פאָטער און אונטער בעך הייסע, זודיקע טרעהרען בעשוואוירען, אז וואס נור דאס לעבען זאל מיט איהם נישט מאכען און צו וואס פאר אַ הויכער מדרגה ער זאל נישט דערגרייכען, זאל ער אַלץ טריי בלייבען דעם יודישען פאָלק און פערווענדען לטובת איהם זיינע גרויסע מעגליכקייטען. אין דער לעצטער נאַכט פאר זיין אָברייזען האט איהם דער פאָטער אַריינגע-פיהרט צו זיך אין צימער. דאָרט האט ער פאר איהם ענטבלויזט זיין קערפּער און האט געזאָגט:

— דו זעהסט די דאָזיגע בלויע צייכענס אויף מיין לייב? דאס זענען ביי מיר פערבליבען סימנים פון די שרעקליכע קלעפּ, וואס איך האב טאג-טעגליך בעקומען פון די, וועלכע האבען מיך דורכ-דעם געוואָלט צווינגען אומטריי צו ווערען דעם גלויבען פון מיינע עלטערן. איך האָב מיך געלאָזט שלאָגען און פּייניגען, כ׳האב אנגע-נומען פאר גוט אלע מיינע יסורים און האב מיך פון יודישקייט נישט אָבגעזאָגט. לאָמיך דיר דינען אלס ביישפּיל, מיין זוהן, און

לאָז מיך מיט דער מאַמען רוהיג ליגען אין קבר איבער הונדערט מיט צוואַנציג יאָהר...

IV

אין אויסלאַנד, וואו ציאָן האט פערבראכט אַ יאהר דריי, האט ער בעזוכט פערשידענע אוניווערזיטעטען און שטודירט פיזיאָלאגיע ביי די וועלט-בעריהמטעסטע געלעהרטע. אויך דארט איז ער שוין אַנ׳ערקענט געוואָרען פאר אַ גרויסען ספעציאַליסט אין זיין פאַך, און צוריקקעהרענדיג זיך אין יאהר 1870 קיין רוסלאַנד, איז ער בעשטימט געוואָרען אַלס אויסעראָרדענטליכער פראָפעסאָר אין פעטער-בורגער אוניווערזיטעט, וואו ער האט געלייענט לעקציעס וועגען פי-זיאָלאָגיע. אין צוויי יאהר אַרום איז ער אַריבער אויף דערזעלבער קאַטעדרע אין דער דאָרטיגער מעדיצינישֿ-כירורגישער אַקאַדעמיע. אינגיכען האט ער בעקומען אַ נאָמען פון אַ גלענצענדען לעקטאָר, און דאס פלעגט תּמיד צוציהען צו זיינע לעקציעס אַ גרויסען עולם. די סטודענטען האבען איהם ממש פערגעטערט און געטראָגען אויף די הענט. אין דערזעלבער צייט האט ציאָן אָנגעהויבען ווערען פּאָפּו-לער אויך אין אויסלאַנד, און בעזונדערס אין פראַנקרייך, וואו ער האט בעקומען פון דער פּאַריזער אַקאַדעמיע די ערשטע פּרעמיע פאר זיינער אַ דייטשער מאָנאָגראַפיע וועגען נערווען-סיסטעם.

ס׳איז קיין וואונדער נישט, אויב מ׳האט זיך צו דעם יונגען יודישען פּראָפעסאר געגומען שדכ׳ענען פון אלע זייטען, מ׳האט איהם פּאָרגעלעגט שדוכים מיט טעכטער פון בעוואוסטע מיליאָנערען, און צום סוף האט ער זיך אויסגעקליבען די יונגסטע טאָכטער פון דעם בעריהמטען פּאָדריאַדטשיק מלכיאל, אַ פריילין פון אַ יאהר אַכטצעהן, אַ העכסט געבילדעטע און אַ זעלטענע שענהייט. נאָך דער חתונה האט זיך ציאָן מיט דעם שווער׳ס מיטלען איינגעאָרדענט ממש אַ קייזערליך לעבען מיט אַ וואוינונג — אַ פּאַלאַץ, מיט עקיפּאַ-זשען, מיט שווייצערס און לאָקייען, אָנגעטון אין ליווריען, מיט בעלער און ראַאוטען, וועלכע פלעגען בעזוכט ווערען אויסשליסליך פונ׳ם פּעטערבורגער גרעסטען אַדעל. צוליב דעם האט זיך ציאָן ב׳סלעכווייז גענומען אָבגרעניצען פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער האט פערקערט ביז אַהער, און איז געוואָרען כמעט ווי אום צוגענגליך אויך צו אַזעלכע, מיט וועלכע ער האט זיך תמיד גע-

חבר׳ס. ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אז ער פלעגט אויסטיילען אידי־ענצען אפילו פאר בעקאנטע פראָפעסארען.

דאס האט אין אַ גאנץ קורצער צייט געבראַכט דערצו, אז אין געוויסע פראָפעסאָרישע קרייזען האט מען אָנגעהויבען קוקען אויף איהם מיט גרויס קנאה, וואס האט זיך באַלד פערוואַנדעלט אין אַ ברענענדיגער שנאה. ס׳האבען זיך געפונען אַזוינע פראָפעסאָרען, וועלכע האבען גענומען דורך פערשידענע מיטלען אויפרייצען געגען איהם די סטודענטען. אין יענער צייט, אָנהויב די זיבציגער יאָהרען, האבען זיך שוין צו אַ גרויסען טייל פון דער רוסישער סטודענטענ־שאַפט צוגעקלעבט די מאַטעריאַליסטיש ניהיליסטישע אידעען, וועלכע האבען קודם כל געהאט צום קאַמף געגען דער זאַטער בורזשוי־אַזיע. צווישען די דאָזיגע סטודענטען האט די אַגיטאַציע געגען ציאָנען, וואס ערלויבט זיך צו „פערשאַכערן" פאר געלד אפילו די וויסענשאַפט, געפונען אַ פרוכטבאַרען באָדען. אין אַ געוויסען טאָג, בעת ציאָן איז געקומען אין דער אַקאַדעמיע צו זיין לעקציע, האט איהם אַ גרויסע גרופע סטודענטען בעגעגענט מיט אַ „קאַצען־מוזיק", און בעת ער איז דאך אַרויף אויף דער קאַטעדרע, האט מען איהם דורך סווישצערייען און פייפערייען נישט געלאָזט עפענען דעם מויל. די דאזיגע סצענעס האבען זיך איבערגע׳חזר׳ט עטליכע טעג כסדר.

אין די רעגירונגס־קרייזען האט דער דאָזיגער אַרויסטריט מצד די סטודענטען געגען ציאָנ׳ען געמאַכט זעהר אַ שלעכטען רושם. מ׳האט דארט גאנץ גוט געוואוסט, אז דאס איז אַ סאָציאַליסטיש „שטיקעל אַרבייט" און מען האט עס געוואלט דערשטיקען. בעת ס׳איז נאָכדעם געקומען צום בילדונגס־מיניסטער אַ דעפּוטאַציע פון סטודענטען, וואס האבען פון איהם פערלאַנגט, ער זאל ציאָנ׳ען מרחיק זיין פון דער אַקאַדעמיע, איז ער דערויף בשום אופן נישט איינגעגאנגען. מ׳האט דאן אייניגע סטודענטען פון די הויפט־אַגיטאַ־טאָרען אַרעסטירט. מיט דעם האט זיך נאך אָבער דער אינצידענט נישט פערענדיגט. אז ציאָן איז אין עטליכע טעג אַרום, אויפ׳ן מיניסטער׳ס בעפעהל, געקומען אין דער אַקאַדעמיע, האט איהם דאָרט די גאַנצע אוידיטאָריע געמאַכט אזא מין קבלת־פנים, אז ער האט באלד געכאפט די טעקע און איז אַנטלאָפען.

אין מיניסטאָרען־ראַט זענען וועגען דעם ענין אָבגעהאלטען גע־וואָרען אייניגע זיצונגען. עס זענען אַרויסגעזאגט געוואָרען פער־

שידענע מיינונגען פאַר און געגען. אַנדערע האָבען גע׳טענה׳ט, אַז ווען מ׳זאָל נאָכגעבען די סטודענטען, קאָן דאָס דינען פאַר אַ פּרע־צעדענט און מ׳וועט זיך אַזוי־אַרום טשעפּען צו יעדען פּראָפעסאָר, וועלכער וועט, צוליב דער אָדער יענער סבּה, נישט געפעלען ווערען די סטודענטען. אַנדערע, ווידער, האָבען געזאָגט, אַז ס׳איז נישט כּדאַי אויפצורייצען די יוגענד, און אַז בּכלל קאָנען שוין די תּלמידים גאַרנישט געניסען פון אַ לעהרער, וועלכער איז זיי דער־ווידער. ציאַן אַליין, וועלכער האָט בּעקומען גענוגע ידיעות וועגען דעם, וואָס עס קומט פאָר אין מיניסטאָרען־ראַט, האָט אָנגעווענדט פאַר זיך אַלערליי פּראָטעקציעס פון זיינע הויכגעשטעלטע פריינד און בּעקאַנטע פון׳ם פּעטערבורגער אַדעל, וועלכע האָבען נור גע־בּראַכט דערצו, אַז די זאַך איז אויף אַ געוויסע צייט געבּליבּען הענגען אין דער לופט. ס׳איז גראַד אינמיטען אָנגעשטאַנען דער זומער, און אין אַלע הויכשולען זענען די לעקציעס איבּערגעריסען געוואָרען ממילא.

דערווייל האָט פּאַסירט, אַז ציאָנ׳ס שווער, מלכיאל, האָט זיך פערפלאָנטערט אין נישט־געלונגענע פּראָוויאַנט־געשעפטען, און האָט געמוזט בּאַנקראָטירען. דאָס האָט זיך אינגיכען אָבּגערופען אויך אויף ציאָנ׳ס מאַטעריעלען מצב. די פּערספּעקטיוו צו ווערען אַ יורד אין דערצו נאָך אַרויסגעוואָרפען צו ווערען פון דער אַקאַדעמיע, האָט איהם אינגאַנצען נידערגעשלאָגען. דער רעזולטאַט דערפון איז גע־ווען, אַז ער האָט זיך צוריק גענומען מקרב צו זיין צו די איבּע־ריגע פּראָפעסאָרען, זיינע געוועזענע חברים. ער האָט אנגעהויבּען אָפּט בּעזוכען בּעזונדערס זיין אַמאָליגען פּראָטעזשע, דעם געלעהרטען פיזיאָלאָג. פונאַנדערשמועסענדיג זיך אַמאָל מיט איהם וועגען זיין אומק־אָרער לאַגע אין דער אַקאַדעמיע, האָט איהם דער אַלטער פּראָפעסאָר אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז אויסער אַלץ האָט די זאַך אויך אַנ׳אַנטיסעמיטישען אונטערשלאַק, דאָס הייסט, אַז ווען ער זאָל נישט זיין קיין יוד, וואָלט איהם אַזוינס נישט פּאַסירט. די דאָזיגע מיינונג האָט ציאָנ׳ען נישט איבּערראַשט, ווייל ער אַליין האָט זיך שוין אויך דורך פערשידענע סימפּטאָמען אָנגעשטויסען אויף דעם, אַז אויבּ די סטודענטען ערלויבּען זיך אַרויסצוטרעטען געגען איהם מיט אַזאַ חוצפּה, איז דאָס נור צוליבּ זיין יודישער אָבּשטאַמונג, און אויבּ דער מיניסטאָרען־ראַט קאָן זיך נישט בּעשליסען ענערגיש צו־

בעקעמפען די סטודענטישע מאַכינאַציעס, איז דאָס אויך בלויז צו־ליב דעם זעלבען טעם. הערענדיג דאס איצט אַרויסגעזאָגט פון זיין בעפריינדעטען פראָפעסאָר, האט ער שוין פעסט געגלויבט, אז אַגו־דערש איז עס נישט.

V

אין גיכען האט ציאָן אָבגעזאגט זיין פרוי און באַלד נאכדעם האט ער אנגענומען דעם לוטעראַנישען גלויבען. עס איז פערבליבען אומבעקאַנט, ווי אַזוי עס איז פארגעקומען זיין שמד, צי ער האט דאס געטון מיט אַ לייכטען הארצען, אדער נאך געוויסע אינערליכע קאַמפען. ס'איז נור בעוואוסט דער פאַקט, אז קורץ נאך זיין טויפען זיך האט ער חתונה געהאט מיט דעם פיזיאָלאָג'ס טאכטער, זיין אַמאָליגע תלמידה. ער האט, קענטיג, געהאפט, אז דער דאזיגער טריט וועט פערבעסערן זיין מערכה, וועט איינשטילען דעם צאָרן פון די סטודענטען און איהם צוריקקעהרען צו זיין פראָפעסאָרישער קאַטעדרע. ס'האט זיך אבער אַרויסגעוויזען, אז ער האט אַ טעות געהאט. דער שמד האט אויף זיין מצב קיין שום ווירקונג נישט גע־האט. אין יאהר 1875 איז ציאָן אויפ'ן סמך פון אַ רעגירונגס־בע־פעהל אָבגעזאגט געווארען פון זיין שטעל אין דער אַקאַדעמיע אלס פראָפעסאָר.

פאר ציאָנ'ען איז דאס געווען אַ טויט־קלאַפּ. ער האט זיך בשום אופן נישט געקאנט פארשטעלען, אז אזא אונדאַנקבאַרקייט זאָל זיין זיין לוין פאַר דעם, וואס ער האט אזוי בערייכערט די רוסישע וויסענשאפט און האט איהר פערשאַפט אַזא גרויסען כבוד אין דער וועלט. ער האט גענומען טיפער בעקלערען די זאַך און האט זיך צום סוף אָבגעשטעלט אויפ'ן געדאנק, אז די הויפט־שולד אין דעם ליגט נור אין דעם ניהיליזם, וואס האט אבגעס'סמ'ט די יוגענד, מיט וועלכער די רעגירונג האט שטאַרק מורא איינצורייסען. דאס האט איהם באַלד געבראַכט צום בעשלוס, צו בעקעמפען עפענטליך די ניהיליסטישע אידעען. קודם־כל איז ער געווארען אַ מיטאַרבייטער פון די רעכטע רוסישע צייטונגען און זשורנאַלען, און בעזונדערס פון קאַטקאָוו'ס „רוסקי וועסטניק", וועלכער האט זיך אין יענער צייט געצייכענט פאר דער גרעסטער פעסטונג פון רעאַקציע. ציאָן האט זיך פון דער ערשטער מינוט אָן אַרויסגע־

וויזעו א״ס זעהר גלענצענדער זשורנאַליסט. זיינע אַרטיקלען און בעזונדערע בראָשורען געגען דעם סאָציאַליזם האבען געמאכט אַ שטארקען איינדרוק און זענען געלעזען געווארען אין די ברייטסטע קרייזען. דער נעכטיגער ליבעראַל און פריידענקער איז געווארען אַ פערביסענער רעאַקציאָנער. ס׳האבען זיך אויף איהם אַ לאז געטון כמעט אלע פראגרעסיווע בלעטער מיט די שאַרפסטע אַרטיקלען, די ראַדיקאַלע יוגענד האט פערעפענטליכט געגען איהם אַ גאַנצע רייהע אַנאָנימע פאַמפלעטען, אין ו עלכע זי האט איהם געמאכט ממש „אויס-צ־דרעהען״. צ י א נ ׳ ע ן האט דאס אבער צוגעגעבען נאך מעהר מוט; אויף א י י ן אַרטיקעל האט ער געענטפערט מיט ע ט ל י כ ע, און אַלע זענען זיי גע ווען געשריבען מיט שומיגען גיפט. ער האט מיט זיין פאָלעמיק געגען דעם ראַדיקאַליזם געבראכט אזוי ווייט, אז ער איז געוואָרען די פערהאַסטעסטע פערזענליכקייט ביי דער גאַנצער דע-מאָלטדיגער רוסישער. יוגענד.

דערפאַר אָבער האט צ י אָ ן פון דעמאָלט-אָן אנגעהויבען שטארק גו̇שא-חן צו זיין אין די „הויכע פענסטער״. אין יענער צייט האט זיך נאך די רעגירונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטען אויסגעגעבען אַלס העכסט ליבעראַל, דאך האט מען אין די „ספערען״ שטילער-הייד הנאה געהאט פון צ י אָ נ ׳ ס אַרויסטרעטונגען געגען די סאָציאַ-ליסטען, און דורך וועמען מען דארף האט מען איהם אויך פון אויבען צוגעגעבען חשק צו דעם דאָזיגען קאמף לטובת דעם הערשענדער מלוכה-אָרדנונג.

ס׳איז אַריבער אַ געוויסע צייט און מען האט „פון דער הויך״ אָנגעהויבען געבען צו פיהלען צ י אָ נ ׳ ע ן, אז מ׳וויל איהם מפצה זיין פאר דער אונגערעכטיגקייט, וועלכע מ׳איז צוליב די סטודענטישע אונרוהען געגען איהם בעגאנגען. קורץ נאכדעם האט מען איהם אויך אָנגעפרעגט, אויף וואס פאר אַ געביט ער וועט קאָנען נוצליך זיין דער מלוכה, אויסער דעם פעדאַגאָגישען, צו וועלכען מ׳קאן איהם שוין נישט צוריקקעהרען. צ י אָ ן, וועלכער האט זיך געפיהלט אומבעקוועם צו פערבלייבען אויף אַ מלוכה-שטעל אין רוסלאנד, האט זיך משתדל געווען, מען זאל איהם בעשטימען אויף אַ פאָסטען אין אויסלאַנד. מ׳האט איהם דאן אַוועקגעשיקט אלס רוסישען פינאַנציעלען אַגענט קיין פ א ר י ז. די דאזיגע שטעל האט ער בעקומען לויט זיין אייגענער איניציאַטיוו, ווייל פאַר דער צייט,

וואס ער איז געווען מלפּיאלס איידעס, האט ער אויסגעפיהרט איינינע זעהר געלונגענע געלד-אָפּעראַציעס, און האט זיך דעריבער געהאלטען פאר אַ מומחה אין פינאנציעלע ענינים. ער האט זיך טאַקע באמת ארויסגעוויזען פאר אַנ׳אויסגעצייכענטען פינאַנסיסט, און אין די רוסישע מלוכה-ספערען האט מען אויף איהם געלעגט גרויסע האָפנונגען.

די רוסישע ליבעראַלע פּרעסע, ביי וועלכער צ י אָ ן האט זיך אזוי שטארק קאָמפּראָמעטירט, האט בעגעגענט די אָפיציעלע ידיעה וועגען זיין נייעם פּאָסטען מיט גרויס אומצופרידענהייט. דערביי האט זי זיך בענוצט געגען צ י אָ נ ׳ ע ן אויך מיט אַנטיסעמיטישע שטעכווערטלעך. מען האט איהם בעשולדיגט אין זיין שווער׳ס באַנק-ראָט, אין זיין שלעכטען פּראָוויאַנטירען די רוסישע אַרמעע בשעת דעם רוסיש-טערקישען קריג, און אין נאך אזעלכע, ספּעציעל י ו ד י ש ע, לויט זייער מיינונג, געלד-מאַכינאַציעס. אין די פּעטער-בורגער יודישע אינטעליגענטע קרייזען האט מען דאן געזאגט, אז נור צוליב צ י אָ נ ׳ ע ן ווערען די רוסישע בלעטער אַנטיסעמיטיש געשטימט, און ס׳האבען זיך געפונען אזוינע, וועלכע האבען ארויס-געזאגט די מיינונג, אז די יודישע געזעלשאפט דארף זיך עפענטליך אָבטרייסלען פון דעם משומד, מיט וועלכען יודען האבען איבער-געריסען יעדע בעציהונג. די מיינונג איז אבער נישט אנגענומען געווארען אויס מורא פאר דער רעגירונג, ביי וועלכער צ י אָ ן איז געווען אַ גאנץ גרויסער תקיף.

## VI

בלויז אויף אַ קליינער ווייַלע האט זיך ביי צ י אָ נ ׳ ע ן אמאל דערוועקט דאס פּינטעלע יוד. דאס איז געווען נאך די ערשטע יודישע פּאָגראמען אין דרום-רוסלאַנד אנהויב די אַכציגער יאהרען. די דאזיגע פּאגראמען האבען דאן ארויסגערופען אַ שטארקען פּראָ-טעסט ביי דער גאנצער געבילדעטער וועלט אין איירָאָפּאַ און אַמעריקא. אַ בעזונדערן רושם האבען זיי געמאכט אין ענגלאַנד. דארט זענען צוגעשטאנען צום פּראָטעסט די גרעסטע פּאָליטיקער און די גייסטליכקייט. לויט זייער איניציאַטיוו האט זיך דעמאלט פּראָיעקטירט, אז געוויסע וועלט-בעריהמטע פּערזענליכקייטען פון אלע לענדער זאלען זיך ווענדען מיט אַנ׳אויפפאָדערונג צו אַלעקסאַנדער דעם

דריטצן, ער זאל זעהן אננעהמען אלע געהעריגע מיטלען געגען די יודישע פּאָגראמען. די ענגלישע איניציאַטארען פון דער זאך האבען בעפולמעכטיגט איינעם פון די אנגעזעהענסטע פּאָליטישע טוער אין פּאַריז, אַ בעוואוסטער דיפּלאָמאַט, צונויפצוקלויבען חתימות אונטער דעם דערמאָהנטען בריף אויך צווישען די דאָרטיגע גרויסע פּערזענליכקייטען. דער דאזיגער דיפּלאָמאַט איז אריין בעטען אַ חתימה אויך ביי צ י אָ נ ׳ ע ן, וועלכער האט שוין דאן געשפּילט אין דער פראַנצויזישער רעזידענץ אַ גאנץ גרויסע ראָליע. צ י אָ ן האט זיך אבגעזאגט פון אונטערצושרייבען זיך אויפ׳ן בריף, ערקלערענדיג דערביי, אז אלס רוסישער מלוכה-בעאמטער האט ער נישט דאס רעכט אנטייל צו נעהמען אין אַ פּראטעסט, וואס אונטערטאַנען פון פרעמדע מדינות שיקען צום רוסישען קייזער, און ווען ער זאל דאס טון, קאן עס פאר איהם האבען די טרויעריגסטע רעזולטאטען. דערפאר אבער האט ער זיך אויסגערופען אייגצואָרדנען אין פּאַריז אַ גרויסע וואוילטעטיגע אַקציע לטובת די פּאָגראמירטע יודען. לויט די דעמאָלט׳דיגע בעריכטען פון די יודישע צייטונגען, איז די דאזיגע אַקציע אַרויסגעקומען העכסט גראַנדיעז בלויז אַ דאנק דער אייזערנער ענערגיע, וועלכע ציאָן האט אריינגעלעגט אין דער זאַך. ער האט דאן אויסגענוצט זיין בעקאַנטשאפט מיט די גרעסטע פראַנצויזישע, יודישע און קריסטליכע קייפּיטאַליסטען, און האט זיי צוגעצויגען צו בעטייליגען זיך אין דער געלד-זאַמלונג מיט קאָלאָסאַלע סומעס. אויסערדעם, האט ער פערעפענטליכט אין דער רוסישער שפּראך צוויי אַנאָנימע בראָשורען, אין וועלכע ער האט שארף פערורטיילט די פּאָגראמען-מאַכער און אויך די, וואס דולדען זיי. לויט ווי מען האט דאן גערעדט, איז צ י אָ ן געווען דער ערשטער, וואס האט אין איינער פון זיינע דערמאָהנטע אַנאָנימע בראָשורען אַרויסגעזאגט די השערה, וועלכע האט זיך נאך דעם אויך בעשטעטיגט, אז די אָנרייצער צו די יודישע פּאָגראמען זענען געווען סאָציאַליסטישע אַגיטאַטאָרען פון די „נאַראָדאָוואָלצעס". צ י אָ ן האט דעמאלט אויך געווירקט אויף קאַטקאָוו׳ן, וועלכער איז געווען אין זיין צייט אַ שטיקעל „מקורב למלכות", ער זאל זיך אַרויסזאגען אין זיין זשורנאַל געגען די יודישע פערפאָלגונגען.

אָבער, ווי געזאגט, איז דאס ביי צ י אָ נ ׳ ע ן געווען נור אַ מאָמענט-שטימונג, אַ קליינער פונק, וועלכער איז באַלד צוריק גע-

וואַרצן אויסגעלאָשען. פון דעמאָלט־אָן האָט ער שוין יודען מעהר אין זינען נישט געהאַט. דערפאַר אָבער האָבען יודען געהאַט פון איהם, ווען אפילו אינדירעקט, „קאַלט און וואַרים". ציאָן איז נישט געווען פון די מענשען, וואָס אַרבייטען אויף זייער געביט אין דער רוהיגקייט און שטילקייט פון זייערע קאַבינעטען. פון תמיד־אָן איז ער געווען געצויגען צו ליאַרימען און צו קלינגען, אַז די וועלט זאָל מיט איהם האָבען צו טון; אין אָנהויב — אַלס גרויסער געלעהרטער, שפּעטער — אַלס שאַרפער פּאָלעמיסט געגען די ראַדי־קאַלע אידעען, און איצט — אַלס פינאַנסיסט. כדי צו פלייסען זיך פאַר דער רוסישער רעגירונג מיט זיינע פינאַנציעלע ידיעות, האָט ער געגומען זוכען און געפינען פעהלער אין דעם גאַנצען רוסישען פינאַנץ־אַפּאַראַט, וועלכער איז דעמאָלט אָנגעפיהרט געוואָרען דורך דעם מיניסטער ווישנעגראַדסקי. אין בעזונדערע מעמאָראַנדומס און ראַפּאָרטען האָט ער אויפגעוויזען, אַז ווישנעגראַדסקי׳ס פינאַנציעלע פּאָליטיק איז אינגאַנצען אַ צופעליגע און ברענגט בלויז שאָדען דער מלוכה. מיט דעם אַליין האָט ער זיך נאָך נישט בעגנוגענט און האָט פערעפענטליכט געגען ווישנעגראַדסקי׳ן בעזונדערע פאַמפלעטען. אין די דאָזיגע פאַמפלעטען האָט ער צוגלידערט די גאַנצע פער־צווייגטע אַרבייט פונ׳ם פינאַנץ־מיניסטעריום און אַרויסגעשטעלט אין דער עפענטליכקייט אַלע איהרע פעהלער, און דערביי אָנגעוויזען אויף די פערשידענע מיטלען, וועלכע דאַרפען אָנגענומען ווערען, כדי די דאָזיגע פעהלער אויסצובעסערן און צו פערריכטען.

אין די „ספערען" האָט מען ציאָנ׳ען אָנערקענט אַלס געניאַלען פינאַנסיסט, און זיינע מעמאָראַנדום׳ס זענען גענומען געוואָרען שטאַרק אין אַכט. נאָך יעדען מעמאָראַנדום, וואָס ציאָן האָט אַריינגעשיקט, האָבען ווישנעגראַדסקי און זיינע געהילפען, צווישען וועלכע עס איז שוין דאַן געווען אויך דער שפּעטער אַזוי בעריהמט געוואָרענער וויטטע, געהאַט צו „זאָגען און צו זינגען". געוועהנ־ליך, האָט דאָס זיי און זייערע אָנהענגער שטאַרק אויפגעבראַכט, און אין פערשידענע בלעטער האָט זיך אָנגעהויבען אַנ׳אַגיטאַציע געגען ציאָנ׳ען. ס׳האָבען זיך אַריינגעמישט אויך זיינע אַמאָליגע געגנער פון סאָציאַליסטישען און ראַדיקאַלען לאַגער, און דער קאַמף געגען איהם איז אַוועק איבער׳ן גאַנצען פראָנט. אין רוסלאַנד האָט, שוין אין יענער צייט שטאַרק געבושעוועט דער אַנטיסעמיטיזם, וועלכער

האט גורם געווען דערצו, אז די מלחמה געגען צ י אָ נ ׳ ע ן האט אָנגענומען אַ יודען-פיינדליכען כאַראקטער. אין אַלע ארטיקלען, וואס זענען געווען געשריבען וועגען צ י אָ נ ׳ ע ן, איז, קודם-כל, אָנגעוויזען געוואָרען אויף זיין יודישער אָבשטאַמונג און דערנאך האט מען דערפון געוואָלט ציהען די קאָנסעקווענצען, אז אזא מענש איז נור אונטערגעקויפט פאר געלד דורך די שונאים פון דער רוסישער מלוכה, אונטערצוגראָבען איהר פרעסטיזש און צו שעדיגען איהר קרעדיט ביי דער וועלט. דערביי האט מען געגאָסען פעך און שוועבעל אויפ׳ן גאַנצען יודישען פאָלק, וואס ברענגט פון זיך אַרויס אַזעלכע פערדאָרבענע נפשות, ווי צ י אָ ן. אַנדערע זענען געגאנגען נאך ווייטער און האבען געגעבען אָנצוהערעניש, אז פאר אַ פאלק פון אַזוינע ציאָנ׳ס זענען נאך די פאָגראמען צו קנאַפּ...

די פאָלעמיק געגען צ י אָ נ ׳ ע ן, וואס האט זיך געצויגען עטליכע חדשים, האט פערשאַפט דעם רוסישען יודענטום אסך אונאנגענעהמע מינוטען: כמעט יעדער טאג האט געבראכט מיט זיך נייע בלבולים אויף יודען. מ׳האט קוים דערלעבט, אז דאס זאל זיך שוין ענדיגען, און פערענדיגט האט עס זיך מיט דעם, וואס די רוסישע רעגירונג האט אַרויסגערופען צ י אָ נ ׳ ע ן צו קומען קיין פעטערבורג, אום מינדליך אויפצוקלערען אלע טענות, וועלכע ער האט געגען דעם פינאַנץ-מיניסטעריום. צ י אָ ן האט זיך אבער אבגעזאגט פון קומען קיין רוסלאַנד, און איז דערפאר פון דער רעגירונג אָפיציעל ערקלערט געווארען אלס אַרויסגעטריבענער. ענדע יאהר 1912 איז צ י אָ ן געשטאָרבען אין גרויס דחקות אין פאַריז.

ווי ווייט טיף און פערביסען עס איז פערבליבען די שנאה צו צ י אָ נ ׳ ע ן אין די הערצער פון אַנדערע רוסישע הויכגעשטעלטע ביוראָקראטען, — בעווייזט דער פאָלגענדער העכסט כאַראַקטעריסטישער פאקט: דער כלומר׳שטיגער „ליבעראַל“ גראַף וו י ט ט ע רופט אָן צ י אָ נ ׳ ע ן אין זיינע דאָ נישט לאַנג ארויסגעגעבענע מעמואַרען כסדר נור מיט דעם ביינאָמען: „ז ש י ד אָ ו ו ס ק אַ י א מ אָ ר ד אַ“...

# אלעקסאנדער סערגייעוויטש זיגעלמאַן.

I

זיגעלמאַן איז געבוירען געווארען אַנהויב די דרייסיגער יאהרען אין קאַרעץ וואָלינער גובערניע, ביי אָרימע פרומע עלטערן. זיין פאטער, אַ יוד אַ למדן, וועלכער האט געשטאמט פון גרעסטען יחוס, אין אין דער יוגענד געוועזן אַ פערמעגליכער סוחר, נור דורך שלעכטע געשעפטען איז ער אראָב פון מעמד, און בלייבענדיג אין די מיטעלע יאהרען אהן פרנסה, האבען איהם די קאָרעצער בעלי־בתים איבערגעגעבען די שמשות פון דער גרויסער שוהל, און פון דעם האט ער געצויגען זיין חיונה. כדי איינצושפּאָרען רבי־געלד, האט ער מיט זיין בן־זקונים אַליין געלערנט. צו צעהן יאהר האט ער שוין אבגעגעבען דאס יונגעל אין דער שטאָדטישער ישיבה, וואו ער האט געלערנט גמרא און פוסקים. אזוי ווי ער האט זיך ארויסגעוויזען פאר אַן עילוי און איז נאך דערצו געוועזן אַ גרויסער מתמיד, האט מען זיך געריכט, אז פון איהם וועט ארויסוואַקסען אַ רב. צו יענער צייט האט געוואוינט אין קאָרעץ אַ גרויסער דאָקטאר סטריזאָווער, אַ בראָדער, פון די ערשטע משכילים, אַ חבר פון דעם בעוואוסטען גאַליציאַנער בילדונגס־טועער ר׳ יוסף פעריל, פון דעם בעריהמטען געלעהרטען ר׳ שלמה יהודה ליב ראַפּאָפּארט (שי״ר) און פון דעם העברעאישען שריפטשטעלער ד״ר יצחק ערטער. דער דאזיגער דאָקטאר סטריזאָווער, וועלכער איז געוועזן אַ געלערנטער מענש, אַ גרויסער שפּראַך־קענער און בעהאַוועגט אין דער אלטער און נייער יודישער ליטעראַטור, האט אבגעגעבען פיל צייט און כחות אויף צו פערשפּרייטען בילדונג צווישען דער יודישער פינסטערער מאַסע. ער

פלעגט מבטל זיין פון זיין פראַקטיק און ארומגעהן כסדר איבער די ישיבות און בתי־מדרשים, אויסזוכען דארט פעהיגע בחורים און בעלי־הבית'לעך און צוציהען זיי צו „השכלה". צווישען די יראים פון שטאדט איז גרויס געווען אויף איהם דער פערדרוס, פארוואס ער רעדט אב יודישע קינדער פון דער תורה. מ'האט אבער מורא גע־האט מיט איהם איינצורייסען, ווייל ער איז געווען זעהר אַ גוטער מענש און האט געהיילט אונפערמעגליכע אומזיסט, און די אָרימע־לייט זענען פאר איהם געווען „שטאָל און אייזען". מ'האט דער־צעהלט אין קאָרעץ, אז דער דאזיגער דאָקטאר סטריזאָווער האט אמאל געבראכט צו דעם, אז אַ יונגערמאן אַ מוסמך, וועלכער האט שוין געהאלטען ביי רבנות, האט גאנץ אומגעריכט אוועקגעווארפען זיין ווייב און זיין האלב־יעהריג קינד און איז אנטלאפען קיין אויס־לאַנד שטודירען. אין שטאָדט איז געוואָרען אַ „יעלה", אלע זענען אזוי אויפגעבראכט געווארען אויפ'ן דאָקטאר, אז מ'האט איהם גע־וואָלט ממש פערשטיינען. עס איז אפילו געווען אַ פלאן, מ'זאל איהם אַריינלעגען אין „חרם". דא האבען זיך אבער אריינגעמישט די קאָרעצער בעלי־מלאכות, וועלכע האבען שבת אין שוהל צום דאַוונען מודיע געווען דעם עולם פון דער בימה אַראָב, אז אויב ס'וועט געקרימט ווערען דעם דאָקטאר אַ האָהר, וועלען זיי צו־טראגען די שטאָדט... פון דעמאָלט אן האט מען דעם דאָקטאר גע־לאָזט צורוה, און ער האט פאָרטגעזעצט זיין אַגיטאציע פאר בילדונג, ווי געווען.

ווען דער דאָזיגער דאקטאר סטריזאָווער האט דערהערט וועגען דעם קליינעם זיגעלמאַנען, מיט וועלכען עס האט געקאָכט די שטאָדט, האט ער אנגעווענדעט אלע מיטלען ביז ער האט איהם אַראָבגעבראַכט צו זיך. פון דער ערשטער מינוט אָן איז איהם זיגעלמאַן זעהר גע־פעלען געוואָרען, ער האט איהם מקרב געווען, האט איהם אָנגע־הויבען אַליין לערנען העברעאיש דייטש און אנדערע אַלגעמיינע למודים. אָנפאנגס האט עס דער פאטער זעהר נישט געוואלט ליידען. מיט טרעהרען אין די אויגען האט ער גע'טענה'ט פאר לייטען, אז סטריזאָווער שמד'ט איהם אב דעם זוהן. ער האט זיך אבער ארומ־געזעהן, אז דער זוהן איז גוט און פרום, אז ער האלט נאך אַ גמרא אין האַנד, און אַמאָל אויך אַ „יורה דעה", האט איהם שוין וועניג געאַרט, ווען ער האט איהם געפונען פערטיפט נישט אין אַ יודיש

ביכעל. און ביי דער גמרא האט זיגעלמאַן געהאלטען, ווייל לויט ווי סטריזאָווער האט איינגעפונען, פאכט פאר איהם צו שטודירען דאָקטאָר-ראַבינער אויפ'ן דייטשיש-יודישען מאַניר.

דערווייל איז סטריזאָווער קראנק געוואָרען און געשטארבען. פאר זיגעלמאַנ'ען איז עס געווען אַ גרויסער קלאַפּ. ער איז דאן געווען אַלט נישט מעהר ווי אַ יאָהר זיבצעהן און אהן מיטלען, באופן, אז וועגען פאהרען קיין אויסלאנד, האט ער שוין נישט געקאָנט קלערען. די ערשטע צייט האט דאס איהם געקרענקט. ער האט געוואוסט, אז ווען דער ד"ר סטריזאָווער וואלט געלעבט, וואלט ער שוין פאר איהם בעקומען די נויטיגע מיטלען צו דערשלאגען זיך צו זיין קאריערע, און איצט איז ער געבליבען שטעהן אין מיטען וועג. שפעטער האט ער זיך אבגעגעבען מיט דעם געדאַנק, צו נעהמען זיך צו לעהרעריי. ער האט אין זיך דערפיהלט אַ בעזונדער נייגונג צו פעדאַגאָגיע. געפינענדיג זיך אונטער סטריזאָווערס השפעה, האט ער תמיד געקלערט, אז באכדעם ווי ער וועט זיך דערשלאגען צו אַ קאַריערע, און וועט ווערען אַנ'אומאָבהענגיגער מענש, וועט ער פיהרען, בעזונדערס צווישען ישיבה-לייט און וואוילערנער, אַ שטארקע אגיטאציע פאר „השכלה". דאס האט פיל מיטגעהאָלפען צו פערפעסטיגען אין איהם דעם בעשלוס, צו ווערען אַ לעהרער, און אַלס אזעלכער „אריינברענגען ליכט אין די יודישע פינסטערע געסלעך"...

אין יענער צייט האט די רוסישע רעגירונג אנגעהויבען איינפיהרען קרוינישע יודישע שולען. כידוע, האט די ערשטע צייט די רעגירונג נישט שטארק מקפיד געווען, מ'זאל לערנען אין די דאזיגע שולען דוקא אויף רוסיש; ביי איהר איז נאך דאן רעכט געווען, אז מ'זאל אונטערריכטען אויף וואס פאר אַ שפראך עס איז, ס'האט נישט אויסגעמאכט אפילו אין דייטש. דעריבער זענען אין די שולען אָנגענומען געווארען אלס לעהרער אויך אַזעלכע, וואס האבען נישט בעהערשט גוט די רוסישע שפראך, ווי באלד זיי האבען נור בעזעסען די נויטיגע עלעמאַנטארע ידיעות. דאן איז זיגעלמאַן אנגעקומען אלס לעהרער אין דער ראַדאָמישלער שול, וואו ער האט אָבגעדינט גאנצע עלף יאהר נאָכאַנאנד. פאר דער צייט האט זיגעלמאן דערוואָרבען אין גאנצען דרום-קאנט אַ נאמען אלס איינער פון די אייפעריגסטע בילדונגס-פיאָנערען. פון זיגעלמאַנ'ס הויז אין ראַדאָמישל איז פערשפרייט געווארען „השכלה" איבער דער גאנצער

געגענט. פון צעהנדליגער מיילען וויט פלעגען יונגעלייט קומען צו זיגעלמאנ׳ען קיין ראַדאָמישל צו בעפרידיגען ביי איהם זייער דורשט צו וויסען און צו וועלטליכער בילדונג. פיל פון זיי האט זיגעל־מאן ארויפגעבראכט אויף אַ דרך צו פערשידענע בילדונגס־קאַריערעס, פאר וועלכע זיי זענען איהם פערבליבען דאַנקבאר זייער גאנץ לעבען.

II

אין משך פון די עלף יאהר, וואס זיגעלמאן איז געווען אָנ־געשטעלט אלס לעהרער אין דער ראַדאמישלער שול, האט ער זיך נאך מעהר אויסגעבילדעט, בעזונדערס אין דער רוסישער שפראך, וועלכע איז נאך דאן צווישען די דרום־יודען גאנץ ווייניג געווען פערשפרייט. דורכדעם האט ער זיך קונה שם געווען ביי דער אָרטיגער „נאַטשאלסטוואָ”, ווי ביי׳ם „סטאַנאָוואי פריסטאַוו”, ביי׳ם שרייבער פון זיין קאַנצעלאַריע, און בכלל ביי די געקליבענערע קריסטליכע איינוואוינער פונ׳ם שטעדטיל. קיין אַנדער לעהרער־שטעלע האט זיגעלמאן נישט געוואלט זוכען, ווייל איהם האט נאך פון דאס ניי אָנגענומען אַ חשק צו שטודירען. דערוויילע, ביז וואס־ווען האט ער דורך זיין בעקאנטשאפט מיט די שטעדטילדיגע קריסטען בעקומען אַ שטעלע פון אַ פערוואלטער אין אַ גרויסען גוט אין פאָ־דאָליער גובערניע. דאס דאזיגע גוט האט אָנגעהערט צום אלטען גראף איגנאַטיעוו, וואס זיינע זיהן האבען שפעטער געשפילט אַ גרויסע ראָלע אין דער רוסישער מלוכה. אין קורצען האט זיך זיגעלמאן ארויסגעוויזען פאר אַנ׳אויסגעצייכענטען פערוואלטער און ער איז געווארען זעהר חשוב ביי׳ם גראַף, און דורכדעם אויך אויפגעטראגען מיט זיינע זיהן, וועלכע האבען נאך דעמאָלט שטו־דירט אין פעטערבורגער אוניווערזיטעט און פלעגען נור זומער וואַ־קאציע־צייט קומען אַהיים. זיגעלמאן האט געטון פיל טובות די אַרומיגע ישוב׳ניקעס, וועלכע האבען געמאכט געשעפטען מיט דעם גראַף, און האט פאר זיי אויסגע׳פועל׳ט ביי איהם און דורך איהם פערשידענע פערלייכטערונגען און הנחות. זיגעלמאן האט זיך אזוי גוט איינגעלעבט אויף זיין שטעל, אז דער געדאנק וועגען שטו־דירען איז איהם שוין ארויס פון קאפ, בעזונדערס נאָכדעם, ווי ער האט חתונה געהאט מיט אנ׳אייניקעל פון ראַדאָמישלער רב, וועלכער איז אמאל געווען פון זיינע פערבאָרגענע תלמידות.

ס׳האט זיך אבער געמאכט, אז דער אלטער גראף איגנאַטיעוו האט זיך פערפּלאָנטערט אין חובות און האט געמוזט פערקויפען זיין גוט. צוליב דעם איז זיגעלמאן פערבליבען אָהן אַ שטעל. דער נייער גוט-בעזיצער איז אפילו געווען דוקא אַ יוד, נאר זענענדיג אַ פערברענטער חסיד, האט ער ביי זיך נישט געוואלט האלטען זיגעלמאַנ׳ען, וועלכער האט גע׳שמ׳ט פאר אַ פּרייזיניגען, מיט אַ רע-קאָמענדאציע פונ׳ם גראף איגנאַטיעוו איז זיגעלמאן דאן געקומען קיין קיעוו. אבער כמעט באלד דעם ערשטען טאג האט איהם דארט אַ צופאל צוזאמענגעפיהרט מיט באַראצ׳ן, וועלכער איז גע-ווען „טשינאָווניק אָסאָביך פּאָרוטשעניא״ ביי׳ם גענעראל-גובער-נאטאָר, און צוגלייך דערמיט אויך צענזאָר פאר יודישע ספרים. זיגעלמאן האט ביי באַראצ׳ן שטארק נושא חן געווען, און ער האט איהם גענומען צו זיך פאר אַ געהילף. די בעשעפטיגונג מיט דער צענזור האט ער איבערגעגעבען כמעט אינגאנצען, באופן, אז אין גאנץ דרום-מערב-קאנט האט מען געוואוסט, אז דער אמת׳ער צענזאָר פון יודישע ביכער איז נישט באַראץ, נור זיגעלמאן. דער-צו האט מען איהם נאך געהאלטען אויך פאר אַ גרויסען מקיל אין הלכות צענזור, וועלכער טשעפעט זיך נישט און רייסט נישט איין מיט די מחברים און נישט מיט די מדפיסים.

צו דער זעלבער צייט האט זיך זיגעלמאַן ארויסגעוויזען אויך אלס זעהר אַ פעהיגער פּובליציסטישער שריפטשטעלער. זיינע אַר-טיקלען וועגען פערשידענע צייט-פראגען, וועלכע ער האט כסדר פערעפענטליכט אין „קיעווליאַנין״, האבען תמיד געמאכט אַ רושם. ווען אין „קיעווליאַנין״, וועלכער האט אָנפאנגס נוטה געווען צו יודען, האבען זיך אנגעהויבען דורכשמוגלען אַרטיקלען מיט אנ-טיסעמיטישע טענדענצען, איז דאן זיגעלמאן געווען איינער פון די ערשטע, וואס האבען אויף דעם באלד רעאַגירט מיט שארפע פּאָ-לעמישע געגען-אַרטיקלען. פון דעמאָלט אָן איז בעשטאנען זיגעל-מאנס פּובליציסטיש-ליטעראַרישע טעטיגקייט בלויז אין דער אַל-זייטיגער בעלויכטונג פון דער יודען-פראגע. זיינע ארטיקלען זענען דאן געווען די איינציגע אין זייער מין אין די ספעציעל-רוסישע צייטונגען.

אין אַ פאר יאהר ארום האט באַראץ אויפגעגעבען זיין אַמט ביי׳ם קיעווער גענעראל-גובערנאטאָר, און איז געווארען געשוואוי-

רענער אַדוואָקאַט. דעמאָלט איז זיגעלמאַן ווידער געבליבען אהן א שטעל. ביי אנדערע בעדינגונגען וואלט ער געקאנט אויסנוצען פאר זיך די רעקאָמענדאציע פונ׳ם גראף איגנאַטיעוו, איז ער שוין אבער צופיל געווען בעקאנט אלס הייסער פערטיידיגער פון יודען, און דאס איז פאר איהם אין דער הינזיכט געווען אַ קנאפּע מעלה. ביי די קריסטען, צו וועמען ער האט זיך געווענדעט, האָט מען איהם געענטפערט: געהט צו די יודען, פאר וועלכע איהר נעהמט זיך אזוי שטארק אָן, און ביי די קיעווער יודען האט ער אויך קנאפּ וואס מזל געהאט. צעדערבוים, דער רעדאקטאר פון „המליץ״, האט וועגען דעמאָלדיגען זיגעלמאנס מצב געשריבען פאָלגענדעס: „ער האט געזוכט אין קיעוו, האט געבעטען אלע אונזערע אַריסטאָקראַטען, זיי האבען איהם אפילו גוט געקענט, און זענען זעהר צופרידען געווען מיט זיינע אַרטיקלען, וואס ער האט געשריבען פאר יודען אין די רוסישע צייטונגען; דאך האָט אזא פעהיגער און עהרליכער מענש קיין שטעלע נישט געקראָגען״.

III

מיט אַ פערביטערט הארץ איז זיגעלמאַן אין יאָהר 1871 גע-קומען קיין פעטערבורג. וועגען זיגעלמאַנס ערשטע טעג אין פעטער-בורג ווייס צעדערבוים צו דערצעהלען, אז „אויך דא האט ער גע-זוכט ביי יודען די קלענסטע שטעלע, ער האט זיך געוואלט בענוגנען מיט זעהר אַ קליינעם געהאלט, ווייל איינע פון זיינע מעלות איז אויך געווען — מסתּפק במועט. מען האט איהם אפילו צוגעזאגט, אבער נור אומזיסט געפיהרט אַ צייט לאנג, און דא האט דער מענש נישט פון וואנען צו לעבען״...

זיגעלמאַן האט שוין דאן געהאט אַ ווייב מיט דריי קינדער. ארומדרעהענדיג זיך אַ לאנגע צייט אין פעטערבורג און נישט גע-פינענדיג פאר זיך קיין אַרבייט, איז ער אין אַ געוויסען טאג אריין מיט דעם גראַף איגנאַטיעוו׳ס רעקאָמענדאציע צו דעם הויפּט-פערוואלטער איבער די דרוק-ענינים און האט ביי איהם געבעטען אַ צענזאָר-שטעל, שטיצענדיג זיך דערביי אויף דער גרויסער ער-פאהרונג, וועלכע ער האט זיך שוין דערוואָרבען אויף דעם געביט אין קיעוו. דעם פערוואלטער, וועלכער האט גענומען אין אכט איגנאַטיעוו׳ס רעקאָמענדאציע, האט זיך זעהר געוואלט ממלא זיין

זיגעלמאַנס בקשה, אבער קיין וואַקאַנטע, אונבאַזעצטע צענזאָר-שטעלען זענען דאַן נישט געווען. האָט מען איהם דערוויילע, ביז וואַס-ווען, באַשטימט פאַר אַ ביבליאָטעקאַר פון דער הויפּט-פאַר-וואַלטונג. זיגעלמאַן האָט זיך אויף דער דאָזיגער שטעלע אַרויסגע-וויזען פאַר זעהר פעהיג און האָט אַנגעהויבען נושא חן צו זיין ביי „נאַטשאַלסטוואָ".

אין יענער צייט האָט אין דער פעטערבורגער צענזור געשפּילט אַ גרויסע ראָלע דער באַוואוסטער משומד בראַפמאַן, וועלכער האָט זיך נאָך גערעכענט פאַר אַ גרויסען בר-סמכא בנוגע יודען און יודישקייט. תמיד, ווען ער פלעגט קומען אין צענזור, פלעגט ער נעהמען פאַר אַלע באַאַמטע חוזק מאַכען פון יודען און שילדערן זיי מיט די שרעקליכסטע פאַרבען. די ערשטע צייט פלעגט זיך זיגעלמאַן ביי די דאָזיגע געשפּרעכען פּיהלען ווי אויף געבּרענטע קוילען. ער איז געזעסען און איהם האָט געזאָטען דאָס האַרץ פאַר גרויס ערגערניש. וויפיל מאָל איז ער שוין געווען גרייט איבער-רייסען דאָס שווייגען און אָבּענטפערן בראַפמאַנ'ען אויף זיינע שקרים. ער האָט זיך אָבער באַטראַכט, אַז זיין מצב אין צענזור איז נאָך נישט פעסט, אַז דער צוטרוי צו איהם און צו זיינע יודישע קענט-נייש איז נאָך שוואַך, און דעריבּער האָט ער זיך יעדעס מאָל איינ-געהאַלטען און נישט אַריינגעמישט זיך אינ'ם געשפּרעך. אין קורצען אָבער, ווען זיגעלמאַן איז געוואָרען מעהר מקורב צו זיינע קריסט-ליכע קאָלעגען, האָט ער זיי ביסלעכווייז מגלה געווען דעם סוד וועגען דעם אמת'ן פּרצוף פון בראַפמאַנ'ען און האָט זיי אויפגע-וויזען, אַז זיין ווערק „קניגאַ קאַהאַלאַ", מיט וועלכען ער האָט זיך ערוואָרבען אַזאַ נאָמען אין דער קריסטליכער וועלט, איז פון אָנהויב ביז'ן סוף צוזאַמענגעשטעלט פון געפעלשטע אַקטען און אויסגעטראַכטע פּירושים. זיגעלמאַנס רייד האָבען געמאַכט אַנ'איינ-דרוק און האָבען פון טאָג צו טאָג מעהר אונטערגעגראָבען בראַפ-מאַנס אויטאָריטעט. בראַפמאַן האָט עס באַלד אָנגעהויבען צו מער-קען, און האָט אַזוי לאַנג געזוכט און געגישטערט, ביז ער איז דער-גאַנגען וועמענס מויל עס שטעקט אין דעם. פון דעמאָלט אָן איז בראַפמאַן געוואָרען זיגעלמאַנ'ען אַ דם-שונא, און האָט אָנגעהויבען צו גראָבען אונטער איהם אין דער שטיל.

IV

אין איין שענעם פריהמאָרגען בעת זיגעלמאן איז געקומען, ווי געוועהנליך, צו זיין ארבייט אין דער צענזור-ביבליאָטעק, האט דער דירעקטאָר איהם אריינגערופען צו זיך אין קאבינעט און האט איהם מודיע געווען, אז כאָטש די פערוואלטונג איז פון איהם זעהר און זעהר צופרידען, דאך קאן ער, אלס יוד, מעהר אויף דער שטעלע נישט פערבלייבען. דערביי האט ער איהם אויך געזאגט, אז אין פאל, ווען ער ווערט מרוצה אָנצונעהמען דעם פראַוואָסלאַוונעם גלויבען, בעקומט ער תיכף די שטעל פון אַ קאסירער אין דער רעדאַקציע פון דעם „פראַוויטעלסטווענני וויעסטניק". הערענדיג אזעלכע ווערטער, איז זיגעלמאן די ערשטע מינוט ווי צומישט געוואָרען, און פאר גרויס אויפרעגונג איז ער געבליבען זיצען, ווי אהן לשון. דערנאך האט ער זיך געשטאַרקט און געבעטען, מ'זאל איהם געבען אַ וואָך צייט אויף ישוב הדעת.

די וואך איז אריבער פאר זיגעלמאנ'ען אין די שרעקליכסטע גייסטיגע יסורים. ווי נישט פרום און ווי פריידענקעריש ער איז געווען, האט ער דאך ביי זיך נישט געקאָנט פועל'ן איבערצורייסען די לעצטע פעדים, וואס פערבינדען איהם מיט'ן יודישען פאָלק, וועלכען ער האט אזוי ליב געהאט און וועמענס גייסטיגע נאַציאָנאַלע ווערטען זענען איהם אזוי טייער און איינגעבאקען געווען אין הארצען. פון דער אַנדער זייט, ווידער, האט איהם געפייניגט דער געדאנק, אז ווען ער זאל פערבלייבען אינמיטען דערינען אין פעטערבורג אהן אַ שטעלע, וואלט איהם אויסגעקומען צו געהן מיט דער ווייב און קינדער „פון בריק אין וואסער". צו די דאזיגע מחשבות האט זיך צום סוף צוגעטשעפעט אַ דריטער געדאנק, וועלכער האט אַ סך פון די דעמאָלדיגע משומדים בעוואויגען צו זייער פאַלשען טריט — ער וועט זעהן אָנצוווענדען אלע מיטלען אויסצונוצען זיין שמד לטובת די יודען, ער וועט זיי פערטיידיגען און זיין פאר זיי אַ „מליץ יושר" געגען די בראפמאנ'ס און געגען די אנדערע שונאים, וואס מעהרען זיך פון טאג צו טאג. גראָד איז די צייט דאן געווען אזעלכע, אז אַ גרויסער טייל פון דער רוסישער פרעסע האט אנגעהויבען אַ כסדר'דיגע העצע געגען יודען און יודישקייט. דאָ און דאָרט האבען גענומען ארויס-

שווימען בלוט־בלבולים. עס האבען זיך דערהערט שארפע פראָטעסטען געגען דאס ביסעל רעכט, וואס אַלעקסאַנדער דער צווייטער האט געגעבען אַ הייפעל פריווילעגירטע יודען. זיגעלמאן האט זיך דער־מאָהנט אָן כוואָלסאָנ׳ען און אין דעם גרויסען כבוד, וואס ער גע־ניסט ביי יודען, ביי רבנים...

אונטער דער ווירקונג פון דעם לעצטען געדאנק האט זיך זיגעלמאן געטויפט און שוין אויף מאָרגען איז ער געווארען קאַ־סירער אין דער רעדאַקציע פון „פראַוויטעלסטוועני וויעסטניק". צו־ליב דער דאָזיגער שטעלע איז ער געוואָרען אַ מקורב מיט פער־זאָנען פון די העכסטע רעגירונגס־ספערען און אויסגעמישט מיט אלע פובליציסטען, וואס האבען געארבייט אין דעם מלוכה־בלאט און האבען אויף איהם געהאט אנ׳איינפלוס. ס׳האט לאנג נישט בעדויערט, און זיגעלמאן אליין האט אנגעהויבען צו פערעפענטליכען פון צייט צו צייט ארטיקלען אין דעם „פראַוו. וויעסטניק". דאס רוב האט ער געשריבען וועגען עקאָנאָמישע און פינאנציעלע פרא־גען; ער האט אבער כמעט יעדעס מאָל געזוכט און געפונען אַ גע־לעגענהייט אָנצוּווייזען אויף דעם גרויסען נוצען, וואס יודען וואָלטען געקאָנט ברענגען דער מדינה, ווען מ׳וואָלט זיי געגעבען בעוועגונגס־פרייהייט, דאס הייסט, עפענען פאר זיי דעם „תחום המושב". בע־זונדערע ארטיקלען וועגען יודען איז איהם נישט געווען בעקוועם צו שרייבען; אבער טאָמער האט זיך ווער אין „פראַוו. וויעסטניק" אויסגעדריקט נישט גוט וועגען יודען, איז באלד אויף דעם געקומען זיגעלמאנ׳ס אנ׳ענטפער.

אין אַ יאָהר ארום האט מען זיגעלמאנ׳ען בעשטימט אויף פאר אַ קאסירער אין אַ צווייטען רעגירונגס־אָרגאן „סעלסקי וויעסטניק". וועגען זיגעלמאנ׳ען אין יענער צייט געפינען מיר ביי צעדער־בוים׳ען די פאָלגענדע פרטים: „דורך זיינע הענד זענען דורכגע־גאנגען הונדערטער טויזענדער רובל, און נישט נאר עס האט זיך גאר־נישט אנגעקלעבט אין זיינע פינגער, נאר עס איז אפילו קיין טעות נישט געווען אויף אַ קאָפּיקע. ער האט זיין אַמט געפיהרט אויפ׳ן בעסטען אַרט; ער האט אָבגעהיט זיין געשעפט און נישט פערפעהלט קיין שעה. דעריבער האט מען איהם אויך אויף דער נייער שטעל באלד דערקענט און געוואוסט צו שעצען. ער איז געווען אַ חשוב ביי די גרעסטע לייט, וואס האבען אַ פערגניגען

„עהאט מיט איהם זיך צו אונטערהאַלטען. און די אלע בעקאנט, שאפטען האט ער אויסגענוצט נאר לטובת יודען און דעם יודענטום".

V

די פּאָגראָמען, וואס זענען אויסגעבראכען אויף די דרום-רוסישע יודען אין די ערשטע אכציגער יאהרען, האבען זיגעל-מאנ׳ען ממש ערשיטערט. ער איז ארומגעגאנגען אהן אַ קאָפּ. ער האט זיך געבראכען דעם מח, ער האט זיך געקליגט און געזוכט עצות ווי אזוי צו מאכען, אז דער „פּראַוויטעלסטוועני וויעסטניק" זאל, אַ חוץ דעם אָפּיציעלען טרוקענעם קאָמוניקאט וועגען די פּאָג-ראמען, ארויסזאגען עטליכע ערנסטע און צוגלייך אויך שטרענגע ווערטער מכּח די געשעהענישען. ער האט דאס אבער נישט גע-פּועל׳ט. אין „נאָוואָיע ווריעמיאַ" האט דאן סובאָרין אנגעהויבען אַ שארפע קאָמפּאניע געגען יודען, ער האט זיך געסטאַרעט אויפ-צווייזען, אז די פּאָגראָמען זענען ארויסגערופען געוואָרען בלויז דורך דער יודישער עקספּלואַטאציע, און האט מיט זיינע גיפטיגע אַרטיקלען געשאפען אַ שטימונג, וואס אונטער איהר דרוק האט די רעגירונג אין אלע גרעסערע שטעדט געעפענט קאָמיסיעס אויף אויסצופאָרשען וויפיל עס בעטרעפט דער שאָדען, וואס יודען ברענ-גען דער מלוכה. די אטמאָספערע פאר יודען איז געווארען גע-שטיקטער פון טאג צו טאג. און אין אזא צייט האט דער רע-גירונגס-אָרגאן אנגענומען אַ פולען מויל וואסער און האט געשוויגען. זיגעלמאַן האט דאן אַליין אנגעשריבען אנ׳ארטיקעל און האט זיך משתדל געווען דורך פריינד אין רעדאקציע און אין אינערן-מיניס-טעריום, אז מ׳זאל איהם פערעפענטליכען אין „פּראַוויטעלסטווענ-וויעסטניק". ס׳האט אבער נישט געהאלפען. אויפ׳ן צווייטען טאג האט ער זיך אלס פּראָטעסט אָבגעזאגט פון זיין שטעלע אין „פּראַ-וויטעלסטוועני וויעסטניק", נישט קוקענדיג אויף דעם, וואס זי האט איהם אריינגעטראָגען א שענע יעהרליכע פענסיע, און איז פערבליבען נאר אלס קאסיר אין „סעלסקי וויעסטניק".

אייניגע פון זיגעלמאנ׳ס חברים אין די פערשידענע דעפּאר-טאמענטען, ביי וועמען ער איז געווען זעהר בעליבט, האבען זיך צונויפגערעדט צו סטארען זיך, אז ס׳זאל איהם צוריקגעקעהרט ווערען זיין מאטעריעלער שאָדען, און לויט זייער השתדלות איז

ער בעשטימט געווארצן אלס צענזאָר פאר יודישע ביכער און ציימונגען, און צווישען זיי אויך פאר ביידע צעדערבוים׳ס בלעטער „המליץ״ און „יודישעס פאָלקסבלאט״. זיין נייע שטעלע האט אין איהם דערוועקט אַ שטארקע בענקעניש נאך יודען און יודישקייט. ער האט זיך צוריק פעראינטערעסירט מיט דער יודישער ליטעראטור און האט גענומען לייענען מיט פלייס אלע אלטע און נייע יודישע ספרים. „ווי שפּאָרזאם ער האט געלעבט – דערצעהלט צעדערבוים – פלעגט ער דאך קויפען און זיך אויסשרייבען די בעסטע העברע-אישע ספרים און אויך ווערק אין אנדערע לשונות, וואו מען האט געשריבען איבער יודען און יודענטום״. ביז זיין לעצטען טאג האט ער געשריבען אַ שענעם העבּרעאיש און יודיש. אין „המליץ״ האט ער פערעפענטליכט עטליכע פעליעטאָנען אונטער פערשידענע פסעוו-דאָנימען, און אין „יודישעס פאלקסבלאט״ האט ער אבגעדרוקט צוויי פעליעטאָנען -- „יודישע פּרנסות״ האבען זיי געהייסען, – מיט זיין מפורש׳ער אונטערשריפט: זיגעלמאַן.

אין יאהר 1882 איז בעשטימט געווארען אלס אינערן-מיניס-טער גראף איגנאַטיעוו, וועלכער איז געוועזן א זוהן פון יענעם אלטען איגנאַטיעוו, אין וועמענס גוט זיגעלמאן איז אמאל גע-וועזן דער פערוואלטער. דעמאָלט פלעגט זיך זיגעלמאן זעהן מיט דעם יונגען איגנאַטיעוו בלויז אין די געוויסע חדשים פון יאהר, ווען ער פלעגט בעפרייט ווערען פון אוניווערזיטעט און קומען אהיים צו די עלטערן. זיגעלמאן איז דאן געוועזן מיט איגנאַטיעוו׳ן זעהר גוט אויפגעטראָגען, ער פלעגט מיט איהם גאנץ אפט שפּאַ-צירען און פיהרען מיט איהם געשפרעכען וועגען פערשידענע גע-זעלשאפטליכע און פּאָליטישע ענינים. איינינע מאל האט איגנאטיעוו בעזוכט זיגעלמאנ׳ען אין זיין וואוינונג. די גוטע פריינדשאפט צווישען זיי האט דערגרייכט אזוי ווייט, אז בעת דער אלטער איגנאטיעוו האט פערקויפט זיין גוט און זיגעלמאן איז פערבליבען אהן אַ שטעלע, האט איהם דאן דער יונגער איגנאַטיעוו אריינגעשיקט אַ מיטליידס-בריף, וועלכער איז געוועזן געשריבען אין זעהר וואַרימע אויסדריקען.

ווען זיגעלמאן האט דערהערט, אז זיין אמאָליגער בעקאנטער איגנאטיעוו איז בעשטימט געווארען פאר אנ׳אינערן-מיניסטער און אז ער האט שוין בעטראָטען זיין אמט אין פעטער-בורג, האט ער

פון גרויס עניוות בעשלאָסען נישט צו זוכען זיך צו זעהן מיט איהם, און בעת מען האט איהם מודיע געווען, דאס אלס צענזאָר און קאסירער פון „סעלסקי וויעסטניק" מוז ער זיך געפינען צווישען אלע איבריגע בעאמטע, וואס דאַרפען זיך פאָרשטעלען דעם נייעם מיניסטער, איז ביי איהם געבליבען נישט צו לאזען זיך דערקענען. אבער באלד נור ווי איגנאטיעוו האט אויף איהם גע- וואָרפען א בליק, האט ער איהם תיכף דערקאָנט און האט איהם געדריקט די האנד מיט אַ בעזונדער פריינדשאפט, און ווען ס'האט זיך פערענדיגט די אָפיציעלע אודיענץ, האט ער איהם פערהאלטען ביי זיך און האט מיט איהם פערפיהרט א גאנץ אינטימען גע- שפרעך, אין וועלכען זיי האבען דערמאָהנט איינער דעם אנדערן זייערע בשותפות'דיגע זכרונות פון די פערגאנגענע יונגע יאהרען.

פון דענסטמאָל אָן איז זיגעלמאן געווארען אנ'אָפטער איינ- געהער ביי איגנאַטיעווען, וועלכער האט איהם אויפגענומען יעדעס מאל זעהר פריינדליך. די דאָזיגע פריינדשאפט האט זיגעלמאן אויס- גענוצט נישט פאר זיך, נור פאר צעדערבוים'ען. זיגעלמאן איז דאס געווען דער, וואס האט אריינגעפיהרט צעדערבוים'ען דאס ערשטע מאָל צו איגנאטיעווען, ביי וועלכען ער האט זיך פון דעמאָלסט אָן פיל משתדל געווען וועגען דער פערבעסערונג פונ'ם יודישען מצב.

זעהר אנ'אונרוהיגע צייט איז דאן אָנגעשטאנען פאר די יודען אין רוסלאנד. די פאָגראָמען, וועלכע האבען אייגענטליך געדארפט ארויסרופען געפיהלען פון רחמנות און מיטלייד, האבען נאך מעהר פערשארפט די לאגע. מ'האט כלומר'שט גענומען זוכען די סבות פון די בלוטיגע געשעהענישען און מ'האט זיי גע- פונען אין דער יודישער עקספלאָאַטאציע, אין דער יודישער נטיה צו בערויבען דעם פויער, אויסצוזויגען דעם מארך פון זיינע ביינער און פערפיהרען איהם צו שכרות און צו אלערליי מדות רעות. אין די אנטיסעמיטישע בלעטער האבען זיך אנגעהויבען צו שיטען פלענער ווי אונשעדליך צו מאכען דעם יודען, איטליכער האט זיך געסטארעט אריבערצויאָגען דעם אנדערן אין „המצאות" וועגען פערשידענע בעגרענצונגען ספעציעל פאר יודען. דער דאזיגער גע- זעלשאפטליכער אנטיסעמיטיזם איז ביסלעכווייז אריינגעדרונגען אין „הויף" און האט ביי אלעקסאנדער דעם דריטען געפונען אַ שטארקען אָבקלאנג. פאר דעם האט שוין גע'דאגה'ט דער אינערן-מיניסטער

איגנאטיעוו, וועלכער איז געווען פון די ערשטע ביוראָקראטען, וואס האבען זיך אנגעכאפט אָן דער אנטיסעמיטישער שטימונג און האבען איהר געזוכט אויסניצען פאר דער פּאָליטיק. יודען האבען דערפון געוואוסט, און עס איז צווישען זיי ענטשטאנען אַ פאניק! דער עולם האט גענומען לויפען, ווי פון א שרפה. דאס געלויף האט אנגענומען דעם כאראקטער פון אַ שטארקער בעוועגונג. די פעטערבורגער יודישע כלל־טוער, צו וועלכע מ׳האט זיך פון דער פּראָווינץ געווענדעט כסדר מיט אָנפראגען וואס צו טון, זענען אומגעגאנגען ווי צומישטע און אָבהענטיגע. אין יענער צייט האט זיגעלמאן אויסגע׳פועל׳ט ביי איגנאטיעוו׳ען אָפּטע אודיענצען פאר צעדערבוימען, דעם רעדאקטאָר פון „המליץ״, און פאר אנדערע געזעלשאפטליכע עסקנים. די דאזיגע אודיענצען האבען אבער צו גארנישט געפיהרט. איגנאַטיעוו האט אפילו נישט געוואלט אויסהערען קיין שום השתדלות, און כמעט יעדעס מאל פלעגען פון איהם די שתדלנים אוועק מיט צעבראָכענע הערצער.

און די מאָס איז געווארען פערפולט, ווען א דאנק דעם דאָזיגען איגנאטיעוו׳ען זענען אנגענומען געווארען די אזוי־גערופענע „צייטווייליגע געזעצען״ וועגען פּצרדינגען און פערקויפען יודען דאָרפישע ערד. די דאזיגע געזעצען האבען רואינירט די עקזיסטענץ פון צעהנדליגער טויזענדער יודישע פאמיליעס. אין דער פּראָווינץ האט מען אויף דער גזרה געקלאָגט, ווי אויפ׳ן חורבן.

דאן איז אמאל זיגעלמאן געקומען צו צעדערבוים׳ען און האט איהם פערטרויט א סוד אויפ׳ן אויער, אז ווי איהם איז בעוואוסט געפינט זיך איצטער איגנאַטיעוו אין אַן ענגער מאטעריעלער לאגע, און בכן דוכט זיך איהם, דאס ווען מ׳וואלט איהם מפצה געווען מיט אַ „רעכטער מטבע״, וואלט מען ביי איהם געקאנט פועל׳ן אָבצושאפען די צייטווייליגע געזעצען״. אויף דעם האט איהם צעדערבוים געענטפערט, אז קריגען א גרויסע מטבע פאר אזא צוועק איז גאנץ לייכט, און ער נעהמט דאס אויף זיך, דער עיקר איז אבער צו בעקומען דעם געהעריגען פערמיטלער, וואס זאל נעהמען אויף זיך אנצובאָטען איגנאטיעוו׳ען דעם שוחד. דערביי האט ער פאַרגעלעגט זיגעלמאנ׳ען, ער זאל פיליכט זיין דער פערמיטלער אין דער זאך. זיגעלמאן האט דאן געזאגט, אז ער וועט זיך די זאך גוט איבערלעגען און וועט איהם געבען א תשובה.

אין עטליכע טעג ארום איז זיגעלמאן געקומען צו צעדער־בוים׳ען און האט איהם מודיע געווען, אז די זאך „געהט אויף א דרך״, און אז ער נעהמט זיך דאס אָן אויסצופיהרען דורך איג־נאטיעוו׳ס פרוי. דערביי האט זיגעלמאן אנגערופען די ציפער פון דער געלד־סומע, וועלכע מ׳דארף צוגרייטען. ווי מ׳האט שפעטער דערצעהלט, זאל די ציפער האבען אנגעטראפען אַ 3 מיליאָן רובל.

נאך דעמזעלבען טאג איז צעדערבוים אוועק צו פּאָליאקאָוו׳ען און האט איהם מגלה געווען די זאך. ס׳איז דאן ביי זיי געבליבען צו מאכען אין א פּאָר טעג ארום וועגען דעם ענין אַ פערטרויליכע זיצונג. די פרטים וועגען דער דאזיגער זיצונג זענען פערבליבען בסוד. ס׳איז נאר בעוואוסט, אז פון דעם ענין האט זיך גארנישט אויסגעלאָזט, ווייל דער באראָן האָראץ גינצבורג האט געזאגט, אז ער וועט נישט דערלאָזען, דאס יודען זאלען זיך אויסקויפען פון צרות דורך שוחד, וואָרום דאס קען ווערען אַ פּרעצעדענט אויף דור־דורות. אויסער דעם קאן די עפענטליכקייט זיך אפשר אמאָל פון דעם דערוויסען, און דאס וועט שטעלען דאס יודישע פאלק אין גרויס סכנה. ווי צעדערבוים פלעגט נאך דעם ארויסזאגען ביי פערשידענע געלעגענהייטען זיין מיינונג וועגען דער זאך, איז דאס דאן געווען פון באַראָן גינצבורג א גרויס פערזעהן.

## VI

אין דער דאָזיגער אטמאָספּערע האבען זיך דאן די יודישע שונאים געמעהרט און געפרוכפּערט פון טאג צו טאג. פאר א סך איז דאס געווארען א גאנץ גוט געשעפט. ס׳האבען זיך אבגעפונען אזעלכע שריפטשטעלער, וואס האבען פערפאסט די גיפטיגסטע פּאַסקווילען וועגען יודען און האבען זיך מיט די כתב־יד׳ן געלאָזען געהן איבער די הייזער פון די פעטערבורגער גרעסטע יודישע גבירים און האבען פון זיי געפּאָדערט גרויסע געלד־סומען, דראָהענדיג אבצודרוקען תיכף זייערע ווערק.

איינער פון די דאזיגע וואנטוריסטען, וועלכער איז שפּע־טער אזוי טרויעריג פאר יודען בעוואוסט געווארען דורך זיינע ווערק, אין וועלכע ער האט געזוכט צו געשטעטיגען דעם בלוט־בלבול, איז געווען אַ געוויסער היפּאָליט ליוטאָסטאנסקי. ער איז געבוירען און אויפגעהאָדעוועט געוואָרען אין אַ פּוילישע יודישע

שטעדטיל, וואו ער האט זיך אַ ביסעל איסגעלערנט רעדען יודיש. אין דער יוגענד איז ער אריין אין אַ גלח׳שען סעמינאַר, פון וועלכען ער איז ארויס אינמיטען, ווייל ער איז געווען אַ פוילער און אַ טויגעניכץ. ער האט זיך אנגעהויבען אַרומשלעפען אלס לעהרער אין פערשידענע שטעדט און שטעדטליך! לאנג אויף אנ׳־אָרט האט ער נישט געקענט איינזיצען, ווייל ער האט אומעטום אבגעטון נישט קיין שענע מעשים, און האט געמוזט עוקר׳ן. אין די לעצטע זיבעציגער יאָהרען, בעת אין רוסלאנד האט זיך פונאנדער־געבליהט דער אַנטיסעמיטיזם, און יודען־פרעסעריי איז געווארען אַ גאנגבארע סחורה, איז דער „פּאַרשוין" אין איין שענעם פריה־מאָרגען ארויפגעשוואומען אין פעטערבורג מיט אַ כתב־יד פון אַ רוסיש ווערק, וואס האט געהייסען „תלמוד אי יעווריי" (דער תלמוד און די יודען). באלד איז ער געוואָרען אַ גאנצער מחותן אין די רעדאקציעס פון די אַנטיסעמיטישע צייטונגען, וואו מ׳האט איהם צוגעכאפּט, ווי אנ׳ „אבן־טוב". סובאָרין, דער רעדאקטאָר פון „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האט רעקלאַמירט זיין ווערק אלס „ריכטיגע קוועלע פון דער יודישער וויסענשאפט" און אין מאַנכע נומערן האט ער געבראכט פון איהם גרויסע ציטאַטען.

ליוטאָסטאַנסקי האט זיך נאך אבער נישט געאיילט מיט אב־דרוקען זיין ספר. ער האט אויסגערעכענט, אז נישט געדרוקטער־הייד קאן ער מיט איהם מאכען אַ סך בעסערע געשעפטען. ער האט פונאנדערגעשיקט בריף צו די פּאָפּולערסטע יודישע מיליאָנערען, וועלכע ער האט מודיע געווען, אז אויב מ׳וועט איהם געבען אַ גע־וויסע געלד־שטיצע, ער זאל קענען פערענדיגען זיין „שטודיום", וועט ער זיין ווערק פערניכטען און די וועלט וועט דאס נישט אָנזעהן. אין אַ פּאָר טעג ארום האט ער פערזענליך בעזוכט דיזעלביגע גבירים און האט פאר זיי מונדליך איבערגע׳חזר׳ט די דאָזיגע מימרה. אנדערע האבען ליוטאָסטאנסקי׳ן גלייך אויפ׳ן אָרט אבגעזאָגט! עס זענען אבער געווען אויך אזעלכע, וואס האבען זיך גענומען צום הארצען זיינע דראָהונגען און האבען איהם מפצה געווען מיט גע־וויסע געלד־סומען. פון פעטערבורג איז ליוטאָסטאַנסקי אָבגעפאהרען צו זוכען גליק אין מ אָ ס ק ווע. דאָרטען האט ער שוין געהאט אַ פּאָלשטענדיגע מפלה. גורם געווען צו זיין מפלה האט דער דאַמאָלס־דיגער מאָסקווער ראַבינער, מ י נ אָ ר, ביי וועלכען ליוטאָסטאנסקי האט

געמאכט זיין ערשטען בעזוך. מינאָר האט איהם כמעט ווי ארויס־געטריבען, און האט אנגעזאגט די מאָסקווער יודישע גבירים, אז קיינער זאל איהם צו זיך אויפ'ן שוועל נישט אַרויפלאָזען.

אַ פערביטערטער האט זיך ליוטאָסטאַנסקי צוריקגעקעהרט קיין פעטערבורג מוכן ומזומן נוקם צו זיין זיך אין יודען ווי ווייט ער וועט נור קענען. באלד האט ער אין „נאָוואָיע ווערעמיאַ" אָנגעהויבען צו שיטען אויף יודען פעך און שוועבעל, און איז אויך ארויסגעטרעטען מיט'ן בלוט־בלבול... תיכף זענען זיינע פאַמפלעטען כמעט צוצוקערט געווארען פון די איבעריגע אַנטיסעמיטישע בלעטער אין פעטערבורג און אין דער פראָווינץ. ליוטאָסטאַנסקי איז געווארען אזוי ארום „דער העלד פון טאג." אינגיכען איז מען אויף איהם אויפמערקזאם געוואָרען אין „הויף". ס'האבען זיך געפונען הויכאָנגעשטעלטע פערזאנען, וועלכע האבען פאָרגעשטעלט ליוטאָסטאַנסקי'ן פאר דעם טראָהנפאָלגער, דער שפּעטערדיגער אַ ל ע ק ס אַ נ־ ד ע ר  דער  ד ר י ט ע ר, וועלכען ער האט אונטערגעטראָגען זיין כתב־יד „תלמוד אי יעוורעאי". דער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער פאָרשטעלונג איז געווען, אז אַלעקסאַנדער האט איהם געגעבען צ ו ו יי הסכמה־בריף מיט דער ערלויבניש צו פערעפענטליכען זיי אין זיין ווערק. ליוטאָסטאַנסקי האט נאך אבער אלץ זיין פאַמפלעט נישט געדרוקט. אין איהם האט ווידער אויפגעלעבט די האפנונג, אז האָבענדיג אויפ'ן ספר דעם טראָהנפאָלגערס הסכמה וועלען זיך יודען פאר איהם דערשרעקען און מ'וועט איהם שוין זוכען מפצה זיין מיט אַ גאנץ היבשער מטבע. דערווייל האבען אויסגעבראכען די ערשטע דרום־רוסישע פּאָגראָמען, און ליוטאָסטאנסקי איז דאן פערשוואונדען געווארען פון פעטערבורג. ווי עס האט זיך דערנאך ארויסגעוויזען האט זיך ליוטאָסטאנסקי דאַמאָלסט געלאָזען זוכען זיין גליק צווישען די נאַאיווע פּראָווינציאָנעלע יודען, פון וועלכע ער האט געהאָפט אויפצובויט צו ווערען. ער האט אבער אויך אין דער פּראָווינץ גאָרנישט געמאכט. אין ענדע יאָהר 1882 איז ער צוריק געקומען קיין פעטערבורג. דאס מאָל שוין מיט אנ'אָבגעדרוקטען ספר און מיט די צוויי הסכמה־בריף פון דעם דאַמאָלטדיגען קיסר אַלעקסאנדער דער דריטער.

כורא האָבענדיג פאר דער נייער פּאָגראָם־שטימונג, וואס ליוטאָסטאַנסקי'ס ווערק קאָן בעשאפען, האט דאן צעדערבוים ארויס־

געפאָדערט ליוטאָסטאַנסקי׳ן אויף אָנ׳עפּענטליכען וכּוח וועגען יידען און יודישקייט. צעדערבוים׳ס כּוונה איז דערמיט געווען צו ווייזען פאר דער וועלט, אז ליוטאָסטאנסקי איז אַ בּוּר און אַנ׳עם-הארץ און אז אלע זיינע ציטאַטען פון די יודישע ספרים זענען גע-פעלשטע. ליוטאָסטאַנסקי האט זיך דערשראָקען און זיך אבגעזאגט פון דעם וכּוח. מעהר ווי דאס האט צעדערבוים נישט געדארפט, און אין זיינע בלעטער האט ער פערפיהרט געגען ליוטאָסטאַנסקי׳ן אַנ׳-אמת׳ע שלאכט. ער האט צוזאמענגעקליבען וועגען זיין פערזענ-ליכקייט אלע נויטיגע ידיעות און האט ענטפלעקט זיין אמת׳ע פיזיאָנאָמיע. די פּאָר רוסישע פּראָגרעסיווע בלעטער האבען פון צעדערבוים׳ס אַרטיקלען איבערגעדרוקט גאנצע שטיקער, און ליוטאָס-טאַנסקי איז געווארען ללעג ולקלס. ליוטאָסטאַנסקי האט דאס נישט געקאנט אריבערטראָגען און האט אויסגעלאָזען זיין גאנצען כּעס אויף דעם צענזאָר, וואס לאָזט פריי דורך צעדערבוים׳ס ארטיקלען געגען איהם. ער איז דערגאנגען, אז דער צענזאָר פון „המליץ" איז דער משומד זיגעלמאן, און האט פון דאַמאָלסט אָן גענומען גראָבען אונטער זיגעלמאַנ׳ען, פון אָנפאנג אין דער שטיל, און דערנאָך שוין בגלוי. ער האט אָנגעהויבען נאָכצושפּירען זיגעלמאנ׳ען אויף שריט און טריט, האט זיך דערוואוסט פון זיין גרויסער איבערגעגעבענקייט צו יודען און צו דער יודישער ליטעראטור, און האט דאס אויסגענוצט צו פערשידענע מסירות, צוגעבעדיג דער-צו אייגענע פון קאָפּ אויסגעטראכטע אינסינואַציעס. ליוטאָסטאנסקי האט באלד אין דעם געפונען מיטהעלפער. ס׳האט לאנג נישט געדויערט און אין דער אַנטיסעמיטיש-געשטימטער פּרעסע האט זיך אָנגעהויבען געגען זיגעלמאנ׳ען אַ פערביטערטער קאמף. די ערשטע צייט האט מען נאך נישט געוואַגט אנצורופען זיגעלמאנ׳ען מיט זיין מפורש׳ן נאָמען, שפּעטער האט מען שוין אָנגעהויבען צו רעדען בגלוי וועגען דעם צענזאָר פון די יודישע ביכער און צייטונגען, וואס פערמאַסקירט זיך כּלומר׳שט פאר אַ פּראוואָסלאַוונעם און פערקויפט באמת דאס רוסישע פאָלק די זשידעס. וואס ווייטער האבען זיך די רדיפות געגען זיגעלמאנ׳ען אלץ מעהר פערשטאַרקט. צווישען די, וועלכע האבען צוזאמען מיט ליוטאָסטאַנסקי׳ן געגראָבען זיגעל-מאנ׳ען איז געווען אויך אַ משומד, אַ געוויסער ראַפּאָפּארט, וועלכער האט געוואלט ירש׳ענען זיין שטעלע אלס צענזאָר. דער דאזיגער

ראַפּאָפּארט האט כסדר געשריבען מסירות אויף צעדערבוים׳ען און אויף זיגעלמאַנ׳ען. צעדערבוים האט תמיד געוואוסט ווי זיך אויס-צו׳טענה׳ן און איז ארויס ריין, און זיגעלמאנ׳ען איז נישט אנגע-שטאנען צו פערענטפערן זיך געגען פאלשע דאָנאסען. ער איז אבער פון גרויס ערגערניש קראנק געווארען. ליגענדיג אויפ׳ן קראַנקענ-בעט האט מען איהם מודיע געווען, אז ער ווערט אָבגעזאגט פון זיין שטעל אלס צענזאָר, און שוין אויף מאָרגען האט מען איהם דערפרעהט מיט אַ צווייטער בשורה, דאס ער ווערט בעפרייט אויך פון זיין שטעל אין „סעלסקי וויעסטניק״. געפינענדיג זיך אין אזא פערצווייפעלטער לאַגע, האט אין איהם נאך געטליעט אַ פונק האפ-נונג, אז ווי ער ווערט נור געזונד, וועט ער דורך איגנאַטיעוו׳ען ווידער אלץ צורעכט מאכען. זיין קראנקהייט האט אבער אנגענומען אנ׳ערנסטען כאַראקטער, און ער איז שוין מעהר פון בעט נישט אַראב. אָנפאנג 1883 איז זיגעלמאן געשטארבען. זיין אנדענקען האט צעדער-בוים געווידמעט אַ בעזונדער ביילאַגע.

---

# פאטער און זוהן.

## (קאמף־איבערלעבענישען אין א הויז פון א משומד.

I

אַמאָל, אין אַ ווינטערדיגען פאַרמיטאָג — דאָס האָט פּאַסירט אָנהויב די זעכציגער יאָהרען פונ׳ם פאָריגען יאָהרהונדערט — האָט דער שווייצאַר פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול געמאָלדען דעם אינספּעקטאָר, יעקב אייכענבוים, אַז איהם וויל זעהן אַ יונג ווייבעל מיט אַ קליין קינד אויף די הענד. אייכענבוים האָט געהייסען אַריינפיהרען דאָס ווייבעל צו איהם אין קאַבינעט, האָט איהר געבעטען זיצען און געפרעגט, וואָס זי בעגעהרט.

דאָס ווייבעל האָט באַלד נישט געענטפערט. עס האט איהר פערקלעמט דאָס האַרץ, און איידער זי האט אָרויסגעבראַכט אַ וואָרט פון מויל, האט זי זיך פונאַנדערגעוויינט. גלייך נאָך איהר האָט אויסנעבראָכען אין אַ געוויין אויך איהר צוויי־יעהריג קינד. ערשט אין עטליכע מינוטען אַרום איז קלאָר געוואָרען אייכענבוים׳ען דורך דער ווייבעל׳ס אָבגעהאַקטע פראַזען, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען פאָלגענדען:

געקומען איז דאָס ווייבעל פון אַרום ס מ י ל ע ו י ט ש, אַ קליין שטעדטיל אין מינסקער גובערניע, וואו איהר פאטער, אַ גרויסער עושר, האָט געהאַלטען אין אַרענדע עטליכע הויפן מיט אַ בראָנפענברויז. מיט אַ יאהר פיר צוריק האט איהר פאָטער געדאַרפט האָבען א גמרא־מלמד פאַר זיינע צוויי יונגלעך, איהרע יונגערע ברידער, איז ער דאַן אַראבגעפאָהרען קיין מינסק, און דארט האט איהם זיין

אלטער בעקאַנטער, ר׳ מאָניע, דער ראש־ישיבה פון רבקה בליומקעס קלויז, רעקאָמענדירט פאַר אַ מלמד זיינעם אַ תלמיד מובהק, אַ סטויב־צער בחור׳ל, וואָס האָט געשמ׳ט אַלס למדן מופלג און אַן אויסגעצייכענטער בעל־מסביר. מ׳האָט דעם בחור׳ל אָבגעגעבען אַ בעזונדער אויבער־שטיבעל, וואו ער האט געלערנט מיט די קינדער, און איהרע עלטערען, וועלכע זענען פון איהם געוועזען זעהר צופרידען, האָבען איהם בעהאַנדעלט, ווי אַן אייגען קינד. דער פאָטער, אַליין אַ בר־אורין, פלעגט מיט איהם, אין דער פרייער צייט, פערברענגען אין לערנען און גאַנץ אָפט אויך אין מילי דעלמא, און יעדעס מאָל האט ער זיך נישט געקאָנט אָבוואונדערען פון זיין וואויל־לערנערישקייט און פקחות. אין גיכען איז דער יונגער מלמד געוואָרען דער ליבלינג פון דער גאַנצער פאַמיליע. זי, אַ בת־יחידה, איז דאַן געוועזען אַ מיידעל פון אַ יאָהר אַכצעהן און איז שוין געשטאַנען אין שידוכים. איטליכס מאָל, ווען דער פאָטער איז געקומען פון מינסק, פלעגט ער דערצעהלען, אַז שדכנים בעלאַגערען ממש זיין אכסניא, דער אריין און דער אַרויס, און די פאָרשלאַגען זענען אַזוי פיל, אַז ער ווייסט נישט אויף וועלכען זיך אָבשטעלען. אָבער אין אַ שענעם פריה־מאָרגען האָט איהר די מוטער איינגערוימט אַ סוד אין אויער, אַז לויט ווי דער פאָטער האָט איהר געזאָגט, וועט ער שוין מעהר פאַר איהר קיין שדוכים נישט זוכען, ווייל ער האָט שוין געפונען איהר בעשערטען, און דאָס איז נישט קיין אַנדערער, ווי דאָס סטויבצער בחור׳ל. אין אַ פאָר טעג אַרום האָט זי געהערט דאָס זעלבע אויך פון פאָטער אַליין. זי, אַלס עהרליכע, יודישע טאכטער האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אַלס צייכען, אַז זי איז מסכים. אגב, האָט זי אויך נישט געהאַט קיין סבות, פאַרוואָס דער שידוך זאָל איהר ניט געפעלען. דער בחור איז געוועזען אַ גאַנץ שענער און אַ קלוגער. ער האָט מיט איהר, אמת, קיינמאָל נישט געריעדט; זי האָט אָבער נישט איינמאָל געהערט פון פאָטער, אַז דער מלמד איז אַ פקח, און דאָס איז שוין בעוועזען פאַר איהר גאַנץ גענוג. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, און זי איז געשטאַנען אונטער דער חופה מיט׳ן סטויבצער בחור. דער מדובר צווישען איהם מיט איהרע עלטערן איז געוועזען, אַז עטליכע וואָכען נאָך דער חתונה פאָהרט ער אַוועק לערנען אין דער וואָלאָזשינער ישיבה. דעם פאָטער האָט זיך געוואָלט נישט אַנדערש, אַז זיין איידעם זאָל זיך שניידען אויף רבנות, און ער, דאָס יונגע בעל־הבית׳ל

האָט דערויף איינגעשטימט. נור איהר אַליין האט עס נישט געשמעקט; עפּיס ווי דאָס האַרץ וואָלט איהר געזאָגט, אַז קיין גוטס וועט פון דער דאָזיגער נסיעה נישט אַרויסקומען. און כך־הוה. ער איז אַוועקגעפאָהרען קיין וואָלאָזשין, און ווי עס ווייזט אויס, מיט גאַנץ אַנדערע רעיונות. די ערשטע עטליכע חדשים האָט ער נאך געשריבען בריף, און זעהר גוטע. אָבער ביסלעכווייז האָבען זיינע בריף אָנגעהויבען ווערען זעלטענער און זעלטענער, ביז ער האָט אויפגעהערט אינגאנצען צו שרייבען. ער האט אפילו נישט געענטפערט אויף דער פרעהליכער ידיעה, אז ער ווערט אינגיכען אַ פאטער... עס איז אַריבער באַלד אַ קיילעכדיג יאָהר. דער פאטער האט דעמאָלט געפּרובט שרייבען צום וואָלאָזשינער ראש-ישיבה און באַלד בעקומען אַ תשובה, אַז דער „סמילעוויטשער פרוש״ — אַזוי האָט ער דאָרט געהייסען — האָט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק פערלאָזט וואָלאָזשין, און געזאגט האט ער, אָז ער פאָהרט אָב אויף אַ קורצער צייט אַ היים. דער דאָזיגער ענטפער האָט זיי אַלעמען אַראָבגענומען דעם קאָפּ; קיינער האט נישט געוואוסט, וואָס איבערצוקלערען. דערווייל איז דאָס ווייבעל געלעגען געוואָרען מיט אַ יונגעל. דער פאטער האָט פונאַנדערגעשיקט בריף אין אַלע שטעדט אַרום, מ׳האָט נאָכ׳ן פערשוואונדענעם מאָן חוקר ודורש געווען וואו „די וועלט האָט אַנ׳עק״, אָבער אומזיסט. די עלטערן זענען פאר עגמת-נפש גראה און אַלט געוואָרען, און זי אַליין האט געהאַלטען ביי משוגע ווערען. האָט אָבער גאט געטון אַ נס, און זי איז גאַנץ צופעליג דערגאַנגען דורך אַ פערוואַלגערטען בריף פון אַ חבר, וואָס מען האָט געפונען אין זיינער אַ גמרא, אַז ער געפינט זיך דאָ אין זשיטאָמיר און לערנט אין ראַבינער-שול. זי האט תיכף געכאַפּט און אוועקגעלאזט זיך מיט׳ן קינד קיין זשיטאָמיר. דאָ האט זי זיך נאכגעפרעגט און איז דערגאַנגען זיין קווארטיר. היינט פריה איז זי ביי איהם געווען מיט דעם קינד אויף די הענד. זי איז איהם געפאלען צו די פיס און געבעטען, ער זאל פאהרען מיט איהר אַהיים, און ער וויל נישט. ער רעדט צו איהר נישט ווי אַ מאַן, און נישט ווי אַ פאטער פון איהר קינד, נור ווי אַ פרעמדער. ער זאגט, זי זאל ביי איהם נעהמען גט; זי וועט זיך אָבער בעסער לאָזען נעהמען דאס לעבען, איידער ווערען אַ גרושה. בכן פערלאנגט זי איצט פון אייכענ׳בוימ׳ען, ער זאל רחמנות האבען אויף איהר און אויף איהרע יונגע יאהרען און זאל זעהן

זוירקען אויף איהר מאן — דערבײ האט זי איהם אנגערופען ביים נאמען — ער זאל זי פון זיך נישט פערשטויסען.

אייכענבוים האט נישט געקאנט צוזעהן דעם צער פון דעם יונגען ווייבעל, און האט איהר צוגעזאָגט ממלא צו זיין איהר בקשה.

II

אַזעלכע פאסירונגען מיט אוועקגעוואָרפענע ווייבלעך, וועלכע זענען געקומען זוכען זייערע מאַנען אין ווילנער און זשיטאָמירער ראַבינער-שולען, זענען דאן ניט געוועזען קיין זעלטענהייט. דאס רוב פלעגען זיך די דאָזיגע פאַלען פערענדיגען מיט דעם, אז די אָבגע-נארטע ווייבלעך פלעגען בעקומען גט, מיט גוטען, צי מיט בייזען, און — אראָב פון מארק. דאס סמילאוויטשער ווייבעל האט אָבער אויף קיין גט בשום אופן נישט געוואָלט איינגעהן, און וואס אייכענ-בוים האט איהר נישט דערוויזען, אז „מיט געוואלד קאָן מען נישט ווערען געליבט", און אז פאר איהר וועט זיין דאס גרעסטע אומגליק צו לעבען מיט אַ מאן, וועלכער האט זי ניט גערן — האט זי זיך נישט געלאזט איינרעדען און איז געבליבען ביי דאָס איהריגע. אייכענבוים'ס בעמיהונגען צו געפינען צווישען מאן און ווייב אַן אויסוועג פון דער פערפלאָנטערטער לאגע, האָבען זיך נישט איינגעגעבען. דער סמילאָווי-טשער תלמיד האָט גע'טענה'ט פאר אייכענבוימ'ען, אז דאס דארפישע ווייבעל איז פאר איהם צו פיל אָבגעשטאנען, אַז זייער צוזאמענ-לעבען וועט סיי-ווי-סיי מוזען זיין אַ צושטערטעס און אז זי וועט זיך מיט איהם תמיד פיהלען העכסט אומגליקליך, און ער וועט איהר ניט קאנען העלפען, בעת ער גיט איהר די מעגליכקייט חתונה צו האבען מיט אנ'אנדערן, וועלכער וועט פאר איהר מעהר פאסען און פאר וועמען זי קען נאך גליקליך זיין. דאס ווייבעל האט אָבער נישט געוואלט זעהן און הערען. זי פלעגט יעדען טאג מיט'ן קינד אויף די ארעמס קומען אין ראבינער-שול און מאכען דארט דעם מאן די גרעסטע סקאנדאלען, אדער זי פלעגט זיך אויף איהם ווארפען מיט קולות אין גאס, און נישט לאזען איהם געהן זיין וועג; עס פלעגן זיך בשעת מעשה קלויבען ארום דעם „פאָר-פאלק" געזעמלען מענשען, אַזש די גאַס פלעגט שווארץ ווערען. דער עולם פלעגט תמיד האלטען מיט'ן ווייבעל און העלפען איהר ראנגלען זיך מיט'ן מאַן. דער ראבינער-שילער איז אָבער אויך געוועזען אַ גרויסער עקשן. ער האָט

רוהיג אַריבערגעטראָגען אַלע סקאַנדאַלען, אויף וועלכע ער האָט געהאַט נור איין תשובה: אַלץ, וואָס ער קאַן טהון פאַר זיין ווייב, איז נור, צו געבען איהר גט. געענדיגט האט זיך די זאַך דערמיט, אַז אין אַ געוויסען טאָג, בעת דער מאַן האָט זיך געפונען אין ראַבינער-שול, האָט זי געבראַכט דאס קינד צו איהם אויף דער קוואַרטיר, האט עס דארט איבערגעלאזט און אַליין איז זי אַוועק און איז אָבגעפאהרען אַהיים.

אַז מאיר זשוכאָוויצקי — אַזוי האט געהייסען דער מאַן, — איז מיטאג-צייט געקומען פון ראַבינער-שול אויף זיין קוואַרטיר, און האט דארט געפונען דאָס קינד ביי איהם אויפ'ן בעט, איז ער געבליבען די ערשטע מינוט זעהר איבערראַשט און ווי צו-טומעלט. ער איז אָבער גיך געקומען צו-זיך, האָט געכאַפּט דאס קינד אין זיינע אָרעמס און עס בעדעקט מיט הייסע קושען אונטער טראָפּענס זודיגע טרעהרען. קוים האט ער זיך בערוהיגט פון דעם ערשטען איינדרוק, האט איהם גענומען עגבערען די פראגע: וואס זאל איצט זיין? וואס זאל ער טון מיט דעם ארעם, עלענד קינד, וואס איז, נעביך, גארנישט שולדיג אין דעם צווישען זיין טאַטע-מאמען אויסגעבראכענעם קאנפליקט. וועט ער זיך קאנען אבגעבען מיט זיין ערציהונג, בעת ער האלט ערשט אין מיטען לערנען, און ביי ער וועט צושווימען צו אַ וועלכען-עס-איז ברעג, וועלען נאך אָריבערגעהן היבשע עטליכע יאָהר? ער האט זיך מישב-געווען מיט חברים, וועלכע האבען איהם געראטען אבצוגעבען דאָס קינד אויף צו האָדעווען אין אַנ'אונפערמעגליכער ארענטליכער פאַמיליע. אַזא פאמיליע האט מאיר ניט געדארפט לאנג זוכען. נאך דעם זעלבען טאג אין אָוועגד, בעת ער האט טרינקענדיג טיי, זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ פאר דער ווירטין פון זיין וואוינונג, וועלכע איז געווען אַני-אַלמנה פון אַ פערשטארבענעם העברעאישען לעהרער און געהאט ביי זיך מעהר נישט ווי אַ דערוואקסענע טאכטער, אַ שילערין פון לעצטען קלאס גימנאזיע, האט זי זיך צו איהם אָבגערופען:

— איהר דארפט פאר אייער קינד ניט זוכען קיין ערציהערס אָן דער זייט: איהר קאנט איהם האַלטען ביי זיך; איך מיט מיין טאכטער וועלען איהם ערציהען און זיין פאר איהם אַ גוטע, טרייע מוטער.

מאיר האט זיך מיט דעם דאזיגען פארשלאג זעהר דערפרעהט. ער האט הייס אָבגעדאנקט דער אלמנה און שוין אויף מארגען האט

ער געזוכט און געפונען אין שטאדט אַ פּאר נייע לעקציעס, וועלכע האבען איהם געגעבען די מעגליכקייט פּאטערליך צו בעפרידיגען די בעדערפעניסען פון זיין יונג קינד, דעם לעבעדיגען יתום...

פון דעמאלט אָן האט זיך מאיר גענומען צו זיין שטודיום נאך מיט מעהר התמדה. דאס פעראַנטווארטליכקייטס-געפיהל פאר זיין קינד, וועמענס איינציגער פערזאָרגער ער איז, האט איהם געשטויסען וואס גיכער צו דערגרייכען פאר זיך אַ תכלית, וועלכער דארף איהם געבען די מעגליכקייט ברענגען צו אַ ציל אין לעבען אויך זיין קינד. ביי זיין אנקומען קיין זשיטאָמיר איז ער גלייך אריין אויפ'ן פירטען טורס פון ראבינער-שול. ווי ס'האט זיך ארויסגעוויזען, האט ער זיך שוין אין דער צייט פון זיין מלמדות אין דעם הויז פון דעם סמילאָוויטשער גביר מכין געווען אין דער שטיל צו זיין שטודיום. איצט האט ער גענומען געהן פון קלאס צו קלאס.

XI

פון די ערשטע קלאסען אָן האט זשוכאָוויצקי ארויסגעוויזען בע־זונדערע גלענצענדע פעהיגקייטען צו מאַטעמאטיק און פיזיק. די שווערסטע אויפגאבען און טעאָרעמעס האט ער געלייזט דער ערשטער צווישען אלע תלמידים. דער גאנצער לימוד פון מאטעמאַטיק איז ביי איהם געווען ווי אַ שפּילכעל. די לעהרער פלעגען אויף איהם זאגען, אז ער האט אנ'„אפענעם מוח". ביסלעכווייז איז ער געווארען בע־קאנט אין שטאדט, און וואו נור ס'האט זיך געפונען א תלמיד אין ראבינער-שול, צי אין דער אָרטיגער גימנאזיע, וואס האט אויף מאטע־מאטיק בעקומען שלעכטע באלען, איז ער זיך געקומען פערהעלפען צו זשוכאָוויצקי'ן. פאר דער צייט פון די עקזאמענס אין די שטאדטישע שולען האבען ביי איהם יונגע לייט, יודען און קריסטען, אבגע־שלאגען די שוועלען, און איהם געצאהלט פאר זיינע לעקציעס די גרעסטע פרייזען.

בעת זשוכאָוויצקי איז שוין געווען אַ תלמיד פון זעקסטען קלאס ראבינער-שול, האט איהם אייכענבוים אין א געוויסען טאג, נאכדעם, ווי ס'האבען זיך פערענדיגט די לעקציעס, אריינגערופען צו זיך און איהם דערצעהלט, אז ער האט דערהאלטען דורך א בעזונדער קוריער א בריוועלע פונ'ם זשיטאמירער גובערנאטאר מיט פאלגענדען אינהאלט: „לויט דער רעקאמענדאציע פון דעם דירעקטאר פון דער

היגער גימנאזיע האָב איך בעשלאָסען צו אַנגאַזשירען איינעם פון אייערע תּלמידים, אַ געוויסען זשוכאָוויצקי, אַלס לעהרער פאַר מיין זוהן, אַ שילער פון פינפטען קלאַס, וועלכער איז שוואַך אין מאַטע־מאַטיק און נויטיגט זיך אין אַ גוטען רעפּעטיטאָר. בכן וועל איך אייך דאַנקבאַר זיין, אויב איהר וועט מיר נאָך היינט צושיקען דעם דאָזיגען יונגענמאַן". דערביי האָט אייכענבוים געזאָגט זשוכאָוויצקי'ן, אַז דער זשיטאָמירער גובערנאַטאָר שמ'ט אַלס העכסט ליבעראַלער מאַן, וועלכער וויייזט אַרויס אין זיינע בעציהונגען צו יודען גרויס טאָלעראַנץ.

זשוכאָוויצקי האָט אָנגענומען די לעקציע ביי'ם גובערנאַטאָר. זיין תּלמיד, אַ 16־יעהריג־בחור'ל, האָט געהאַט זעהר שוואַכע ידיעות נישט בלויז אין מאַטעמאַטיק, נור אויך אין אַלע אַנדערע לימודים, און זייט ער איז אַריינגעטראָטען אין גימנאַזיע, איז ער אַריבער פון קלאַס צו קלאַס מיט גרויסע שוועריגקייטען — צוליב „זכות־אָבות". איצט, פאַר'ן אַריבערגעהן אין זעקסטען קלאַס, איז פאַר איהם גע־וואָרען די לאַגע נאָך ערגער. ס'איז אָבער גענוג געוועזען, אַז זשו־כאָוויצקי זאָל מיט איהם אָפּלערנען די ערשטע דריי וואָכען, און אין דעם תּלמיד האָט זיך אָנגעהויבען מערקען אַ גרויסע ענדערונג צום גוטען. זשוכאָוויצקי, וועלכער האָט זיך, אַחוץ זיינע קאָלאָסאַלע מאַטעמאַטישע קענטנישען, אַרויסגעוויזען פאַר אַנ'אויסגעצייכענטען לעהרער בכלל, האָט פערשטאַנען אַרויפצופיהרען זיין תּלמיד אויף אַ דרך און אַניאָגען מיט איהם אין אַ קורצער צייט אַלץ, וואָס ס'האָט איהם געפעהלט, כּדי נאָכצוהאַלטען מיט'ן גאַנצען קלאַס. עס זענען אַריבער בלויז אַ חדשים דריי, און דער תּלמיד איז געוואָרען אַזוי גוט צוגעגרייט, אַז ער האָט לייכט אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען און איז אַריבער אין זעקסטען קלאַס. דער גובערנאַטאָר האָט זיינע אויגען נישט געגלויבט און נישט געוואוסט, ווי אַבצודאַנקען זשוכאָוויצקי'ן פאַר די גדולות, וואָס ער האָט דאָ בעוויזען. אַ בעזונדערס האַרציגען דאַנק האָט זשוכאָוויצקי בעקומען פון דעם גובערנאַטאָרס פרוי, אַנ'־עלעגאַנטע דאַמע, אַ געבוירענע גרעפין בראַניצקי פון דער היים. אין דעם טאָג, ווען ס'האָבען זיך פערענדיגט דיין עקזאַמענס, האָט זי זשוכאָוויצקי'ן געדריקט די האַנד, און עטליכע מאָל איבערגע'חזר'ט, אַז זי ווייסט נישט, מיט וואָס איהם אַבצודאַנקען. פון דעמאָלט־אָן איז זשוכאָוויצקי געוואָרען ביי'ם זשיטאָמירער גובערנאַטאָר אַ גאַנצער בן־בית, און בעת די פאַמיליע איז אויף דער צייט פון די זומער־

קאניקולען ארויס וואוינען אין זייער גוט ביי קיעוו, האבען זיי איינ־געלאדען צו זיך אויך זשוכאוויצקי׳ן, און ווי שווער עס איז איהם געווען אבצורייסען זיך פון זיין קינד, האט ער דאך די איינלאדונג אנגענומען און איז מיט זיי מיטגעפאהרען.

## IV

דעם גובערנאַטאר׳ס פאמיליע איז בעשטאנען, אויסער פון דעם יונגען זוהן, זשוכאוויצקי׳ס תלמיד, אויך פון אנ׳עלטערער טאכטער, א פריילײן פון א יאהר 19, וואס האט א גאנץ יאהר געלערנט אין א העכערער שול אין פעטערבורג, און פלעגט אראבפאהרען יעהרליך פערברענגען די זומער־חדשים צוזאמען מיט די עלטערן אין זייער גוט. דאס פריילײן איז געווען העכסט געבילדעט, פיל בעלעזען אין פערשידענע אייראפעאישע שפראכען, און שוין אנגעהויכט פון די דעמאלט נאך נייע פרייהייטס־אידעען. זי האט זעהר געליבט איהר יונגערן ברודער און זיך פון דערווייטען אינטערעסירט מיט זיינע פארטשריטט אין גימנאזיע. געקרענקט האט איהר תמיד, הערענדיג, אז ער לערנט זיך שוואך, און קוים וואס ער קריכט־אריבער פון איין קלאס אין אנדערן. שפעטער, נאכדעם, ווי מ׳האט איהר געשריבען פון דער היים וועגען דעם נייעם לעהרער, וואס מ׳האט פאר איהם גענומען, און וועגען די וואונדער, וואס ער האט מיט איהם בעוויזען, האט דאס איהר שטארק הנאה געטהון, און זי האט דאס אלץ שוין געגארט צו זעהן מיט די אויגען. אז דעם ברודער׳ס לעהרער איז א י ו ד, — דאס האט זי זיך ערשט דערוואוסט, בעת זי איז געקומען אהיים און די מוטער האט איהר פארגעשטעלט זשוכאָוויצקי׳ן.

דאס איז געווען ס׳ערשטע מאל, וואס די טאָכטער פונ׳ם זשיטאָמירער גובערנאַטאר האט זיך בעגעגענט מיט א יודישען יונגען־מאן. אבער זעענדיג ליבעראל געזאָנען, ווי איהר פאטער, האט אין איהר די דאזיגע בעגעגעניש נישט ארויסגערופען קיין שום בעזונדער געפיהל, אויסער גרויס צופרידענהייט מיט דעם, וואס זי האט די גע־לעגענהייט אויסצודריקען איהר דאנקבארקייט דעם מאן, וועלכער האט איהר ברודער בעשטעלט אויף די פיס און געבראכט איהם צו דער מעגליכקייט פאָרטצוזעצען זיין שטודיום. זשוכאָוויצקי, וועלכער האט זיך נאך קיינמאל אין זיין לעבען נישט געפונען אין א רוסישער גע־זעלשאפט, און בעזונדערס אין אזא הויכגעשטעלטער סביבה, האט זיך

די גאנצע צייט געפיהלט שעמעוודיג, האט זיך תּמיד בּעמיהט צו האלטען זיך צוריקגעצויגען און געזוכט צו פערבּרענגען נור אדער מיט זיין תּלמיד, אדער מיט זיינע אייגענע למודים. ער האט אויסגעמיטען אלע הויזליכע פערוויילונגען, צו וועלכע ער איז שטענדיג געוואָרען איינגעלאדען, און יעדעס מאל האט ער זיך דערפון ארויסגעמאכט אונטער אנ׳אנדער׳ן אויסרייד. פאר דער צייט, וואס זשוכאָוויצקי האט זיך געפונען אין ראַבּינער־שול, האט ער זיך בּעוויזען גייסטיג צו ענטוויקלען, ער האט זיך ערוואָרבּען גרויסע ידיעות אין שפּראכען און האט פיל געלעזען. אבער אַ פיל שטארקערע נייגונג האט ער געהאט צו דער העכערער מאַטעמאטישער וויסענשאפט, צו וועלכער ער האט בּעשלאָסען זיך צו ווידמען און אויסקלייבּען עס אלס זיין פאך. אריינטרעטענדיג לכתחילה אין ראַבּינער־שול, האט ער געפּלאַנט צו ענדיגען אלס לעהרער־פּעדאגאָג; איצט האט ער בּעשלאָסען צו שטרעבּען אַנצוקומען אין אַ הויך־שול און אויסבּילדען זיך פאר אנ׳אינזשיניער. נעהמענדיג דאס אין בּעטראכט, האט ער אויסגענוצט זיין פרייע צייט אויף צו פערבּרייטערן און פערטיפערן זיינע ידיעות אין דער מאַטעמאטיק, און איז אויסער פון די עס־שעה׳ן נישט ארויס פון זיין צימער, און קיינער פון דעם גובּערנאטאָר׳ס פאמיליע האט איהם נישט געשטערט.

מיט׳ן אנקומען פון דעם פריילין, דעם זשיטאָמירער גובּערנאַטאר׳ס טאָכטער, האט זיך זשוכאָוויצקי׳ס לעבּענס־שטייגער גענומען ענדערן, ווען אפילו נישט ווילענדיג. פון דער נאטור אַ לעבּעדיגע און אַ פרעהליכע און זעהר אַ בּערײדעוודיגע, האט זי נישט געקאנט פערטראגען די דאָרפישע רוהיגקייט און שטילקייט, און יעדעס מאל, ווען זי איז זומער־צייט אראבּגעפאהרען אין דעם גוט פון איהרע עלטערן, האט זי שוין געהאט איהרע פריינד און בּעקאנטע צווישען דער שטודירענדער יוגענד פון די ארומיגע גיטער, מיט וועלכע זי האט געפיהרט צוזאמען פערשידענע געשפּרעכען און דיסקוסיעס וועגען ליטעראַטור און געזעלשאפטליכע פּראָבּלעמען, געמאכט שפּאצירען, און איינגעאָרדענט אלערליי פערוויילונגען און פּיקניקס, אמאל דא און אמאל דארט. נאכדעם, ווי זי האט זיך בּעקענט מיט זשוכאָוויצקי׳ן, וועלכער האט בּיי איהר בּאלד שטארק נשׂא־חן געווען מיט זיין פיינער בּילדונג און בּעשיידענעם בּענעהמען, ווי אויך מיט זיין שענעם אויסזעהן, האט זי איהם תּיכף אַריינגעצויגען אין קרייז פון

איהרע מקורבים, האט מיט איהם גאנץ אָפט שפּאצירט ביחידות או בעזוכט מיט איהם צוזאמען בעקאנטע אין די נאָהנטע הויפען. שטארק צופרידען איז זשוכאָוויצקי דערפון נישט געווען, ווייל דאס האט איהם געבראכט צו „בטול-תורה", און איהם האט זיך בעסער געוואלט זיצען כסדר איבער זיינע ביכער, איידער אָבגעבען זיך מיט עניגים, פון וועלכע ער קאן נישט האבען קיין שום נוצען. אגב, דארף דא בעמערקט ווערען, אז דאס פריילײן האט פאר איהם קיין בעזונדערן רייץ נישט געהאט, ווייל זי איז געווען זעהר אַ העסליכע.

צווישען די פאמיליעס פון דער סביבה, מיט וועלכע זשוכאָוויצקי'ן איז אויסגעקומען צו שליסען בעקאנטשאפט, איז געווען אויך די פאמיליע פון אַ דירעקטאר אין אַ צוקער-זאַוואָד, וואס האט אנגעהערט צו איינעם פון די פּוילישע גראפען בראָניצקי. דער דירעקטאָר אליין, שוין אַ בעיאָהרטער מאן, האט געשטאמט פון עסטרייך. ער איז שוין אבער לאנג פון דארט אוועק, און פאר דער צייט האט ער זיך אינגאנצען רוסיפיצירט. געהאט האט ער אַ פרוי אַ גאַליציאנערין, און שוין אויך נישט קיין גאנץ יונגע, אַ זוהן, א סטודענט פון אנ'אויסלענדישען פּאָליטעכניקום, און אַ טאכטער, אַ בת-יחידה, אַ פריילײן פון א יאהר 18, א בלענדענדע שענהייט, וואס האט זיך געלערנט אין אַ קיעווער גימנאַזיע. די אומגאנגס-שפראך איז ביי זיי געווען רוסיש, נור צווישען זיך האט די פאמיליע גערעדט בלויז דייטש, און זעלטען ווען, בעזונדערס אין דעם פערקעהר מיט דעם בעל-הבית פון זאַוואָד, מיט'ן גראף בראָניצקי, וועלכער האט דאס רוב חדשים פון יאהר פערבראכט אין פּאַריז, האט זי זיך בענוצט אויך מיט פּויליש. דער דירעקטאָר פון זאַוואָד, אַ מאן מיט אַ שניי-ווייסער לאַנגער באָרד, וואס האט איהם צוגעגעבען אַ פאטריארכאליש אויסזעהן, האט גע'שמ'ט אין דער גאנצער סביבה אלס העכסט געבילדעטער און איידעלער מענש מיט א פיינעם כאראקטער, און האט גענאָסען גרויס אָנזעהן ביי קריסטען און ביי יודען. ער האט אליין געגעבען א סך צדקה אָרימע לייט, אהן אונטערשיד פון רעליגיע, און לויט זיין איניציאטיווע האט מען יעהרליך פונ'ם גראף בראניצקי'ס קאנטאר געטיילט שפּייז-פּראָדוקטען צווישען די נויטבעדערפטיגע אין די אַרומיגע שטעדט. אַ גרויסער טייל פון דערדאזיגער הילף פלעגט איינגעטיילט ווערען צווישען די דאָרטיגע יודען. אלע פאר פסח פלעגען די אונפערמעגליכע יודען פון די

נאהנטע שטעדטליך בעקומען ארייגעשיקט קארטאָפעל. האט ערגיץ־וואו אין אַ שטעדטיל אויסגעבראכען אַ שרפה און עס זענען פער־ברענט געווארען יודישע הייזער, האט מען זיך גלייך געווענדט צום דירעקטאָר פון דער צוקער־פאבריק, און אין עטליכע טעג ארום האבען שוין פוּיערים געבראכט אויף וועגענער פון בראָניצקי׳ס וועלדער די געהעריגע מאָס האָלץ אויף אָבצובויען די הייזלעך, און אמאָל האבען נאך די נשרפים בעקומען צוגעלעגט דערצו אויך עטליכע צעהנדליג רובל במזומנים. דאס האט געבראכט דערצו, אז די רבנים פון די שטעדטליך, וואס האבען זיך געפונען אין יענער געגענד, האבען זיך כמעט תמיד אין אַ נויטצופאל פון דער קהלה, און אמאל אויך פון יחידים, געווענדט נאך הילף צום דירעקטאָר, און זייער ווענדונג האט שטענדיג געבראכט די געווינשטע רעזולטאטען.

V

דער דירעקטאר פון דער צוקער־פאבריק איז געווען אַנ׳אַלטער בעקאנטער פונ׳ם זשיטאָמירער גובערנאַטאָר. תמיד זומער־צייט, בעת דעם גובערנאַטאָר׳ס פאמיליע פלעגט פערברענגען אויף זייער גוט, זענען דער דירעקטאר מיט זיין פרוי און קינדער געווען ביי זיי גאַנץ אפטע געסט. בעזונדערס גוט האבען זיך אויפגעלעבט די קינדער פוןביידע פאמיליעס, וועלכע פלעגען כסדר מאכען בעזוכען איינע ביי די אנדערע. אזוי־ארום איז אויך זשוכאָוויצקי געווארען בעקאנט מיט׳ן דירעקטאָר׳ס הויז. דאס ערשטע מאל איז ער אהין געקומען צוזאמען מיט דעם גובערנאטאָר׳ס טאכטער, און געמאכט אויף אלעמען, אנ־הויבענדיג פון דירעקטאר אליין, זעהר אַ גוטען איינדרוק. ער, זשוּ־כאָוויצקי, פון זיין זייט איז פון דארט אויך אוועק אַ גאנץ צופרי־דענער. הן די עלטערן, הן די קינדער, דער זוהן, דער סטודענט מיט דער טאכטער, האבען ביי איהם שטארק אויסגענומען. זעהר גערן האט ער אנגענומען די איינלאדונג פון דירעקטאָר, זיי אפטערס צו בעזוכען, און האט ער נור געהאט פרייע צייט, האט ער שוין נישט געזוּמען אין אכט זיינע למודים, און איז אוועק אויף דער פאבריק, וואו מען האט איהם ארויסגעוויזען יעדעס מאָל גרויס התקרבות. בע־זונדערס אנגענעהם איז איהם געווען צו פערברענגען מיט דעם די־רעקטאָר׳ס קינדער. דער יונגער סטודענט, וועלכער איז אויך געווען אַ גרויסער מאַטעמאטיקער, האט דער ערשטער געוואוסט אָבצושאצען

זשוכאוויצקי'ס אויסטערלישע ידיעות אויף דעם דאזיגען געביט, און איהם פּאָראויסגעזאגט אַ גלענצענדע צוקונפט אלס געלעהרטער. דעם דירעקטאָר'ס טאכטער האט אין איהם געפונען זעהר אנ'אינטערעסאנטען שמועסער און איהם יעדעס מאל אריינגעצויגען אין געשפּרעכען וועגען אלערליי וועלטליכע ענינים, אויסהערענדיג איהם מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. דער אלטער דירעקטאָר, וועלכער איז שטענדיג געווען פערנומען אין דער פאבריק, האט מיט זשוכאָוויצקי'ן געכאפּט אַ שמועס זעהר זעלטען, אבער אויך ער האט באלד דערקענט, אז ער האט דא פאר זיך נישט קיין געוועהנליכען יונגענמאן און נישט אויפגעהערט צו שטרעבען זיך נעהנטער מיט איהם צו בעקענען.

אמאל, דאס איז געווען אַ זונטאג, בעת זשוכאָוויצקי איז געקומען אין פאבריק, האט ער דעם דירעקטאר'ס קינדער נישט געפונען אינדערהיים: מיט אַ פּאר טעג פריהער זענען זיי ביידע אבגעפאהרען אויף אַ קורצער צייט קיין קיעוו. דער דירעקטאר, וועלכער איז גראד דעמאָלט געזעסען ביי זיך אין קאַבינעט און האט אריינגעקוקט אין אַ ספר, האט איהם דערזעהן דורכ'ן פענסטער, האט זיך אויפגעהויבען און איז איהם געגאנגען אנטקעגען, האט איהם געדריקט בעזונדערס שטארק די האנד און איהם אריינגעבעטען צו זיך.

— עס פרעהט מיך זעהר,—האט זיך אבגערופען דער דירעקטאר, נאכדעם, ווי ער האט אוועקגעזעצט זשוכאָוויצקי'ן נעבען זיך, — צו האבען היינט די געלעגענהייט מיך לענגער מיט אייך צו אונטערהאלטען. ביי'ם גובערנאטאר קאן מען זיך פון אייך נישט אָבלויבען, און מיינע קינדער ריידען פון אייך אויך מיט התפעלות, און נור איך איינער האב נאך ביז אהער נישט געהאט דעם כבוד און דאס פערגניגען מיך מיט אייך ווי געהעריג צו בעקענען. איצט דארפט איהר שוין פערשטעהן מיין שמחה איבער אייער היינטיגען וויזיט.

און צווישען דעם דירעקטאָר מיט זשוכאָוויצקי'ן איז אוועק אַ שמועס, וואס האט געדויערט העכער אַ שעה דריי. זיי האבען גערעדט וועגען פיל און פערשידענע זאכען, אבסטראקטע און אלטעגליכע, פילאָזאָפישע און וויסענשאפטליכע און ליטערארישע, און אין וואס פאר אנ'ענין מ'האט נור בעריהרט, האט זשוכאָוויצקי ארויסגעוויזען אזא ערודיציע, פון וועלכער דער דירעקטאָר האט זיך נישט געקאנט אָבוואונדערען. בעת זשוכאָוויצקי האט זיך אויפגעהויבען פון אָרט צו נעהמען אָבשייד, האט איהם נאך דער דירעקטאר

נישט געוויאלט אבזזען פון זיך און איהם געפרובט פערהאלטען מיט די ווערטער:

— ענטשולדיגט מיר, יונגערמאן! אין מיין לאנגען לעבען האב איך שוין געהאט די געלעגענהייט צו קענען אסך יודישע יונגע-לייט, אבער איך האב מיך נאך קיינמאל נישט בעגעגענט מיט אזעלכען, ווי איהר זענט. איך קאן אייך נישט פארשטעלען ווי ווייט איהר אינטערעסירט מיך. איהר וועט אפשר אזוי געפעליג זיין און מיר דערצעהלען אייער לעבענס-געשיכטע.

זשוכאָוויצקי האט זיך נישט געלאָזט בעטען און דערצעהלט דעם דירעקטאר פון וואנען ער שטאמט, ווי אזוי ער האט זיך מכין געווען צו רבנות, ווי א חבר אין דער מינסקער ישיבה האט איהם געעפענט די אויגען, און אונטער זיין השפעה איז ער אריין אין ראבינער-שול, וועלכע ער האט צו פערענדיגען אין א פאָר יאהר ארום און אריינטרעטען דאן אין אוניווערזיטעט; אז ער האט חתונה געהאט און איז שוין א פאטער פון א קינד, — דאס האט ער, פער-שטעהט זיך, פערשוויגען.

פון דעמאָלט אן איז זשוכאָוויצקי געווארען אלץ היימישער אין דער סביבה פונ׳ם דירעקטאָר׳ס פאמיליע, און בעת עס האט זיך פערענדיגט די קאניקול-צייט, און ער האט געהאלטען ביי אפפאָהרען צוריק קיין זשיטאָמיר, האט ער מיט אמאל דערפיהלט, אז ער איז שטארק צוגעבונדען צו דעם הויז, און ס׳איז איהם שווער זיך דער-מיט צו שיידען. בעזונדערס שווער איז איהם אנגעקומען צו שיידען זיך פון דעם דירעקטאָר׳ס טאכטער, אין וועלכער ער איז געווארען פערליבט „איבער די אויערן״, נישט בעוויזענדיג אבער פאר דער גאנצער צייט צו געבען איהר וועגען דעם דאס קלענסטע אָנצוהערעניש.

אין זשיטאָמיר האט זשוכאָוויצקי׳ן בעהערשט אנ׳אונגעהויער שטארק בענקעניש נאך דעם דירעקטאָר׳ס טאכטער. איהר געזיכט האט איהם פערפאלגט ביי טאג און ביי נאכט, אין שלאָף און אויף׳ן וואהר; ער האט זיך נישט געפונען קיין רוה און איז אומגעגאנגען, ווי א שאָטען. זיינע למודים זענען איהם נישט געקראָכען אין קאָפ, און אינגאנצען איז ער געווען אריינגעטון נור אין זיינע געדאנקען וועגען איהר. געווען מאָמענטען, ווען ער האט זיך מיט אמאל דער-כאפט אויסגעניכטערט פון זיין שכרות. דאס איז געווען דאן, ווען

ער איז אריין אין אלקער, וואו ער האט זיך געפונען אויג אויף אויג מיט זיין קינד. נעהמענדיג דאס קינד אויף די הענד און אויסקושענדיג עס אלע גלידער, האט ער בשעת מעשה ווי פערגעסען אָן אלץ, וואס ס'איז מיט איהם פארגעקומען פאר די לעצטע עטליכע חדשים. אבער אריינקומענדיג אין אַ ווייטע ארום צו זיך אין צימער, איז תיכף גאר אויף דאס ניי ארויפגעשוואומען פאר זיינע אויגען דאס שען פנים'ל פונם דירעקטאָר'ס טאכטער, און ער האט מיט זיך אזוי לאנג געקעמפט, ביז ער האט זיך אין אַ שענעם פריהמאָרגען אויפ-געכאפט פון שלאָף מיט דעם בעשלוס, אויפצוגעבען זיין שטודיום אין ראַבינער-שול און זוכען אריינצוטרעטען אין קיעווער אוניווערזיטעט, וואו זי שטודירט.

אנ'אנדערער יודישער יונגערמאן וואלט עס אפשר אזוי לייכט נישט דערגרייכט, ווייל אין קיעווער אוניווערזיטעט פונ'ם „הייליגען וולאַדימיר" איז מען אויך דאן נישט איבעריגס געווען גענייגט אנ-צונעהמען יודישע סטודענטען. אבער עס איז גענוג געווען פאר זשו-כאָוויצקי'ן צו בעטען וועגען דעם ביי'ם זשיטאָמירער גובערנאטאָר'ס פרוי, און זי האט תיכף פאר איהם בעקומען אַ פאר ווארימע רעקאָ-מענדאציעס צום רעקטאָר פון קיעווער אוניווערזיטעט.

## VI

זשוכאָוויצקי האט שוין גענומען מאכען הכנות צום וועג. אלץ אָבגעפארטיגט, איז איהם פערבליבען נור די איינע דאגה: אבריידען מיט דער בעל-הבית'טע פון זיין קווארטיר, די אלמנה פון דעם העב-רעאישען לעהרער, וועגען די בעדינגונגען פון זיין זוהנ'ס ערציהונג אויף דער ווייטערדיגער צייט. איצט, ביי זיין אבפאהרען פון זשי-טאָמיר, האט ער געהאט בדעה איינצוצאהלען איהר פאר עטליכע חדשים פאָראויס, און אויך, אויב זי וועט פערלאנגען, צו העכערן איהר לוין בכלל, און בעטען זי דערביי צו פערשטארקען איהר השגחה אויף זיין קינד און זיין צו איהם, ווי אַ מוטער. ביי דער בעל-הבית'טע האט איהם אבער ערווארט אַ גאנץ אומאנגענעהמער סיורפריז.

קוים האט זשוכאָוויצקי ארויסגערעדט פאר דער אלמנה, אז ער ווארפט אוועק די זשיטאָמירער ראַבינער-שול און פאהרט אריבער קיין קיעוו, איז זי עפיס געווארען ווי צומישט, און האט איהם די

ערשטע מינוט נישט געוואוסט וואס צו ענטפערן. באלד אבער איז זי געקומען צו זיך און האט אַ זאג געטון:

— אַבי מיר האבען שוין געמיינט... און געהאַפּט... אז אַט, אט גיט איהר אייער יונגעלע א געטרייער מוטער, און בויט אויף צוריק אייער איינגעפאלענע נעסט. ערשט...

און די פרוי האט זיך פערהאקט.

זשוכאָוויצקי, וועלכער האט נישט פערשטאנען וואס זי מיינט, האט געפרעגט:

— וואס האט איהר געוואלט זאגען?

— איך האב אייך געוואלט זאגען, אז מיר ווייסען גאָרנישט, וואס איבערצוטראכטען...

— וועגען וואס?

— אט וועגען דעם, וואס איהר נעהמט גאר מיט אמאל און ווארפט אונז אוועק? וואס וועט איצט זיין מיט לאה׳לען, זאל געזונט זיין?

זשוכאָוויצקי האט אויסגעגלאָצט אויף דער פרוי אַ פּאר גרויסע אויגען און אַ פרעג געטון גאנץ ערשטוינט:

— וואס הייסט, מיט לאה׳לען?

— וועט זי עס קענען אריבערטראגען? זי האט דאך אויף אייך געבויט גאנצע שלעסער?.. צי איז דאס פאר אייך געוועזען אַ סוד?..

דאָ האט ערשט זשוכאָוויצקי אנגעהויבען פערשטעהן, וואס די אלטע מיינט און זיך געכאפּט פאר׳ן קאפּ.

ער האט שוין לאנג בעמערקט, אז לאה׳לע, דער בעל-הבית׳טעס טאכטער, איז צו איהם מעהר ווי פריינדליך; אבער ער האט דערויף נישט געלעגט קיין אכט. ער האט עס בעטראַכט בלויז אלס אויסדרוק פון דאנקבארקייט פאר דאס גוטס, וואס ער האט מיט איהר געטון זינט ער איז אריין וואוינען ביי איהר מוטער. א פופצעהן-יעהריגע עלענדע יתומה האט ער זי געפונען. די מוטער, אַ וויסטע אלמנה, איז אַ גאנצען טאג ארומגעלאפען אין שטאָדט צו זוכען איהר קארגע חיונה, און דאס מיידעל האט זיך געהאַדעוועט איינזאַם און פערלאזען. אהן א וועלכער עס איז השגחה. ער האט מיט איהר בעקומען מיטלייד און, אבשפּאָרענדיג פון זיין צייט, האט ער איהר גענומען לערנען און זי צוגעגרייט אינ׳ם משך פון אַ יאהר צום זעקסטען קלאס גימנאזיע. שפּעטער, ווען זי איז געווארען אַ שילערין פון גימנאזיע

און האט זיך ארויסגעוויזען פאר זעהר א פעהיגע, האט ער זיך משתדל געווען און בעקומען פאר איהר עטליכע לעקציעס, וועלכע האבען איהר געגעבען די מעגליכקייט לייכטער צו מאכען דעם גורל פון איהר מוטער. ער האט אויך א סך אויפגעטון פאר איהר ענט-וויקלונג. ער איז איהר געווארען א גייסטיגער מדריך, האט איהר אנגעוויזען וועלכע ביכער און זשורנאלען צו לעזען, האט מיט איהר אפט צוזאמען געלייענט און געפיהרט מיט איהר ויכוחים איבער דאס געלעזענע. ער האט איהר פארגעשטעלט פאר זיינע בעקאנטע חברים און זי אריינגעצויגען אין זייער קרייז.

## VII

שוכאָוויצקי האט זיך גענומען אלץ מעהר גריבלען אין זיין זכרון. ער האט זיך געוואלט דערמאהנען, אויב ער האט פאר די פאָר יאהר, וואס ער וואוינט ביי דער אלמנה, געגעבען איהר טאכ-טער א וועלכע-עס-איז אָנצוהערעניש, צי דורך ווערטער, צי דורך פאקטען, אז ער פיהלט עפּיס צו איהר, אז ער האט צו איהר אַ בע-זונדער נייגונג. ער האט אבער געזוכט און געגישטערט צווישען זיינע איבערלעבענישען פאר דער גאנצער צייט און נישט געפונען אויף וואס אָבצושטעלען זיך. זון אלע זיינע זכרונות האט ער ארויסגעטראגען די איין איבערצייגונג, אז ער האט זיך יעדעס מאל בעצויגען צו איהר, ווי אַ לעהרער צו אַ תלמידה, ווי אן׳עלטערער מענש צו אַ קליין מיידעל. דאס מיידעל האט זיך, אמת, פיל געניאַנטשעט מיט זיין קינד, צייטענווייז ארויסגעוויזען צו איהם ריינע מוטערליכע גע-פיהלען, בעת ס׳האט געמאָזעלט, איז זי נישט אבגעטראטען פון זיין בעטעל א. אז. וו. דאס האט איהם אבער אלץ געקאָסט גוט געלד, אַחוץ אלערליי מתנות איהר און דער מוטער, און וואס קאן מען נאך מעהר צו איהם האבען? דער דאזיגער געדאנק האט זשוכאָוויצקי׳ן צוגעגעבען מוט און ער האט אַ זאגגעטון דער מוטער:

— וואס מאכט איהר אייך באַריש, כ׳לעבען? ווער האט עס אייך אריינגעגעבען אזעלכע מחשבות? וואס האט איהר זיך דאס איינגעשמועסט?

דאס מיידעל אליין האט דעם דאזיגען שמועס נישט בייגעוואוינט. אלס היפך צו זשוכאָוויצקי׳ן, האט זי זיך געפיהלט צו איהם נישט בלויז ווי אַ שילערין. שוין לאנג, ווי זי האט איהם געליבט מיט׳ן

אנצען פייער פון איהר יונגער נשמה, און האט גאנץ נאַאיוו גע-
מיינט, אז ער פיהלט דאס זעלבע צו איהר, נור ער זאגט עס נישט
ארויס ביז אַ צייט. די עטליכע זומער-חדשים, וואס ער האט פער-
בראכט מיט דעם גובערנאטאָר׳ס פאמיליע אין זייער גוט, איז זי גע-
ווען אויס מענש. זי האט זיך אבער געטרייסט מיט די בריף, וואס
זשוכאָוויצקי האט איהר פון צייט צו צייט צוגעשיקט. אמת, אין זיינע
בריף האט ער גערעדט בלויז וועגען דעם קינד; זי האט אבער
יעדעס מאל געגלויבט ארויסצוגעפינען צווישען די שורות אויך
עטליכע ווארימע ווערטער פאר איהר. בעת זשוכאָוויצקי׳ס אַ חבר
האט איהר אַמאל אין אַ געשפרעך גאנץ צופעליג דערצעהלט, אז ער
האט פון איהם דערהאלטען אַ פאטעטישען בריף, אין וועלכען ער
שילדערט מיט גרויס התלהבות דעם איינדרוק, וואס אויף איהם האט
געמאכט די פאמיליע פון דעם דירעקטאָר, און בעזונדערס זיין טאכ-
טער, האט פון יענער מינוט אן אנגעהויבען צו עקבערן אין מיידעל׳ס
הארץ אַ געפיהל, פון וועלכען זי האט ביז-אַהער נישט געוואוסט,
און זי איז אונטער די אויגען געווארען אייפערזיכטיג אויף יענער,
איהר גאנץ אומבעקאנטער פריילין, וואס קומט ביי איהר אוועק-
גזל׳ן איהר מאיר׳ן... זי האט קוים דערלעבט דעם טאג, ווען
זשוכאָוויצקי איז צוריקגעקומען. זי האט זיך געמאטערט אראָבצו-
לייענען פון זיין געזיכט דאס, וואס עס איז ביי איהם אפשר פער-
גראָבען טיף אין הארצען, און האט איהם גענומען נאָכשפירען, ביז
זי האט אמאל, בעת ער איז געווען אין ראַבינער-שול, געמאכט
אַ רעוויזיע אין זיינע בגדים, און אין אַ זייטען-קעשענע פון זיינער
אַ וועסטעל געפונען אן׳אָנהויב פון אַ בריף, וואס זשוכאָוויצקי האט
אנגעהויבען שרייבען צום דירעקטאָר׳ס טאָכטער און איהם נישט פער-
ענדיגט. איבערלייענענדיג די ערשטע עטליכע ווערטער, האט איהר
אַ שווינדעלגעטון אין מוח, און זי איז שיער נישט אומגעפאלען. זי
האט געפאסט דעם בעשלוס, קלאָר צו מאכען זיך איינמאָל פאר אלע
מאָל, דורך אַ געשפרעך מיט זשוכאָוויצקי׳ן, וואו זי האַלט מיט איהם
אין דער וועלט. זי האט געזוכט דערצו דעם פאַסענדען מאָמענט, און
האט עס אָבגעלעגט פון טאג צו טאג. דערווייל האט זיך זשוכאָוויצקי
אָנגעהויבען גרייטען אין וועג אריין. דאס מיידעל, וואס איז ארומ-
געגאנגען ווי אַ צומישטע, האט נאך אלץ נישט געפונען ביי זיך דעם
געהעריגען מוט ארויסצורופען זשוכאָוויצקי׳ן אויף אן׳ערקלערונג, און

האט עס איבערגעגעבען דער מוטער. אליין איז זי אריין בשעת-מעשה אין אַ צווייט צימער, און האט זיך אונטער דער וואנט צוגעהערט צו דעם אויבענגעבראכטען געשפרעך, וואס איז פאָרגעקומען צווישען איהר מוטער מיט זשוכאָוויצקי׳ן.

נאכדעם, ווי זשוכאָוויצקי האט דערקלערט זיין בעל-הבית׳טע מיט׳ן פולען מויל, אז ער הויבט גארנישט אן צו טראכטען וועגען איהר טאכטער, האט זיך די אלטע אָבגערופען:

— אויב אזוי, טאָ נעהמט זיך אייך אייער קינד און געהט זיך מיט איהם געזונטערהייד! זאלען איהם אנדערע האָדעווען; מיר זענען עס נישט מחויב.

ווי שווער דאס איז געווען זשוכאָוויצקי׳ן צו הערען, ווייל דאס קינד איז שוין געווען שטארק צוגעוואוינט צו דער שטוב און צו די מענשען, איז ער דאך, וועלענדיג זיך ארויסרייסען פון דעם פאר איהם גאנץ אומגעריכטען פלאָנטער, נישט איבעריגס נתפעל געווארען, און האט געענטפערט:

— זעהט איהר, דאס-יאָ! פאר מיין גוט געלד וועל איך תמיד געפינען אין זשיטאָמיר אַ פאמיליע, וואס וועט וועלען אריינגעהמען צו זיך מיין קינד.

און זעהר אנ׳אויפגערעגטער איז ער ארויס פון שטוב.

בעת דאס מיידעל איז געשטאנען אונטער דער וואנט און איהר איז, דורך דער מוטער׳ס שמועס מיט זשוכאָוויצקי׳ן, קלאָר געווארען די לאגע, האט זיך איהר פלוצלונג, אפשר גאנץ אומגעריכט פאר זיך אליין, אויפגעבליצט אַ טייוועלשער פלאן: זשוכאָוויצקי האט איהר לעבען פערוויסט, וועט זי דערפאר פערוויסטען זיין לעבען! זי וועט ביי איהם אוועקנעהמען זיין „אויג פון קאפ״, דאס קינד! — — —

VIII

עטליכע שעה האט זיך זשוכאָוויצקי ארומגעדרעהט אין שטאָדט. ער האט זיך מישב-געווען מיט פריינד און בעקאנטע, ער האט נאכגעפאָרשט ביי דעם און ביי יענעם, ביז איינער האט איהם ענדליך אָנגעוויזען אויף דער פאמיליע פון דעם נישט לאנג פערשטאָרבענעם יודישען דאקטאר, וועלכע איז פערבליבען אין אָרימקייט. ער איז אהין אוועק, און דאס הויז האט אויף איהם גלייך

געמאכט זעהר אַ גוטען איינדרוק. ער איז מושווה געווארען מיט׳ן מקח, און האט געזאגט, אז אין אָוועגד וועט ער ברענגען דאס קינד.

פארנאכט האט זיך זשוכאָוויצקי צוריקגעקעהרט אויף זיין אלטער קוואַרטיר. ער איז אריין צום קינד אין צימער, ערשט — עס איז נישטאָ. די בעל-הבית׳טע האט געזאגט, אז נאָכמיטאג איז מיט איהם די טאכטער ארויס שפאצירען, און געוויס וועט זי זיך באלד צוריק־קעהרען. עס איז אבער אוועק אַ שעה און צווי, און דאס מיידעל מיט׳ן קינד זענען נאך נישט געקומען. דערווייל איז שוין געווארען שפעט אין אָוועגד. זשוכאָוויצקי׳ן איז געווארען די זאך שטארק אויפפאַלענד. דאס מיידעל פלעגט גאנץ אָפט ארויס נאָכמיטאג שפא־צירען מיט׳ן קינד. אבער מעהר פון אַ האלבער שעה, העכסטענס אַ שעה, האט זי זיך נאך קיינמאָל נישט געזוימט. גלייך מיט׳ן אָוועגד האט שוין דאס קינד תמיד געשלאָפען. זשוכאָוויצקי איז געווארען אונרוהיגער פון מינוט צו מינוט. ער האט געבעטען די אלטע, זי זאל ארויסגעהן זוכען די טאכטער מיט׳ן קינד, ער האט זיך נישט גע־קאנט דערווארטען און איז אליין ארויס אין גאס. ער האט זיי אויס־געזוכט אין די נאָהנטע גאסען און איז געקומען אהיים אַ צו־שראָקענער. זשוכאָוויצקי האט פערשטאנען, אז די זאך איז עפּיס נישט גלאט און זיך גענומען צו דער מוטער. ער האט איהר גע־דראָהט מיט די ערגסטע קאָנסעקווענצען. יענע האט איהם אבער נישט געוואוסט, וואס צו ענטפערן. די טאכטער האט איהר וועגען איהר פּלאן נישט דערצעהלט. בעת זי איז ארויס מיט׳ן קינד, האט זי געזאגט, אז זי געהט נור אויף אַ ווייל׳ע און באלד קומט זי אריין. עס איז שוין געווארען האלבע נאכט. עס הויבט שוין אָן צו שאַריען אויף טאג. זשוכאוויצקי געהט־ארום איבער׳ן צימער און ברעכט די הענד, און די מוטער ווארפט עס ווי אין קאָנוואולסיע. מ׳האט אנגעקלאפּט ביי שכנים, אפשר וויסען זיי עפּיס, באלד איז געווארען פול די גאס. עס האבען זיך געהערט מיינונגען, אז דעם מיידעל האט עפּיס געמוזט טרעפען אנ׳אומגליק, און איטליכער האט געגעבען עצות, וואס צו טון. זשוכאָוויצקי האט קוים דערלעבט טאג און איז אוועקגעלאָפען אין פּאָליציי. נאך דעמזעלבען טאג האט זשו־כאָוויצקי בעזוכט דעם גובערנאטאָר, וועלכער האט איהם צוגעזאגט צו טון אלעס מעגליכע אויפצוזוכען דאס פריילין מיט׳ן קינד, און באמת האט דער גובערנאטאָר אוועקגעשטעלט גאנץ זשיטאָמירער פּאָ

ליציי אויף די פיס. מ׳האט געקאַפּט דעפּעשען אין די אַרומיגע שטעדט און שטעדטליך. אבער עס איז אריבער א וואָך אין צוויי, און „אין קול ואין עונה״, דאס מיידעל מיט׳ן קינד זענען ווי אין וואסער אריין.

זשוכאָוויצקי׳ן האט דאס דאזיגע געשעהעניש אזוי ערשיטערט, אז ער איז שיער נישט אראב פון זינען. ער האט דאס קינד זעהר געליבט. ער האט איהם בעטראכט פאר זיין איינציגע טרייסט אין לעבען, און לסוף האט ער איהם צו פיר יאהר פערלוירען, און ווער ווייסט, צי שוין נישט אויף אייביג. איהם האט וועה געטון דאס הארץ אויך פאר דעם יונגען מיידעל, וואס האט אפשר אויף זיך געלעגט א האנד און איז אוועק פון דער וועלט צוזאמען מיט זיין קינד, וואס איז איהר געווען — דערין איז ער פעסט איבערציינגט — טייער ווי דאס לעבען.

די צייט היילט אבער אלע וואונדען, און אין אַ חדשים דריי ארום האט זיך שוין זשוכאָוויצקי אנגעהויבען בערוהיגען און איז אזוי ביסלעכווייז געקומען צו זיין גלייכגעוויכט. מ׳קאן נישט זאגען, ער זאל שוין האבען געהאט פערגעסען זיין קינד, אבער די ער־אינערונג וועגען איהם האט איהם ש׳ין נישט געשטערט צו קלערען וועגען זיין צוקונפט, און באלד האט ער זיך שוין ווידער גענומען קלויבען אין וועג אריין.

עס איז שוין געווען פאר „ראָזשדעסטוואָ״, בעת זשוכאָוויצקי איז געקומען קיין קיעוו. דערלאנגענדיג זיינע פּאַפּירען צוזאמען מיט דער רעקאָמענדאציע פונ׳ם זשיטאָמירער גובערנאטאר, האט איהם דער רעקטאר מבטיח־געווען אריינצונעהמען גלייך נאך ניי־יאהר אין אוניווערזיטעט, זאָגענדיג דערביי: „כאָטש בכלל זענען מיר אויף יודישע סטודענטען נישט קיין איבעריגעס גרויסע בעלנים״. פרעהליך אויפגעלעגט איבער דעם גליק, וואס איהם האט געטראפען, האט ער גלייך אויפגעזוכט זיין אלטען בעקאנטע, דעם דירעקטאָר׳ס טאכ־טער, און איהר אָנגעזאגט די גוטע בשורה, וואס האט זי זעהר דער־פרעהט. ער האט איהר אנגעהויבען בעזוכען טעגליך און פערברענגען ביי איהר יעדעס מאָל עטליכע שעה, און זיין אלט געפיהל האט ביי איהם אויפגעפלאקערט גאר אויף דאס־ניי. זי האט וועגען איהם גע־שריבען דעם פאטער, און פאר די קריסטליכע ווייניאַכטען, בעת זי האט זיך געקליבען צו פאהרען אהיים אויף די ימים־טובים, האט זי

איבערגעגעבן זשוכאָוויצקי׳ן אַנ׳איינלאַדונג פון דירעקטאָר פונ׳ם צוקער-זאַוואָד צו קומען צוזאמען מיט דער טאָכטער פערברענגען ביי איהם די פייער-טעג.

זשוכאָוויצקי האט אָנגענומען די איינלאַדונג מיט אַ בעזונדער פרייד. דער וואַרימער קבלת-פנים, וואס עס האבען איהם געמאכט דער דירעקטאר מיט זיין פרוי, האבען אין איהם דערוועקט די האָפ-נונג, אז ער וועט געפינען דאס ערוואַרטעטע גליק אויך ביי זייער טאָכטער. און זיין האָפנונג האט איהם נישט אָבגענאַרט...

IX

אין טיפען בעוואוסטזיין, אז זיינע געפיהלען געפינען ביי דעם דירעקטאר׳ס טאכטער אַ שטארקען אָבקלאנג, איז זשוכאָוויצקי באלד נאך ניי-יאהר אבגעפאהרען מיט איהר צוזאמען קיין קיעוו. דארט איז ער אריינגעטראטען אין אוניווערזיטעט אויף דער מאַטעמאטישער פאַקולטעט, און זי האט פארטגעזעצט איהר שטודיום אין גימנאזיום. די ערשטע עטליכע חדשים איז איהם זיין חיונה אנגעקומען זעהר שווער. נישט האבענדיג אין קיעוו קיין בעקאנטע, האט ער נישט גע-קאנט בעקומען קיין לעקציעס, כאטש ער האט זיי געזוכט ווי מיט ליכט. ארויסגעהאלפען פון דער נויט האט איהם זיינער אַ חבר, א יודישער סטודענט, א זוהן פון א קיעווער גביר, וועלכער האט גע-שמ׳ט פאר א ליבהאָבער פון השכלה. צופעליג האט זיך דער דאזיגער סטודענט דערוואוסט, אז זשוכאוויצקי׳ן, וועלכער איז א געוועזענער שילער פון זשיטאמירער ראבינער-שול און האט א גרויסע ידיעה אין העברעאיש און אין תלמוד, לעבט זיך זעהר שלעכט, און ער וואלט גערן אנגענומען א צוויי, דריי לעקציעס. ער האט דאן זשוכא-וויצקי׳ן פארגעשטעלט פאר זיין פאטער. יענער איז אריין אין זיין לאגע און האט איהם רעקאָמענדירט אלס העברעאישען לעהרער איינעגע פון זיינע בעקאנטע קיעווער בעלי-בתים. אזוי-ארום האט זיך זשוכאוויצקי איינגעארדענט מאטעריעל אין קיעוו אויפ׳ן בעסטען אופן, און נישט האבענדיג קיין דאגות-פרנסה, האט ער זיך איב-גאנצען אבגעגעבען זיינע למודים מיט דעמזעלבען פלייס, ווי אמאל אין זשיטאָמיר.

אין יענער צייט האבען זיך געצעהלטע יודישע סטודענטען

פון קיעווער אוניווערזיטעט אויסגעטיילט אין א בעזונדער גרופע, וועלכע האט זיך נישט איינגעשלאָסען בלויז אין די פיר איילען פונ׳ם שטודיום, און ארויסגעוויזען אנ׳אינטענסיווע טעטיגקייט אויך אויפ׳ן געזעלשאפטליכען געביט. די דאזיגע סטודענטען האבען זיך בעזונדערס אינטערעסירט מיט די פראגען און פראבלעמען פון דער יודישער בילדונג. זיי האבען געשאפען גאנצע פלענער וועגען דעם יודישען שול-וועזען, וועגען די אופנים און מיטלען, ווי אזוי צו פערשפרייטען צווישען יודען די רוסישע שפראך און בכלל דורך וועלכע דרכים מ׳קאן זיי רוסיפיצירען. זיי האבען וועגען דאס אלץ געדרוקט ארטיקלען אין צייטונגען, אויסגעארבייט דעקלאראציעס פאר דער פעטערבורגער חברה „מרבי-השכלה", און געשיקט מעמאָראנדומס אין געוויסע מלוכה-אינסטאנצען, וועלכע האבען צו טון מיט די ענינים פון דער יודישער בעפעלקערונג. די סטודענטען, וועלכע האבען אנגעהערט צו דער דערמאהנטער גרופע, אלע געוועזענע קלויזניקעס און ישובה-בחורים, גרויסע קענער פון די יודישע למודים, האבען באלד געווארפען אנ׳אויג אויף זשוכאָוויצקי׳ן, און זיך בעמיהט צו געווינען איהם פאר זייער קרייז, פערשטעהענדיג, אז אזעלכער, ווי ער, איז עלול זייער כלל-ארבייט פיל נוצען צו ברענגען. זשוכאוויצקי האט זיך זיי אבער אזוי גיך און אזוי לייכט נישט אונטערגעגעבען. ער האט זיך פערענטפערט דערמיט, אז ער איז צופיל פערנומען מיט זיין לערנען, אז ער האט זיך קיינמאל נישט אינטערעסירט מיט די פראָבלעמען פונ׳ם יודישען לעבען, און אז ער איז בכלל נישט פעהיג צו כלל-טועריי. דערביי האט ער ארויסגעזאגט די מיינונג, אז סטודענטען זענען נאך אליין רויהע מענשען, און איידער זיי דערשלאָגען זיך צו אנ׳אייגענעם תכלית, קאנען זיי נישט און דארפען אויך נישט פערנעהמען זיך מיט געזעלשאפטליכע ענינים. צום סוף אבער האט זשוכאוויצקי נישט געקאנט בייסטעהן געגען דעם שטראָם, און חברה סטודענטען האבען איהם אריינגענומען אין זייערע הענד. ווי זיין שטייגער איז אין אלץ, צו וואס ער נעהמט זיך, האט ער באלד אויך אין דער זאך ארויסגעוויזען גרויס פערשטענדניש; גאנץ לייכט האט ער זיך פונאנדערגעקליבען אפילו אין אזעלכע פראָבלעמען, פון וועלכע ער האט ביז אהער קיין אהנונג נישט גע־האט. בעזונדערס האבען איהם געעפנט די אויגען וועגען דער יודען-פראגע אין רוסלאנד די ארטיקלען פון דעם דאן שוין כאָפולער-

געוועזענעם זשורנאַליסט, דער שפּעטערדיגער יוריסט אלי״ו אָרשאַנסקי. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און זשוכאָוויצקי האָט אָנגעהויבּען לייענען פון צייט צו צייט פאַר דער גרופּע סטודענטען זעהר אינטערעסאַנטע רעפעראַטען וועגען פערשידענע יודישע געזעלשאַפטליכע פראַגען, וועלכע זענען נאָכדעם שטאַרק דיסקוטירט געוואָרען. ער האָט אויך גענומען שרייבּען אַרטיקלען אין רוסישע ליבּעראַלע בּלעטער, בּיז ער איז מיט דער צייט געוואָרען די צענטראַלע פיגור צווישען זיינע חברים. מ׳האָט איהם גערן אויפגענומען אין די הייזער פון די קיעווער „פּני״. אין אַלגעמיין האָט מען אויף איהם געלעגט די האָפנונג, אַז אין דער צוקונפט וועט זיך פון איהם אויסאַרבּייטען אַ גלענצענדער געזעלשאַפטליכער עסקן, וועלכער וועט אַריינטראָגען אין יודישען לעבּען ליכט און וואַרימקייט.

X

אין משך פון הכּער פיר יאָהר האָט זשוכאָוויצקי בּעוויזען צו ענדיגען די אוניווערסיטעט מיט גרויס אויסצייכנונג אַלס אינזשיניער. די גאַנצע צייט זענען זיינע ליבּעס־בּעציהונגען צו דעם דירעקטאָר׳ס טאָכטער פערבּליבּען די זעלבּע, וואָס געוועזען. אַלע זיינע פרייע מינוטען האָט ער אָבּגעגעבּען נור איהר אַליין, און פון טאָג צו טאָג האָט ער ערוואַרט צו הערען פון איהר מויל דאָס פון איהם אַזוי געגאַרטען יאָ־וואָרט, מיט וועלכען זי האָט זיך אָבּער, צו זיין גרעסטען ערשטוינען, נישט געאיילט. ער האָט נאָך, פערקעהרט, אָנגעהויבּען אין איהר מערקען, ווען אַפילו נישט קיין אָבּקיהלונג פון די פריהערדיגע געפיהלען, אָבּער דאָך אַ געוויסע פערענדערונג, וועלכע ער האָט אויסגעטייטשט בּיי זיך אין האַרצען נישט צום גוטען, ווי עס איז ווירקליך געוועזען. אָנגעהויבּען האָט זיך עס זינט ער האָט איהר דערצעהלט וועגען זיין יודישער כּלל־אַרבּייט אין וואָרט און שריפט. זי האָט גענומען חוקר ודורש זיין די זאַך מן־הצד, און דאָס, וואָס זי איז וועגען דעם דערגאַנגען, האָט אין איהר אַרויסגערופען יענע פערענדערונג, וועלכע האָט זיך איהם גלייך געוואָרפען אין די אויגען. זענענדיג גראָד פיל פראַקטישער פון איהם, האָט זי זיך גוט אַריינגעטראַכט אין דעם, וואָס ער געהט דאָ טון, און זי איז געקומען צום בּעשלוס, אַז דאָס וועט זיין פון זיין זייט אַ פאַלשער טריט, אויף וועלכען ער וועט אפשר שפּעטער חרטה האָבּען

און דורכדעם וועט געוויס צושטערט ווערען זייער ביידענס לעבענס-
גליק. איהר האָט זיך נישט געלעגט אויפ׳ן זין, אַז זענענדיג אַזאַ
איבערגעגעבענער יוד, ווי ער ווייזט זיך אַרויס, זאָל ער ביי זיך
פועל׳ן צו קויפען איהר ליבע פאר דעם גלויבען פון זיינע עלטערן.
און טאָמער וועט ער דאָס יאָ טון אויף דער הייסער מינוט, קאָן
איהר דען ווער קאַווירען, אַז לאַנג וועט דאָס אנהאַלטען? בעהמענ-
דיג דאָס אין אַכט, האט זי געפונען גלייכער פאַר זיי ביידען צו
ענטפלעקען איהם בעצייטענס דאָס, וואס עס פייניגט אַזוי איהר
געדאַנק, און אין אַ געוויסען אווענד, נאכדעם ווי ער האט, צום
טויזענדסטען מאל, ביי איהר געבעטען איהר האַנד, האט זי זיך אנגע-
טון אַ כח און אַרויסגעזאגט איהם אַלץ, וואס ס׳האט אויפגעקאכט
אין איהר פאַר דער לעצטער צייט. ווי ערשטוינט איז זי אבער גע-
ווארען, בעת ער האט איהר דערקלערט, זענענדיג דערביי גאַנץ קאַלט-
בלוטיג — עפּיס ווי דא וואלט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ קלייניגקייט
און נישט וועגען אַזאַ העכסט וויכטיגען און בעדייטענדען אַקט, —
אַז ביז זיין לעצטען אטעם-צוג וועט קיין זאַך אין דער וועלט נישט
זיין ביכולת צו דערשטיקען אין איהם זיינע ליבעס-געפיהלען צו
איהר, „וועלכע שטעהען ביי איהם העכער פון אַלע גלויבענס און
נאציאנאַלע סענטימענטען״. דערביי האט ער מוסיף געווען און אַלץ
אין דעם זעלבען גלייכגילטיגען טאָן, אז אויב זי פערלאנגט, איז ער
מוכן ומזומן שוין מארגען צו געהן צו וועלכען גלח זי וועט איהם
פיהרען, און לאָזען זיך פון איהם אַריינפיהרען אין דער פּראַוואָסלאַווו-
נער אמונה. דער דאָזיגער שמועס, וועלכער איז פאָרגעקומען צווישען
זיי, בעת זי האָט נאָר-וואָס געהאַט געענדיגט די גימנאַזיע און זיך
געגרייט אָבפאָהרען אַהיים, און איהם זענען נאָך פערבליבען צוויי
יאָהר צו בעזוכען די אוניווערזיטעט, האָט זיך פערענדיגט מיט איהר
דערקלערונג, אַז צו דער לעצטער, דעצידירענדער תשובה דאַרף זי
האָבען דעם הסכם פון פאָטער. עס איז נאָך נישט אַוועק קיין אַכט
טעג און זשוכאָוויצקי איז דורך אַ דעפּעשע אַרויסגערופען געוואָרען
פון איהר פאָטער צו קומען צו זיי אין גוט. זשוכאָוויצקי איז באַלד
אַהין אַוועק און אין עטליכע טעג אַרום איז ער, שוין אַ ניי-געבאַקענער
פּראַוואָסלאַוונער, געשטאַנען אין דעם קלויסטער פונ׳ם נאָהענטען
דאָרף פאַר׳ן אַלטאַר ביי דער זייט פון דעם דירעקטאָרס טאָכטער אַלס
חתן כלה. לויט זשוכאָוויצקי׳ס בקשה איז די חתונה געפייערט געוואָ-

רען אין דער שטיל, אָהן אַ בעזונדער פּאַראַד, און נור אין אַנ׳ענגען קרייז פון דעם דירעקטאָר׳ס בעקאַנטע. פערברענגענדיג דעם האָניג-חודש ביים שווער, איז זשוכאָוויצקי מיט זיין יונגער פרוי אָבגעפּאָהרען קיין קיעוו, וואו דער דירעקטאָר האָט זיי איינגעאָרדענט אין זעהר אַ שענער וואוינונג און זיי אויסגעהאַלטען אויף זיינע קאָסטען ביז זשוכאָוויצקי האָט פערענדיגט זיין שטודיום.

אין קיעוו האָט קיינער נישט געוואוסט, וואָס מיט זשוכאָוויצקי׳ן איז פאָרגעקומען. ביי זיינע חברים איז נור געוואָרען אויפפאַלענד דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבען מיט אַמאָל פון זיי צו דערווייטערן. קומענדיג איצט קיין קיעוו, האט ער קיינעם פון זיי נישט פערבעטען צו זיך, כאָטש ער האָט נישט אויפגעהערט בעזוכען זייערע זיצונגען און ווי פריהער גענומען אַנטייל אין זייער כּלל-אַרבייט. ווי פריהער האָט ער פערעפענטליכט אַרטיקלען אין די צייטונגען וועגען פערשידענע יודישע ענינים און פערטיידיגט עפענטליך זייערע אינטערעסען מיט דער זעלבער ענערגיע, וואָס פריהער. זשוכאָוויצקי האָט אָנגענומען אַלע מיטלען, אז לכל הפחות די צייט, וואס ער דאַרף זיך נאך געפינען אין דער קיעווער אוניווערזיטעט, זאל זיך קיינער פון זיין סוד נישט דערוויסען. איהם איז גאָרנישט איינגעפאַלען, אַז צי ער וויל, צי ער וויל נישט, וועט זיין סוד סוף-כּל-סוף ענטפּלעקט ווערען, ווי עס איז ווירקליך געשעהן. אין אַ געוויסען טאָג האט די קאַנצעלאַריע פון דער קיעווער אוניווערזיטעט בעקומען צוגעשיקט פון דער זשיטאמירער גלח׳ישער יעפּאַרכיע אַ פּאַפּיר, וואס האט ענטהאלטען די אפיציעלע ידיעה, אז דער סטודענט מאַקסים זשוכאוויצקי האט זיך אבגעזאגט פון זיין יודישען גלויבען, און איז איבערגעגאנגען אין „דעם שויס פון דער פּראוואסלאוונער אמונה״. און שוין אויף מארגען האט דער דירעקטאר, אין געגענווארט פון אלע סטודענטען פון דער מאטעמאטישער פאקולטעט, בעזונדערס ווארים בעגריסט זשוכאוויצקי׳ן צו זיין גרויסער טאט, וועלכע דארף זיין „אַ מוסטער פאר אנדערע״. זשוכאוויצקי, פאר וועלכען דאס איז פארגעקומען גאנץ אונערווארטעט, האט אראבגעלאזט די אויגען צו דער ערד און געשוויגען, עפּיס ווי פאר בושה. באלד איז די ידיעה איבערגעגאנגען פון איינעם צום אנדערן, און אין משך פון א קליינער ווילע האט שוין מיט דעם געקאכט די גאנצע אוניווערזיטעט. די יודישע סטודענטען, בעזונדערס זשוכאוויצקי׳ס נאהענטע חברים,

זענען פון דער ידיעה געיוארען דערשיטערט. קיינער פון זיי וואלט זיך גאר קיינמאל נישט געריכט, אז א מענש, וואס האט ביז אהער אזוי איבערגעגעבען און טריי געדינט די אינטערעסען פון זיין פאלק, וואס איז געשטאנען אין סאמע צענטער פון דער יודישער געזעלשאפטליכער טעטיגקייט, און וועלכער האט ביי פערשידענע געלעגענהייטען ארויסגעוויזען אזא רייכע ערודיציע אין אלע צווייגען פון דער יודישער וויסענשאפט, זאל זיך בעשליסען צו אזא הימעל-שרייענדען פערראט. ביי אלעמען איז דאס געווען א שווער רעטעניש, צו וועלכען יעדערער האט געפרובט זוכען דעם שליסעל און — איהם נישט געפונען. אנדערע פון זיי וואלטען זיך געוואגט זשוכאוויצקי׳ן אליין וועגען דעם צו פרעגען. ער האט אבער פון יענעם טאג אלעמען אויסגעמיטען. מ׳האט געזעהן בעשיינפערליך, אז ער וויל זיך מיט קיינעם פון זיינע חברים נישט טרעפען, אז ער האט איבערגעריסען מיט זיי יעדע בעציהונג, און מ׳האט איהם געלאזט צו-רוה. א געוויסע צייט נאכדעם האט מען נאך אין מאנכע קיעווער יודישע קרייזען גערעדט וועגען זשוכאוויצקי׳ן דעם משומד, ביז מ׳האט אן איהם פערגעסען.

א קורצע צייט נאכדעם, ווי זשוכאוויצקי איז ארויס פון אוניווערזיטעט אלס אינזשיניער, האט ער בעקומען א גרויסען פאסטען ביי די קויהלען-גרובען אין יוזעווקע, יעקאטערינאסלאווער גובערניע.

## XI

גליקליך, נאך מעהר ווי געוואונשען, איז אוועק דאס לעבען פאר זשוכאָוויצקי׳ן אין יוזעווקע. מאטעריעל גוט פערזארגט, אנגעזעהן ביי „נאַטשאלסטווא“, א פאטער פון צוויי קינדער, יונגלעך, און ביידע זעהר געראָטענע, שען און קלוג; עס פעהלט איהם אויך נישט קיין גייסטיגע צופרידענהייט; ער האט אנגעשריבען אַ פאר וויסענשאפטליכע ווערק, וועלכע זענען געווארען אויפגענומען פון פאַך-געלעהרטע זעהר גינסטיג. אָבוואוינענדיג צטליכע יאהר אין יוזעווקע, האט ער בעקומען א מלוכה-שטעלע אלס פראָפעסאָר אין דעם יעקאַטערינאָסלאַווער בערג-אינסטיטוט. אין יעקאטערינאסלאוו האט ער געשפילט א זעהר בכבוד׳יגע ראל אין דער קריסטליכער אריסטאָקראטישער געזעלשאפט. אָן יודען און יודישקייט האט ער שוין לאנג פער-

געסען. בכלל איז איהם זיין גאנצער עבר ארויס פון זינען און ס'האט אויסגעוויזען, ווי ער וואלט פערברענט הינטער זיך אלע בריקען, וואס האבען איהם פעראייניגט מיט דעם יודישען פאלק. מיט דער צייט האט ער זיך אזוי איינגעלעבט אין זיין נייגעשאפענער לאגע, דאס ער האט זיך געהאלטען פאר א געבוירענעם רוס.

בלויז איין פערזאָן האט ביי זיך טיף אין הארצען געפיהלט, אז אונבעוואוסטזיניג פאר איהם אליין טליעט נאך ביי איהם שטארק דאס „פינטעלע יוד". דאס איז געווען זיין פרוי. זי האט פון איהם נישט אראבגענומען איהר אויג אויף אַ מינוט, און נישט איינמאל האט זי בעמערקט, ווי עס בייטען זיך איהם די פאַרבען אין פנים, בעת מען דערמאהנט אין זיין געגענווארט דעם נאמען „יוד", ווי ער בעמיהט זיך תמיד אויסצומיידען יעדען געשפרעך וועגען יודען, און טאָמער ווערט ער יאָ ארייגעצויגען פון וועמען עס איז א שמועס אויף דער דאזיגער פאר איהם אונערטרעגליכער טעמע, הויבט איהם כסדר פון אָרט, ווי ער וואלט געזעסען אויף הייסע, ברענענדיגע קויהלען. לויט די דאזיגע סימנים האט זי פערשטאנען, אז דאס יודישע בלוט, וואס פליסט אין זיינע אָדערען, פערמאָגט נאך גענוג קראפט אָבצוהיטען איהם און פערפּאַנצערן געגען א פולקאָמער צוזאמענשמעלצונג מיט דער קריסטליכער ספערע, אין וועלכער ער בעוועגט זיך און לעבט זיך אויס. נעהמענדיג דאס אין אַכט, האט זי אָנגעווענדעט אלע מיטלען ארויסצונעהמען פון זיינע הענד די ערציהונג פון זייערע קינדער, כדי זיי זאָלען נישט ארונטערפאלען אונטער זיין השפעה, וועלכע קאן, אפשר, שטעהן אין ווידערשפרוך צו דעם ריינעם גייסט פון דער פראוואָסלאַוויע. אויף געוויס האט זי עס נישט געוואוסט; איהר האט אבער בעהערשט אנ'אינסטינקטיווע מורא, אז איהרע קינדער זאלען נישט ערצויגען ווערען אלס האלב-קריסטען און האלב-יודען, און דאס האט איהר בעוואויגען צו נעהמען זייער ערציהונג אין איהרע הענד. ער האט עס גוט בעמערקט און האט אבער דערפון נישט געמאכט קיין וועזען. ער האט געקענט זיין פרוי פאר העכסט ליבעראל געזאָנען, און איז דעריבער געווען זיכער, אז זי וועט איהרע קינדער פאר רעאַקציאָנערען נישט מאכען...

אזוי זענען אריבער אַ יאהר נאך א יאהר. זשוכאָוויצקי איז שוין געווען א פופציגער און האט נור-וואס אנגעהויבען צו ווערען גראָהליך. דערווייל איז פארגעקומען א גרויסע פערענדערונג אין דער

רוסישער מלוכה-פּאָליטיק. דאס איז געשעהן אונטער'ן דרוק פון די געזעלשאפטליכע שטרעמונגען, וועלכע זענען געווארען אנגעשטעקט פון דעם דייטשישען אנטיסעמיטיזם. עס האבען נישט געהאָלפען די ליבעראלע טענדענצען פון אלעקסאנדער דעם צווייטען'ס רעגירונג. באלד איז די רעגירונג אליין געווארען יודען-פיינדליך. יודען-פרע-סערישע בלעטער זענען געוואקסען, ווי אויף הייוועז, און איטליכער פון זיי האט זיך געקליגט ווי אזוי אריבערצויאָגען דעם אנדערן און שאפען א באָדען אין דעם רוסישען פאלק פאר אלערליי העצעס געגען יודען און יודישקייט. אזוי איז אין אַ שענעם פריהמאָרגען — דאס איז געווען אין יאהר 1879 — בעשאפען געווארען דער בלוט-בלבול פון קוטאַאיס. די „נאָוואָיע ווּרעמיאַ", דער פּאָפּולערסטער רוסישער אָר-גאן פון יענער צייט, האט פונאנדערגעלעגט דעם בלבול אויף טעלער-לעך, און האט זיך אין דעם ענין אזוי לאנג געגראָבען, ביז ער האט געווירקט אויף דער רעגירונג צוצוציהען ביי אַ מנין אונשול-דיגע קוטאַאיסער יודען צום געריכט, און אוועקצוזעצען דורך דעם דאס גאנצע יודישע פאלק אויף דער בעשולדיגונגס-באנק. פאר די אנטיסעמיטען אויף די ערטער, — און געפונען האבען זיי זיך אומע-טום און צווישען אלע פאלקס-קלאסען, אפילו צווישען פּראָפעסארען פון הויכשולען און לעהרער פון מיטעל-שולען — איז דער קוטאַאיסער פּראָצעס געווען אַ זעלטענע מציאה, וואס איז זיי צוגעפאלען גאנץ אומגעריכט, און איז געווארען די איינציגע טעמע פון זייערע שמועסען, אין וועלכע מ'האט געשאטען אויף יודען פעך און שוועבעל און גע-מאכט זיי מיט דער ערד צוגלייך.

## XII

אין א געוויסען טאג, בעת זשוכאָוויצקי איז בשעת אַ הפסקה אין בערג-אינסטיטוט אריין, ווי געוועהנליך, אין פּראָפעסארען-צימער, האט ער שוין דארטען געפונען עטליכע פון זיינע קאָלעגען, וועלכע האבען זיך גאנץ געמיטליך געשמועסט וועגען דעם קוטאַאיסער משפט און וועגען דעם עלילת-דם בכלל. זשוכאוויצקי האט זיך גלייך א קעהר געטון צו דער טיר, און געוואלט ארויסגעהן. אבער איינער פון די פּראָפעסאָרען האט איהם איינגעהאלטען און געפרעגט מיט א גיפטיגען שמייכעל (אז זשוכאוויצקי שטאמט פון יודען, איז פאר קיינעם נישט געווען קיין סוד):

— און איהר, קאָלעגע, אינטערעסירט אייך גארנישט מיט דעם קוטאַאיסער משפט?

זשוכאוויצקי, וועלכער האט שוין עטליכע צעהנדליג יאהר נישט געפּרובט אפילו אַ טראכט טון וועגען יודען און יודישקייט, האט אויף דעם אין זעהר אנ׳אויפגערעגטען טאָן געענטפערט:

— דאס איז א בייזוויליגער ליגען, וועגען וועלכען ס׳איז נישט כדאי אַ ווארט צו פערלירען!

און נישט וועלענדיג זיך ארײנלאזען מיט קיינעם אין ויכוחים, איז ער תיכף ארויס פון צימער.

אין יענעם טאג האט זשוכאָוויצקי געהאלטען זיינע ווייטערדיגע לעקציעס אַ זעהר דענערווירטער. ער האט כמעט נישט געהערט, וואס ער האט געזאגט, און האט קוים דערלעבט דעם קלאנג פון דער דריטער שעה, ווען די למודים ווערען פערענדיגט.

אהיים איז זשוכאוויצקי געקומען נישט גאנץ בערוהיגט. ער איז אויף אַ קליינער ווײלע אַריין צו זיך אין קאַבינעט, און איז באלד ארויס אין עס-צימער, וואו ער האט זיך געזעצט צו מיטאג צוזאמען מיט דער פאמיליע.

זיין יונגערער זוהן, אַ בחור׳ל פון אַ יאהר זעכצעהן, א שילער פון זעקסטען קלאס גימנאזיע, אַ יונג מיט אַ היציגען טעמפעראַמענט, וועלכער האט אַ מינוט נישט צוגעמאכט דאס מויל, און האט נאכאַנאנד געפּלוידערט וועגען דעם און וועגען יענץ, האט מיט אמאָל אויסגעשאָסען:

— וואס זאגסטו, פאטער? די יודען טרינקען דאך קריסטליך בלוט!

ווי אַ שלאנג וואלט איהם אַ ביס געטון, איז זשוכאוויצקי אויפגעשפּרונגען פון אָרט, האט זיך געווארפען אויפ׳ן יונגעל, און מיט די ווערטער: „דו אויך?״ האט ער איהם אראבגעלאָזט עטליכע פייערדיגע פּעטש, אז איהם איז געווארען פינסטער אין די אויגען.

אין שטוב איז געוואָרען א מהומה, די מוטער איז געשטאנען ווייס ווי קאלך און ווי צומישט. זשוכאָוויצקי האט נאך ביז אהער קיינמאל נישט אויפגעהויבען אַ האנד אויף די קינדער; ער האט זיי, פערקעהרט, תמיד געצערטעלט, און בעזונדערס דעם יונגערן, וועלכער איז געוועזן זיין ליבלינג. און איצט, מיט אמאָל! אייגענטליך האט זי זיך שטענדיג געריכט, אז ס׳וועט קומען אַ טאג, ווען זשוכאָוויצקי׳ס יודישע געפיהלען וועלען פלוצלונג ארויספלאצען פון

אונטער דעם טיפען הארץ-שיכט, וואו זיי ליגען פערבעהאלטען; זי האט אבער נישט דערוואַרט, אז דאס וועט פארקומען אין אזא גראבער, העסליכער פארם. זשוכאָוויצקי, וועלכער האט נישט אָנגע-ריהרט אַ פליג אויפ׳ן וואַנד, זאל אזוי שלאָגען אנ׳אייגען קינד!

פון יענעם טאג אן איז זשוכאָוויצקי׳ס הויז פערצויגען געוואָרען ווי מיט א וואלקען. ווי אנ׳אייזערנע וואנד וואלט זיך אוועקגע-שטעלט צווישען איהם מיט דער פאמיליע. ער האט אויפגעהערט צו פערברענגען מיט ווייב און קינדער; מעהר נישט ווי ביי׳ם עסען פלעגט ער זיך געפינען מיט זיי צוזאמען, און זאגאר אין יענע מינוטען פלעגט ער מיט זיי קוים ארויסרעדען אַ וואָרט. זיין לעדיגע צייט פלעגט ער זיצען פערשפארט אין זיין קאבינעט, איבערגעגעבען זיינע רעיונות. און זיינע געדאנקען זענען געווען זעהר טרויעריגע. פאר זיינע אויגען זענען ארויפגעשוואומען פערשידענע בילדער פון זיינע פערגאנגענע יאהרען. ער האט זיך דערמאהנט אן זיין יוגענד, בעת ער האט זיך געגרייט צו רבנות. ער האט זיך דערמאהנט אן דעם סמילעוויטשער קרייזערס טאכטער, וועלכע ער האט איבער-געלאזט א פינסטערע עגונה, און ווער ווייסט, צי האט עס איהר נישט אויסגעריסען פאר דער צייט פון דער וועלט? ער האט זיך דערמאהנט אָן זיין פערשוואונדעם קינד, וועלכעס בלאָנדזשעט אפשר איצט ארום אנ׳עלענדער איבער דער וועלט, און זוכט זיינע עלטערן; אין זיין זכרון האבען אָבגעלעבט זיינע סטודענטען-יאהרען אין קיעוו, בעת ער האט זיך אבגעגעבען מיט יודיש-נאציאָנאַלער כלל-ארבייט, און פריינד און בעקאנטע האבען אויף איהם געלעגט די האָפנונג, אז ס׳וועט פון איהם ארויסוואקסען אַ העלדישער קעמפער פאר׳ן יודישען פאלק געגען אלערליי שונאים און בעדריקער, — און וואס איז מיט איהם איצט? —

ביי דעם געדאנק פלעגט ער אויפציטערן, און אראָבלאזען שטארק פערצווייפעלט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט. אין אזוי טאג פאר טאג, טאָג פאר טאג. דאס האט געבראכט דערצו, אז די פאמיליע האט איהם אנגעהויבען בעטראכטען ווי אַ פרעמדען. פון דער פרוי׳ס אַמאָליגער ליבע צו איהם איז שוין פאר דער צייט לאנג נישט גע-בליבען קיין שפור: זי האט זיך אבער מיט איהם איינגעלעבט, ווי צוויי גוטע פריינד, און געפיהלט זיך פערבונדען צו איהם דורך די קינדער. איצט האט די פריינדשאפט געגומען ווערען קיהלער און

קיהלער, און דער צובונד — שוואכער און שוואכער. צייטענווייז האט זי זיך שוין אליין פארגעווארפען, פארוואס זי האט זיך פערבונדען מיט אנ׳אנדערש-גלויביגען, און דערצו נאך מיט א יודען... ס׳איז געקומען אזוי ווייט, אז נישט קאנענדיג זיך איינהאלטען, האט זי אמאל פערפיהרט וועגען דעם א שמועס מיט די קינדער. און נישט ווילענדיג אפשר, האט זי דורך דעם אנגעצונדען אין זייערע יונגע הערצלעך א העליש פייער פון שנאה צו זייער פאטער.

ס׳האט לאנג נישט געדויערט, און דאס פייער האט זיך דורכגעבראכען אויף דער גאס...

## XIII

זשוכאוויצקי׳ס הויז איז געווארען אנ׳אמת׳ער גיהנום, אין וועלכען די אייגענע פאמיליע האט זיך געברענט און געבראטען. די קינדער, אנטסעמיטיש געשטימט, האבען זיך אנגעהויבען צו שעמען מיט׳ן פאטער. א געוויסע צייט האבען זיי זיך בעהערשט און האבען וועגען די אויפגעוועקטע שנאה-געפיהלען צום פאטער גערעדט נור אין דער שטיל, צווישען זיך. אבער וואס מעהר זיי זענען אונטערגעוואקסען, זענען ביי זיי די דאזיגע געפיהלען געווארען אלץ שטארקער און שטארקער, ביז די פיינדשאפט האט זיך ענדליך ארויסגעריסען אין דרויסען און אין זעהר א העסליכער פא־ם. אין אנהויב האבען זיי זיך ערלויבט געגען דעם פאטער די גרעסטע גראבקייטען, ביז דער עלטערער זוהן האט איהם אמאל ביי א געלעגענהייט מכבד געווען מיט דעם נאמען „זשיד"! זשוכאוויצקי איז שוין דאן ארומגעגאנגען א צובראכענער און אין זיך א צוריסענער. ער האט פערשטאנען, און אויך טיף געפיהלט, וואס עס קומט פאר ביי די קינדער. און האט עס אלץ אריבערגעטראגען רוהיג, נישט רעאגירענדיג אויף די זידלערייען. זיין רוהיגקייט איז אבער געווען נור א אויסערליכע; אינוועניג אין הארצען האט ביי איהם געקאכט, ווי אין א קעסעל. ער האט זיך געפיהלט ווי אין קלעם און האט געזוכט אנ׳אויסוועג. דערזעהענדיג דעם פאטער׳ס שוואכקייט און אבהענדיגקייט, זענען די קינדער ביי זיך געווארען דרייסטער. דורך אנאנימע פאסקווילען האבען זיי איהם בעשמוצט פאר זיינע קאלעגען אין דעם בערג-אינסטיטוט, פאר פריינד און בעקאנטע, און צום סוף, אויך פאר דער מאכט. זיי האבען איהם פערמסר׳ט, אז ער האט זיך געטויפט נור

פאר דער וועלט, און באמת איז ער פערבליבען אויף תמיד ביי זיין יודישקייט, והראיה, אז ער היט נישט אב די דינים און צערע־מאניעס פון דער פראוואסלאוונער אמונה, מיידט־אויס די „צערקווע", און פיהרט זיך בכלל נישט אויף ווי א קריסט. די אלע מסירות האבען פערשאפט זשוכאוויצקי׳ן פיל אונאנגענעהמליכקייטען: מ׳האט איהם א סך מאל ארויסגערופען צום ארכיערייי און אמאל האט ער אויך בעקומען, אמת אין העפליכער פארם, אנ׳אויסרייד פונ׳ם יעקאטערי־נאסלאווער גובערנאטאר. אבער קיין ווען האט מען דערפון נישט געמאכט; מ׳האט גצוואוסט פון לאנג, אז זשוכאוויצקי איז א ליבעראל־געזאנענער מענש און נישט קיין איבעריגער גלויביגער. געראטעוועט האט בעזונדערס זשוכאוויצקי׳ן דאס, וואס ער חבר׳ט זיך קיינמאל נישט מיט יודען, און איז זיך מרחיק פון זייער געזעלשאפט. זשוכאוויצקי האט אבער אלץ מעהר דערפילט, אז פאר דער פאמיליע איז ער שוין א פערלוירענער, און אז נישט דא, אין דער סביבה איז זיין ארט.

דערווייל האט זיך די אנטיסעמיטישע העצע געטון איהר זאך, ביז זי האט ענדליך געבראכט ממשות׳דיגע פרוכט. אין פיל שטעדט פון דרום־רוסלאנד זענען אויסגעבראכען שרעקליכע פאגראמען געגען יודען. אינמיטען העלען טאג זענען מאטעריעל רואינירט געווארען צעהנדליגער טויזענדער יודישע פאמיליעס. די פאגראמען האבען ביס־לעכווייז אנגענומען דעם כאראקטער פון אנ׳עפידעמיע, וועלכע האט דערגרייכט אויך צו דער יעקאטערינאסלאווער גובערניע. די רוסישע הויפט־שטאדטישע און פראווינציאנעלע צייטונגען האבען, אויף וויפיל די צענזור האט זיי נישט פערשטאפט דאס מויל, געבראכט טאג־טעגליך קורצע ידיעות וועגען די „יודישע אונארדנונגען", — אזוי האט מען דאמאלס בעצייכענט די שרעקליכע, הימעלשרייענדיגע רויבע־רייען און גוואלדטאטען. און פון איינער פון די דאזיגע קורצע ידיעות האט זיך זשוכאוויצקי אמאל אין א „שענעם פריהמארגען" דערוואוסט, אז דער הויפט־אויפהעצער צו דעם פאגראם, וועלכער איז יענעם ערשטען מאי (1881) פארגעקומען אין דעם שטעדטיל אלעק־סאנדראווסק, איז געווען נישט קיין אנדערער ווי זיין עלטערער זוהן! ווי א דונער וואלט איהם אין יענער מינוט געטראפען, אזוי דערשי־טערט איז ער געווארען. ארויסגעטון אינגאנצען פון זיינע הויז־אינטע־רעסען, האט ער אפילו נישט געוואוסט, אז זיין עלטערער זוהן האט

זיך די לעצטע עטליכע טעג נישט געפונען אינדערהיים. ערשט איצט איז ער עס דערגאנגען פון דער צייטונג, אין וועלכער עס איז געווען געשריבען שווארץ אויף ווייס, אז מאראליש האט פיל מיטגע־האלפען צו דעם אלעקסאנדראווסקער פאגראם אנ׳עלטערער שילער פון דער יעקאטערינאסלאווער גימנאזיע, דער זוהן פון א פראפעסאר אינ׳ם בערג-אינסטיטוט, וועלכער שטאמט אליין פון יודען...

זשוכאָוויצקי איז געבליבען זיצען אַ צומישטער; ער האָט גע־פיהלט עפיס ווי זיין מוח וואָלט געוואָרען געריהרט. ער איז שוין יענעם טאָג אין אינסטיטוט נישט געגאנגען, אויך צו דער פאַמיליע האָט ער זיך נישט בעוויזען, נור אַרומגעגאַנגען כסדר ביי זיך אין קאַבינעט פון ווינקעל צו ווינקעל און געטראַכט. אַרויס אין גאַס איז ער ערשט שפעט אין אָוועגד, און איז שוין מעהר אַהיים נישט גע־קומען. ער איז אַוועק פון יעקאַטערינאָסלאַוו.

XIV

דער צוג האָט זשוכאָוויצקי׳ן געבראַכט קיין קיעוו, וואו ער האָט די לעצטע צייט געהאַט ליגען אין באַנק אַ ביסעל אָבגעשפאָרט געלד. זינט ער האָט זיך ביי זיך אינדערהיים דערפיהלט ענג, האָט ער נישט אויפגעהערט טראַכטען הּעגען דעם, אז עס קאָן איהם נאָך אַמאָל אויסקומען צו בויען זיך אויף דער עלטער אַ נייע נעסט, און דאס האָט איהם בעוואויגען צו בעזאָרגען זיך בעצייטענס מיט אַ וועלכען-עס-איז קאַפּיטאַל, בכדי ער זאָל זיך נישט נויטי־גען אין פרעמדער הילף. ער האָט אָנגעהויבען אַראָבצונעהמען יעדען הודש פון זיין פענסיע אַ געוויסע סומע, און איבערצושיקען זי קיין קיעוו.

אין קיעוו האָט זיך זשוכאָוויצקי אויפגעהאַלטען אינקאָגניטאָ עטליכע וואָכען. פאַר דער צייט האָט ער זיך פערלאָזט אַ באָרד, און האָט צוריקבעקומען זיין אַמאָליגען יודישען פנים. ער האט דאַן אנגעהויבען גאנץ אָפט צו בעזוכען די קלויזען און די בתי-מדרשים. אין דער פארשטאדט-פאדאל האָט ער געזוכט צו פערפיהרען שמוע־סען מיט יודען פון פערשידענע פאלקס-שיכטען וועגען דער לאַגע. ער האט געזוכט און געפונען די געלעגענהייט בייצווואוינען איינינע יודישע אסיפות, אין וועלכע עס זענען געווארען דיסקוטירט מאַנכע

פראַגען אין שייכות צו די פאגראמען. אַזוי-אַרום האט ער זיך דער-
וואוסט, אז צווישען די דרום-רוסישע יודען האט זיך דערוועקט
אַ גרויסע אויסוואנדערונגס-בעוועגונג, און אַז טויזענטער פאמיליעס,
בעזונדערס פון די פאגראמירטע, שטעהען גרייט צו פערלאזען דאס
לאַנד און עמיגרירען קיין אַמעריקא. אונטער אַנדערן איז ער אויך
דערגאנגען, אַז אין דער שפּיץ פון דער דאזיגער בעוועגונג שטעהט
אַ טייל פון דער יודישער געבילדעטער יוגענד, ווי אַקאדעמיקער,
האַלב-געענדיגטע דאקטוירים און יוריסטען וכדומה. נישט פיל טראַכ-
טענדיג, האט זשוכאוויצקי אנגענומען אַ בעשלוס, אויך אוועקצוגעהן
מיט'ן שטראם אין דעם „נייעם לאַנד".

אין אַ געוויסער צייט ארום איז זשוכאוויצקי אנגעקומען מיט
אַ פּארטיע יודישע עמיגראנטען אין דער דאמאלסט נאך עסטרייכיש-
גאליציאַנער שטאדט בראד. אין וועג האט ער זיך בעקענט מיט
אַ קליינער גרופּע יודישע סטודענטען, וועלכע זענען געשיקט געווארען
קיין אמעריקא אלס דעלעגאטען פון דער אין קיעוו געגרינדעטער
געזעלשאפט „עם עולם", כדי אויסצופארשען דארטען די מעגליכקיי-
טען פאר אַ יודישער קאלאָניזאציע. ביי זשוכאוויצקי'ן האבען שטארק
אויסגענומען די צילען פון דער געזעלשאפט. און ער האט געפרעגט,
צי מ'וואלט געפונען פאר פּאסיג אנצונעהמען איהם אלס מיטגליד.
אויף דעם האט מען איהם געענטפערט, אז לויט'ן סטאטוט פון דער
געזעלשאפט געהען אין איהר אריין אלס חברים נור יונגע מענשען,
וועלכע האָבען געגוג כח אַליין צו בעאַרבייטען די ערד, אָדער זיי
וועלען קענען בייהילפיג זיין דער קאָלאָניזאציע, ווי פאכלייט. אָבער נאָכ-
דעם, ווי זשוכאָוויצקי האָט זיי דערקלערט, אז ער איז אַ געענדיגטער
אינזשיניער, האָט ער בעקומען די פערזיכערונג, אריינגעטראגען צו
ווערען ביי דער ערשטער געלעגענהייט אין דעם מיטגלידער-רייסטער
פון „עם עולם".

XV

און דאָ קומען מיר צו דעם לעצטען קאַפּיטעל פון זשוכאוויצקי'ס
איבערלעבענישען, וועלכע וועלען אפשר קלינגען ווי אַ פאנטאזיע,
ווי אַנ'אויסגעטראכטע מעשה, וואס איז „למעלה מן המציאות". באמת
איז עס אבער אַ שטיק ווירקליכקייט, וועלכע איז אין איהר צייט
איבערגעגעבען געווארען אין אַ-עריקאנער בלעטער אלס סענסאציע.

צוליב אומבאַקאנט-פערבליבענע סבות איז זשוכאוויצקי נישט אריין אין „עם עולם"; ער האט זיך אבער אנגעשלאסען אין ניו-יאָרק צו אַ גרעסערער גרופּע יודישע עמיגראנטען, וועלכע האבען בעקומען אַנ'אומזיסטען ערד-שטח פון אַ וואוילטעטיגער געזעלשאפט, און האבען זיך אויף איהם בעזעצט. פון יענער געגענד האט זיך שפּעטער ענטוויקעלט דאס ריין-יודישע שטעדטיל וואודביין, מיט וועלכער ס'האט זיך א געוויסע צייט בעזונדערס אינטערעסירט דער בעוואוסטער באראָן הירש.

דער דאזיגער קליינערוישוב איז אין אנפאנג געוואָרען אנגעפיהרט פון אַ יודישען יונגענמאן, קרוב צו דרייסיג, אַרוסישער אויסוואנדערער, אַ געוועזענער סטודענט, וועלכער איז סוף די זיבעציגער יאהרען געווארען אויסגעשלאסען פונ'ם פעטערבורגער אוניווערזיטעט פאר אנטיילנעהמען אין א פערבאטענער מאניפעסטאציע. דער דאזיגער יונגערמאן, וועלכער האט בעזעסען א רייכע ערודיציע אין מאטעמאטישע וויסענשאפטען, און איז דערצו געווען ארבייטזאם, ענערגיש און מיט א שטארקען רעדנערישען טאַלענט, האט אָט מיט די מעלות געוואונען פאַר זיך פון דער ערשטער מינוט אָן דעם צוטרוי פון די עמיגראנטען, די שפּעטערדיגע קאָלאָניסטען פון וואודביין, און איז געוואָרען זייער פאָרשטעהער פאַר די פילאַנטראָפּען, די גרינדער פון דער קאָלאָניע, און פאַר דער מאַכט. אין זיין האַנד איז געלעגען די אויבערשטע הנהגה פון דעם גאַנצען קאָלעקטיוו. אין אַלץ האָט ער געהאט די גרעסטע דעה, אהן איהם איז קיין זאך, וואס האט נור געהאט אַ וועלכע עס איז שייכות צום וואודביינער ישוב, נישט געוואָרען געטאָן. ביי דעם אויסוואָהל פון נייע מיטגלידער איז זיין מיינונג געווען די דעצידירענדע. האָט ער עמיצען, צוליב דעם, צי צוליב יענעם טעם, געוואָלט אַריינגעהמען אין דער קאָלאָניע, איז ער געוואָרען אָנגענומען; האט ער עס נישט געוואָלט, איז יענער פערבליבען פון דרויסען.

אלץ, וואָס מ'האָט געוואוסט וועגען דעם דאָזיגען יונגענמאַן, איז, אַז ער שטאַמט פון סמילעוויטש, מינסקער גובערניע, אַז ער איז אַ גרויסער משכיל, קען זעהר גוט העברעאיש, האָט אַ היבשע ידיעה זאָגאַר אין תלמוד, איז העכסט נאַציאָנאַל געזאָנען און אַז זיין פאַמיליען-נאמען איז: איטעלסאָן. מ'האָט אויך געוואוסט, אַז ער קאָרעספּאָנדירט גאַנץ אָפט מיט אַנ'אַלטער מוטער, וועלכע ער האָט

איבערגעלאָזט אין רוסלאַנד און וועלכע ער דערמאָהנט ביי יעדער געלעגענהייט מיט גרויס יראת־הכבוד.

## XVI

בעת זשוכאָוויצקי האט ביי זיך בעשלאסען נישט צו ווארטען אויפ׳ן „עם עולם״, און אנצושליסען זיך צו די וואודביינער קאָלאָ־ניסטען, האט ער געדארפט, געוועהנליך, די ערשטע זאך אריינצוגעהן וועגען דעם אין אונטערהאנדלונגען מיט איטעלסאָנ׳ען. זיינע אלע אָפיציעלע רוסישע דאָקומענטען, אין וועלכע ער ווערט אנגעגעבען אלס פראוואָסלאווגער, האט ער פערברענט גלייך נאכדעם, ווי ער איז אריבער די רוסישע גרעניץ. איבערגעלאזט ביי זיך האט ער נור אנ׳אלטען רוסישען פאס, וועלכען ער האט ארויסגענומען פון זיין געבורטס־שטעדטיל נאך בחור־ווייז, און וועלכער האט זיך איהם גאר אומגעריכט, און אויף א גאנץ אונפערשטענדליכען אופן, אונטערגע־רוקט אונטער דער האנד, בעת ער האט פאר זיין אָבפאהרען פון קיעוו איבערגעקוקט זיינע אלטע פאפירען. מיט דעם דאָקומענט האט זשוכאוויצקי פונ׳ם טאג אָן, וואס ער האט „אריבערגעשווארצט״ דעם גרעניץ, דורכגעמאכט זיין גאנצע נסיעה, און מיט איהם אין דער האנד האט ער זיך אויך פארגעשטעלט פאר איטעלסאָנ׳ען.

זשוכאָוויצקי האט דערצעהלט איטעלסאָנ׳ען, אז ער איז א גע־ענדיגטער אינזשיניער און האט א גרויסע ידיעה אויך אין אַגראָ־נאָמיע. ער האט אבער, צוליב גאנץ פערשטענדליכע טעמים, פון איהם פערבאָרגען די מעשה מיט זיין שמד, זיין חתונה און אלע איבעריגע פרטים פון זיין לעבענס־געשיכטע, און האט זיך פאר איהם אנגע־געבען אלס איינער פון די פאָגראם־געליטענע און היימלאָזע. איטעל־סאָן האט אויסגעהערט זשוכאָוויצקי׳ן, ביי וועלכען די אינטעליגענטיש־קייט איז געווען אויסגעגאָסען אויפ׳ן פנים, מיט א בעזונדער אויפ־מערקזאמקייט, און עפיס ווי כדי זיך צו איבערצייגען, צי ער האט דא ווירקליך צו טון מיט א מענשען, וואס בעזיצט הויכע בילדונג, האט ער מיט איהם פערפיהרט א ריין־וויסענשאפטליכען שמועס, פון וועלכען ער האט בעקומען דעם איינדרוק, אז דער דאָזיגער, שוין גראָהלכער מאן, איז עלול צו ווערען אנ׳אוצר פאר דעם יונגגען וואודביינער יודישען ישוב, און האט גלייך אויפ׳ן ארט מסכים גע־ווען, אַריינצונעהמען איהם אין דער קאָלאָניע.

בעת זשוכאָוויצקי איז אריין צו איטעלסאָנ׳ען און האט זיך פאר איהם אנגערופען מיט זיין נאמען, האט עס יענער אויפגענומען גאנץ גלייכגילטיג. עס האט איהם, אמת, אַ קלאפ געטון אין קאָפּ, אז ע ר האט עפּיס אויך אַ שייכות, און אַ גרויסע שייכות, צו איינעם אַ זשוכאָוויצקי׳ן, אבער קנאפּ זשוכאָוויצקי׳ס זענען פאראן אויף דער וועלט? איצט, ווען איטעלסאָן האט גענומען פּערעגיסטרירען זשוכאָוויצקי׳ן אין דעם רייסטער־בוך פון די וואודבייינער קאָלאָניסטען, און האט בשעת מעשה אַריינגעקוקט אין זיין אלטען פּאס און דער־זעהן, אז ער הייסט „מ א י ר" און איז געבוירען אין סטויבץ, מינ־סקער פּאָוויאַט, האט ער אויף איהם אויסגעשטאַרצט זיינע אויגען און געפרעגט איהם מיט אנ׳עטוואָס ציטערענדיגען קול:

— זייט איהר, אפשר, נישט געווען אנ׳איידים פון אַ סמילע־וויטשער פּאַסעסאָר?

זשוכאָוויצקי האט זיך עפּיס ווי צוטומעלט, און אויף זיין גע־זיכט איז דורכגעפלויגען אַ שאָטען. ער האט זיך אבער תיכף געכאַפּט, און אַ זאג געטון מיט׳ן פולען מויל: ניין!

— האט איהר פיליייכט אמאָל געלערנט אין זשיטאָמירער ראַ־בינער־שול? — האט איהם איטעלסאָן ווייטער געפרעגט, נישט אראָפּ־געהמענדיג פון איהם די אויגען.

— ניין! — האט איהם זשוכאָוויצקי געענטפערט שוין שטייפער. — אבער זאגט מיר, איך בעט אייך, וואס פרעגט איהר אייך אזוי פיל נאך? איהר האט געהאט, ווי איך זעה, איינעם אַ בעקאנטען זשוכאָוויצקי?

— יאָ, — האט זיך איטעלסאָן אבגערופען, — און יענער איז מיר געווען נישט אַ בעקאנטער, נאר זעהר אַ נאָהענטער קרוב... מ׳ווייסט אבער נישט, וואו ער איז אהינגעקומען, און צי לעבט ער בכלל.

מיט דעם האט זיך דאס מאל דער שמועס אויף דער דאזיגער טעמא פערענדיגט. זשוכאָוויצקי איז געוואָרען אנגענומען אין דער קאָלאָניע, און איז אַוועק פון איטעלסאָנ׳ען אַ גאנץ צופרידענער.

קומענדיג צו זיך אין צימער, איז אבער זשוכאָוויצקי, איבער־חזר׳ענדיג אין זכרון זיין לעצטען שמועס מיט איטעלסאָנ׳ען, געווארען שטארק צוטראגען. לויט אלע סימנים האט ער פערשטאנען, אז איטעלסאָן האט עס נישט געמיינט קיין אנדערן, ווי נור א י ה ם. ער האט אבער נישט געוואוסט, ווער דער דאָזיגער איטעלסאָן איז. ער

געדענקט נישט, אז עס זאל זיך האבען געפינען עמיצער מיט אזא פאַמיליען-נאָמען הן אין זיין משפחה, און הן אין דער ווייבס. אלענ-פאלס — אזוי האט זשוכאָוויצקי ביי זיך בעשלאסען — ווער דער דאזיגער איטעלסאָן זאל נישט זיין, וועט ער זיך פאר איהם נישט ארויסגעבען, און וועט זיין סוד ווייטער טראָגען פערגראבען ביי זיך אין הארצען.

## XVII

ס'איז אוועק אַ געוויסע צייט. זשוכאָוויצקי איז דערווייל אריין אין דער וואודביינער קאָלאניע, און האט, לויט איטעלסאָנ'ס פאר-שלאג, בעקומען דעם פאָסטען פון אנ'אנפיהרער מיט דעם געבוי פון די פערשידענע בנינים. מיט איטעלסאָנ'ען פלעגט ער זיך זעהן טאג-טעגליך צוליב די ענינים פון זיין פאָסטען. ער פלעגט אויך גאנץ אָפט פערברענגען מיט איהם זיינע לעדיגע צייטען אין אַלערליי שמועסען, דאס רוב וויסענשאפטליכע. די גאנצע צייט האט זיך זשו-כאָוויצקי בעמיהט אויסצומיידען מיט איהם יעדען געשפרעך, וועלכער וואלט איהם געקאנט האבען ארויפגעפיהרט אויף זיין קרובה'שאפט צו איינעם, וואס הייסט זשוכאָוויצקי און איז אַ געוועזענער איידים פונ'ם סמילעוויטשער אַרענדאַטאָר.

ס'האט אבער געדארפט פאַסירען, אז איינצעלנע מענשען פון דער קאָלאָניע האבען גענומען רעדען צווישען זיך, תחילת אלס וויץ, און וואס ווייטער אלץ מעהר ערנסטער, דאס איטעלסאָן מיט זשוכאָ-וויצקי'ן האבען אַ גרויסע עהנליכקייט איינער צו דעם אַנדערן, וועלכע מערקט זיך ביי זיי בעזונדערס בולט אין בעוואוסטע געזיכטס-שטריכען, און אויך אין דעם טעמבער פון זייער שטים. דער עולם האט זיך אָנגעהויבען שטאַרקער נאָכקוקען ביידען, און פון טאג צו טאָג איז איטליכער געווארען פעסטער אין דעם געדאנק, אז די אַרויסגעזאָגטע מיינונג וועגען דער עהנליכקייט פונ'ם פערוואלטער מיט'ן בוי-דירעקטאָר איז אַ גאנץ ריכטיגע.

ענדליך האט דער דאָזיגער שמועס דערגרייכט אויך צו איטעל-סאָנ'ען מיט זשוכאָוויצקי'ן. ביידע האבען עס אויפגענומען מיט אַ שמייכעל, און זשוכאָוויצקי האט זיך דערביי אָבגערופען, אז אזעלכע זאכען טרעפען גאנץ אָפט אפילו צווישען ווילד-פרעמדע מענשען. דאָך האבען זיי פון דעמאָלט אָן בעטראכט מאָמענטען-ווייז איינער

דעם צווייטען מיט שאַרפערע און מעהר אַריינדרינגענדערע בליקען, ווי פֿריהער, און זיך צוגעהערט איינער צום אַנדערנ׳ס שטים מיט אַ פיל אָנגעשט־ענגטערער אויפמערקזאַמקייט. אזוי זענען אַוועק עטליכע חדשים, ביז איינעם פון זיי איז די זאַך פאַרט קשה׳דיג געוואָרען. דער דאָזיגער איינער איז געווען זשוכאָוויצקי. אַמאָל, ליגענדיג ביינאַכט אויף זיין געלעגער, האט אין איהם אויפגעבליצט דער געדאנק, צי איז אָקאָרשט דער דאָזיגער איטעלסאָן נישט זיין יונגערער ברודער, וועלכען ער האט ביי זיין לעצטען אָבפאָהרען פון סטויבץ איבערגעלאָזט ביי זיין מוטער, די אלמנה, אלס קינד פון אַ האלב יאהר? אַי, וואס ער הייסט גאָר איטעלסאָן און נישט זשוכאָוויצקי, איז דאָך דאס ביי יודען נישט קיין נייעס, אַז צוויי לייבליכע ברידער זאלען האבען צוויי בעזונדערע פאַמיליען־נעמען צוליב מיליטער־ענינים. און אויב אזוי — האט זשוכאָוויצקי ווייטער געשפונען זיין געדאנק — טאָ וואָס האב איך מיך פאר איהם צו שעמען? וואָרום זאל איך מיך פאר איהם נישט ענטפלעקען, און דערצעהלען איהם מיינע אַלע ביז־הייגטיגע איבערלעבענישען? איך וואָלט דאָך מיך דאַן אויפגעהערט צו פיהלען אזוי עלענד אויף דער וועלט. און אויפגעשטאנען אויף מאָרגען איז זשוכאָוויצקי מיט דעם בעשלוס אזוי טאַקי צו טון, אָבער נישט שוין, די מינוט, נור ביי אַ פאַסיגער געלעגענהייט.

און די דאָזיגע געלעגענהייט האט אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטען. אמאל, אין אַ געשפּרעך, האָט איטעלסאָן דערצעהלט זשוכאָוויצקי׳ן, אז ער פאָהרט די טעג קיין ניו־יאָרק, אום אַראָבצונעהמען פון שיף זיין מוטער, וועלכע האט זיך שטאַרק פערבענקט נאך איהם, און ער ברענגט איהר אַראָב פון רוסלאַנד. די דאָזיגע ידיעה האט אין אָנהויב זשוכאָוויצקי׳ן אַ ביסעל צוטומעלט. ער האט פערשטאַנען, אז זיין מוטער קאָן דאס שוין אויף קיין פאַל נישט זיין, ווייל אויב יאָ, וואָלט זי דאָך איצט אַלט געווען קרוב למאה. ממילא איז שוין ביי איהם אויך אָבגעפאַלען די קאָנצעפציע וועגען דעם, אז איטעלסאָן איז זיינער אַ ברודער. דאס האַרץ האט איהם אָבער געזאָגט, אז אַלענפאַלס וועט דאָ עפּיס דורך דעם אָנקומען פון איטעלסאָנ׳ס מוטער אויפגעקלערט ווערען.

און דאס האַרץ האט זשוכאָוויצקי׳ן נישט אָבגענאַרט. דורך איטעלסאָנ׳ס מוטער איז איהם ווירקליך עפּיס אויפגעקלערט געוואָרען,

אָבער דאס, וואס עס וואָלט זיך איהם גאָר קיינמאָל נישט גע-קאָנט לעגען אויפ׳ן זין. צו זיין גרעסטער איבערראַשונג האט ער דערזעהן, אז די אָנקומענדע פרוי, איטעלסאָנ׳ס מוטער, איז נישט קיין אַנדערע, ווי נור זיין, זשוכאָוויצקי׳ס ערשטע ווייב, וועלכע ער האט איבערגעלאָזט אַנ׳עגונה!

עס האבען זיך אַרויסגעוויזען די פאָלגענדע אינטערעסאַנטע פרטים, וועלכע מיר גיבען דאָ איבער אין קורצען: בעת דאס פריילײן, די טאָכטער פון דער אַלמנה, ביי וועלכער זשוכאָוויצקי האט אין זשיטאָמיר געוואוינט, האט אלס נקמה, פארוואס ער האט מיט איהר נישט געוואלט חתונה האבען, אַוועקגענומען פון איהם זיין קליין יונגעלע, און איז מיט איהם נעלם געווארען, — איז זי דאַן, אויף דער הייסער מינוט, מיט איהם אָבגעפאהרען אין אַ נאָהנטען גוט. אין יענעם גוט האט געוואוינט איהרע זעהר אנ׳איבערגעגעבענע חבר׳טע פון גימנאַזיע, וועלכע האט נור-וואס אָקארשט חתונה גע-האט. די חבר׳טע האט אנגעוויזען דער פריילײן אויפ׳ן פאַלשען טר ט, וואס זי האט דאָ געמאַכט, און האט איהר געראָטען, תיכף ומיד אָבצופיהרען דאס קינד צוריק צום פאָטער. דאס פריילײן איז אבער אויף דעם בשום אופן נישט איינגעגאנגען. זעהר אַנ׳עקסצענט-רישע פון דער נאַטור, איז זי ענדליך געפאַלען אויף אַ פלאַן, אז היות ווי איידער צו קומען צוריק קיין זשיטאָמיר, וועט זי זיך בע-סער אָנטון אַ מיתה. און וואו אַהינצוטון דאס קינד האט זי נישט, בכן וועט זי זיך מיט איהם לאָזען פאהרען אין דער וועלט אויפ-צוזוכען זיין מוטער, און אַוועקגעבען איהם אין איהרע הענד. דעם דאָזיגען אויסטערלישען פלאַן האט זי אויך פערווירקליכט. זי האט נאך פערבראכט ביי דער חבר׳טע עטליכע חדשים, ביז מ׳האט זי שוין פון זשיטאָמיר אויפגעהערט צו זוכען, נאָכדעם האט איהר דאס ווייבעל אויסגעהאָלפען אין עטליכע צעהנדליג רובל, און דאן האט זי זיך געלאָזט מיט׳ן קינד אין וועג אַריין, איז געפאָהרען איבער שטעדט און שטעדטליך, און די ערשטע צייט נישט מיט דעם ברייטען שליאַך, ביז זי האט זיך אַזוי אַרום דערשלעפט קיין סמי-לעוויטש, וואו זי האט תיכף אויסגעפונען זשוכאָוויצקי׳ס פרוי, וועלכע זי האט געקאָנט פערזענליך נאך פון זשיטאָמיר, בעת זי איז אַהינגעקומען זוכען זשוכאָוויצקי׳ן, און האט איהם געפונען ביי זיי אין וואוינונג. די מוטער, וועלכע האט געלעבט אָרים און איינזאַם-

האט אויפגענומען דאס קינד מיט אַ בעזונדער פרייד. וואס ס׳איז געהארען מיט דער זשיטאָמירער פריילין, איז פערבליבען אומבעקאַנט.

אז דאס קינד איז אַלט געוואָרען אַ יאָהר זיבען, האט איהם די מוטער אַוועקגעפיהרט קיין מינסק, וואו זי האט איהם אָבגעגעבען אין תלמוד־תורה. דאָרט האט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז זעהר אַ פעהיגער, און דעריבער האבען איהם די גבאים צו צעהן יאהר שוין אריינגעבראכט אין אַ ישיבה. כדי צו בעפרייען איהם פון זעלנעריי, האט די מוטער, בעת איהם איז געווארען זעכצעהן יאהר, אויסגעפועל׳ט ביי איהרען אַ ווייטען קרוב, אַ קינדערלאָזער ישוב׳ניק, וועלכער האט געוואוינט אַרום סמילעוויטש, אז ער זאל איהם אַדאָפּטירען, און געבען איהם זיין פאַמיליען־נאָמען איטעלסאָן. בעת דאס בחור׳ל איז אונטערגעוואַקסען, האט ער זיך בעקענט מיט אַ מינסקער משכיל, וועלכער האט איהם איבערגערעדט, אז ער זאל אוועקוואַרפען לערנען, און זאל זיך בעסער נעהמען צו בילדונג. ער איז דאן געוואָרען אַנ׳עקסטערן, און אינ׳ם משך פון אַנדערטהאַלבען יאָהר האט ער בעוויזען זיך צו עקזאַמענירען אויפ׳ן גאַנצען קורס גימנאַזיע, און צו בעקומען אַ גלענצענדע מאַטורע. נאך אין דעמזעלבען יאהר איז ער אַריין אין דער פעטערבורגער אוניווערזיטעט. פון דעמאָלט אָן האט ער אנגעהויבען צו שטיצען זיין מוטער מיט ביסלעך געלד. די לעצטע זיבעציגער יאהרען איז ער אַריינגעצויגען געווארען אין דער סאָציאַליסטישער אונטערערדישער בעוועגונג, און אין אַ געוויסען טאג האט מען איהם געכאַפּט אַנטיילנעהמענדיג אין אַ פערבאָטענער מאַניפעסטאַציע, און מ׳האט איהם דערפאר צוזאַמען מיט אַנדערע חברים אַרויסגעשיקט פון פעטערבורג. בעת ס׳האבען אויסגעבראָכען די ערשטע יודישע פאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד, און ס׳האט זיך אָנגעהויבען אַ גרויסע אויסוואַנדערונגס־בעוועגונג קיין אַמעריקא, איז ער אויך אַהין אַוועק מיט׳ן אַלגעמיינעם שטראָם, צוזאָגענדיג דער מוטער, וועלכער ער האט זעהר געליבט, אז ווי נור עס וועט זיך איהם דאָרט איינגעבען זיך איינצוּאָרדנען, וועט ער איהר תיכף אַראָבברענגען צו זיך.

אָט אַזוי האט זיך עס געקייטעלט. און דאס איז דער גאַנצער ספור־המעשה.

ווייטער איז געשעהן פאָלגענדעס:

## XVIII

אַ געוויסע צייט נאָכדעם, ווי עס זענען פערווישט געוואָרען די איינדרוקען פון דער אַלעמען איבעררעשענדיגער בעגעגעניש, האט זיך נאך איטעלסאָנ'ס מוטער שטאַרק געכעס'ט אויף זשוכאָוויצקי'ן, און האט איהם נישט געוואָלט מוחל זיין, פאַרוואס ער האט זי איבערגעלאָזט אַ וויסטע עגונה. שפּעטער האט זיך אָבער דער זוהן אַריינגעלעגט אין דער זאַך, און זיי האבען זיך איבערגעבעטען, און צוריק געוואָרען מאַן און ווייב. זיין סוד האט נאך אָבער זשוכאָוויצקי אלץ געטראָגען ביי זיך. די האַרבע שאלה: וואו ער איז די גאַנצע צייט געווען, און וואס ער האט געטון, האט ער געוואוסט רעכט צו מאַכען דורך פערשידענע תירוצים און אויסטראַכטענישען.

ערשט אַריינקומענדיג אין טיפען עלטער, האט זשוכאָוויצקי אַמאָל, בעהערשט פון אַ מין ודוי-שטימונג, דערצעהלט אין אנ'אינטימען קרייז פון בעזונדערס נאָהנטע פריינד די געשיכטע פון זיינע איבערלעבענישען, און האט זיך ביי'ם פערענדיגען פונאַנדער-געכליפּעט אויפ'ן קול, ווי אַ קליין קינד...

---

פאַרלאַג „אחיספר“, װאַרשע.

# אַלע װערק פון יעקב דינעזאָן

פון דאָסניי אַרויסגעגעבן מיט דערקלערונגען און איינלייטונגען.

שוין דערשינען:

I באַנד **הנאהבים והנעימים** אָדער דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק
ראָמאַן אין פיר טייל. 356 זייטן.

II באַנד **אבן נגף** אָדער אַ שטיין אין װעג
ראָמאַן אין פיר טייל. 500 זייטן.

III באַנד **הערשעלע**
**יאָסעלע**

IV באַנד **פאַליק און זיין הויז**
**קריזיס**

V באַנד **װעלטגעשיכטע**
פיר טייל. 640 זייטן.

---

עס דרוקן זיך און װעלן דערשיינען דעם װינטער:

VI ב׳ אַרטיקלען און זכרונות װעגן יעקב דינעזאָן

VII ב׳ אַלטער (ראָמאַן). VIII ב׳ קינדערשע נשמות

IX באַנד יאָסל אַלגעבּרניק

X באַנד אם הבנים אָדער די שיינע רחלע (ראָמאַן)

XI באַנד מעשיות בכל יום (ראָמאַן)

אויסשליסליכער פאַרקויף: קאָפּעראַטיוו „ביכער“ װאַרשע, נאַלעװקי 28